פאמעלעך צוגעמאכט די טיר הינטער זיך, איז צוגעגאנגען צום טיש, אפגעווארט ביי א מינוט, — די גאנצע צייט ניט אראפנעהמענדיג פון איהם די אויגען, — און שטיל, אהן גערויש, האט ער זיך געזעצט אויפ׳ן שטוהל נעבען דיוואן; דעם הוט האט ער אוועקגעלעגט ביי דער זייט, אויף דער פאדלאגע, און מיטביידע הענט האט ער זיך אנ־געלעהנט אן דעם שטאק, און האט אנגעשפארט דעם קאפ אויף די הענט. עס איז געווען קענטיג, אז ער איז גרייט געווען לאנג צו ווארטען. אויך וויפיעל ראסקאלניקאוו האט געקענט זעהן דורך די ברע־מען, וואס האבען ניט אויפגעהערט צו פינטלען, איז דער דאזיגער מענש געווען שוין ניט קיין יונגער, א דיקער, מיט א געדיכטער, בלאנ־דער, כמעט ווייסער בארד...

ס׳איז אריבער ביי א צעהן מינוט. ס׳איז נאך געווען ליכטיג, אבער ס׳האט שוין געדעמערט. אין צימער האט געהערשט א שטומע שטילקייט. אפילו פון די טרעפ האט זיך ניט געהערט קיין שארך. נאר א גרויסע פליג האט געזשומט און געפלאטערט, זיך אנשלאגענדיג פליהענדיגערהייד אן די שויבען. ענדליך איז עס געווארען ניט אויס־צוהאלטען: ראסקאלניקאוו האט זיך עטוואס אויפגעהויבען און האט זיך עטוואס אויפגעהויבען און האט זיך צוגעזעצט אופי׳ן דיוואן.

— נו, זאגט, וואס דארפט איהר האבען?

— איך האב דאך טאקע געוואוסט, אז איהר שלאפט ניט. איהר מאכט זיך עס נאר. — האט דער אונבאקאנטער מאדנע געענטפערט. און האט זיך רוהיג צולאכט. — ארקאדי איוואנאוויטש סווידריגיי־לאוו, איך האב די עהרע מיך פארצושטעלען...

(ענדע דריטער טייל)

נער. דאן האט ער זיך אינגאנצען צוגעבויגען צו דער ערד און האט איהר פון הינטען אריינגעקוקט אין פנים אריין. אריינגעקוקט און איז אפגעשטארבען: די אלטע איז געזעסען און געלאכט, — האט ממש גע־קייכט פאר געלעכטער, שטיל, קוים מיט'ן אויער צו כאפען, און גע־מאטערט זיך מיט אלע קרעפטען, ער זאל ניט דערהערען. פלוצלונג האט זיך איהם אויסגעדאכט, אז די טיר פון שלאפצימער האט זיך עטוואס אויפגעמאכט און אז דארט האט מען זיך עפעס אזוי ווי אויך צולאכט און מען סוד'עט זיך. ער איז געווארען אויסער זיך פאר רציחה: מיט'ן גאנצען כח האט ער גענומען האקען דער אלטער אי־בער'ן קאפ. אבער מיט איטליכען קלאפ פון דער האק איז דאס געלעכ־טער און דאס סוד'ען זיך אין שלאפצימער געווארען אלץ שטארקער און שטארקער, און די אלטע האט זיך אזש געווארגען פון דעם שטור־מישען געלעכטער. ער האט זיך געלאזט לויפען, נאר דאס גאנצע פאר־הויז איז שוין פול מיט מענשען, די טירען צו די טרעפ צו זיינען ברייט פונאנדערגעעפענט, און אין די קארידארען, אויף די טרעפ, און דאר־טען אונטען — זיינען מענשען, קאפ אויף קאפ. אלע קוקען, — אלע האבען זיך אבער באהאלטען און ווארטען, און שווייגען!... דאס הארץ האט זיך איהם פארקלעמט, די פיס קענען זיך ניט ריהרען, זיי זיינען צוגעוואקסען.. ער האט געוואלט א געשריי טאן און — האט זיך אויפ־געכאפט.

ער האט שווער אפגעעטעמט, — אבער א מארנע זאך, דער חלום האט נאך אלץ אזוי ווי ניט אויפגעהערט: די טיר זיינע איז געווען אינגאנצען פונאנדערגעעפענט, און אויף דער שוועל איז געשטאנען אן אומבאקאנטער מענש און האט איהם באטראכט מיט דורכדרינ־גענדע בליקען.

ראסקאלניקאוו האט נאך ניט באוויזען אינגאנצען צו עפענען די אויגען און האט זיי גלייך ווידער פארמאכט. ער איז געלעגען מיט'ן פנים אראפ און האט זיך ניט גענעבען א ריהר.

„דאס דויערט נאך אלץ דער חלום אדער ניט", האט ער גע־טראכט, און האט קוים־קוים, מיט'ן אויג ניט צו כאפען, ווידער אויפ־געהויבען די ברעמען א קוק צו געבען: דער אונבאקאנטער איז גע־שטאנען אויף דעמזעלבען ארט און האט פון איהם אלץ ניט אראפגע־נומען די אויגען.

פלוצלונג האט ער פארזיכטיג אריבערגעטראטען די שוועל, האט

טעז אין א ווינקעל. אהא! ד ידירה איז ברייט געעפענט צו די טרעפּ
צו: ער האט א טראכט געטאָן און איז אריין. אין דעם פּאָדערצימער
איז געווען זעהר פינסטער און פוסט, א נפש ניט, גלייך ווי מען האט
אלץ ארויסגעטראגען: שטילערהייד, אויף די שפּיץ פינגער איז ער
דורכגעגאנגען אין זאל אריין: דאָס גאנצע צימער איז געווען העל באַ־
גאָסען מיט'ן לבנה־שיין: אלץ איז דאָ ווי געוועזען: די שטוהלען, דער
שפּיגעל, דער געלער דיוואן און די בילדלעך אין די רעהמלעך. א גרוי־
סע, קייַלעכטיגע, קופּער־רויטע לבנה האט געקוקט גלייך אין די פענס־
טער אריין. „דאָס איז פון דער לבנה אזא שטילקייט, — האט ראַס־
קאָלניקאָוו א טראכט געטאָן, — זי מוז מיר איצט א רעטעניש פאַר־
געבען.” ער איז געשטאַנען און געוואַרט, לאנג געוואַרט, און וואָס
שטילער די לבנה איז געווען, אלץ שטארקער האט איהם געקלאָפּט דאָס
הארץ, ס'האט איהם אזש אָנגעהויבען וועה צו טאָן. און אלץ אזוי
שטיל. פּלוצלונג האט זיך דערהערט א האסטיגער טרוקענער קנאַק,
גלייך ווי מען וואָלט א דין שפּענדעל איבערגעבראָכען, און ווידער א
טויטע שטילקייט. א פליג, וואָס האט זיך אויפגעכאַפּט, האט פּלוצ־
לונג פליהענדערהייד זיך א זעץ געטאָן אָן שויב און אָנגעהויבען יאָ־
מערליך צו זשומען. אין דעם דאָזיגען אויגענבליק האט ער דערזעהן
אין ווינקעל, צווישען דעם קליינעם שראַנק און דעם פענסטער, עפּעס
אזוי ווי א דאַלמאַן הענגט אויף דער וואַנד. — „ווי קומט אהער א
סאַלאָפּ? האט ער א טראכט געטאָן. — פריהער איז ער דאָך דאָ ניט
געווען”..' ער איז שטילערהייד צוגעגאַנגען און דער ערוואַרטונג, אז
עמיצער מוז זיך אודאי באהאלטען הינטער'ן דאַלמאַן. פאַרזיכטיג
האט ער אָפּגעמאכט דעם דאַלמאַן מיט דער האנד און האט דערזעהן, אז
דאָ שטעהט א שטוהל, און אויפ'ן שטוהל איז א ווינקעלע זיצט די
אלטע, איינגאַנצען צונויפגעקאַרטשעט, מיט אן אָנגעבויגענעם קאָפּ, אזוי
אז ער האט בשום אופן ניט געקענט זעהן קיין פּנים, דאָס איז אבער
געווען זי. ער איז א ווילע געשטאַנען נעבען איהר: „זי האט מורא!”
איז איהם איינגעפאַלען: ער האט שטילערהייד ארויסגעמאכט די האק
פון שלייף און האט א זעץ געטאָן דער אלטער איבער דער פּאַטיליצע,
איינמאָל און נאָכאמאָל. אבער א מאָדנע זאך: זי האט זיך אפילו א
ריהר ניט געגעבען פון די קלעפּ, פּונקט ווי זי וואָלט זיין פון האלץ.
ער האט זיך דערשראָקען, זיך צוגעבויגען נעהנטער און געמומען זי
באטראכטען: זי האט אבער אויך אָנגעבויגען דעם קאָפּ נאָך נידערי־

געהן צו איהם איבערן גאס. נאר פלוצלונג האט זיך דער דאזיגער מענש אומגעקעהרט און איז אוועק, אזוי ווי ניט איהם מיינט מען, מיט א געזונקענעם קאפ, זיך ניט אבקערענדיג און ניט ארויסווייזענדיג, אז ער האט איהם גערופען. „אפשר האט ער מיך גאר ניט גערופען?“ האט ראסקאלניקאוו א טראכט געטאן, דאך האט ער איהם געגומען יאגען' ניט דערגאנגען א טריט צעהן, האט ער איהם פלוצלונג דער־קענט און — האט זיך דערשראקען: דאס איז געווען דער פריהערדיגער פאניע, פונקט אין אזא כאלאט און פונקט אזוי איינגעהויקערט. ראס־קאלניקאוו איז געגאנגען פון דערווייטענס; דאס הארץ האט איהם גע־קלאפט; זיי האבען זיך פארקערעוועט אין א געסעל אריין, — יענער האט זיך אלץ ניט אבגעקעהרט. „ער ווייס, אז איך געה נאך איהם, צו ניט?“ האט ראסקאלניקאוו געטראכט. דער פאניע איז אריין אין א טויער פון א גרויסען הויף. ראסקאלניקאוו איז שנעל צוגעגאנגען צום טויער און גענומען קוקען: אפשר וועט ער זיך אפקעהרען און וועט איהם א רוף טאן? און ווירקליך, דורכגעגאנגען דעם גאנצען בראם און שוין אריינגעקומען אין הויף אריין, האט זיך יענער פלוצלונג אפ־געקעהרט און האט איהם ווידער עפעס אזוי ווי א מאך געטאן מיט דער האנט. ראסקאלניקאוו איז גלייך אריין אין הויף, אבער דער פא־ניע איז שוין ניט געווען. הייסט עס, ער איז ארויף אט דא טאקע גלייך אויף די ערשטע טרעפ. ראסקאלניקאוו האט זיך א לאז געטאן נאך איהם. און ווירקליך האבען זיך, מיט צוויי רייהען טרעפ העכער, געלאזט הערען עמיצענס געמאסטענע ניט־געאיילטע טריט. א מאדנע זאך, די טרעפ זיינען איהם געווען עפעס באקאנט! אט איז דאס פענסטער אין דעם ערשטען שטאק; אומעטיג און געהיימניספול האט אריינגעדרונגען דורך די שויבען דער שיין פון דער לבנה; אט איז דער צווייטער שטאק אויך. בא! דאס איז דאך די זעלביגע דירה, וואו די ארבייטער האבען געמאלט... ווי אזוי האט ער עס גלייך ניט דערקענט? די טריט פון יענעם, וואס איז געגאנגען פאראויס, זיינען שטיל גע־ווארען: „ער איז, הייסט עס, שטעהן געבליבען, אדער ער האט זיך ערגעץ־וואו באהאלטען.“ אט איז דער דריטער שטאק; געהן ווייטער, צי ניט? און ס'אר א מין שטילקייט דארט איז, ס'איז זאגאר שרעק־ליך..' ער איז אבער געגאנגען. דאס גערויש פון זיינע אייגענע טריט האט איהם געשראקען און באאונרוהיגט. רבונו של עולם, ווי פינס־טער עס איז! דער אונבאקאנטער האט זיך אודאי דא ערגעץ באהאל־

די האָר זענען איהם נאָס געווען פון שוויס. די ציטערנדע ליפּען זענען געוואָרען פאַרטריקענט. דער שטאַרער בליק איז געווען אנגע־שטעלט אויף דער סטעליע.

„די מוטער, די שוועסטער. — ווי ליעב איך האָב זיי געהאַט! פאַרוואָס האָב איך זיי איצט אזוי פיינט? יאָ, איך האָב זיי פיינט: פיזיש פיינט. איך טראָג זיי ניט אריבער נעבען מיר... פריהער ביז איך צוגעגאַנגען און א קוש געגעבען דער מאַמען, איך געדענק'.. קושען און האַלזען און בשעת־מעשה טראַכטען, אז ווען זי זאָל זיך דערוויסען, וואָלט זי... אפשר זאָגען איהר דאָמאָלס? פאַר מיר פּאַסט עס... הם, זי דאַרף זיין פּונקט אזעלכע ווי איך. — האָט ער צוגעגעבען, טראַכ־טענדיג מיט אנשטרענגונג, גלייך ווי ער וואָלט קעמפען מיט'ן קאָש־מאַר, וואָס האָט איהם אנגעהויבען צו באַהערשען. — אַ, ווי איך האָב איצט פיינט די אלטע! איך וואָלט זי דאַכט זיך, נאָכאַמאָל געהרגעט, ווען זי זאָל זיך אייפכאַפּען! אַרימע ליזאַוועטאַ! נאָר וואָס האָט זי זיך גראַד דאָמאָלס אנגעדרעהט!... א מאָדנע זאַך, פונדעסטוועגען, פאַרוואָס טראַכט איך כמעט ניט וועגען איהר, גלייך ווי איך האָב זי גאָר ניט געהרגעט!... ליזאַוועטאַ! סאָניאַ! אַרימע שטילע מיט אויגען שטילע... ליעבע!... פאַרוואָס וויינען זיי ניט? פאַרוואָס קרעכ־צען זיי ניט?... זיי גיבען אלץ אוועק... קוקען שטיל און זאַנפט... סאָניאַ. סאָניאַ! שטילע סאָניאַ!...“

ער איז אריינגעפאַלען אין א קאָשמאַר: ס'איז איהם אויסגעקו־מען זעהר מאָדנע, וואָס ער געדענקט ניט, ווי קומט ער גאָר אין דרוי־סען. ס'איז שוין געווען שפּעט אין אבענד. די דעמערונג איז געוואָרען געדיכטער, די גאַנצע לבנה האָט געלויכטען אלץ העלער און העלער; נאָר עפּעס מאָדנע דושנע איז געווען אין דרויסען. די מענשען זענען מאַסענווייז געגאַנגען אין די גאַסען; די בעלי־מלאכות און די פאַר־נומענע לייט זענען זיך צוגאַנגען אהיים, אנדערע האָבען שפּאַצירט; עס האָט געשמעקט מיט וואַפּנע, מיט שטויב, מיט שטעהענדיגע וואַ־סער. ראַסקאָלניקאָוו איז געגאַנגען אומעטיג און פאַרזאָרגט: ער האָט זעהר גוט געדענקט, אז ער איז ארויס פון שטוב מיט עפּעס א כונה, אז מען האָט עפּעס געדאַרפט באַזאָרגען און וואָס גיכער, וואָס אבער — דאָס האָט ער פאַרגעסען. פּלוצלונג איז ער שטעהן געבליבען און דערזעהן, אז אויף דער אנדער זייט גאַס, אויפ'ן טראָטואַר, שטעהט א מענש און מאַכט איהם מיט דער האַנט. ער האָט זיך געלאָזט

מיך דורכגעלאזט? איך לעב דאך גאר אינגאנצען איינמאל, איך וויל דאך אויך.·. ער, איך בין אנ'עסטעטישע לויז. און מעהר גארניט". האט ער צוגעגעבען און זיך פלוצלונג צולאכט, ווי א פעררעקטער. — „יא, איך בין ווירקליך א לויז — האט ער פארטגעזעצט, מיט א פיינדליכער פארביסענקייט זיך איינגעגעסען אין געדאנק, זיך געגריבעלט אין איהם און געטריבען מיט איהם שפאס. — שוין דערפאר אליין, וואס ערשטענס דרשן איך איצט וועגען דעם, אז איך בין א לויז: צווייטענס דערפאר, וואס א גאנצען מאנאט האב איך באאונרוהיגט דעם אלמעכטיגען, שטעלענדיג איהם פאר אנ'עדות, אז ניט צוליעב מיין גוף און מיין תאיה נעהם איך עס פאר, נאר איך בין דערמיט, הייסט עס, אויסען א גרויסארטיג און סימפאטישעם ציעל. — חא—חא! דריטענס דערפאר וואס איך האב באשלאסען צו האנדלען ווי ווייט מעגליך על פי יושר ביים אויספיהרען די זאך, געמאסטען, געוואויגען און געצעהלט: פון אלע לייז האב איך אויסגעקליבען די אונניצליכסטע און, געהרגעט זי, האב איך באשלאסען צו נעמען ביי איהר פונקט אזוי פיעל, וויפיעל איך האב נויטיג געהאט פאר'ן ערשטען טריט, ניט מעהר און ניט ווייניגער (און דאס איבעריגע, הייסט עס, וואלט אזוי טאקע אוועקגעהן אויפ'ן קלויסטער, ווי אין דער צואה שטעהט — חא—חא!...) אין ענדליך דערפאר, דערפאר בין איך א לויז, — האט ער צוגעגעבען, קריצענדיג מיט די ציין, — דערפאר וואס אליין בין איך נאך אפשר ערגער און העסליכער פון דער געטויטער לויז און שוין אפריהער האט מיר דאס הארץ געזאגט, אז איך וועל עס זאגען נאכדעם, ווי איך וועל זי האבען געהרגעט! ציי דען קען זיך עטוואס אנדערש פארגלייכען מיט דער דאזיגער אימה! א, ווי באנאל! א, ווי נידערטרעכטיג!... א, ווי איך פארשטעה דעם „נביא" מיט דעם שווערד אין דער האנט, רייטענדיג אויף א פערד: אללאה הייסט, דאפסטו פאלגען, דו „ציטערנדע בריה"! ער האט רעכט, ער האט רעכט, „דער נביא", ווען ער שטעלט ערגעץ אוועק אין מיטען דער גאס א ר—ר—רעכטע באטאריע און האקט סיי דעם שולדיגען סיי דעם אומשולדיגען, — איהם שטעהט אפילו ניט אן ארייננצולאזען זיך מיט זיי אין ערקלערונגען! פאלגען זאלסטו, דו ציטערנדע בריה, און — ניט פראלאנג, ווייל — דאס איז א געשעפט ניט פאר דיר!... א, איך וועל בשום אופן ניט, בשום אופן ניט מוחל זיין דער אלטער!"

מאָסקווער מאַרש און דרעהט זיך אַרום מיט אַ גלייכוועַרטעל אין ווילנא: און נאָכ'ן טויט שטעלט מען דעמזעלבען אָבגעטער. — אַלזאָ, הייסט עס, איז איהם א ל ע ס ערלויבט. ניין, אַזוינע מענשען זענען אָפּנים ניט פון פלייש, נאָר פון בראָנזע!"

אַ אומגעריכטער, זייטיגער געדאַנק האָט איהם פּלוצלונג שיער ניט געמאַכט לאַכען.

„נאַפּאָלעאָן, פּיראַמידען, וואַטערלאָא, —און אַ דאַרינקע העסליכע רעגיסטראַטאַרען, אַ מיאוסע אַלטע פּראָצענטניצע, מיט אַ רויטען רענצעל אונטערן בעט. — נו, ווי אַזוי זאָל עס אין דער אמת'ן פאַרדייען אַזאַ מין פּאָרפירי פּעטראָוויטש... ווי קומען זיי דאָס צו פאַרדייען!... די עסטעטיק וועט ניט דערלאָזען: „וועט דען נאַפּאָלעאָן נעהמען קריכען אונטערן בעט צו אַ מיאוסער אַלטער!" עך, צום טייוועל!..."

מינוטענווייז האָט ער געפיהלט, גלייך ווי ער רעדט פון היץ: ער פלעגט אַריינפאַלען אין אַ פיבערהאַפט־באַגייסטערטע שטימונג.

„די אַלטע איז גראַד גאָרנישט ווערט! — האָט ער געטראַכט גליהענד און אָבגעהאַקט. — די אַלטע איז טאַקע אפשר אַ טעות, און ניט וועגען איהר האַנדעלט זיך עס! די אַלטע איז בלויז געוועזען די קרענק... איך האָב געוואָלט וואָס גיכער אַריבערשפּרייזען... איך האָב געטויט ניט דעם מענשען, דעם פּרינציפּ האָב איך געטויט! דעם פּרניציפּ האָב איך טאַקע געטויט, אָבער אַריבערשפּרייזען האָב איך ניט אַריבערגעשפּרייזט, בין געבליבען אויף דער זייט... בלויז הרג'ענען האָב איך געקענט! און אפילו דאָס האָב אך ניט געקענט. ווי עס שטעלט זיך אַרויס... דעם פּרינציפּ? פאַרוואָס האָט פריהער ראַזומיכין דאָס נאַרעלע געזידעלט די סאָציאַליסטען. אַנ'אַרבייטסלוסטיגע חברה און אַ געשעפטליכע: האַנדלען מיט דעם „אַלגעמיינעם גליק". ניין, איינמאָל ווערט מיר דאָס לעבען געגעבען און מעהר וועל איך עס קיינמאָל ניט האָבען: איך וויל ניט וואַרטען אויף דאָס „אַלגעמיינע גליק", איך וויל אַליין אויך לעבען. און אַניט — איז שוין גלייכער גאָר ניט צו לעבען. וואָס איז דאָרט אַזוי? איך האָב ניט געוואָלט דורכגעהן פאַרביי דער הונגעריגער מוטער, פאַרקוועטשענדיג אין דער טאַש מיין רובל, וואַרטענדיג אויף דאָס אַלגעמיינע גליק. „איך טראָג, הייסט עס, אַ ציגעל פאַר דאָס אַלגעמיינע גליק און דעריבער פיהל איך אַ רוהיגקייט אין האַרצען". „חאַ—חאַ! פאַרוואָס זשע האָט איהר

— ניט מאך קיין געדרודער! לאז ער זיך אויסשלאפען: ער וועט שפעטער עסען.

— טאקע אזוי, — האט ראזומיכין געענטפערט.

ביידע זענען פארזיכטיג ארויס און צוגעמאכט די טיר. ס'איז אריבער נאך א האלבע שעה. ראסקאלניקאוו האט געעפענט די אויגען און איז ווידער א פאל געטאן אנידער מיט'ן פנים אראב, די הענט פארבראכען איבערן קאפ...

„ווער איז ער? ווער איז ער, דער ראזיגער מענש, וואס איז ארויס פון דער ערד? וואו איז ער געווען און וואס האט ער געזעהן? ער האט אלץ געזעהן, דאס איז אהן א ספק. וואו זשע איז ער דאן געשטאנען און פון וואנען האט ער ארויסגעקוקט? פארוואס געהט ער ערשט איצט ארויס פון אונטער דער ערד? און ווי אזוי האט ער עס געקענט זעהן, — איז עס דען מעגליך?... הב!... האט ראסקאלניקאוו פארטגעזעצט, שיידערנדיג פאר קעלט, — און דאס שיידעל וואס ניקאלאי האט געפונען הינטער דער טיר: איז עס דען אויך מעגליך? פאקטען. דו וועסט פארזעהן א קליין פינטעלע, — אהא, ס'איז דערפון אויסגעוואקסען א באוויין געגען דיר די גרויס ווי אנ'־עגיפטישע פיראמידע! א פליג איז געפלויגען, האט זי געזעהן! איז עס דען מעגליך?"

און ער האט פלוצלונג מיט עקעל דערפהילט, ווי ער איז אבגעשוואכט געווארען, פיזיש אבגעשוואכט געווארען.

„איך האב עס געדארפט וויסען, — האט ער געטראכט מיט א ביטערן שמייכעל, — און ווי אזוי האב איך עס געוואגט, קענענדיג זיך, פיהלענדיג פאראויס ווער איך בין, — ווי אזוי האב איך עס געוואגט זיך צו נעמען פאר א האק און שמירען זיך אין בלוט. איך האב עס געדארפט אפריהער וויסען... עהע, איך האב עס דאך טאקע פריהער אויך געוואוסט!..." האט ער פארצווייפעלט ארויסגעפלים־טערט.

ווייל׳ענוייז פלעגט ער בלייבען שטאר און אונבעוועגליך פאר א וועלכען געדאנק.

„נייז, יענע מענשען זענען ניט אזוי געמאכט: דער אמת'ער ה ע ר ש ע ר, וועמען ס'איז אלעס ערלויבט, צושיסט מיט הארמא־טען טאלען, מאכט א בלוטבאד אין פאריז, פ א ר ג ע ס ט די ארמעע אין עגיפטען, פ ט ר ' ט א האלב מיליאן מענשען אין דעם

דאסמאָל א שמייכעל געטאָן מיט זיין קאָלטען, פיינדליכען און טריי־
אומפּירענדע; שמייכעל.

מיט שטילע, אבגעשוואכטע טריט, מיט ציטערנדע קניה און
עפּעס אזוי ווי שרעקליך דערפּראָרען, האָט זיך ראסקאָלניקאָוו ווידער
צוריקגעקעהרט אין זיין וויסט צימערל אריין. ער האָט אויסגעטאָן
און אוועקגעלייגט דאָס היטעל אויפ'ן טיש און א מינוט צעהן איז ער
געשטאַנען דערנעבען, זיך ניט א ריהר צו געבען. דערנאָך האָט ער זיך
מאַכטלאָז אוועקגעלעגט אויפ'ן דיוואַן און האָט זיך מיט א וועהטאָג,
מיט א שוואכען קרעכץ, אויסגעצויגען אויף איהם: די אויגען זענען
איהם געווען געשלאָסען. אזוי איז ער אבגעלעגען אקעגען א האלבע
שעה.

ער האָט וועגען קיין זאך ניט געטראַכט. אזוי זיך, ס'זענען געווען
עפּעס געדאַנקען אדער שטיקלעך פון געדאַנקען, עפּעס אזעלכע פאָר־
שטעלונגען, אהן א סדר און אהן א צוזאַמענהאַנג, — געזיכטער פון
מענשען, וועלכע ער האָט געזעהן נאָך קינדהייט, אדער ער האָט זיי
ערגעץ־וואו באַגעגענט ניט מעהר ווי איין מאָל און ער וואָלט זיך אין
זיי קיינמאָל ניט דערמאַנט; דער גלאָקען־טורם פון וו—ער קלויסטער;
א ביליאַרד אין א רעסטאָראַן און אנ'אָפיצער בייב ביליאַרד; א
ריח פון ציגאַרען א טאַבאַק־קלייטעל אין א קעלער, א שיינקעל מיט,
הינטערטרעפּ, שטאַק פינסטערע, איינגאַנצען פאַרגאָסע; מיט שמוץ און
פאַרשאָטען מיט אייער־שאָלעכטס; פון ערגעץ־וואו האָט זיך געלאָזט
הערען א זונטאָגדיגע געקלינגעריי פון גלאָקען... די בילדער האָבען זיך
געטוישט און געדרעהט ווי א וויכער. איינינגע זענען איהם זאָגאר גע־
ווען געפעלען, און ער פלעגט פעסט זיך אנקלאַמערן אן זיי, זיי פלע־
גען זיך אבער אויסלעשען, און ס'האָט איהם גלאָט עפּעס געדריקט
אינווענינג. דאָך אבער ניט זעהר. ווײלענווייז איז איהם אפילו ניט
גוט געווען... דער לייכטער פראָסטינגער שוידער האָט נאָך אלץ ניט
אויפגעהערט און דאָס איז אויך געווען כמעט א גוטעס געפיהל.

ער האָט דערהערט ראַזומיכינס געאיילטע טריט און זיין שטים,
האָט ער געשלאָסען די אויגען און זיך געמאַכט, אז ער שלאָפט. ראַזו־
מיכין האָט געעפענט די טיר און איז א ווייל געשטאַנען אויף דער
שוועל, גלייך ווי ער האָט זיך מישב געווען, דערנאָך איז ער שטיל אריין
אין צימער און איז פאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צום דיוואַן. עס האָט זיך
דערהערט נאַסטאַסיעס געמורמעל:

קאלניקאוו ענדליך ארויסגערעדט, אבער עפעס זעהר ניט־הויך.

דער פאניע האט א ווארט ניט געענטפערט און האט אפילו א קוק ניט געגעבען. ס'איז ווידער אריבער א שטילשווייגעניש.

— וואס טוט זיך דא מיט אייך... קומט נאכפרעגען... און שווייגט... וואס זאל עס באדייטען?

ראסקאלניקאוו שטים האט זיך איבערגעריסען און די ווערטער האבען עפעס אזוי ווי ניט געוואלט זיך דייטליך ארויסזאגען.

דער פאניע האט דאמאלס אויפגעהויבען די אויגען און האט מיט א גרויזאמען דונקעלען בליק א קוק געטאן אויף ראסקאלניקאוו'ן.

— רוצח! — האט ער פלוצלונג ארויסגערעדט מיט א שטילער, אבער קלארער און דייטליכער שטים.

ראסקאלניקאוו איז געגאנגען נעבען איהם. די פיס האבען איהם מיט אמאל אבגעחלש'ט איבערן רוקען איז איהם דורך א קעלט. אין דאס הארץ איז אויף א רגע אזוי ווי אבגעשטארבען: דערנאך האט עס גענומען קלאפען, גלייך ווי עס האט זיך פון קייט אבגעריסען. אזוי זענען זיי דורך הונדערט טריט, איינער נעבען דעם אנדערן, און ווידער אין טיעפען שווייגען.

דער פאניע האט אויף איהם ניט געקוקט.

—וואס רעדט איהר דאס... וואס... ווער איז א מערדער? — האט ראסקאלניקאוו שטיל ארויסגעשטאמעלט, קוים מיט'ן אויער צו כאפען.

— ד ו ביסט א רוצח — האט יענער ארויסגערעדט נאך דייטליכער און זיכערער און גלייך ווי מיט א שמייכעל פון עפעס א פיינדליכען נצחון. ער האט דערביי ווידער טיעף אריינגעקוקט אין ראסקאלניקאווס בלאס געזיכט אריין און אין זיינע אבגעשטארבענע אויגען.

ביידע זענען זיי איצט צוגעקומען צו א ראג. דער פאניע האט זיך פארנומען אין דער גאס לינקס און האט זיך געלאזט געהן, ניט אבקערענדיג דעם קאפ. ראסקאלניקאוו איז געבליבען שטעהן אויפ'ן ארט און אבגעגאנגען ביי א פופציג טריט, האט זיך אבגעקעהרט און אייך איהם א קוק געגעבען: ער איז נאך אלץ געשטאנען אונבאוועגליך אויף דעמזעלבען ארט קלאר האט מען נימ געקענט זעהן. ראסקאלניקאוו'ן האט זיך אבער אויסגעוויזען, אז יענער האט אויך

ווייטענס זעהר עהנליך געוועז אויף אנ'אלטע פרוי זיין קאָפּ, אין א פּארשמאַלצענעם היטעל, איז געזונקען דערנידער, און אינגאַנצען אזוי ער עפּעס געוועז ווי איינגעהויקערט. דאָס צובאָבעטע, צוקנייטשטע פּנים זיינס האָט עדות געזאָגט, אז איהם איז שוין אריבער פופציג; די קליינינקע, פאַרשוואומענע אויגלעך האָבען געקוקט רוגזה'דיג, שטרענג און ניט־צופרידען.

— וואָס איז אזוינס? — האָט ראַסקאָלניקאָוו געפרעגט. צוגע־הענדיג צום סטרוזש.

דער פּאָניע האָט אויף איהם אויסגעדרעהט די אויגען פון הינ־טער די ברעמען און האָט איהם באַטראַכט מיט דורכדרינגענדע און אויפמערקזאַמע בליקען. נימ געאיילט; דערנאָך האָט ער זיך לאַנג־זאַם אומגעווענדעט און איז ארויס פון טויער אויפ'ן גאַס, א וואָרט ניט צו ריידען.

— אבער וואָס איז עס אזוינס! — האָט ראַסקאָלניקאָוו אויס־געשריען.

— אייך האָט דאָ עמיצער געפרעגט; צי וואוינט דאָ א סטו־דענט? האָט אנגערופען אייער נאָמען און ביי וועמען איהר וואוינט. זענט איהר גראָד אָנגעקומען, האָב איך איהם אָנגעוויזען, נעהמט ער און געהט גאָר אוועק. וואָס ס'קען טרעפען!

דער סטרוזש איז אויך געוועזען א געוויסער פאַרלעגענהייט. איבריגענס, ניט זעהר קיין גרויסער, און זיך באַקלערט נאָך א קליינע ווײַלע, האָט ער זיך אָבגעקעהרט און האָט זיך ווידער פאַרקליבען אין זיין חורבה'לע.

ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך גלייך א לאָז געטאָן נאָך דעם פּאָניע און האָט איהם באַלד דערזעהן געהן אויף דער אנדער זייט גאַס מיט דיזעלבע געלאַסענע און ניט־געאיילטע טריט, די אייגען איינגעגראָבען אין דער ערד און אזוי ווי עפּעס באַטראַכטענדיג. ער האָט איהם באַלד אנגעיאָגט, נאָר א ווײַלע איז ער איהם נאָכגעגאַנגען פון הינטען; ענדליך האָט ער איהם אריבערגעיאָגט און איהב אריינגעקוקט פון דער זייט אין פּנים אריין. יענער האָט איהם גלייך באַמערקט, איהם שנעל באַטראַכט, נאָר באַלד האָט ער ווידער אראָבגעלאָזט די אויגען, און אזוי זענען זיי געגאַנגען ביי א מינוט, איינער נעבען דעם אנדערן, א וואָרט ניט צו ריידען

— איהר האָט מיך געפרעגט... ביים סטרוזש? — האָט ראַס־

פארפירי'ן אזא בייזע חתונה. אז יענער וועט שוין פארזאגען א צעהנ־טען, און האט גענומען שטייגען אויף די טרעפ ארויף צו בארוהיגען פולבעריא אלעקסאנדראוונא'ן. וועלכע האט שוין ניט געוואיסט וואס איבערצוקלערען, זעהענדיג, אז זיי זענען אזוי לאנג נאך ניטא.

אז ראסקאלניקאוו איז צוגעלויפען צו זיין הויז. — זענען איהם די שליפען געוועזען נאס פון שווייס און ער האט שווער געאטעמט. איילענדיג האט ער גענומען שטייגען אויף די טרעפ ארויף. איז אריין אין זיין ניט־פארשלאסענעם צימער און האט זיך גלייך פארשפארט אויפ'ן פאררוקער. דערנאך האט ער זיך צושראקען און וואהנזיניג א לאז געטאן צום ווינקעל, צו דעמזעלבען לאך אין די טאפעטען, וואו ער האט דאמאלס בעהאלטען די זאכען. האט אהין אריינגעשטעקט די האנט און איניגע מינוט געשארט מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט אין לאך, באטראכטענדיג יעטוועדער ווינקעלע און יעטווידער קנייט־שעלע אין די טאפעטען. גארניט געפינענד איז ער אויפגעשטאנען און האט טיעף אבגעאטעמט. ווען ער איז פריהער נאך צוגעקומען צו באקאלייעווס גאניק, איז איהם פלוצלונג איינגעפאלען: אז א זאכעלע ניט איז זאך, עפעס א קייטעלע א קנעפעלע אדער אפילו א פאפי־רעלע אין וועלכע זיי זענען דאן געוועזען איינגעוויקעלט פארשריבען מיט דער אלטערס האנט, האט ווי עס איז געקענט דאן בארייקלען זיך און בלייבען פארשטעקט ערגעץ אין א שפאלטעלע און דערנאך פלוצלונג ארויסטרעטען פאר איהם אלס אן'אומגעריכטע באווייז געגען איהם. וועלכען מען וועט שוין ניט קענען אבלייקענען.

ער איז געשטאנען עפעס ווי פארטראכט אין א מאדנער, דער־שלאגענער, האלב־באוואוסטזיניגער שמייכעל האט געבלאנדזשעט אויף זיינע ליפען. ענדליך האט ער גענומען דאס היטעל און איז שטיל ארויס פון צימער. די געדאנקען האבען זיך איהם געפלאנטערט. פארטראכטערהייט איז ער אראב אין בראם.

— שא, אט זענען זיי אליין! — האט א רויהע שטים אויסגע־שריען.

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ.

דער סטרוזש איז געשטאנען ביי דער טיר פון זיין חורבה'לע און האט גלייך אנגעוויזען אויף איהם עפעס איינעם א מענשען ניט קיין הויכען, וועלכען האט אויסגעזעהן ווי א פאניע. אין איז געווע־ געטאן אין עפעס א מין כאלאט, אין א זשילעט און איז פון דער־

— ווי קען מען עס דען פאַרגעסען.

— ס'איז ניט קיין לייכטערע זאַך! אָט אויף אַזעלכע פּוסטע נאַרישקייטען גליטשען זיך איבערהויפּט אויס די סאַמע שאַרפע חכמים. יואָס דער מענש איז מעהר חכם, אלץ וועניגער איז ער חושד. אז מען וועט איהם פּאַקען אין אַ קליינינקייט. דעם גרעסטען חכם דאַרף מען טאַקע שטענדיג אויסגליטשען אויף דער קלענסטער נאַריש־קייט. פּאָרפירי איז גאַר ניט אַזאַ נאַר, ווי דו מיינסט...

—אויב אַזוי, איז ער דאָך אַ מיאוסער מענש!

ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון געלעכטער. אבער אין דערזעלבער רגע איז איהם אויסגעקומען מאָדנע זיין אייגענע באַגייסטערונג און דער חשק, מיט וועלכע ער האָט ארויסגערעדט די לעצטע ערקלערונג. אין דער צייט ווען דעם פריהערדיגען שמועס האָט ער אונטערגעהאַלטען מיט אַ בייזען עקעל, אַפּנים צוליעב עפּעס אַ מיין, צוליעב אַ מוז.

„איך האָב שוין, ברוך־השם, אויך אָן צו פיהלען אַ טעם אין איינינע פּונקטען!" האָט ער פאַר זיך אַ טראַכט געטאָן.

נאָר אין דערזעלבער רגע איז ער פּלוצלונג געוואָרען עפּעס אַזוי ווי צוטראַגען, גלייך ווי איבעראַשט פון אַ פּלוצליכען און אומרוהיגען געדאַנק. זיין אומרוהיגקייט איז געוואַקסען. זיי זענען שוין געווען ביים אריינגאַנג אין באַקאַלייעווס הויז אריין.

— גייע אליין אריין. — האָט ראַסקאָלניקאָוו פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן, — איך וועל גלייך אונטערקומען.

— וואוהין געהסטו? מיר זענען שוין דאָך געקומען!

— איך דאַרף האָבען, איך דאַרף; אַ געשעפט... איך וועל קומען אין אַ האַלבע שעה ארום... זאָג דאָרט אָן.

— מעגסט זיך זאָגען וואָס דו ווילסט. איך וועל אויך געהן מיט דיר!

— אלזא, הייסט עס, ווילסטו אויך דערגעהן מיר די יאָהרען!

— האָט ער אויסגעשריען מיט אַזאַ פאַרביטערטער אויפגערייצטקייט, מיט אַזאַ פאַרצווייפלונג אין בליק, אז ביי ראַזומיכינען האָבען זיך די הענט אראָבגעלאָזט. אַ ווייַלע איז ער געשטאַנען אויפ'ן גאַניק און האָט אַנגערוקט געקוקט, ווי יענער האָט שנעל געשפּאַנט צו זיין גע־סעל צו. ענדליך האָט ער מיט צונויפגעדריקטע צייהן און צונויפגע־ראַלטע פויסטען פאַרשוואָרען זיך, אז ער וועט היינט אָבשפּילען

— האר צו! — האט ראזומיכין אויסגעשריען און איהם פלוצלונג א כאפ געטאן פאר'ן אקסעל. — האר צו! דו זאגסט ליגען! איך האב מיך באטראכט: דו זאגסט ליגען! נו, וואס איז דאס פאר א הינטער־פיסעל? דו זאגסט, אז די פראגע וועגען די ארבייטער איז געווען א הינטערפיסעל? זאג אליין: נו, ווען דו זאלסט דאס געווען אבגע־טאן, וואלסטו זיך דען געקענט אויסריידען, אז דו האסט געזעהן, ווי מען האט געמאלט די דירה... און די ארבייטער? פארקעהרט: „כ'האב גארנישט געזעהן!" ווען דו וואלסט אפילו יא געזעהן! ווער זשע וועט זאגען עדות נעגען זיך אליין?

— ווען איך וואלט אבגעטאן יענע זאך, וואלט איך שוין גע־וויס געזאגט, אז איך האב געזעהן אי די ארבייטער אי די דירה, — האט ראסקאלניקאוו ניט־גערן געענטפערט, מיט א דייטליכען אויס־דרוק פון עקעל.

— נאר וואס זשע זאל מען עדות זאגען געגען זיך?

— דערפאר, ווייל נאר פויערים אדער שוין די סאמע ניט־ער־פארענע יאלדען לייקענען אויף די אויפארשונגען אב אלץ מיט איינ־אנדער. בער א מענש, וואס איז כאטש עטוואס ענטוויקעלט און גע־ניט, סטארעט זיך דורכאויס, ווי ווייט מעגליך, זיך מודה צו זיין אין אלע אויסערליכע פאקטען, וואס מען קען ניט אבלייקענען, מעהר ניט, ער זוכט פאר זיי אויס אנדערע אורזאכען, דרעהט אריין עפעס אנ'־אייגענע מעשה, גאר א נייע און א אומגעריכטע, און זי גיט די פאק־טען גאר אנ'אנדער באדייטונג. פארפירי האט געוויס געקענט רעכע־נען, אז איך וועל דורכאויס אזוי ענטפערן און וועל דורכאויס זאגען, אז איך האב געזעהן, עס זאל מעהר זיי עהנליך אויף די ווארהייט, און דערביי וועל איך זעהן עפעס אריינדרעהען אנ'ערקלערונג...

— ער וואלט דאך דיר אבער גלייך טאקע געזאגט, אז מיט צוויי טעג צוריק האבען דארט די ארבייטער גאר ניט געקענט זיין, אלזא, הייסט עס, ביסט טאקע געווען אין דעמזעלבען טאג, ווען די רציחה איז געשעהן, אין דער אכטער שעה. אויף א קלייניגקייט וואלט ער דיך געפאקט.

—אט דערויף טאקע האט ער ארויסגעקוקט, אז איך וועל מיך ניט כאפען און וועל איהם גלייך ענטפערן, עס זאל אויסקומען וואס ווארהאפטיגער, און דערווייל וועל איך פארגעסען, אז קיין ארבייטער האט גאר ניט געקענט זיין.

רציחה! סטייטש: צוליעב דעם, וואָס אַנ'אָרימער סטודענט, צודרעהט פון ארימקייט פון מרה־שחורה, א קאַנדידאט אויף א שווערען חולה, וואס רעדט פון היץ און וועלכער איז שוין קראנק (באמערק נאר!), וואס איז אלעם אין אלעמען חושד, א שטאלצער, וואָס וועט זיך ניט לאָזען שפּייען אין דער קאשע אריין אוי וועלכער האָט זעקס מאָנאַ־טען א נפש ניט אנגעזעהן אין זייז לאָר, אנגעקליידט אין שמאטעס, אין שטיוועל, וואס בעטען עסען, — שטעהט פאר מיואסע פּאָליצי־אנטען און דארף אריבערטראגען זייער איזדעקעוועו זיך: און דערצו נאך איז אונטערן נאך אנ'אומגעריכטער חוב, אנ'אויסגעגאַנגענער וועקסעל מיט א „נאדוואָרני סאָוועטניק" אשעבאראוו: פארדומפּענע פארב, דרייסיג גראד היץ: פארשטיקטע לופט, א קופּע מענשען, אנ'ערצעהלונג וועגען דעם מאָרד פון א פערזאָן, ביי וועלכען דו ביסט מיט א טאג פריהער געווען, און דאס אלץ — אויף א הונגעריגען מאגען! היינט ווי זשע זאָל מען דא ניט פאלען אין חלשות! און אויף דעם, ניט מעהר ווי אויף דעם אלץ בויען! צו אלדי טייוועל! איך פארשטעה, אז ס'פּאַרדריסט, אבער אויף דיין ארט, ראדקא, וואלט איך זיך אויסגעלאכט פאר זיי אין די אויגען, אדער נאך בעסער: איך וואלט זיי אנגעשפּייט אין זייער טרפה'נעם פנים אריין, אבער כבבעי, איך וואלט זיי איינגעטיילט א פאר צעהנדליג פּלאַם־פייער־דיגע פעטש, ווי זיי פארדינען עס שטענדיג, און דערמיט וואלט איך אנ'עק געמאכט. שפּיי זיך אויס! פּאַס זיך מוט! ס'איז צו שעמען זיך!

„ער האָט עס פונדעסטוועגן ניט שלעכט געגעבען צו פאר־שטעהן", האָט ראסקאלניקאוו א טראַכט געטאן.

— שפּיי זיך אויס? און מארגען איז ווידער אנ'אויספארשונג! — האט ער פארביטערט ארויסגערעדט. — שוין־זשע זאל איך מיך ארייגלאזען מיט זיי אין חקירות? מיר פארדריסט שוין דאס אויך, וואס איך האב מיך נעכטען אין שיינק געשטעלט אויף איין ברעטעל מיט זאמעטאוו'ן...

— צו אלדי טייוועל! איך געה אליין צו פּאָרפירי'ן! איך וועל איהם שוין א נעהם טאן אויפ'ן צימבעל, ווי א קרוב: זאָל ער מיר ארויסלעגען אלץ מיט'ן שורש! און זאמעטאוו'ן וועל איך שוין...

„זיך ערשט ארומגעזעהן!" האט ראסקאלניקאוו א טראכט גע־טאן.

טען גלייכגילטיגען שמייכעל. — דו האסט קיין זאך ניט באמערקט, ווי דיין שטייגער איז. איך האב אבער געזוואוינגען איטליכס ווארט.

— דיר דאכטען זיך אלץ ווילדע זאכען, דעריבער האסטו גע־וואוינען... הב... איך ביןווירקליך מסכים, פארפירים טאן איז געווען א גאנץ מאדנער. און איבערהויפט דער דאזיגער כלב זאמעטאוו!... דו האסט רעכט. עפעס האט אין איהם יא געשטעקט: פארוואס אבער, פארוואס?

— איבער נאכט האט ער איבערגעטראכט.

— ניין אבער, גאר פארקעהרט, גאר פארקעהרט! ווען זיי זאלען געווען האבען אזא ווילדען געדאנק, וואלטען זיי מיט אלע קרעפטען געזעהן איהם צו פארבארגען און צו באהאלטען זייערע קארטען, כדי שפעטער אריינצוכאפען... איצט אבער איז עס געווען גראב און ניט־פארזיכטיג!

— ווען זיי זאלען געווען האבען פאקטען, דאס הייסט אמת'ע פאקטען, אדער כאטש אויף וויפיעל ניט איז א ממשות'דיגען חשד, דאן וואלטען זיי ווירקליך געזעהן צו באהאלטען די קארטען, אין דער האפנונג נאך מעהר אויסצושפילען (איבעריגענס וואלטען זיי שוין לאנג געמאכט א רעוויזיע!) זיי האבען אבער ניט קיין פאקטען, קיין איינעם ניט אפילו, — אלץ איז א מיראזש, א שטעקען מיט צוויי עקען, ניט מעהר ווי א פאנטאזיע. — ווילען זיי מיך אויסגליטשען דורך חוצפה. און אפשר איז ער אליין בייז געווארען, וואס ס'איז ניטא קיין פאקטען, און פאר פארדרוס האט עס זיך אויסגערעדט. און אפשר האט ער עפעס א מיין דערביי... ער איז, דאכט זיך, ניט קיין נאר... אפשר האט ער מיך געוואלט אנשרעקען דערמיט, אז ער ווייס... דא איז, ברודער־לעבען, פאראן א באזונדערע פסיכאלאגיע... איב־ריגענס איז עס עקעלהאפט אלץ צו ערקלערען. לאז צופרידען!

— און ס'איז א באליידיגונג, א באליידיגונג! איך פארשטעה דיך! נאר... אזוי ווי מיר האבען שוין ענדליך גענומען ריידען אפען (עס פרעהט מיך!) מוז איך דיר איצט גלייך מודה זיין, אז איך האב עס שוין לאנג אין זיי באמערקט, דעם דאזיגען געדאנק, די גאנצע צייט, פארשטעהט זיך, ניט מעהר ווי אייז הארעלע, טאקע נאר אויפ'ן שפיץ מעסער, אבער וואס עפעס אפילו אויפ'ן שפיץ מעסער! ווי האבען זיי די העזה! וואו, וואו זענען דאס פארבארגען די דאזיגע ווארצלען? ווען דו וואלסט געוואוסט, ווי איך האב זיך געקאכט פאר

קיין אָפענע דירה איז. דאכט זיך, אויך אין ערגעץ ניט געווען. יאָ, ניט געווען...

— וואָס רעדסטו דאָס! — האָט ראַזומיכין פּלוצלונג א געשריי געגעבען, גלייך ווי ער וואָלט געקומען אין דעם טאָג, ווען די רציחה איז געשעהן, און ער איז דאָך דאָרט געווען מיט דריי טעג צוריק? היינט וואָס זשע פרעגסטו?

— פוי, ס'אַר א טעות! — האָט זיך פּאָפּירי א קלאַפּ געטאָן איבערן שטערן. — צום טייוועל זאָל עס געהן! איך ווייס שוין אליין ניט, וואָס מיט מיר טוט זיך אין דעם דאָזיגען מאָרד! — האָט ער זיך געווענדעט צו ראַסקאָלניקאָוו'ן, גלייך ווי ער וואָלט בעטען אום ענטשולדיגונג. — פאַר אונז איז עס דאָך אזוי וויכטיג צו דערגעהן, צי האָט זיי עמיצער געזעהן, אין דער אַכטער שעה, אין דער דירה, אז מיר האָט זיך זאָגאר פאַרגעשטעלט נאַר־וואָס, אז איהר וואָלט אונז אויך עפּעס געקענט זאָגען... אזא מין טעות!

— דאַרף מען ווייטער זיין אויפמערקזאָם, —האָט ראַסקאָלני־קאָוו מיט רוגזה געזאָגט.

די לעצטע ווערטער זענען שוין גערעדט געוואָרען אין פאָדער־הויז. פּאָרפירי פּעטראָוויטש האָט זיי באַגלייט ביז צום טיר מיט א מאָדנער העפליכקייט. ביידע זענען זיי אַרוים טריב און נידערגע־שלאָגען אויפ'ן גאַס און עטליכע טריט האָבען זיי א וואָרט ניט גערעדט. ראַסקאָלניקאָוו האָט טיעף אָבגעזיפצט...

---

## זעקסטער קאַפּיטעל.

—...איך גלויב ניט! איך קען ניט גלויבען! — האָט דער באַ־שטירצטער ראַזומיכין איבערגעחזר'ט, זיך מאָטערנדיג מיט אלע כחות אָבצולייקענען ראַסקאָלניקאָווס ראיות.

זיי זענען שוין צוגעקומען צו באַקאַלייעווס נומערן, וואו פּול־כעריא אלעקסאַנדראָוונא און דוניא האָבען שוין לאַנג אויף זיי גע־וואַרט. ראַזומיכין האָט זיך אין וועג אלע ווייל'ע אָבגעשטעלט, אי־בערראַשט פון שמועס, פאַרלאָרען און אויפגערעגט שוין דערמיט אליין, וואָס זיי האָבען וועגען דעם צום ערשטען מאָל דייטליך גענומען ריי־דען.

— גלויב ניט. — האָט ראַסקאָלניקאָוו געענטפערט מיט א קאַל־

און איהר, אלס דער לעצטער... יא, גוט וואס איך האב מיך דערמאנט!
— האט ער אויסגעשריען, גלייך ווי עפעס וואלט איהם פלוצלונג דערפרעהט. — גוט וואס איך האב מיך דערמאנט, ווי האב איך עס גאר געקענט פארגעסען!... האט ער זיך פלוצלונג א קער געטאן צו ראזומיכינען. — אט האסטו דאך מיר דאמלס דעם קאפ פארדרעהט מיט דעם ניקאלאשקען... נו, איך ווייס עס דאך אליין, איך ווייס עס דאך, — האט ער זיך געווענדעט צו ראסקאלניקאוו'ן, — אז דער שייגעץ איז גאט די נשמה שולדיג, אבער דאך וואס קען מען העלפען, מען האט מיטקען אויך געמוזט מטריח זיין... אט ווענען וואס עס האנדעלט זיך דא, די עצם־זאך, הייסט עס: אראב פון געהענדיג דאמאלס די טרעפ... ענטשולדיגט, איהר זענט דאך דארט געווען אין דער אכטער שעה?

— אין דער אכטער, — האט ראסקאלניקאוו געענטפערט און אין דערזעלבער רגע איז אין איהם אויפגעשטיגען דאס אונאנגענעמע געפיהל, אז ער האט עס געמעגט ניט זאגען.

— אלזא געהענדיג אין דער אכטער שעה איבער די טרעפ, האט איהר אפשר ניט געזעהן אויפ'ן צווייטען שטאק, אין דער אפענער דירה — איהר געדענקט? — צוויי ארבייטער אדער כאטש איינעם פון זיי? זיי האבען דארט געפארבט, איהר האט ניט באמערקט? דאס איז זעהר, זעהר וויכטיג פאר זיי!....

— פארבער? ניין, ניט געזעהן... האט ראסקאלניקאוו לאנגזאם געענטפערט, גלייך ווי ער וואלט זיך אנשטרענגען צו דערמאנען זיך. און אין דעמזעלבען אויגענבליק האט ער זיך געמאטערט מיט זיין גאנצען וועזען און איז אבגעשטארבען פאר שרעק, וואס גיכער צו טרעפען, וואו וויל מען איהם דא ארייננפאקען אין זאק אריין, ער זאל זיך ניט אויסגליטשען איבער עפעס. — ניין, ניט געזעהן, און אפילו די דירה די אפענע האב איך עפעס אויך ניט באמערקט... זעהט זשע, אויף פערטען שטאק (ער האט שוין פאלקאם פארשטאנען, ווי אזוי מען וויל איהם ארייננפאקען און האט געלאכט פון זייער באבען) — געדענק איך יא, אז איינער א בעאמטער האט זיך ארויסגעצויגען פון דער דירה... געגענאיבער אלענא איוואנאווונא'ן... כ'געדענק... דאס געדענק איך אויף קלאר... סאלדאטען האבען עפעס א דיוואן ארויסגעטראגען און האבען מיך צוגעדריקט צו דער וואנט... און די פארבערס געדענק איך ניט... ניין, איך ווייס ניט, צו ס'זענען געווען פארבערס... און

איינער פון זיי קען איך אייך ניט געבען קיין באפרידיגענדע ערקלע־
רונג, ווי אזוי איך וואָלט געטאָן.

— אך, לאָזט צו רוה, ווער האלט זיך ניט איצט ביי אונז אי
רוסלאַנד פאַר א נאַפּאָלעאָן? — האָט פּאָרפירי פּלוצלונג א זאָג גע־
טאָן מיט א שרעקליכער פאַרמיליאַריטעט.

אפילו אין דער אינטאָנאַציע פון זיין שטים האָט דאָסמאָל גע־
שטעקט עטוואס שוין צו דייטליכס.

— צי האָט דאָ אפשר ניט אמאָל עפּעס א צוקינפטיגער נאַפּאָלעאָן
אוועקגעלעגט פאַראַכטאַגען מיט א האַק אונזער אַלענאַ איוואַנאָוונאַ'ן.
— האָט זאַמעטאָוו פּלוצלונג א בראָך געטאָן פון זיין ווינקעל ארויס.

— ראַסקאָלניקאָוו האָט געשוויגען און האָט שאַרף און פעסט
געקוקט אויף פּאָרפירי'ן. ראַזומיכין האָט זיך בייז אנגעברוגז'ט. איהם
האָט זיך שוין פריהער געגנומען אזוי ווי עפּעס דאַכטען. ער האָט
זיך ארומגעקוקט ארום מיט צאָרניגע בליקען. ס'איז אריבער א מינוט
פון א שווערען שטילשווייגען. ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך אומגעווענדט
אוועקצוגעהן.

— איהר געהט שוין אוועק! — האָט פּאָרפירי ליעבליך ארויס־
גערעדט און האָט איהם מיט אנ'אויסערגעוועהנליכער העפליכקייט
גענעבען די האַנט. — איך בין זעהר און זעהר צופרידען איבער אונזער
באַקאַנטשאַפט. און וואס אנבעלאַנגט אייער ביטע, מעגט איהר זיין
רוהיג. שרייבט טאַקע אזוי אַז. אזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט.
און די לייכסטע זאַך איז איהר זאָלט זיך צו מיר אליין אריינכאַפּען
אהינצו... גיט זיך א סטאַרע די טעג... פון מיינטוועגען כאָטש מאָר־
גען. איך וועל דאָרט זיין אנ'ערך א זייגער עלף, באשטימט. וועלען
מיר עס אלץ איינאָרדנען... מיר וועלען זיך דורכשמועסען... אויסער־
דעם וואָלט איהר אונז אפשר געקענט אויך עפּעס דערצעהלען, אלס
איינער, וואס איז ד א ר ט געווע[פון די לעצטע... האָט ער צוגע־
געבען מיט זעהר א נאַאיווער מינע.

— איהר ווילט מיך אפיציעל אויספרעגען, מיט אלע פאָרמאַלי־
טעטען? — האָט ראַסקאָלניקאָוו שאַרף געפרעגט.

— צוליעב וואס דען? דערווייל איז עס גאַר ניט נויטיג. איהר
האָט מיך ניט אזוי פאַרשטאַנען. פאַרשטעהט איהר מיך, איך לאָז ניט
דורך קיין געלעגענהייט און... און מיט אלע משכנות־פאַרזעצער האָב
איך שוין גערעדט... איינינגע האָב איך אויסגעפאָרשט פּי געהעריג איז...

בלויז א קליין אידעעלע האב איך געוואלט אייך ארויסזאגען. בלויז צוליעב דעם, איך זאל עס ניט פארגעסען...

— גוט, זאגט אייער אידעעלע, — איז ראסקאלניקאוו ערנסט און בלאס געשטאנען פאר איהם אין ערווארטונג.

— אט וואס אייגענטליך... כ'לעבען, איך ווייס ניט ווי אזוי איך זאל מיך בעסער אויסדריקען... דאס אידעעלע איז שוין צו פיקאנט... א פסיכאלאגישע... אט דאמאלס, ווען איהר האט פארפאסט אייער ארטיקעלע, קען דאך עס ניט זיין, חע—חע, איהר זאלט זיך אליין ניט האלטען, נו כאטש אויף איין האהרעלע, אויך פאר אנ'„אונגעוועהנליכען" מענשען, וועלכער זאגט א נ י י ע ס   ו ו א ר ט, אזוי ווי איהר פארשטעהט עס, מיין איך... ס'איז דאך אזוי, איא?

— עס איז זעהר מעגליך, — האט ראסקאלניקאוו מיט פאראכטונג געענטפערט.

ראזומיכין האט געמאכט א באוועגונג.

— אין אויב אזוי, איז עס דען מעגליך, איהר זאלט זיך אליין באשליסען, מחמת פארשידענע מאטעריעלע אורזאכען און סבות, אדער כדי צו העלפען ווי עס איז דער גאנצער מענשהייט, — איבערצוטרעטען איבער א שטיין אין וועג?... נו, צום ביישפיעל, הרג'ענען און בארויבען?...

און ער האט צו איהם עפעס אזוי ווי ווידער צוגעוואונקען מיט'ן לינקען אויג און זיך שיטל צולאכט, פונקט ווי פריהער, זאל פעהלען א האהר.

— ווען איך זאל אפילו געווען איבערטרעטען, וואלט איך שוין געוויס ניט געזאגט, — האט איהם ראסקאלניקאוו געענטפערט מיט ארויספאדערנדער שטאלצער פאראכטונג.

— ניין, איך אינטערעסיר מיך גלאט אזוי, נאר צוליעב דעם אייגענטליך, איך זאל בעסער פארשטעהן אייער ארטיקעל, אין דער ליטערארישער הינזיכט בלויז.

„פוי, ווי אפען און ווי גראב!" האט ראסקאלניקאוו מיט עקעל א טראכט געטאן.

— ערלויבען זיי מיר צו מאכען אייך אויפמערקזאם, — האט ער טרוקען געענטפערט, — אז פאר א מאהאמעד אדער פאר א נאפאלעאן האלט איך מיך ניט... און בכלל פאר קיינעם ניט פון אזוינע גדולים, — און דאריבער איז זעלבסטפארשטענדליך, אז ניט זייענדיג

— ניט איך בין אין דעם שולדיג. אזוי איז עס און וועט שטענדיג זיין. אַט האָט ער (ער האָט אנגעוויזען מיט'ן קאָפּ אויף ראַזומיכינען) ערשט געזאָגט, אז איך ערלויב צו פארגיסען בלוט. בכן איז וואָס ? די געזעלשאַפט איז דאָך געגוג פארזאָרגט מיט פארשיקונגען, טורמעס, געריכטס־אויספאָרשער, קאַטאָרגעס, — היינט וואָס זשע איז דאָ פאַר־ראַן זיך צו באַאונרוהיגען ? טאַ זוכט דעם גנב !...

— נו, און אויב מיר'ן געפינען ?

— איז סוף גנב לתליה.

— פונדעסטוועגען רעדט איהר זעהר לאָגיש. נו, און וואָס איז עפּעס מכח זיין געוויסען ?

— וואָס געהט עס אייך אָן זיין געוויסען ?

— ווי דען־זשע אנדערש : על פּי מענשליכקייט.

— ווער עס האָט דאָס, זאָל יענער ליידען. אויב ער וועט איינ־זעהן זיין טעות. דאָס איז טאַקע זיין שטראָף. — חוץ קאַטאָרגע.

— נו, און די אמת'ע גאונים, — האָט ראַזומיכין געבּרעגט מיט אַנגערוקטע ברעמען, — איך מיין די־יעניגע, וועלכע ס'איז געגעבען דאָס רעכט צו קוילענען מענשען, יענע הייסט עס, דאַרפען שוין גאָר־ניט ליידען, אפילו פאַר דאָס בלוט, וואָס איז פארגאָסען געוואָרען ?

— ווי קומט אהער דאָס וואָרט „ד אַ ר פ ע ן" ? דאָ איז ניטאָ ניט קיין „מען מעג" ניט „קיין מען־טאָר־ניט". זאָל ער ליידען, אויב איהם טוט באַנג דער קרבן... ליידען און שמערצען זענען שטענדיג א מוז פאַר א ברייטען מח און טיעפען הארץ. די אמת'ע גרויסע מענער, דאַכט זיך מיר, דאַרפען פיהלען אויף דער וועלט א גרויסען צער, — האָט ער פּלוצלונג צוגעגעבען פארטראַכטערהייט. אפילו ניט אין טאָן פון שמועס.

ער האָט אייפגעהויבען די אויגען, האָט אַלעמען באַטראַכט מיט א טיעפען בליק, א שמייכעל געטאָן און זיך גענומען פאַר דאָס היטעל. ער איז געווען צו רוהיג אין פארגלייך מיט דער שטימונג, אין וועלכער ער איז אריינגעקומען, און ער האָט עס געפיהלט. אַלע האָבען זיך אויפגעשטעלט.

— נו, איהר מעגט מיך זידלען, אדער ניט זידלען, איהר מעגט זיין אין כעס, אדער ניט, דאָך קען איך מיך ניט איינהאַלטען, — האָט פּאָרפירי פּעטראָוויטש ווידער געזאָגט, — ערלויבט מיר צו שטע־לען אייך נאָך א קורצע פראַגע (איך דול אייך שוין צופּעיל א קאָפּ !)

מיין מיינונג, שרעקליכער, ווי אנ'אפיציעלע ערלויבניש דערויף, ווי א געזעצליכע...

— זעהר ריכטיג, שרעקליכער, — האט זיך פארפירי אנגערופען.

— ניין, דו האסט זיך אפנים צו פיעל צוהיצט! דא איז פאר־האן א טעות, איך וועל איבערלייענען... דו האסט זיך צופיעל צו־היצט; דו קאנסט אזוי ניט טראכטען... איך וועל איבערלייענען.

— אין דעם ארטיקעל איז דאס גאר נישטא, דארט איז נאר א רמז דערויף, — האט ראסקאלניקאוו געזאגט.

—אזוי, הייסט עס, אזוי, — האט פארפירי ניט געקענט איינ־זיצען, — מיר איז שוין איצט כמעט ווי קלאר געווארען, ווי אזוי איהר קוקט אויף דאס פארברעכען, אבער... ענטשולדיגט מיר מיין צונגעגעסענקייט (איך דול אייך שוין צופיעל דעם קאפ, ס'איז מיר אפילו אליין ניט אנגענעם!) — זעהט איהר: פריהער האט איהר מיך פאלקאם בארוהיגט בנוגע צו דעם, עס זאלען ניט פארקומען קיין טעות'ן און דיביידע קאטעגאריעס זאלען זיך ניט צונויפמישען, אבער... מיר באאונרוהיגען דא אלין נאך פארשידענע פראקטישע פא־לען! נו, ווי איז למשל, אז איינער א מאן, אדער א אינגעל, וועט זיך אריינגעמען אין קאפ אריין, אז ער איז ליקורג אדער מאהאמער... — א קינפטיגער, פארשטעהט זיך, און וועט זיך א נעהם טאן צו באזייטיגען אלע שטיינער, וואס שטעהען איהם אין וועג... איהם שטעהט, הייסט עס, פאר א ווייטער מארש, מען דארף דערצו האבען געלט... נו, וועט ער זיך נעמען שאפען געלד דערצו... איהר פאר־שטעהט?

זאמעטאוו האט פלוצלונג אויסגעשאסען א געלעכטער פון זיין ווינקעל ארויס. ראסקאלניקאוו האט אויף איהם אפילו א קוק ניט גע־טאן.

— איך מוז מודה זיין, — האט ער רוהיג געענטפערט, — אז אזוינע פאלען דארפען באמת זיין. איבערהויפט פארפלאנטערן זיך אין דער דאזיגער נעין נאריישע מענשעלעך מיט פרעטענזיעס דערצו; און יונגעלייטלעך באזונדערס אפט.

— אט פארשטעהט איהר דאך אליין, הייסט עס. נו, אלזא, ווי זאל זיין?

— אזוי זאל זיין, — האט ראסקאלניקאוו א שמייכעל געטאן.

אונגעהויערע מאַסע מענשען, דער מאַטעריאַל, עקזיסטירט בלויז צו־ליעב דעם, כדי זי זאָל כוף־כל־סוף, דורך עפּעס א אנשטרענגונג, דורך עפּעס א געהיימניספאָלען פּראָצעס, וואָס איז נאָך עד־היום ניט באַקאַנט, דורך עפּעס א אויסמישונג פון דורות און שטאַמען, ארויס ברײנגען ענדליך אויף דער וועלט א כאָטש אויף וויפיעל ניט איז זעלבסשטענדיגען מענשען, זאָל זיין כאָטש איינעם פון טויזענט. מיט נאָך א ברייטערער זעלבסטשטענדיגקייט ווערט אפשר געבאָרען איינער פון צעהן טויזענט (איך כאַפּ אייך עס מעהר ניט אָן צום ביישפּיעל, עס זאָל אויסקומען פארשטענדליכער). מיט נאָך א ברייטערער זעלבסטשטענדיגקייט — איינער פון הונדערט טויזענט. געני־אַלע מענער — פון מיליאָנען, און גרויסע גאָונים, די שפּיצען פון דער מענשהייט ווערען אפשר געבאָרען אין פארלויף פון פיעלע טויזענ־דער מיליאָנען מענשען אויף דער ערד. מיט איין וואָרט, אין דער רעטאָרטע, וואו דאָס אַלעס קומט פאָר, האָב איך ניט אריינגעקוקט. אָבער א באַשטימטער געזעץ איז געוויס פאראַן און מוז זיין; דאָ קען ניט הערשען דער צופאַל.

— איהר טרייבט ביידע לצנות, צי וואָס? — האָט ראַזומיכין ענדליך אויסגעשריען. — איהר ווילט אָפּנים איינער דעם אַנדערן פארדרעהען דעם קאָפּ? האָבען זיך צוזעצט און מאַכען איינער פון דעם אַנדערן חוזק! דו מיינסט עס ערנסט, ראָדיא?

ראַסקאָלניקאָוו האָט אויף איהם שווייגענדיג אויפגעהויבען זיין בלאַס, כמעט אומעטיג געזיכט און האָט גאָרניט געענטפערט. און ראַזומיכינען איז עפּעס אַזוי מאָדנע אויסגעקומען פארפירים ניט־פאַר־באָרגענע, קריכערישע, אויפרייצענדע און ניט־העפליכער סאַרקאַזם נע־בען דעם ראַזיגען שטילען און אומעטיגען געזיכט!

— נו, ברודער־לעבען, אויב דו מיינסט עס טאַקע ערנסט, איז... געוויס ביסטו גערעכט, ווען דו זאָגסט, אז דאָס איז ניט ניי און ענליך אויף אַלעס, וואָס מיר האָבען טויזענט מאָל געלייענט און געהערט: אָבער אויף אַנ'אמת אָריגינעל אין דעם אַלעם, — וואָס שטאַמט טאַקע פון דיר אַליין, איז צו מיין שרעק, דאָס, וואָס דו ערלויבסט דאָך פאָרט צו פארגיסען בלוט מיט א ר ו ה י ג ע ן ג ע װ י ס ע ן, און, ענטשולדיג מיר, דערצו נאָך מיט אזא מין ברען אפילו... אין דעם, הייסט עס, שטעקט דער הויפּט־געדאַנק פון דיין אַרטיקעל. דאָס ערלויבען פארגיסען בלוט מיט א רוהיגען געוויסען איז דאָך, נאָך

ווארט". זיי מיינען דאס אפילו גאנץ אויפריכטיג. אין דערזעלבער צייט אבער באמערקען זיי זעהר אפט ניט די אמת'ע נייע: זיי פאר־אכטען זיי זאגאר, אלס אבגעשטאנענע מענשען, וואס טראגען זיך ארום מיט ערנידעריגענדע געדאנקען. אבער מיין מיינונג איז, אז דא קען ניט זיין קיין גרויסע געפאהר, ווייל זיי געהען קיינמאל ניט ווייט אוועק. נאטירליך, מעג מען זיי אמאל אבשמייסען אויך, זיי זאלען ניט זיין קיין יונגאטשעס און זאלען געדענקען ווער זיי זענען. אבער ניט מעהר: מען דארף אפילו דערצו קיין שמייסער ניט האבען, זיי וועלען זיך אליין אבשמייסען, ווייל זיי זענען זעהר לייטיש; איין טייל פון זיי וועלען איינער דעם צווייטען טאן די דאזיגע געפעליג־קייט, און דער אנדערער טייל וועט עס אליין באזארגען, אייגענהענ־טיג... דערביי זענען זיי זיך מודה בפני כל אם ועדה, — עס קומט אויס שען און דער עולם נעהמט זיך דערפון א מוסר אראב; מיט איין ווארט, איהר האט זיך ניט וואס צו באאונרוהיגען... ס'איז פאראן אזא געזעץ.

—נו, ווענינגסטענס האט איהר מיך אביסעל בארוהיגט כאטש אין דעם פרט: אבער ס'איז דאך דא נאך א צרה: זאגט מיר, איך בעט אייך, איז עס פיעל פאראן אזעלכע מענשען, וועלכע האבען דאס רעכט צו קוילענען אנדערע, איך מיין, איז עס פיעל פאראן אט די דא־זיגע „אונגעוועהנליכע"? נאטירליך, בין איך גרייט צו פאלען כורעים פאר זיי, דאך מוזט איהר אליין מודה זיין, מען קען זיך ניט פיהלען איבריגס זיכער, אויב זיי זענען דא אין זעהר א גרויסער צאהל. וואס, אפשר ניט אזוי?

— א, דערין מעגט איהר אויך זיין זיכער, — האט ראסקאל־ניקאוו פארטגעזעצט מיט דעמזעלבען טאן. — אין אלגעמיין יוערען זעהר ווייניג געבארען אזעלכע מענשען, וואס זאלען קומען מיט א נייעם געדאנק, אדער וואס זאלען כאטש אויף יויפיעל ניט איז פעהיג זיין צו זאגען כאטש עטוואס נייעס, — קען מען זאגען, אזוי יועניג, אז ס'איז פשוט ניט גום פארשטעהן. קלאר איז נאר איין זאך: די ארדנונג, לויט וועלכער עס ווערען געבארען די מענשען פון די דאזיגע קאטעגאריעס און איינטיילונגען, איז געוויס זעהר ריכטיג און גענוי באשטימט פון א נאטור־געזעץ. נאטירליך איז דאס דאזיגע געזעץ נאך ניט באוואוסט. איך גלויב אבער, אז עס איז יא פאראן אזא געזעץ, און מיט דער צייט קען עס נאך אפשר ווערען ענטדעקט. די

ווידער אום צו פריהערדיגע, — ניט שטענדיג הענגט מען דאך זיי: פארקעהרט, אנדערע...

— טריאומפירען פיליכט ביים לעבען? יא, געוויס, אנדערע דערגרייכען ביים לעבען אויך, און דאמאלס...

— הויבען זיי אליין אן צו הענגען?

— אויב עס איז נויטיג, און, איהר ווייסט, עס איז כמעט שטענדיג אזוי. אין אלגעמיין איז אייער באמערקונג זעהר שארפ־זיניג.

— איך דאנק. זאָגט מיר אבער אט וואס: מיט וואס זשע קען מען אונטערשיידען די דאזיגע אונגעווהעהנליכע פון די געווהעהנליכע? האבען זיי דען שוין פון געבוירענס־טאג אן אזעלכע סימנים? איך מיין דערמיט צו זאגען, אז דא האט געמוזט זיין א גרעסערע גענויקייט, און אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, מעהר אויסערליכע באשטימט־הייט: ענטשולדיגט אין מיר די נאטירליכע אומרוהיגקייט פון א פראקטישען מענשען, וואס איז ניט אויסען קיינע בייזע מחשבות. — צי קען מען אבער דא ניט איינפיהרען באזונדערע קליידער, א שטייגער, אדער באשטימען פאר זיי באזונדערע צייכענס. צי עפעס אנדערש וואס?... ווייל, איהר מוזט דאך מודה זיין, אויב עס זאל פארקומען א טעות, און עמיצער פון איין קאטעגאריע וועט זיך אריינ־נעמען אין קאפ, אז ער געהערט צו דער אנ־ערער קאטעגאריע, און וועט אנהייבען צו „באפייטיגען אלע שטיינער אין וועג",—ווי איהר האט זיך זעהר און זעהר טרעפענד אויסגעדריקט, — איז דאמאלס וועט דאך...

— א, געוויס, דאס טרעפט זעהר אפט! די דאזיגע באמערקונג אייערע איז אפילו נאך שארפזיניגער פאר דער פריהערדיגער...

— איך דאנק...

— ניטא פארוואס; אבער איהר דארפט ניט פארגעסען, אז א טעות איז צו ערווארטען בלויז פון דער ערשטער קאטעגאריע'ס זייט, דאס הייסט פון די „געווהעהנליכע" מענשען (ווי איך האב זיי אפשר זעהר ניט־געלונגען אנגערופען). ניט קוקענדיג אויף זייער איינגעבאָ־רענע נויגונג צו געהאָרכזאמקייט האבען איניגע פון זיי א טבע — אויס א געוויסען קאפריז פון דער נאטור, וואס אפילו א בהמה איז דערפון אויך ניט אויסגעשלאסען — צו האלטען זיך פאר פארטגע־שריטענע מענשען, פאר „צושטערער" און צו קריכען אין „דאס נייע

דאס האב איך געמיינט צו זאגען אין מיין ארטיקעל וועגען דאס רעכט אויף פארברעכען. (דערמאָנט זיך נאר — די פראגע האט זיך ביי אונז דאך אנגעהויבען פון דעם יורידיישען שטאנדפונקט). איבריגענס, זעהר אומרוהיג זיין לוינט זיך ניט; די מאַכע אנערקענט פאר זיי כמעט קיינמאל ניט דאס דאזיגע רעכט. — זי שטראפט זי און הענגט זיי (מעהר אדער ווייניגער) און זי האט פאלקאם רעכט, ווייל דערמיט ערפילט זי איהר קאנסערוואטיווע מיסיאן; אבער דיזעלבע מאסע אין איהרע קומענדיגע דורות קניט זיך און בוקט זיך צו די דאזיגע געהאנגענע און פארגעטערט זיי (מעהר אדער ווייניגער). די ערשטע קאטעגאריע איז שטענדיג דער איבערהאר פון דער געגענווארט, די צווייטע קאטעגאריע — דער איבערהאר פון דער צוקונפט. די ערשטע באוואהרען די וועלט און פארמעהרען זי אין דער צאהל; די צווייטע טרייבען די וועלט פארווערטס און פיהרען זי צום ציעל. אי די ערשטע אי די צווייטע האבען פונקט דאס אייגענע רעכט צו עקזיסטירען. מיט אייןווארט, ביי מיר האבען אלע גאנץ גלייכע רעכט. און — זאל לעבען דער אייביגער קאמפף, — נאטירליך, ביז די גאולה וועט קו־מען!

— גלויבט איהר, הייסט עס, פארט אין דער גאולה?

— איך גלויב, — האט ראסקאלניקאוו פעסט געענטפערט; די גאנצע צייט, וואס ער האט געהאלטען די לאנגע דרשה, האט ער געקוקט צו דער ערד אראב, אין איין פינטעל. וואס ער האט אויס־געקליבען אוי'ן טעפיך.

— או—ו—ון אין גאט גלויבט איהר? ענטשולדיגט, וואס איך בין אזוי נייגעריג.

— איך גלויב, — האט ראסקאלניקאוו איבערגעחזר'ט, אויפ־הויבענדיג די אויגען אויף פארפירי'ן.

— או—ין אין לאזארס תחית־המתים*) גלויבט איהר?

— איך גלויב. וואס דארפט איהר עס אלץ וויסען?

—איהר גלויבט באמונה שלמה.

— באמונה שלמה.

— אזוי גאר... איך בין זיך גלאט אזוי גערן געווען צו וויסען. נעהמט ניט פאר אומגוט. נאר יא, ענטשולדיגט. — איך קעהר מיך

*) א באוואוסטער מופת, וואס קריסטוס האט באוויזען.

בלייבן ווידער דאַרטי קענען זיי געווים ניט פועל'ן ביי זיך. אַלץ טאַקע מחמת זייער נאַטור, און כ'יין מיינונג איז, אַז ביי זיי טאָר אפילו ניט רעכט זיין דאַרט צו פאַרבלייבן. מיט איין וואָרט, איהר זעהט אַליין, אַז ביז אַהער איז דאָ נישטאָ קיין שום באַזונדערס נייעס. דאָס איז שוין טויזענדערמאָל געווען געדרוקט און געלעזען. איז וואָס עס אַנ־באַלאַנגט צו מיין איינטיילען די מענשען איז געוועהנליכע און אונגע־וועהנליכע, בין איך מסכים, אַז עס איז אביסעל אונבאַגרינדעט, אבער איך גיב דאָך ניט אָן קיין גענויע ציפערן. איך גלויב בלויז אין מיין הויפט־געדאַנק. ער באַשטעהט אין דעם אַז די מענשען ווערען, ב כ ל ל, איינגעטיילט, לויט א געזעץ פון דער נאַטור, אין צוויי קאַ־טעגאָריעס: די נידעריגע קאַטעגאָריע (די געוועהנליכע מענשען), דאָס הייסט, אזוי צו זאָגען, דער מאַטעריאַל, וואָס דיענט נאָר אויף ארויס־צוגעבען נאָך אזעלכע ווזענס, — און די קאַטעגאָריע פון די אמת'ע מענשען. דאָס הייסט, די וועלכע האָבען פעהיגקייטען אָדער טאַלאַנט צו זאָגען אין זייער סביבה א נ י י ע ס ו ו אָ ר ט. ס'פאַרשטעהט זיך, אַז איינטיילונגען קענען דאָ זיין אָהן א שיעור, אבער די הויפּט־סימנים פוןביידע קאַטעגאָריעס זענען גאַנץ שאַרפע: די ערשטע קאַטעגאָריע, דאָס הייסט, דאָס הייסט, דער מאַטעריאַל איז, אין כלל גענומען, מענשען, וואָס זענען פון דער נאַטור אויס קאָנסערוואַטיוו, מיושב'דיג. זיי לעבען אין געהאָרכזאַמקייט און האָבען ליעב צו זיין געהאָרכזאַם און מיין מיינונג איז, אַז זיי דאַרפען טאַקע זיין געהאָרכ־זאַם, ווייל דערצו זענען זיי באַשאַפען געוואָרען און דערין שטעקט אבסאָלוט גאָרניט אזוינס, וואָס זאָל זיי ערנידעריגערען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע זענען אַלע עובר אויף דעם געזעץ, — אָדער זיי ברעכען איהם אָדער זיי זענען גענייגט דערצו, — דאָס ווענדט זיך שוין אַן זייערע פעהיגקייטען. די פאַרברעכענס פון די דאָזיגע מענשען זענען פאַרשטעהט זיך, ניט אבסאָלוט און זעהר פאַרשידענ־אַרטיג: מעהרסטענסטיילס פאָדערן זיי, אויף די פאַרשידענסטע אופנים, מען זאָל צושטערען די געגענוואַרט צוליעב א גליקליכערער צוקונפט. נאָר אויב ער דאַרף צוליעב דער אידעע איבערטרעטען אפילו איבער א טויטען קערפּער, איבער בלוט, — מיין איך, אַז ער קען, ביי זיך אין האַרצען, ערלויבען זיין געוויסען איבערטרעטען אפילו איבער בלוט, — איבריגענס, ווענדט זיך עס אַן דער אידעע און אַן איהר באַדייטונג. — דאָס דאַרפט איהר האָבען אין זינען. און נאָר

פיעל איך וועל עס פארמאגעז. איך וועל אפשר קיין טעות ניט האָ־ בעז, ווען איך וועל זאגעז, אז דאס זיינט איהר, דאכט זיך, אויסעז: ביטע, איך בין גרייט. לויט מיין מיינונג קומט אויס, אז ווען די ענטדע־ קונגען פון א קעפּלער און פון א ניוטאָן האלטען געווויסע קאמבינאציעס פאר קיין פאל ניט געקענט אנדעריש באוואוסט ווערען דער מענש־ הייט, סיידען ווען מען זאל דערביי אָפּפערן דאס לעבען פון איינעם, פון צעהן, פון הונדערט און אזוי ווייטער מענשען, וועלכ וואָלטען גע־ שטערט דער דאָזיגער ענטדעקונג אָדער זיי וואָלטען זיך געשטעלט איהר אין וועג אלס א שטרויכלונג, וואָלט ניוטאָן געהאט דאס רעכט און וואלט זאָגאר געווען פארפליכטעט... צו באזייטיגען די דאָזיגע צעהן אָדער הונדערט מענשען, כדי זייגע ענטדעקונגען זאָלען באקאַנט ווערען דער גאנצער מענשהייט. איבריגענס קען מען נאָך דערפון ניט ארויסדרינגען, אז ניוטאָ האָט געהאט דאס רעכט צו טוי־ טען ווען ער האָט נאָר געוואָלט, הרג'ענען דעם ערשטען בעסטען מענשען אָדער אלע טאָג גנב'ענען בייגעל אויפ'ן מארק. ווייטער, אויף וויפיעל איך געדענק, ענטוויקעל איך אין מיין ארטיקעל דעם גע־ דאנק, אז אלע... נו, לאָמיר אַננעהמען, א שטייגער, די געזעצגעבער און פארזארגער פון דעו מענשהייט. אנהויבענדיג פון די אוראלטע ציי. טען, די אלע ליקורגען, סאלאָנען, מאחמעדען, נאפּאָלעאָנען און אזוי ווייטער, זיינען אלע ביז איינעם געווען פארברעכער. שוין דערמיט אליין וואס ארויסגעבענדיג א ניי געזעץ, פלעגען זיי דורכדעם גופא ברעכען דאס אלטע געזעץ, וואס איז געווען היילינ ביי דער געזעלשאפט א'ן האָט געשטאמט פון די אבות: געווים פלעגען זיי זיך שוין ניט אָפּ־ שטעלען פאר בלוט אפילו, אויב דאָס בלוט (וואס אָפטמאָל פלעגט דאס זיין אומשולדיג בלוט, העלדיש פארגאסען פאר דאס אלטע גע־ זעץ). פלעגט זיי קענען העלפען. עס איז זאָגאר צו באוואונדערען, אז די דאָזיגע וואוילטוער און פארזארגער פון דער מענשהייט זיינען מייסטענטיילס געווען אונגעהויערע שרעקליכע בלוטפארגיסער. מיט איין וואָרט, איך פיהר אויס, אז ניט נאָר אלע גרויסע מענער, אבער אויך אפילו די וואס שטעהען בלויז עטוואס העכער פאר דעם מיטעל־ מעסיגען מענשען, דאס הייסט, די־יעניגע, וואס זיינען קוים־קוים פעד היג צו זאגען עפּעס נייעס, מוזען שוין פון זייער נאטור אויס אונבא־ דינגט זיין פארברעכער, — מעהר אָדער ווענינער, פארשטעהט זיך. אניט אין זיי שווער זיך אַרויסצוכאפּען פון דער מיטעלמעסיגקייט.

צוריק, אין דעם „צייטוואָרט". איהר האָט דען ניט געוואוסט?
ראַסקאָלניקאָוו האָט ווירקליך ניט געוואוסט.

— ניין, ניין, גאָר ניט דערפאַר, — האָט פּאָרפירי געענטפערט.
— עס האַנדעלט זיך נאָר וועגען דעם, אַז אין זייער אַרטיקעל ווערען אַלע מענשען איינגעטיילט אין „געוועהנליכע" און „אונגעוועהנליכע"... די געוועהנליכע דאַרפען זיין געהאָרזאַם און אונטערטעניג און האָבען ניט דאָס רעכט עובר צו זיין אויף דאָס געזעץ, ווייל זיי זיינען פאַרשטעהט איהר מיך, געוועהנליכע. די אונגעוועהנליכע אָבער האָבען רעכט באַגעהן אַלערהאַנד פאַרברעכענס און אויף אַלע אופנים עובר זיין אויף דאָס געזעץ, נאָר דערפאַר אַליין, ווייל זיי זיינען אונגעוועהנליכע. אַזוי שטעהט ביי אייך, דאַכט זיך, אויב איך האָב קיין טעות ניט?

— וואָס זשע הייסט עס? עס קען ניט זיין, עס זאָל אַזוי שטעהן.
— האָט ראַזומיכין עשטאַמעלט ניט־פאַרשטעהענדיג.
ראַסקאָלניקאָוו האָט ווידער אַ שמייכעל געטאָן. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און וואָס מען וויל איהם דאָ אונטערשטעלען אַ הינטערפּיסעל; ער האָט געדענקט זיין אַרטיקעל. ער האָט באַשלאָסען אָנצונעהמען דעם קאַמפּף.

—דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצען אַזוי, ווי איהר זאָגט, — האָט ער אָנגעהויבען איינפאַך און עניוות'דיג. — איבריגענס, בין איך זיך מודה, אַז איהר האָט עס כמעט ריכטיג איבערגעגעבען, מען קען זאָגען, אפילו זעהר ריכטיג... (איהם איז עפּעס אַזוי ווי געווען אָנגענעהם איינצושטימען, אַז זעהר ריכטיג). דער אונטערשיד באַשטעהט נאָר דעריין, וואָס איך וויל גאָר ניט דורכאויס האָבען, אַז די אונגעוועהנליכע מענשען דאַרפען און מוזען אָהן תרוצים שטענדיג באַגעהן אַלערליי עולות, ווי איהר זאָגט — ביי מיר קומט אפילו אויס, אַז אַזאַ אַרטיקעל וואָלט מען גאָר ניט דורכגעלאָזט. איך האָב נאָר אָנגעוויזען אויבען־אויף, אַז דער „אונגעוועהנליכער" מענש האָט דאָס רעכט, דאָס הייסט ניט דאָס אָפיציעלע רעכט, נאָר ער האָט דאָס רעכט ערלויבען דעם געוויסען זיינעם, איבערצוטרעטען... איבער געוויסע שטערונגען, אָבער נאָר אין יענעם פאַל, אויב די פאַרווירקליכונג פון זיין אידעע (וואָס קען אפשר אַמאָל האָבען די גרעסטע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער מענשהייט) וועט דאָס פאָדערען. איהר זאָגט, אַז מיין אַרטיקעל איז ניט קלאָר; איך בין גרייט איהם אייך צו ערקלעהרען, אויף ווי־

אונז צוליעב עפּעס איינגעשמועסט, אז ער ווערט א מאַנאך: צוויי חדשים האט ער זיך עגהאלטען שטאַהל און אייזען ביי דאָס זייניגע. ניט לאנג איז איהם איינגעפאלען איינצושמועסען אונז, אז ער האט חתונה: אז אלץ איז שוין פארטיג צו דער חופה, אויפגענייהט אפילו א נייעם אנצוג. מיר האבען איהם שוין גענומען אפּגעבען מזל־טוב. וואו—ווען, ניט קיין כלה, ניט קיין זאך, אלץ איז א מיראזש!

— ווייטער א ליגען! דעם אנצוג האב איך זיך פריהער געמאַכט, און טאקע צוליעב דעם דאזיגען נייעם אנצוג איז עס מיר איינגעפאלען מאכען פון אייך אלעמען א ביסעל חוזק.

— איהר זענט אין דער אמת'ן אזא טרפה'ר יונג? — האט ראס־קאלניקאוו פויל געפרעגט.

— און איהר האט געמיינט, אז ניט? וואַרט אקארשט, איך וועל נאך אייך אויך אנפּייפען — חא—חא—חא! ניין, פארשטעהט איהר מיך, איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת, וואס עס אנבא־לאנגט צו די אלע פראגען, פארברעכענס, ארדנונגען, מיידעלער, איז מיר איצט ארויפגעקומען אויפ'ן זכרון אייערס אן ארטיקעל, — איב־ריגענס האט ער מיך שטענדיג אינטערעסירט. ער הייסט „וועגען פארברעכען" אדער אפּשר אנדערש ווי, איך האב פארגעסען דעם נאמען, איך געדענק ניט אקוראט. מיט צוויי מאָנאטען צוריק האב איך עס געהאט דעם פארגניגען דורכצולייענען אין דעם „צייט־ווארט."

— מיינער אן ארטיקעל? אין דעם „צייטווארט"? — האט ראסקאלניקאוו פארוואונדערט געפרעגט. — מיט א האלב יאהר צו־ריק, יוען איך בין ארויסגעטרעטען פון דער אוניווערזיטעט, האב איך ווירקליך אנגעשריבען אן ארטיקעל וועגען עפּעס א בוך, איך האב איהם אבער דאמאלס אוועקגעטראגען אין „דאָס וואכענבלאט", ניט אין „דאָס צייטווארט".

— איז ער ארייגעפאלען אין „דאָס צייטווארט."

— אבער „דאָס וואכענבלאט" האט דאך אויפגעהערט צו ערשיי־נען, דעריבער טאקע האט מען עס דאמאלס ניט אפּגעדרוקט.

— דאָס אי זאמת; אבער אויפהערענדיג צו ערשיינען, האט זיך „דאָס וואכענבלאט" פאראייניגט מיט דעם „צייטווארט"; און דערי־בער האט ייך אייך אייער ארטיקעל אפּגעדרוקט. מיט צוויי מאָנאטען

אויף וואס די וועלט שטעהט! מען דארף איהם פשוט צוהאלטען פאר די הענט. — האט פּראָפירי געלאכט. — שטעלט אייך פאר, — האט ער זיך געווענדעט צו ראסקאלניקאוו'ן, — פונקט אזוי איז געווען נעכ־טען אין אווענט, זאלבעזעקסטע האט מען זיך צונויפגעהאקט, און נאך אפריהער זיך אנגע'שכור'ט מיט פּונש, — איהר קאנט זיך שוין פאר־שטעלען. — ניין, ברודערל'עבען, דו האסט א טעות: די „אָרדנונג" האט זעהר פיעל צו זאגען אין א פארברעכען; איך בין דערויף אויך מסכים.

— איך ווייס אליין, אז פיעל, אבער דו זאג מיר נאר אקאָרשט אט וואס: א פיערציגיעהריגער שענדעט א צעהניעהריג מיידעלע, — האט איהם דערצו אפשר אויך די אָרדנונג געטריבען?

— וואס מיינסטו, ווען מען זאל קוקען דערויף טיעפער, קען אייגענטליך זעהר זיין, אז טאקע די אָרדנונג, — האט פּראָפירי באַ־מערקט מיט א מאָדנעם אפּגעלאָזענעם ערנסט. — דאס פארברעכען מיט דעם מיידעלע קען מען זאגאר זעהר און זעהר ערקלערען מיט דער „ארדנונג".

ראזומיכין איז געוואָרען מלא רציחה.

— נו, דו ווילסט ווע־ל איך דיר באלד **אַרויסדרינגען**,— האט ער ארויסגעדונערט, — אז ביי דיר איז ווייסע ברעמען נאר מחמת דעם, ווייל דאס קלויסטער פון איוואן דעם גרויסען איז די הויך פינף און דרייסיג קלאַפטער, און עס וועט זיין ארויסגעדרונגען קלאר, פינקטליך, פּראָגרעסיוו, און אפילו אביסעל צוגעפעפערט מיט ליי־בעראליזם? איך נעהם זיך אן! נו, ווילסט געהן א געוועט?

— רעכט! איך בין א בעלן צו הערען, ווי אזוי וועט ער עס אויס־דרינגען.

— ער מאכט זיך דאך דאס אלץ, צו אלדי שוואָרציאָהר! — האט ראזומיכין א געשריי געגעבען, איז אויפגעשפרונגען און א מאך געגעבען מיט דער האנט. — נו, איז דען כדאי מיט דיר צו ריידען! ער מאכט דאך דאס אלץ מיט א כיוון, דו קענסט איהם נאך ניט, ראַ־דיאָן! ער מאכט דאך דאס אלץ מיט א כיוון, דו קענסט איהם נאך ניט, ראדיאָן! נעכטען האט ער זיך אויך געשטעלט אויף זייער זייט, נאר כדי אלעמען מאכען צום נאר. ווען דו וואלסט געהערט וואס ער האט זיי נעכטען גערעדט! מיין גאט! און זיי האבען זיך אזוי דערפרעהט!... ער האלט אזוי אויס צו צוויי וואכען נאכאנאנד. פאראיאהרען האט ער

אין איין אויגענבליק ווערען צדיקים. די נאטור ווערט ניט גענומען אין באטראכט, די נאטור ווערט ארויסגעשטויסען, קיין נאטור טאר ניט זיין! ביי זיי קומט אויס, אז ניט די מענשהייט וועט זיך אזוי לאנג ענטוויקלען מיט דעם היסטארישען ל ע ב ע ד י ג ע ן וועג ביז'ן סוף, ביז וואנען זי וועט ענדליך ממילא פארוואנדעלט ווערען אין א נארמאלע געזעלשאפט, נאר פארקעהרט, דאס סאציאלע סיסטעם וועט ארויסגעהן פון ערגעץ א מאטעמאטישען קאפ און וועט גלייך איינ־ארדנען די גאנצע מענשהייט און וועט אין איין אויגענבליק מאכען אלעמען פאר צדיקים און הייליגע, אהן קיין שום לעבעדיגען פראצעס, אהן קיין שום היסטארישער און לעבעדיגער ענטוויקלונג! דערפאר טאקע האבען זיי אינסטינקטיוו אזוי פיינט די געשיכטע: „זי באַ־שטעהט נאר פון נידערטרעכטיגקייטען און פון דומהייטען". אלץ פטר'ן זיי אראפ מיט דעם ווארט „דומהייטען"! דערפאר טאקע האַ־בען זיי אזוי פיינט דעם ל ע ב ע ד י ג ע ן פראצעס פון לעבען: מען דארף ניט האבען קיין ל ע ב ע ד י ג ע נ ש מ ה! א לע־בעדיגע נשמה וועט פאדערן לעבען, א לעבעדיגע נשמה וועט ניט פאלגען קיין אויסגעטראכט עפשט'לעך, א לעבעדיגע נשמה איז פאר־דעכטיג, א לעבעדיגע נשמה איז קאנסערוואטיוו! און דא מעג אפילו אונטערשמעקען מיט אלטען שימעל, מען קען עס מאכען פון טויג,— אבי אבער ניט קיין לעבעדיגע, אבי אבער אהן ווילען, אבי אבער א פארשקלאפטע, זי וועט זיך ניט צובונטעווען. און אין רעזולטאט קומט אויס, אז פון דער גאנצער גרויסער געביידע איז ביי זיי נאר געבליבען אביסעל ציגעל און א פלאן פון די צימערן און קארידארען! דער פלאן איז שוין טאקע פארטיג, אבער די נאטור פון דער געביידע איז נאך ניט פארטיג, זי פאדערט לעבען, זי האט נאך ניט פארענדיגט דעם לעבענס־פראצעס, נאר צו פריה זי צו באגראבען! מיט לאגיק אליין קען מען איבער דער נאטור ניט אריבערשפרינגען! די לאגיק וועט פאראויסזעהן דריי צופאלען, און אין דער אמת'ן איז פארהאן א מיליאן! שניידען זיי אפ דעם גאנצען מיליאן און פטר'ן אפ די גאנ־צע פראגע מיט אביסעל קאמפארט! דער לייכטסטער ענטפער אויף דער פראגע! פארפיהרעריש קלאר, און מען דארף גארנישט טראכטען מעהר! — מען דארף ניט טראכטען! דאס גאנצע געהיימניס פון לע־בען פארנעהמט צוויי דרוקזייטלעך!

— ער האט זיך דאס צורעדט פאר פייער און פאר וואסער, האקט

— אָבער ס'איז געווען אינטערעסאַנט, איאַ? איך האָב אייך דאָך נעכטען געלאָזען אין רעכטען אינטערעסאַנטסטען פּונקט. ווער האָט געזיעגט?

— פאַרשטעהט זיך, אַז קיינער ניט. מען האָט זיך דעררעדט ביז צו די אייביגע פּראָבלעמען און געבליבען הענגען אין דער לופטען.

— שטעל זיך פאָר, ראַדיאַ, צו וואָס מען האָט זיך נעכטען דער־רעדט: איז פאַרהאַן פאַרברעכען, אָדער ניט? איך האָב דיר געזאָגט, אַז זיי זיינען פאַרקראָכען אַזש קיין בויבעריק.

— וואָס זשע איז זיך דאָ צו וואונדערן? אַ געוועהנליכע סאָ־ציאַלע פראַגע, — האָט ראַסקאָלניקאָוו צושטרייט געענטפערט.

— די פראַגע איז ניט אַזוי פאָרמולירט געוואָרען, — האָט פאָר־פירי באַמערקט.

— ניט אינגאַנצען אַזוי, דאָס איז אמת, — האָט ראַזומיכין גלייך איינגעשטימט, זיך איילענדיג און ווערענדיג צוהיצט ווי זיין שטייגער איז — פאַרשטעהסטו מיך, ראַדיאָן, הער אויס מיט קאָפּ און זאָג ארויס דיין מיינונג. איך וויל. איך בין נעכטען מיט זיי פון דער הויט געקראָכען און געוואָרט אַלץ אויף דיר; איך האָב זיי וועגען דיר געזאָגט, אַז דו וועסט קומען.. עס האָט זיך אָנגעהויבען פון דעם שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַליסטען. אַ באַקאַנטער שטאַנדפּונקט: דאָס פאַרברעכען איז אַ פּראָטעסט געגען דער אוננאָרמאַלקייט פון דער סאָציאַלער אָרדנונג, — און שוין, און ניט מעהר, און קיינע אור־זאַכען ווערען מעהר ניט דערלאָזען. — און גאָרנישט!...

— אָט האָסטו שוין געזאָגט אַ ליגען! — האָט פאָרפירי פּעט־ראָוויטש אויסגעשריען.

— ער איז אָפּנים געוואָרען אויפגעלעבט און אַלע ווייל גע־לאַכט, קוקענדיג אויף ראַזומיכינען, און דערמיט האָט ער איהם נאָך מעהר צוקאָכט.

— מע—עהר ווערט גאָרנישט דערלאָזען! — האָט ראַזומיכין איהם מיט היץ איבערגעשלאָגען. — איך זאָג ניט קיין ליגען!... איך וועל דיר ווייזען זייערע ביכלעך: אַלץ איז ביי זיי דערפאַר, ווייל „די אָרדנונג איז שולדיג“ — און מעהר גאָרנישט. זייער געליעבטע פראַ־גע. דערפון איז געדרונגען, אַז ווען מען זאָל די געזעלשאַפט נאָרמאַל איינאָרדנען, וועלען גלייך פאַרשווינדען אַלע פאַרברעכענס מיט אַמאָל. ווייל מען וועט שוין ניט דאַרפען מעהר פּראָטעסטירען און אַלע וועלען

איך האב ווידער פיבער!... האט מיר פארפירי פריהער צוגעוואונקען צי ניט? מסתמא איז עס א שגעון; צו וואס זאל ער מיר צואווינקען? זיי ווילען סיידען מיינע נערוועז אויפרייצען, אדער זיי רייצען זיך מיט מיר? אדער דאס איז א מיראזש, אדער זיי װ ו י י ס ע ן! אפילו זאמעטאוו האלט זיך מיט הוצפה... האלט ער זיך דען מיט חוצפה?— זאמעטאוו האט איבער נאכט זיך ארומגעזעהן. ער איז דא ווי אן איי־גענער. און קומט ערשט אריין דאס ערשטע מאל. פראפירי האלט איהם ניט פאר קיין גאסט, זיצט צו איהם מיט'ן הינטען. זיך צונויפ־געשמעקט! ניט אנדערש. ווי צ ו ל י ע ב מ י ר האבען זיי זיך עס צונויפגעשמעקט! ניט אנדערש. אז פאר אונזער קומען האבען זיי וועגען אונז גערעדט!... ווייסען זיי פון דער דירה? כאטש גיכער שוין! ווען איך האב געזאגט, אז איך בין נעכטען אנטלאפען דינגען א דירה, האט ער עס דורכגעלאזט פארביי די אויערן, ניט באמערקט גאר.... דאס האב איך אבער קלוג אריינגעזאקט, וועגען דער דירה, הייסט עס: ס'וועט שפעטער צו נוץ קומען!... פון היץ, כלומרשט!... חא—חא—חא! ער ווייס פון דעם גאנצען נעכטיגען אווענט! פון דער מוטערס קומען האט ער ניט געוואוסט!... די מכשפה, האט אפילו דעם טאג פארשריבען מיט א בלייפעדער!... ס'א ליגען, איך וועל מיך ניט לאזען! דאס זיינען דאך ניט קיין פאקטען, דאס איז ניט מעהר ווי א מיראזש! ניין, גיט מיר אהער פאקטען! און די דירה איז אויך ניט קיין פאקט, נאר א קא'שמאר: איך ווייס, וואס מיט זיי צו ריידען.. ווייסען זיי וועגען דער דירה? איך וועל ניט אוועקגעהן, וואו איך וועל עס ניט דערגעהן! נאך וואס דען בין איך געקומען? זעהט זשע, אט דאס וואס איך קאך זיך איצט, איז שוין אפשר יא א פאקט! פוי, ווי איך קען זיך עס אביסעל, און אפשר איז דאס נאך א מעלה: א ראל פון א קראנקען... ער נעהמט מיך אויף זיכער. ער וועט מיך פלאנטערן אין די רייד. נאך וואס בין איך געקומען?"

דאס אלץ האט זיך איהם ווי א בליץ דורכגעטראגען אין מח.

פארפירי פעטראוויטש האט זיך די רגע צוריקגעקעהרט. ער איז פלוצלונג פרעהליך געווארען.

— מיר איז, ברודער־לעבען, פון נעכטען אן דער קאפ... אלץ איבער דיין סעודה. און איך בין גלאט עפעס אינגאנצען צושרויפט.
— האט ער אנגעהויבען שוין גאר מיט אן אנדער טאן, וועגדענדיג זיך מיט א געלעכטער צו ראזומיכינען.

— וואָס רעדט איהר, גראָד פאַרקעהרט! גראָד פאַ־ארקעהרט! ווען איהר זאָלט נאָר וויסען, ווי איהר אינטערעסירט מיך! עס איז זעהר אינטערעסאנט צוצוקוקען, אי צוצוהערען... און איך לייקען ניט, — איך בין אַזוי צופרידען, וואָס איהר האָט אונז ענדליך אָפּגע־שטאַט א וויזיט...

— דערלאַנג כאָטש א גלעזעל טיי, ס'איז טרוקען שוין אין האַלז געוואָרען! — האָט ראַזומיכין אויסגעשריען.

— א וואוילער געדאַנק! אפשר וועלען מיר אַלע מאַכען קאָמ־פּאַניע? און טאַקע אויף עפּעס מעהר ממשות'דיגס ווי טיי... וואָלסט ניט געוועזן קיין בעלן?

— טראָג זיך, טראָג זיך!

פּאָרפירי פּעטראָוויטש איז ארויס הייסען דערלאַנגען טיי.

די געדאַנקען האָבען זיך ווי א וויכער געדרעהט ראַסקאָלניקאָוו'ן אין מח. ער איז געווען שרעקליך צורייצט.

„דער עיקר איז, וואָס זיי ריידען אָפען, און ווילען קיינע מחזקות ניט מאַכען! און וואָס האָסטו עפּעס גערעדט וועגען מיר מיט ניקאָ־דים פאָמיטש'ן, וויבאַלד דו קענסט מיך ניט? אַלזאָ, הייסט עס, מען וויל עס שוין גאָרניט האַלטען בסוד, אַז מען היט מיך, ווי א גאַנצע מחנה הינד! אַזוי אָפען צו שפּייזען אין פּנים אריין!" האָט ער גע־פּלאָטערט פאַר רציחה. — נו, שלאָגט גלייך, אָבער ניט שפּיעלט זיך ווי א קאַץ מיט א מויז. עס איז דאָך ניט העפליך, פּראָפירי פּעטראָ־וויטש, איך קען זיך נאָך ניט לאָזען!... וועל נעהמען און וועל אייך א שפּיי טאָן אין פּנים אריין דעם גאַנצען אמת: און זעהט, ווי איך האָס אייך!..." ער האָט קוים געקענט אָפּכאַפּען דעם אָטעם. — „און ווי איז, אַז דאָס דאַכט זיך מיר נאָר אַזוי? אַז דאָס איז א מיראַזש, און איך האָב אין אַלץ א טעות, איך קאָך זיך, מחמת איך בין נאָך ניט ער־פאַהרען, איך האַלט ניט אויס מיין מיאוסע ראָל? אפשר איז דאָס אַלץ אָהן א מיין? אַלע זייערע ווערטער זיינען געוועהנליכע, נאָר עפּעס שטעקט אין זיי אַזוינס... דאָס אַלץ קען מען זאָגען אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, נאָר עפּעס איז דאָ יאָ פאַרהאַן. פאַרוואָס האָט ער גלייך געזאָגט „ביי איהר?" פאַרוואָס האָט זאַמעטאָוו צוגעגעבען, אַז איך האָב גערעדט צ ו ק ל ו ג? פאַרוואָס ריידען זיי מיט אַזאַ טאָן... ראַזומיכין איז דאָך געזעסען דערביי, פאַרוואָס זשע באַמערקט ער גאָרנישט? דער דאַזיגער נאַאיווער נאָר באַמערקט קיינמאָל גאָרנישט!

צוקאכט. — פארוואס ביסטו עפעס ארויסגעגאנגען? צוליעב וואס?... און וואס עפעס בגנבה? נו, האסטו דאמאלס געקענט זיין ביים קלא־רען זינען? איצט, ווען ס'איז שוין נישטא קיין שום עפאהר, זאג איך דיר עם גלייך אין די אויגען!

— זיי זיינען מיר שוין נעכטען מיאוס ומאוס געווארען, — האט ראסקאלניקאוו זיך פלוצלונג געווענדט צו פארפירי'ן מיט א חוצפה'דיגען ארויספארערנדען שמייכעל, — און איך בין אנטלאפען פון זיי דינגען א דירה, זיי זאלען מיך ניט קענען אויפזוכען, און פאר־כאפט מיט זיך א שלל מיט געלט. הערר זאמעטאוו האט אויך געזעהן דאס געלט. וואס זאגט איהר, הערר זאמעטאוו, בין איך נעכטען עפעס קלוג געווען, אדער ניט ביים זינען, פארענטפערט די קשיא?

ער וואלט איהם דאכט זיך, איצט דערשטיקט, אט דעם זאמע־טאוו'ן. זיין בליק און זיין שווייגען אין איהם נאר ניט געפעלען גע־ווען.

— איך מיין, אז איהר האט גערעדט זעהר קלוג, מען קען זאגען, אפילו צו קלוג, ניט מעהר איהר האט זיך צו פיעל געקאכט, — האט זאמעטאוו טרוקען ערקלערט.

— און היינט האט מיר ניקאדים פאמיטש דערצעהלט, האט זיך פארפירי אויך אריינגעמיישט, — אז ער האט אייך נעכטען געטראפען שוין זעהר שפעט אין דער וואוינונג ביי איינעם א טשינאווניק, וועל־כען מען איז איבערגעפאהרען...

— נו, אט דער דאזיגער טשינאווניק, א שטייגער! — האט ראז־זומיכין זיך ארויסגעכאפט. — נו, ביסט דען ניט געווען קיין משוגע־נער ביי דעם דאזיגען טשינאווניק? דאס לעצטע געלט אפגעגעבען דער אלמנה אויף דער לויה! נו, האכט שוין געוואלט זיי באהילפיג זיין — גיב פופצעהן רובל, גיב צוואנציג, אבער כאטש דריי רובל לאז פאר זיך, — נעהמט ער און גיט זיי א האק די גאנצע פינפאונצוואנציג!

— אפשר האב איך ערגעץ געפונען אן אוצר און דו ווייסט דער־פון ניט? דערפאר טאקע האב איך זיך דאס נעכטען אזוי צוהוליעט... אט הערר זאמעטאוו ווייס יא, אז איך האב געפונען אן אוצר!... איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג, — האט ער זיך געווענדט מיט ציטערנ־דע ליפען צו פארפירי'ן, — וואס מיר דרעהען אייך שוין א האלבע שעה דעם מח מיט אזוינע מיני נארישקייטען. ס'איז אייך דערעסען, ניט אפשר?

— ווײַלע כמעט אַלע מישכּנות־פאַרזעצער זײַנען שוין איצט באַ־וואוסט, און נאָר איהר אַליין האָט אונז ניט געמאַכט די עהרע צו באַ־זוכען, — האָט פּראַפּירי געענטפערט. און ס'איז קוים געווען צו באַ־מערקען דעם שפּאַטישיזן אויסדריק דערבײַ.

— איך בין געווען ניט מיט אַלעמען.

— ווענען דעם האָב איך שוין אויך געהערט. איך ווייס אַפילו דערפון, אַז איהר זענט עפּעס צו שטאַרק געווען צורודערט. אַפילו איצט זעהט איהר אויך אויס זעהר בלאַס?

— גאָר ניט בלאַס... פאַרקעהרט, פאַלקאָם געזונד! — האָט ראַס־קאָלניקאָוו גראָב אָפּגעהאַקט מיט כּעס. פלוצלונג נעהמענדיג אַן אַנ־דער טאָן.

דער כּעס האָט אין איהם געקאָכט, און ער האָט איהם ניט גע־קענט פאַרשטיקען.

„און פאַר כּעס וועל איך זיך ערשט אויסריידען!" איז איהם ווידער אײַנגעפאַלען. — „אָבער וואָס מאַטערן זיי מיך אַזוי!..."

— ער איז ניט גאָר מיט אַלעמען! — האָט ראַזומיכין זיך אַרויסגעכאַפּט. — שענע דבורים! סך הכּל איז ער ביז נעכטען געלעג־גען כמעט ווי אָהן זינען און גערעדט פון הייז... וועסט גלויבען, פּאַר־פירי, אַז ער איז קוים אײַנגעשטאַנען אויף די פיס, אָבער ווי נאָר מיר האָבען זיך נעכטען אַ ווײַלע אָפּגעקעהרט — איך מיט זאַסימאָוו'ן,— האָט ער זיך אַנגעטאָן, זיך שטילערהייד אָפּגעגנב'עט און האָט זיך ערגעץ אַרומגעשלעפּט כמעט ביז האַלבער נאַכט. פאַלקאָם ניט בײַם זינען, פאַרשטעהסטו מיך. שטעל זיך פאָר! וואָס קען זיך אַמאָל פאַר־לויפען!

— צי דען טאַקע פאַלקאָם ניט בײַם זינען? וואָס זאָגט איהר דערצו! — האָט פּראַפּירי אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ ,אויף דעם שטיינער פון אַלטע ווײַבער.

— עט, נאַרישקייטען! גלויבט ניט! איבעריגענס גלויבט איהר דאָך סיי ווי סיי ניט! — האָט זיך שוין צופיעל פאַר כּעס ראַס־קאָלניקאָוו אַרויסגערעדט.

אָבער פּראַפּירי פּעטראָוויטש האָט עפּעס גלייך ווי ניט דער־הערט די דאָזיגע מאָדנע ווערטער.

— ווי אַזוי זשע האָסטו טאַקע געקענט אַרויסגעהן, ווײַבאַלד אַז דו ביסט געווען בײַ די געראַנקען? — האָט ראַזומיכין זיך פלוצלונג

— אזוי, צו אייך איז די מוטער געקומען צו פאהרען? — האָט פאָרפירי זיך צוליעב עפּעס ערקונדיגט.

— יאָ.

— ווען איז זי דאָס געקומען?

— נעכטען אין אָווענט.

פאָרפירי איז אַנטשוויגען געוואָרען, גלייך ווי ער וואָלט זיך איבערלעגען אין געדאַנק.

— אייערע זאַכען האָבען פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרפאַלען ווערען, — האָט ער פאָרטגעזעצט רוהיג און קאַלט. — איך וואַרט דאָך אויף אייך שוין אַ היבש ביסעל צייט.

און אַזוי ווי ניט איהם מיינט מען, האָט ער גענומען מיט גרויס ערנסט אונטערשטעלען ראַזומיכינען דאָס אַש־טעצעלע, ער זאָל ניט אַזוי אַכזריות'דיג צופּלעקען דאָס טעפּיך מיט זיין פּאַפּיראָס. ראַסקאָלניקאָוו האָט אַ ציטער געטאָן. נאָר פּאָרפירי האָט זיך געמאַכט גאָר־נישט זעהענדיג און איז אַלץ געווען פאַרטראַגען מיט ראַזומיכינס פּאַפּיראָס.

— וואַ—אָס? האָסט אויף איהם געוואַרט? וואָס איז, דו האָסט דען געוואוסט, אַז ער האָט ד אָ ר ט אויך וואָס פאַרזעצט? — האָט ראַזומיכין אויסגעשריען.

פּאָרפירי פּעטראָוויטש האָט זיך גלייך געווענדט צו ראַסקאָלני־קאָוו'ן:

— אייערע ביידע משכנות, דער רינג און דער זייגער, זיינען ביי א י ה ר געווען איינגעוויקעלט אין אַ פּאַפּיר, און אויפ'ן פּאַפּיר איז געווען זעהר דייטליך אָנגעשריבען מיט אַ בלייפעדער אייער נאָמען, און אויך דער טאָג פון חודש, ווען זי האָט זיי ביי אייך צוגענומען.

— אַ קונץ צו האָבען אַזאַ שאַרפע ראיה... האָט ראַסקאָלניקאָוו געפּרובט אַ שמייכעל טאָן, און איבערהויפּט באַמיהט זיך צו קוקען איהם גלייך אין די אויגען אַריין, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט איינהאַלטען און האָט פּלוצלונג צוגעגעבען: — עס איז מיר איצט דערפאַר איינגעפאַלען, ווייל ס'איז דאָך מסתמא געווען זעהר פיעל משכנות־פאַרזעצער... דאַרום וואָלט דאָך אייך געדאַרפט זיין שווער צו געדענקען זיי אַלעמען... ערשט איהר געדענקט זיי אַלעמען אויסגע־צייכענט און... און...

„נאַריש! שוואַך! צו וואָס האָב איך עס צוגעגעבען!"

רישקייטען. — האט ער פארטגעזעצט, עטוואס פארלארען. — די זא־כען מיינע זיינען ווערט אינגאנצען א רובל פינף. נאר זיי זיינען מיר באזונדערס טייער, אלס אן אנדענקונג אן די, פון וועמען איך האב זיי באקומען — און, איך בין זיך מודה — איך האב מיך זעהר דער־שראקען, אז איך בין געוואהר געווארען...

— איך זאג עפעס, וואס דו האסט זיך אזא צאפעל געטאן, ווען איך האב נעכטען ארויסגעפלוידערט זאסימאוו'ן, אז פראפירי פרעגט אויס די משכנות־פארזעצער! — האט ראזומיכין זיך ארייגעמישט, אונטערצוהעלפען ראסקאלניקאוו'ן.

דאס איז שוין געווען ניט אריבערצוטראגען. ראסקאלניקאוו האט ניט אויסגעהאלטען און האט אויף איהם בייז א בליץ געטאן מיט זיינע שווארצע אויגען, אין וועלכע עס האט זיך א כעס אנגעצונדען. אבער גלייך האט ער זיך פארכאפט.

— דו מאכסט פון מיר אפנים חוזק, גוטער־ברודער? — האט ער זיך צו איהם געווענדט מיט קונציג געמאכטער אויפרייצונג. — איך וועל מיך ניט שפארען, אז די דאזיגע קלייניגקייטען ליגען מיר שוין צופיעל אין זינען; מען קען דאך אבער מיר דערפאר ניט האלטען ניט פאר אן עגאיסט, ניט פאר א קארגען; פאר מיר זיינען די דאזיגע צוויי גראשענדיגע זאכעלעך אפשר גאר ניט קיין קלייניגקייטען. איך האב דאך דיר שוין ערשט געזאגט, אז דער דאזיגער זילבערנער זייגער, וואס איז ווערט א זעקסער, איז די איינציגע זאך, וואס איז פארבליבען פונ'ם פאטער. מעגסט זיך לאכען פון מיר, צו מיר איז אבער געקו־מען צו פאהרען די מוטער, — האט ער זיך פלוצלונג א קעהר גע־טאן צו פארפירי'ן, — און ווען זי דערוויסט זיך נאר, — האט ער זיך ווידער שנעל געווענדט צו ראזומיכינען, און זיך איבערהויפט אנגע־שטרענגט, די שטים זאל איהם נעהמען ציטערן, — אז דער דאזיגער זייגער איז פארפאלען געווארען, וואלט זי געווען אויסער זיך פאר פאר־צווייפלונג, אויף מיין עהרען־ווארט! ווייבער!

— אך, גאר נישט דאס! ניט דאס האב איך גאר געמיינט! איך האב געמיינט גראד פארקעהרט! — האט ראזומיכין געקרענקט אויס־געשריען.

„איז עס גוט אזוי? איז עס נאטירליך? האב איך ניט איבער־געכאפט די מאס?" האט ראסקאלניקאוו געפלאטערט אין הארצען.— צו וואס האב איך עס געזאגט „ווייבער"?

„ס'א שוטה!" האט איהם ראסקאלניקאוו פאר זיך א זידעל גע־טאן.

— איהר דארפט דערלאנגנען א מעלדונג אין דער פאליציי אריין.

— האט פּאָרפירי געענטפערט מיט זעהר אן ערנסטער מינע. — ווע־גען דעם, הייסט עס, אז געוואהר ווערענדיג פון אזא און אזא פאר־פאל, דאס הייסט, פון דער דאזיגער ערמארדונג, בעט איהר, פון אייער זייט, מען זאל מודיע זיין דעם סליעדאוואטעל, וועלכער פיהרט די אויספארשונג, אז די און די זאכען געהערען צו אייך און אז איהר ווילט זיי אויסקויפען... אדער כ'וויים וואס... איבריגענס וועט מען עס אייך אנשרייבען.

— אט דאס איז דאך די מעשה, וואס איך בין איצט גראד ניט ביי געלט... ראסקאלניקאוו האט זיך באמיהט וואס מעהר זיך צו פאר־שעמען. — און אפילו אזא קליינינקייט בין איך ניט אימשטאנד... פארשטעהט איהר מיך, איך וואלט נאר וועלען מעלדען, אז די זאכען זיינען מיינע, און ווי נאר איך וועל זיין ביי געלט...

— דאס איז ניט קיין נפקא מינה, — האט פּאָרפירי פּעטראָ־וויטש געענטפערט, קאלט באגעגענדיג ראסקאלניקאווס ערקלערונג ווע־גען זיינע פינאנצען, — איבריגענס, אויב איהר ווילט, קענט איהר גלייך צו מיר אפילו אנשרייבען, מיט דעמזעלבען נוסח, אז ערקונדיגענדיג זיך, הייסט עס, וועגען דעם און דעם, און מעלדענדיג וועגען די און די זאכען מיינע, בעט איך...

— דאס שרייבט מען דאך אויף איינפאכען פּאפּיר? — האט ראסקאלניקאוו איהם איילענדיג איבערגעשלאגען, ווידער פאראינטעע־רעסירענדיג זיך מיט דער פינאנציעלער זייט פון דער פראגע.

— א, אויף דעם איינפאכסטען פּאפּיר, וואס ס'גיט נאר.

און פּלוצלונג האט פּאָרפירי פּעטראָוויטש אויף איהם א קוק גע־געבען מיט א דייטליכען אויסדריק פון שפּאט, פארזשמורענדיג די אויגען און גלייך ווי ער וואלט איהם צוגעוואונקען. איבעריגענס האט זיך עס אפשר ראסקאלניקאוו'ן נאר אפּגעדאכט, ווייל ס'האט געדויערט איין אויגענבליק. דאך איז עפּעס אזוינס יא געווען. ראסקאלניקאוו וואלט שווערען, אז ער האט איהם צוגעוואונקען, דער רוח ווייסט איהם, צוליעב וואס.

„ער ווייס!" האט איהם א בליץ געטאן א געדאנק.

— ענטשולדיגט, וואס איך דול אייך א קאפּ מיט אזעלכע נאר־

געווען אַ מענש פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג, עטוואס נידעריגער פון מיטעלער וואוקס, א דיקער, מיט א בייכעל אפילו. אפגעראזירט, אהן וואנסען און באקענבארדען, מיט הארט אפגעשארענע האהר אויף דעם גרויסען רונדען קאפ וואס איז אין רעכטען מיטען עפעס געווען מאדנע פארקייליכדיגט. דאס פולע רונדע געזיכט זיינס מיט א קארפאטער נאז איז געווען פון קראנקער, טונקעלגעלער פארב, אבער נאך גאנץ מונטער און זאגאר מיט א שפאטישען אויסדריק. עס וואלט אפילו אויסגעזעהן נאאיוו, ווען ניט דער אויסדריק פון די אויגען, מיט עפעס א שיטערן וואסערדיגען גלאנץ, פארדעקט כמעט אינגאנצען מיט ווייסע פינטלענדיגע ברעמען, וואס האבען אזוי ווי עמיצען צוגעוואונקען. דער בליק פון די דאזיגע אויגען האט עפעס מאדנע ניט הארמאנירט מיט דער גאנצער פיגור, וועלכע האט געהאט אין זיך זאגאר עטוואס ווייבערשעס, און האט איהר צוגעגעבען א סך מעהר ערנסט, ווי מען האט עס פון איהר געקענט ערווארטען אויפ'ן ערשטען קוק.

ווי נאר פראפירי פעטראוויטש האט דערהערט, אז דער גאסט האט צו איהם א „געשעפטעל“, האט ער איהם גלייך געבעטען זיך צוזעצען אויפ'ן דיוואן; אליין האט ער זיך געזעצט אויף דעם אנדער ברעג און אנגעשטעלט אויפ'ן גאסט אויג און אויערן, גרייט אויסצוהערען, וואכ פאר א געשעפט האט ער צו איהם, — מיט יענער אנגעשטרענגטער און שוין צו ערנסטער אויפמערקזאמקייט, וועלכע נעהמט אייך גלייך דריקען און צוטומעלט אייך אפילו, בפרט נאך ווען מען איז נימי נאהענט באקאנט אדער בפרט נאך ווען איהר האלט, אז דער עניז, וועגען וועלכען איהר ווילטריידען, איז ווייט ניט אין דערוועלבער פראפארציע צו אזא אומגעוועהנליך געשפאנטער אויפמערקזאמקייט, וואס מען ווייזט אייך ארויס. דאך האט איהם ראסקאלניקאוו אין קורצע קלארע ווערטער ערקלערט זיין געשעפט, זעהר דייטליך און גענוי, און איז געבליבען צופרידען פון זיך אויף אזוי פיעל, אז ער האט אזש באוויזען צו באטראכטען פארפירי'ן. פארפירי פעטראוויטש האט פון איהם אויך קיין אוי ניט אראפגענומען פון דער גאנצער צייט. ראזומיכין האט זיך אוועקגעזעצט געגענאיבער ביי דעמזעלבען טיש, און האט מיט היץ און אונגעדולדיג זיך צוגעהערט צו ראסקאלניקאווס ערקלערונג, אלע ווייעלע ווארפענדיג די אויגען דא אויף איינעם, דא אויף דעם אנדערן, דערביי אויף אזא שטייגער, אז ער האט שוין דערמיט אביסעל אריבערגעכאפט די מאס.

—ביטע זעהר! זעהר אנגענעהם וואס איהר זענט גלאט אריינ־געקומען... און ער וויל שוין אונז אפנים קיין שלום־עליכם אויך ניט אפגעבען? — האט פארפירי פעטראָוויטש אנגעוויזען מיט'ן קאפ אויף ראזומיכינען.

— עהרעז־ווארט. איך וויים ניט, וואס ער איז אזוי מלא רציחה געווארען אויף מיר. איך האב איהם ניט מעהר אויפ'ן וועג געזאגט, אז ער זעהט אוים ווי ראמעא און... און איהם אויפגעוויזען. און מעהר איז, דאכט זיך, גארנישט געוועזען.

— חזיר! — האט ראזומיכין זיך אפגערופען, ניט אפקעהרענדיג זיך פון פענסטער.

— הייסט עס, ער האט מסתמא געהאט זעהר ערנסטע אורזא־כען, וויבאלד ער איז אזוי בייז געווארען פאר איין ווערטעלע. — האט זיך פארפירי צולאכט.

— הער, דו „סליעדאוואטעל" איינער!.... געהט אלע צום טייוועל! — האט ראזומיכין אפגעהאקט.

און פלוצלונג אלייז זיך צולאכט, איז ער מיט א פרעהליכער מינע צוגעגאנגען צו פארפירי פעטראָוויטש'ן, אזוי ווי גארנישט געוועזען.

— גענוג! איהר זענט אלע גרויסע חכמים! צו דער זאך: אט איז מיין חבר, ראדיאן ראָמאנאָוויטש ראסקאלניקאָוו: ערשטענס האט ער זיך זעהר פיעל אנגעהערט און זיך געוואלט באקענען, און צווייטענס האט ער צו דיר א געשעפטעל עפעס. בא! זאמעטאָוו! ווי קומסטו אהער? איהר זענט דען באקאנט? שוין לאנג, אז איהר זענט געוואַרען חבר־לאפ?

„וואס באטייט דאס אזוינס!" האט ראסקאלניקאָוו אומרוהיג א טראכט געטאן.

זאמעטאָוו האט זיך עפעס ווי פארשעמט, אבער ניט זעהר.

— דאך נעכטען ביי דיר זיך באקענט, האט ער געענטפערט מיט א ברייטקייט.

— פארשפארט דיר, הייסט עס, א טרחה: ערשט פאראכטאגען האט ער מיך געבעטען רחמים, איך זאל איהם מיט דיר, פארפירי, ווי עס איז באקאנט מאכען, און איהר האט זיך שוין צונויפגעשמעקט אהן מיין וויסען אפגלו... וואו איז ביי דיר ערגעץ דער טאבאק?

פארפירי פעטראָוויטש איז געווען שטוביג אנגעטאן — אין א חאלאט, זעהר קלארע וועש און אין נידערגעטראטענע פאנטאפעל. דאס איז

דער דאָזיגער סצענע זעהר פיעל אופּירישטיגע פּרעהליכקייט און אי־בערהויפּט, נאַטירליכקייט. ראַזומיכין האָט, ווי אויף צו להכעיס, נאָך אונטערגעגעבען פייער:

— פוי, דו טייוועל איינער! — האָט ער אַרויסגעדונערט, אַ מאַך געבענדיג מיט דער האַנט, און גראָד מעשה־שטן האָט ער זי אַ זעץ גע־טאָן אָן אַ קליין קיילעכדיג טישעל, אויף וועלכען ס'איז געשטאַנען אַ איבערגעבליבענע ביסעל טיי אין אַ גלאָז.

אַלץ איז אַראָפּגעפלויגען אויף דער ערד מיט אַ שרעקליכער גע־קלינגעריי.

— וואָס איז אָבער דאָס טישעל שולדיג, רבותי? — האָט פּאָר־פירי פּעטראָוויטש לוסטיג אויסגעשריען.

די סצענע האָט פאַרגעשטעלט פאָלגענדעס: ראַסקאָלניקאָוו האָט געהאַלטען ביים ענדיגען דאָס געלעכטער און פאַרגעסען בעת־מעשה די האַנט זיינע אין דעם בעל־הבית'ס האַנט. אום. נאָר, אום ניט אַרי־בערצוכאַפּען די מאָס, האָט ער געוואַרט — וואָס גיכער און נאַטיר־ליכער צו ענדיגען ראַזומיכין. פאַרשעמט שוין ביז איבער די אויערן צוליעב דעם אומגעוואָרפענעם טישעל און דעם צובראָכענעם גלאָז, האָט ווילד אַ קוק געטאָן אויף די שערבלעך, אויסגעשפּיגען און זיך האַסטיג אָפּגעקעהרט צום פענסטער, וואו ער איז שטעהן געבליבען מיט'ן רוקען צום פּובליקום, מיט אַ שרעקליך ברוגז'ן פּנים קוקענדיג אין פענס־טער אַריין און ניט זעהענדיג קיין זאַך. פּאָרפירי פּעטראָוויטש האָט געלאַכט, ער האָט געוואָלט מיטלאַכען, נאָר ס'איז געווען קענטיג, אַז ער האָט זיך גענויטיגט אין אַן ערקלערונג. אין אַ ווינקעל אויף אַ שטוהל איז געזעסען זאַמעטאָוו: ער האָט זיך אויפגעשטעלט, בעת די געסט זיינען אַריינגעקומען, און איז געשטאַנען אין ערוואַרטונג, אויפ־שטעלענדיג די ליפּען אויף צו שמייכלען, אָבער קוקענדיג אויף דער גאַנצער סצענע ניט־פאַרשטעהענדיג און זאָגאַר עפּעס מיט אַ מין צוטומלונג. דערזעהן דאָ אומגעריכט זאַמעטאָוו'ן, איז ראַסקאָלניקאָוו געוואָרען איבעראַשט און ס'האָט אויף איהם געמאַכט אַ שלעכטען רושם.

„דאָס דאַרף מען אויך נעהמען אין באַטראַכט!" איז איהם אַרויף אויפ'ן געדאַנק.

— ביטע צו ענטשולדיגען, — האָט ער אָנגעהויבען ווי פאַר־שעמט, — ראַסקאָלניקאָוו.

גערייניגט. איא? ווען פלעגט זיך עס טרעפען? אוי, איך זאָל אזוי לעבען, אז ער האט אנגעשמירט די האהר! אנו, בויג זיך אקארשט איין!

— חזיר!!!

ראסקאלניקאוו האט אזוי געקייכט פאר געלעכטער. אז עס האט זיך געדאכט, ער האט זיך שוין גאר ניט געקענט איינהאלטען. — און אזוי לאכענדיג זיינען זיי אריינגעקומען צו פּאָרפירי פּעטראָוויטש'ן.— אין וואוינונג אריין. און דאס האט ראסקאלניקאוו געמיינט טאקע: פון די צימערן האט מען געקענט הערען, אז זיי זיינען אריינגעקומען לאַכענדיגערהייד און פאלען נאך אלץ פאר געלעכטער אין פאדערהויז.

— דא א ווארט ניט מעהר אדער איך וועל דיר... דער מת פלע־טען! — האט ראזומיכין ארויסגעברומט מיט רציחה, אנכאפענדיג ראסקאלניקאוו'ן פאר'ן אקסעל.

---

יענער איז שוין אריינגעקומען אין די צימערן. ער איז אריין מיט אזא מינע, גלייך ווי ער האט זיך מיט אלע כחות איינגעהאלטען, ניט־אויסצושיסען ווי עס איז מיט א געלעכטער. נאך איהם האט זיך אומ־געלומפּערט און **הויך** ווי א דראנג אריינגערוקט דער פארשעמטער ראזומיכין מיט א צודרעהטען און גזלנ'ישען פנים און רויט ווי א פייער דאס געזיכט זיינע און די פינגר האבען אין דער רגע ווירקליך אויסגעזעהן אזוי קאמיש, אז ראסקאלניקאוו האט פאלקאם רעכט גע־האט צו לאכען. ראסקאלניקאוו, נאך ניט פארגעשטעלט, האט זיך פארנויגט פאר'ן בעל־הבית, וועלכער איז געשטאנען אין מיטען צי־מער און האט זיי אנגעקוקט עפּעס אזוי ווי ניט־פארשטעהענדיג, האט איהם דערלאנגט און א דריק געטאן די האנט, אלץ נאך מיט א זעהר דייטליכער אויסערגעוועהנליכער אנשטרענגונג צו פארשטיקען דאס געלעכטער און וועניגסטענס ארויסזאגען כאטש א צוויי־דריי ווערטער, אום זיך פארצושטעלען. קוים ער האט אבער באוויזען צו מאכען אן ערנסטע מינע און עפּעס ארויסגעברומט, — האט ער פּלוצלונג, אזוי ווי ניט מיט א כיון, ווידער א קוק געגעבען אויף ראזומיכינען און שוין ניט געקענט מעהר אויסהאלטען: דאס פארשטיקטע געלעכטער האט זיך ארויסגעריסען אלץ האסטיגער, וואס שטארקער ער האט זיך ביז יהער איינגעהאלטען. די ווילדע רציחה, מיט וועלכער ראזומיכין האט באגעגענט ראסקאלניקאוו'ס „הארציגען" געלעכטער, האט צוגעגעבען

אריין, נאָכ'ן געזיכט וועל איך דערקענען; ווייל—אניט... איך מעג פארלאָרען גיין, אבער איך וועל עס דערגיין!"

— דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען? — האָט ער זיך פּלוצלונג געווענדט צו ראַזומיכינען מיט א שעלמישען שמייכעל. — איך האָב היינט ברודער־לעבען, באמערקט, אז פון אין דער פריה אָן געפינסטו זיך עפּעס אין א מאָדנער אונגעוועהנליכער אויפרעגונג? אמת?

— אין וואָס פאר אנ'אויפרעגונג? איך געפין זיך ניט אין קיין שום אויפרעגונג, — האָט זיך ראזומיכין פארקרימט.

— ניין, גוטער ברודער, כ'לעבען, ס'איז זעהר קענטיג. אויפ'ן שטול ביסטו פריהער געזעסען אזוי, ווי דו ביסט נאָך קיינמאָל ניט געזעסען, עפּעס גאָר אויף א ברעג און מיטען שטול ווי אויף שפּילקעס. אין דערינען פלעגסטו גאָר אויפשפּרינגען, פּריש, געזונט און משונה. דאָ פלעגסטו זיצען א כעס'דיגער, און דאָ פלעגט דאָס פּנים דיר פּלוצלונג זיס ווערען ווי לאַקריץ. פלעגסט אזש רויט ווערען: באזונדערס ווען מען האָט דיך איינגעלאַדען אויף מיטאָג, ביסטו רויט געוואָרען — א גרויל!

— ס'איז כזב ושקר: דו ליגסט!... וועגען וואָס רעדסטו דאָס?

— אָט אלץ וועגען דעם. וואָס דו האָלסט זיך ווי א פארליעבט גימנאזיסטעל! פוי, צו אלדי טייוועל, ער איז דאָך ווידער רויט געוואָרען!

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, ס'אר א מין חזיר דו ביסט!

— נארעלע, וואָס איז זיך דאָ צו שעמען? ראַמעא! וואָרט — וואָרט, איך וועל עס היינט איבערדערצעהלען ערגעץ אין אַ אָרט, חאַ־חאַ־חאַ! זאָל די מאַמישי אביסעל אויך לאַכען... און נאָך עמיצער אויך...

— הער, הער, הער, דאָס איז דאָך ערנסט, דאָס איז דאָך... אויב אזוי, איז עס דאָ צו אלדי טייוועל! — האָט זיך ראזומיכין איננאַנצען פארלאָרען, און איז פאר שרעק אָפּגעשטאַרבען מיט אלע גליעדער, — וואָס ווועסטו זיי דערצעהלען? איך וועל, ברודער־לעבען.. פוי, ס'אר א מין חזיר דו ביסט!

— א רויז אין פריהלינג! און עס כאַפּט דיר אזוי, ווען דו זאָלסט נאָר געוועזן ווויסען; ראַמעא אין עוג מלך הבשנ'ס וואוקס! און זעהט נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס היינט איינגעוואַשען, די נעגעל אפילו אויס־

דיר נעכטען עפּעס געפּלאַפּעלט שכורערהייט, בעת מיר זענען אהיים געגאַנגען... דעריבער האָב איך מורא, ברודער־לעבען, אז דו זאָלסט ניט איבערכאַפּען די מאָס, פאַרשטעהסט...

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגען? דאָס, וואָס מען האַלט מיך פאַר א משוגענעם? ס׳איז אפשר טאַקע אמת.

ער האָט א געמאַטערטען שמייכעל געטאָן.

— יאָ, יאָ... דאָס הייסט... טפוי, ניט דאָס!... נו, איך מיין אַלצדינג, וואָס איך האָב גערעדט... וועגען אנדערע זאַכען אויך... דאָס איז אַלץ געוועזען געפּלוידערט שכורערהייט.

— איך פאַרשטעה ניט, וואָס פאַרענטפערסטו זיך! ווי דאָס איז מיר אַלץ דערעסען געוואָרען! — האָט ראַסקאָלניקאָוו א געשריי געגעבען מיט איבערגעטריבענעם כעס.

אביסעל האָט ער זיך אייגענטליך געמאַכט.

— איך ווייס, איך ווייס, איך פאַרשטעה. מעגסט זיין זיכער, אז איך פאַרשטעה. איך שעם מיך אפילו צו ריידען...

— וויבאַלד דו שעמסט זיך, טאָ רייד טאַקע ניט! —

ביידע זענען אנטשוויגען געוואָרען. ראַזומיכין איז געווען אויסער זיך פאַר התפעלות, און ראַסקאָלניקאָוו האָט דאָס מיט עקעל געפיהלט. אויך האָט איהם באַאונרוהיגט דאָס, וואָס ראַזומיכין האָט ערשט גע־רעדט וועגען פּאָרפירי׳ן.

„פאַר יענעם דאַרף מען זיך אויך מאַכען ווי געפּגרט, — האָט ער נעטראַכט, בלאַס ווערענדיג און מיט א קלאַפּענדען האַרצען — און זעהן עס זאָל זיין געפּגר׳ט וואָס נאַטירליכער. דאָס נאַטירליכסטע וואָלט אפילו געווען, עס זאָל גאָר ניט זיין געפּגר׳ט. אַנשטרענגען זיך — עס זאָל גאָר ניט זיין געפּגר׳ט! ניין, וויבאַלד אַז אַנשטרענגען זיך, וואָלט עס ווידער אויסגעקומען ניט נאַטירליך... נו, מילא ווי ס׳וועט שוין דאָרט זיין... מיר וועלען באַלד עס זעהן... פאַרטיגערהייט... איז דאָס גוט, וואָס איך געה, אָדער ניט גוט? די זומערפליג פליהט אַליין אויפ׳ן פייער. דאָס האַרץ קלאַפּט, אָט דאָס איז ניט גוט...“

— אין אָט דעם גרויסען הויז — האָט ראַזומיכין געזאָגט.

„דער עיקר איז, צי פּאָרפירי ווייס, אדער צי ער ווייסט ניט, אז איך בין נעכטען געווען ביי דער דאָזיגער אַלטער מכשפה אין דירה... און געפרעגט וועגען דאָס בלוט? אין איין אויגענבליק דאַרף מען עס געוואויר ווערען, פון דעם ערשטען טריט אַן, ווי נאָר איך וועל

—נו, יאַ, יאַ, — האָט ראַזומיכין איילענדיג מסכים געווען. ניט צו וויסען אויף וואָס. — איצט פאַרשטעה איך שוין. פאַרוואָס דו ביסט דאַמאָלס... אַזוי איבערראַשט געוואָרען... דו ווייסט, פון היינ האָסטו אויך אַלץ דערמאַנט עפּעס קייטלער אַזעלכע און רינגלער!... נו, יאַ, יאַ... אַיצט איז עס קלאָר, אַלץ איז איצט קלאָר.

„פּונקט געטראָפען, אין פּינטעל אַריין! אָבער ווי זיי האָבען דאָס אַריינגענומען דעם דאָזיגען געדאַנק אין קאָפּ! אַט דער מענש, אַ שטיינער, וועט דאָך פאַר מיר געהן אין פייער און אין וואַסער, און דאָך איז ער זעהר צופרידען וואָס איז קלאָר געוואָרען, פאַרוואָס איך האָב עפּעס דערמאַנט אין היינ וועגען קייטלער! ווי זיי האָבען זיך דאָס אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין!“...

— מיר וועלען איהם טרעפען? — האָט ער פּלוצלונג נעפרעגט.

— מיר'ן איהם טרעפען, מיר'ן איהם טרעפען, — האָט ראַזומיכין זיך געאיילט. — דאָס איז, ברודער־לעבען, אַ וואוילער יונג, דו ס'ט'זעהען! ער איז אַביסעל אומגעלומפּערט, דאָס הייסט ער איז יאַ אַפילו אַ וועלטליכער מאַן, נאָר איך מיין אומגעלומפּערט אין אַנ'אַנדער הינזיכט. אַ קלוגער יונג, אַ קלוגער, מען קען זאָגען, גאָר ניט קיין נאַר, נאָר ער האָט זיך זיינע אייגענע השגות... אַ ניט־געטרויער, אַ סקעפּטיקער, אַ ציניקער... ער האָט ליעב אָנצופּייפען, דאָס הייסט ניט אָנפּייפען, נאָר צום נאַר מאַכען... נו, און איז אַ שטיקעל אַנ־הענגער פון דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע... אין זיין פאַך אָבער איז ער אַ בריה, אַ גרויסער בריה... ער האָט פאַראַיאָהרען אויסגע־פאַרשט אַ געהיימניספולען מאָרד, אין וועלכען עס זענען געווען פאַר־לאָרען כמעט ווי אַלע פעדים! ער וויל זעהר, זעהר און זעהר מיט דיר זיך באַקענען!

— וואָס וויל ער דאָס עפּעס אַזוי?

— דאָס הייסט, אייגענטליך, ניט וויל... פאַרשטעהסט, פאַר דער לעצטער צייט, זינט דו ביסט קראַנק געוואָרען, איז מיר אויסגע־קומען זעהר אָפט און זעהר פיעל וועגען דיר צו דערמאַנען... נו, פלעגט ער זיך צוהערען... און אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דו ביסט אויף דער יורידיישער פאַקולטעט און האָסט ניט די מעגליכקייט צו ענדיגען, איבער מאַטעריעלע אורזאַכען, האָט ער געזאָגט: אַ שאָד! דערפון האָב איך פאַרשטאַנען... דאָס הייסט, אַלעס צוזאַמען, ניט נאָר דאָס אַליין, נאַטירליך: נעכטען האָט זאַמעטאָוו... פאַרשטעהסט, ראָדיאַ, איך האָב

— איהר שטעהט אײַן בײַ קאַפּערנאַאומען! — האָט ער געזאָגט, קוקענדיג אויף סאָניאַ'ן און לאַכענדיג. — ער האָט מיר נעכטען איבער־גענעהט א װעסט. און איך שטעה אײַן דאָ, טאַקע נעבען אײַך, בײַ מאַדאַם רעסליך, געטרודא קאַרלאָװנא רעסליך. װאָס עס קען טרע־פען!

סאָניאַ האָט איהם אויפמערקזאַם באַטראַכט.

— שכנים, הייסט עס, — האָט ער פאָרטגעזעצט עפּעס מאָדנע לוסטיג. — איך בין ערשט דעם דריטען טאָג אין שטאָדט. נו—ס, דערװײַלע אדיע!

סאָניאַ האָט ניט געענטפערט: די טיר האָט זיך געעפענט, און זי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו זיך. זי האָט זיך עפּעס זעהר פאַר־שעמט, און אַזוי װי זי װאָלט זיך געװען דערשראָקען...

---

## פ י נ פ ט ע ר ק א פּ י ט ע ל.

געהענדיג צו פּאָרפירי'ן, איז ראַזומיכין געװען זעהר צולעבט.

— דאָס איז, ברודער־לעבען, אויסגעצייכענט, — האָט ער עט־ליכע מאָל איבערגעחזר'ט, — און איך בין צופרידען! איך בין צו־פרידען!

„װאָס ביסטו עפּעס אַזוי צופרידען!" האָט ראַסקאָלניקאָװ גע־טראַכט פאַר זיך.

— איך האָב דאָך גאָר ניט געװאוסט, אַז דו פלעגסט אויך פאַר־זעצען משכנות בײַ דער אַלטער. און... און... דאָס איז געװען לאַנג? איך מיין, שוין לאַנג, אַז דו ביסט געװען בײַ איהר?

„אַט איז א מין נאַרישער שוטה!"

— װען?... איז ראַסקאָלניקאָװ שטעהן געבליבען, זיך װעלענדיג דערמאָנען. — א טאָג דרײַ פאַר איהר טויט בין איך בײַ איהר, דאַכט זיך, געװען. איבריגענס, געה איך דאָך איצט ניט אויסקויפען די זאַ־כען, — האָט ער צוגעגעבען עפּעס מיט א אײַלענדיגער און מאָדנער איבערוהיגקייט װעגען זײַן אייגענטום. — בײַ מיר איז דאָך װידער געבליבען ניט מעהר װי א רובל... צוליעב דער נעכטיגער משוגעת, צו אַלדי שװאַרציאַהר!...

װעגען דער משוגעת האָט ער אַרויסגערעדט עפּעס מיט א באַזונ־דער פעסטקייט.

גאנגעז. האָט זי דעריאַגט און איז אוועק נאָך איהר. אויף א שטרעקע פון פינף טריט.

דאָס איז געווען א מענש פון א יאָהר פופציג, העכער פון מיטע־לער וואוקס, א דיקער, מיט ברייטע און רונדע אקסלען, צוליעב וואָס ער האָט אויסגעזעהן ווי עטוואָס איינגעהויקערט. געווען איז ער פראַנ־טיש און רייך געקליידט און האָט אויסגעזעהן ווי א רייכער פריץ. אין די הענט האָט ער געהאַלטען א פיינעם ראָהר־שטאָק, און האָט מיט איהם געקלאַפּט ביי יעדען טריט איבערן טראָטואַר; אויף די הענט האָט ער געטראָגען נייע האַנדשיה. זיין ברייט געזיכט מיט געזונטע ארויסשטאַרצענדע באַקען־ביינער איז געווען גאַנץ אַנגענעם. און די געזיכטספאַרב איז געווען פריש. ניט גרויס׳שטטענדיג. די האָר זיינע, נאָך זעהר געדיכטע, זענען געווען עכט בלאָנד. און נאָר ער־טערוויי האָט זיך דורכגעוואָרפען א גרוי הערעלע; די געדיכטע באָרד, וואָס איז ברייט און לאַנג געפאַלען אויף זיין ברוסט, איז נאָך געווען העלער פאַר די האָר פון קאָפּ. אויגען האָט ער געהאַט בלויע, מיט א קאַלטען גלאַנץ, שאַרפע און איז זיך פּארטיעפטע; די ליפען — בלוט־רויטע. בכלל איז דאָס געיוועז א מענש. וואָס האָט זיך זעלטען גוט ערהאַלטען און האָט אויסגעזעהן א סך אינגער ווי אין דער ווירקליכ־קייט.

ווען סאָניא איז ארויס צום קאַנאַל, זענען זיי געבליבען אליין אויפ׳ן טראָטואַר. א קוק געטאָן אויף איהר. האָט ער דערזעהן ווי פאַרטראַכט זי איז און צוטראַגען. צוגעקומען צו איהר הויז, איז סאָניא אריין אין טויער, — ער נאָך איהר, אזוי ווי פאַרוואונדערט. אריינגעקומען אין הויף אריין, האָט זי זיך פאַרנומען רעכטס, אין א ווינקעל, וואו די טרעפּ האָבען געפיהרט אין איהר וואוינונג. „באַ!" האָט ארויסגעברומט דער אונבאַקאַנטער פריץ און גענומען שטייגען נאָך איהר אויף די טרעפּ ארויף. דאָ ערשט האָט איהם סאָניא באַ־מערקט. זי איז ארויף אויפ׳ן דריטען שטאָק, אריין אין קאָרידאָר און אנגעקלונגען אין דעם נומער9, וואו ס׳איז געווען אנגעשריבען אויף דער טיר מיט קרייד: „ק א פּ ע ר נ א א ו ם ד ע ר ש נ י י ד ע ר". „באַ!" האָט דער אונבאַקאַנטער ווידער איבערגע׳חזר׳ט, שטאַרק פאַרוואונדערט איבער דעם, וואָס עס קען טרעפען. און האָט אנגעקלונ־גען דערנעבען. אין נומער 8.ביידע טירען זענען געווען א טריט זעקס ווייט איינע פון דער אנדערער.

ניקאָוו האָט אַליין געוואָלט צו איהר אַריינקומען היינט. נאָר אין דער פריה אפשר, אין דעם אויגענבליק אפשר!

— נאָר ניט היינט, איך בעט אייך, היינט ניט! — האָט זי גע־שטאַמעלט מיט אַ אָבגעשטאַרבענעם האַרצען. גלייך ווי זי וואָלט זיך ביי עמיצען בעטען, ווי אַ קליין דערשראָקען קינד. — מיין גאָט! צו מיר... אין מיין צימער אַריין... ער וועט דערזעהן... אַ, גאָט!

און געוויס האָט זי שוין ניט געקענט באַמערקען אין דעם דאָזיגען אויגענבליק אַ אונבאַקאַנטען הערר, וואָס האָט פון איהר די אויגען ניט אַראָבגענומען און איז איהר נאָכגעגאַנגען טריט־ביי־טריט. ער האָט איהר נאָכגעפאָלגט. זינט זי איז פון טויער אַרויס. אין דעם מאָמענט, ווען אַלע דריי, ראַזומיכין, ראַסקאָלניקאָוו און זי, זענען געבליבען אַ ווײַלע שטעהן אויפ'ן טראָטואַר, האָט דער דאָזיגער דורכגעהער, וואָס איז אויף זיי אַנגעגאַנגען, פליצלינג אַזוי ווי אַ ציטער געטאָן, דער־הערענדיג אומגעריכט סאָניאַס ווערטער: „און איך האָב געפרעגט: וואו וואוינט דאָ הערר ראַסקאָלניקאָוו?" געשווינט, אָבער אויפמערק־זאַם האָט ער זיי באַטראַכט אַלעמען דרייען, איבערהויפט ראַסקאָלני־קאָוו'ן, צו וועלכען סאָניאַ האָט זיך געווענדעט; דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דאָס הויז און האָט עס גוט באַטראַכט, ניט צו פאַר־געסען, דאָס אַלץ איז אָבגעטאָן געוואָרען אין איין אויגענבליק, געהענ־דיגערהייט. און דער דורכגעהער איז אַוועק ווייטער, זיך מאַכענדיג ניט זעהענדיג. מיט לאַנגזאַמערע טריט און אַזוי ווי אין ערוואַרטונג. ער האָט געוואַרט אויף סאָניאַ'ן; ער האָט געזעהן, אַז זיי האָבען זיך געזעגענט און אַז סאָניאַ וועט באַלד אַוועקגעהן צו זיך אַהיים ערגעץ.

„וואוהין אָבער צו זיך אַהיים? איך האָב ערגעץ געזעהן דאָס דאָזיגע פּנים. — האָט ער געטראַכט, פאָרשטעלענדיג זיך סאָניאַס פּנים, — איך מוז עס דערגעהן".

צוגעקומען צום ראָג איז ער אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, האָט זיך אָבגעקעהרט און דערזעהן, אַז סאָניאַ געהט שוין גלייך נאָך איהם, מיט דעמזעלבען וועג, און באַמערקט קיין זאַך ניט. דער־גרייכט דעם ראָג, האָט זי זיך פאַרקערעוועט אין דערזעלבער גאַס אַריין. ער איז אַוועק גלייך נאָך איהר, ניט אַראָבנעמענדיג פון איהר די אויגען, געהענדיג אויף דער צווייטער זייט גאַס; אָבגעגאַנגען אַ טריט פופציג, איז ער ווידער אַריבער אויף דער זייט, וואו סאָניאַ איז גע־

וועלט אריין. — דאָס זענען דאָך גליקליכע מענשען, די וועלכע האָ־בען ניט וואָס צו פארשליסען, — האָט ער זיך געווענדט מיט א שמייכעל צו סאָניא'ן.

אין דרויסען זענען זיי געבליבען שטעהן אין טויער.

— איהר דארפט געהן אויף רעכטס, סאָפיא סעמיאָנאָוונא? יא, ווי האָט איהר מיך עס אויפגעזוכט? — האָט ער געפרעגט, גלייך ווי ער וואָלט איהר געוואָלט זאָגען גאָר עפּעס אנדערש. איהם האָט זיך אַלץ געגלוסט קוקען אין איהרע שטילע, קלאָרע אויגען, און דאָס האָט זיך עפּעס אַלץ ניט איינגעגעבען...

— איהר האָט עס דאָך נעכטען געגעבען פּאָליטשקען דעם אד־רעס?

— פּאָליא? אָה, יאָ... פּאָליטשקע! דאָס איז... די קליינטשיקע... זי איז אייערע א שוועסטער? האָב איך איהר געגעבען דעם אדרעס?

— וואָס איז, איהר האָט דען פארגעסען?

— ניין... איך געדענק...

— איך האָב וועגען אייך געהערט נאָך אמאָל פון דעם פאר־שטאָרבענעם... נאָר איך האָב נאָך דאמאָלס ניט געוואוסט אייער פאַ־מיליע, און ער אליין האָט אפילו אויך ניט געוואוסט... איצט אבער בין איך געקומען... און אזוי ווי איך האָב זיך נעכטען דערוואוסט אייער פאַמיליע... האָב איך היינט געפרעגט: וואו וואוינט דאָ הערר ראַסקאָלניקאָוו?... איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז איהר וואוינט אויך ביי א שכן אין א צימער... זייט געזונט... איך וועל קאַטערינא איוואַנאָוונאַ'ן זאָגען...

זי איז געווען שרעקליך צופרידען, וואָס זי איז ענדליך אוועקגע־גאַנגען; זי איז אוועק, מיט אראָבגעלאָזטע אויגען, מיט שנעלע טריט, כדי וואָס גיכער צו פארשווינדען פון זייערע אויגען, כדי וואָס גיכער דורכצוגעהן די צוואַנציג טריט ביז צום ראָג גאַס, וואָס פארנעהמט זיך אויף רעכטס, און בלייבען ענדליך איינע אליין, און דאָרט, געהענדיג מיט געאיילטע טריט, ניט קוקענדיג אויף קיינעם, גאָר ניט באמער־קענדיג, טראַכטען, דערמאָנען, באַרעכענען איטליכס ארויסגעזאָגט וואָרט, איטליכע זאַך. קיינמאָל, קיינמאָל האָט זי ניט געשפּירט עט־וואָס אזוינס. א גאַנצע נייע וועלט איז דונקעל און אונבאַקאַנט אראָב צו איהר אין הארצען. זי האָט פּלוצלונג זיך דערמאָנט, אז ראַסקאָל־

מען האט גענומען ריידען וועגען דוניטשקעס זייגערל. די איינציגע זאך. וואס איז פארבליבען נאך דעם פאטער זי וועט קראנק ווערען. אויב ער וועט פארלארען געהן! ווייבער! איז וואס זשע זאל איך טאן. לערן מיך אויס! איך ווייס, איך ווייס, אז מען דארף מעלדען אין צירקעל אריין. אבער איז עס אפשר מעגליך הירך פארפירי'ן אליין. הא? ווי מיינסטו? מען דארף עס וואס גיכער באזארגען. דו וועסט זעהן, אז די מוטער וועט פרעגען פאר מיטאג נאך!

— פאר קיין פאל ניט אין צירקעל אריין. גייט צו פראפירי'ן!

— האט ראזומיכין אויסגעשריען עפעס מאדנע אויפגערעגט. — נו, איך בין זעהר צופרידען! וואס איז דא צו קלערען א סך. קום שוין, צוויי טריט פון דאנען. מיר וועלען איהם געוויס טרעפען.

— מילא... קום...

— און ער וועט זיין זעהר, זעהר, זעהר, זעהר צופרידען מיט דיר צו באקאנט ווערען! איך האב מיט איהם פיעל מאל גערעדט וועגען דיר, אין פארשידענע צייטען... נעכטען אויך גערעדט. קום!... האסטו געקענט, הייסט עס, די אלטע? אזוי זשע רייד!... גרוי—סאר—דיג האט זיך עס אלץ אויסגעלאזט!... אך, יא... סאפיא איוואנאוונא...

— סאפיא סעמיאנאוונא, — האט איהם ראסקאלניקאוו פער־רריכט, — סאפיא סעמיאנאוונא, דאס איז מיינער א חבר, ראזומיכין, זעהר א וואוילער מענש...

— אויב איהר דארפט איצט אוועקגעהן... האט סאניא יעוועזט אנגעהויבען. אפילו ניט א קוק געבענדיג אויף ראזומיכינען, און דער־פאר האט זי זיך נאך מעהר פארשעמט.

— נו, טא קומט! — האט ראסקאלניקאוו באשלאסען. — איך וועל יאך צו אייך היינט אריינקומען. סאפיא סעמיאנאוונא, זאגט מיר נאר, וואו איהר וואוינט.

ניט ער האט זיך נעפלאנטערט אין די רייד, נאר ער האט זיך עפעס אזוי ווי געאיילט און אויסגעמיידט איהרע בליקען. סאניא האט איהם געגעבען איהר אדרעס און איז דערביי רויט געווארען. אלע זענען ארויסגעגאנגען צוזאמען.

— דו פארשליסט דען ניט? — האט ראזומיכין געפרעגט, אראפ־געהענדיג פון די טרעפ גלייך נאך זיי.

— קיינמאל ניט!... איבריגענס, קלייב איך זיך שוין צוויי יאהר א שלעסעל צו קויפען — האט ער צוגעגעבען עפעס אזוי ווי אין דער

צייגט, אז זי איז... א זעלטענע, און אז דאָס אלץ איז — גאָרניט ווערט!

— הלואי זאָלסטו אמת זאָגען!

— און פיאָטר פעטראָוויטש איז א מיאוסער רכילות־טרייבער.

— האָט דוניא פלוצלונג אָבגעהאַקט.

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז פולכעריא אלעקסאנדראָוונא געוואָרען זעהר אָראָבגעפאַלען. דער שמועס האָט זיך איבערגעריסען.

— הער נאָר. אָט וואָס פאַר א געשעפט איך האָב צו דיר... — האָט ראסקאָלניקאָוו געזאָגט, אָבפיהרענדיג ראזומיכינען צום פענס־טער.

— אלזא וועל איך זאָגען קאטערינא איוואנאָוונא'ן, אז איהר וועט קומען... האָט סאָניא אויף דער גיך ארויסגערעדט און זיך פאַר־נויגט אוועקצוגעהן.

— די רגע, סאָפיא סעמיאָנאָוונא, מיר האָבען ניט קיין סעקרע־טען, איהר שטערט ניט... איך וואָלט אייך וועלען זאָגען נאָך א פאָר ווערטער... אָט וואָס, — האָט ער פלוצלונג ניט דערענדיגט, גלייך ווי אָבגעהאַקט, זיך געווענדט צו ראזומיכינען. — דו קענסט דאָך דעם דאָזיגען... ווי הייסט ער!... פאָרפירי פעטראָוויטש'ן?

— א שאלה! מיינער א קרוב. וואָס איז דען? — האָט יענער געפרעגט פאַרוואונדערט און נייגעריג.

— דאָכט זיך, ער פיהרט דאָך איצט די דאָזיגע אויספאָרשונג... נו, אָט וועגען דער ערמאָרדונג... אָט נעכטען האָט איהר דאָך גערעדט... ער, הא?

— יאָ... בכן? — האָט ראזומיכין פלוצלונג אויסגעגלאָצט א פאָר אויגען.

ד— ער האָט אויסגעפרעגט די משכנות־פאַרזעצער. און איך האָב דאָרט אויך א פאָר משכנות, ס' איז אפילו גאָרניט ווערט, דאָך איז דאָרט פאַרזעצט דער שוועסטערס א רינגעלע, וואָס זי האָט מיר אוועקגעשענקט אלס אָנ'אָנדענקונג, בעת איך בין אַהער אוועקגעפאָה־רען, און דעם פאָטערס א זילבענער זייגער. אלץ צוזאמען איז עס ווערט א רובל פינף־זעקס. נאָר מיר איז עס טייער, פאַרט אָנ'אָנדענ־קונג איז וואָס זאָל איך איצט טאָן? איך וויל ניט, די זאכען זאָלען פאַרלאָרען געהן, באזונדערס דער זייגער איך בין פריהער געווען אין שענק, אז די מוטער וועט ביי מיר בעטען איהם א קוק טאָן. ווען

נו, איז וואס פאר א פנים וועט ער האבען דערנאך! — האט דוניטשקע געענטפערט שארף און מיט פאראכטונג.

— דאס האבען מיר גוט געטאן, וואס מיר זענען איצט אוועקגע־גאנגען, — האט איהר פולכעריא אלעקסאנדראוונא איילענדיג איבער־געשלאגען, — ער האט זיך ערגעץ געאיילט וועגען א געשעפט; זאל ער זיך דורכגעהן, שעפען אביסעל לופט... א גרויל ווי דושנע ביי איהם איז... און צוריקגערעדט ווי קען מען דא שעפען לופט? אפילו אין די גאסען איז דא אזוי ווי אין צימערן אהן פערטעלעך. מיין גאט, ס'אר א שטאדט דאס איז!... האלט, היט זיך, מען וועט צוטרעטען, מען טראגט עפעס! דאס האט מען דאך פארבייגעטראגען א פאר־טעפיאן, כ'לעבען... ווי מען שטויסט זיך עס אביסעל... פאר דאס מיידעל האב איך זעהר מורא...

— פאר וואסער מיידעל, מאמישי?

— אט פאר דער דאזיגער סאפיא סעמיאנאוונא, וואס איז ערשט געוועזן...

— וואס איז דען?

— מיר זאגט עפעס דאס הארץ, דוניא. נו, מעגסט מיר גלויבען, אדער ניט גלויבען, — ווי זי איז אריין, איז מיר אין דעמזעלבען אוי־גענבליק איינגעפאלען, אז אט א דא שטעקט טאקע דער אמת'ער עיקר...

— אך, עס שטעקט דא גארניט! — האט דוניא מיט פארדרוס אויסגעשריען. — און ווי מאדנע איהר קומט מיר אויס מיט אייערע הארץ־זאגענישען, מאמישי! ער איז מיט איהר ערשט באקאנט פון נעכטען אן און האט זי אפילו ניט דערקענט, ווען זי איז אריינגע־קומען.

— נו, דו וועסט שוין זעהן פארטיגערהייט!... זי לאזט מיך ניט רוהען, דו וועסט שוין זעהן, דו וועסט זעהן! איך האב זיך אזוי דער־שראקען: זי קוקט אויף מיר און קוקט, עפעס אזעלכע אויגען האט זי; איך בין קוים אויפ'ן שטול איינגעזעסען. געדענקסט, ווי ער האט זי אונז גענומען פארשטעלען? און מיר קומט עס עפעס אויס מאדנע: פיאטר פעטראוויטש שרייבט וועגען איהר אזא מין זאך, און ער שטעלט זי אונז פאר, און דיר נאך אפילו! הייסט עס, זי איז איהם טייער!

— מאלע וואס ער שרייבט! וועגען אונז האט מען אויך גערעדט, און געשריבען, איהר האט פארגעסען. וואס? און איך בין איבער־

— נו, אלזא איז עס אויסגעצייכענט! — האט ער געזאגט צו סאניען, זיך אומקערענדיג צו איהר און אנזעהענדיג זי מיט א לויטערן בליק, — זאלען די טויטע האבען א ליכטיגען גן־עדן, און די לעבעדיגע דארפען נאך לעבען! אפשר ניט אזוי? אפשר ניט אזוי? ס'איז דאך אזוי?

סאניא האט מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף זיין פלוצלונג אויסגעלייכטערטעס געזיכט; א קליינע ווייל האט ער זיך אויפמערקזאם און שוויינענדיג איינגעקוקט אין איהר: אל'ז וואס איהר פארשטארבענער פאטער האט איהם דערצעהלט וועגען איהר, האט זיך איהם פלוצלונג אין דער ווייל דורכגעטראגען אין מח...

— נאט מיינער, דוניטשקע! — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא גלייך אנגעהויבען, קוים זיי זענען ארויס אויפ'ן גאס, — איך בין דאך איצט עפעס אליין ווי צופרידען, וואס מיר זענען אוועק: ס'איז עפעס גרינגער. נו, האב איך עס גאר געקענט טראכטען נעכטען, אין וואגאן, אז אפילו דערפון וועל איך זיין צופרידען!

— איך זאג אייך נאכאמאל, מאמישי, ער איז נאך זעהר קראנק. זעהט איהר עס דען ניט? אפשר האט ער זיך צו שטארק צום הארצען גענומען אונזערע שמערצען, און דאס האט איהם פארשארט. מען דארף זיין געדולדיג, און א סך, א סך קען מען דאן מוחל זיין.

— אט ביסטו דאך ניט געווען געדולדיג! — האט איהר היים און אייפערזיכטיג פולכעריא אלעקסאנדראוונא גלייך איבערגעשלאגען. — דו ווייסט, דוניא, איך האב געקוקט אויף אייך ביידען, דו ביסט פונקט ער, זאל פעהלען א האר, און ניט אזוי אין געזיכט, ווי אין דעם כאראקטער. ביידע זענט איהר מעלאנכאליש, ביידע רוגזה'דיג און הייסגעבאדען, ביידע שטאלץ און גרויסמוטיג... עס איז דאך ניט מעגליך, ער זאל זיין אנ'עגאאיסט, דוניטשקע, ניט אפשר?... און ווען איך דערמאן זיך, וואס ביי אונז וועט זיין היינט אין אבענד, געהט מיר ניט איין דאס לעבען!

— זענט רוהיג, מאמישי, עס וועט זיין דאס, וואס עס מוז זיין.

— דוניטשקע! גיב נאר א טראכט, אין וואס פאר א לאגע מיר געפינען זיך איצט! נו, וואס וועט זיין, אויב פיאטר פעטראוויטש וועט אבזאגען דעם שידוך? — האט די ארימע מוטער פלוצלונג און ניט־פארזיכטיג זיך ארויסגעכאפט.

ווילע. איצט דארפט איהר דאך איהם ניט האבען, מאמישי? אדער אייך נעהם איהם אפשר פון אייך אוועק?

— אך, ניין, ניין! און איהר, דמיטרי פראקאפאוויטש, וועט קומען צו אונז אויף מיטאג, איהר וועט זיין אזוי פריינדליך?

— קומט צו געהן, מיר בעטען אייך זעהר, — האט דוניא געזאגט.

ראזומיכין האט זיך פארנויגט און האט אזש גענומען שיינען פאר גליק. אויף איין אויגענבליק האבען זיך פלוצלינג אלע עפעס מאדנע פארשעמט.

— זיי געזונט, ראדיא, דאס הייסט, צום ווידערזעהן; איך האב ניט ליעב צו זאגען „זיי געזונט". זיי געזונט, נאסטאסיא... אך, ווידער „זיי געזונט" געזאגט!...

פולכעריא אלעקסאנדראוונא האט געוואלט זיך א נויג טאן פאר סאניטשקען אויך, נאר ס'איז איהר עפעס ניט געלונגען, און זי איז איילענדיג ארויס פון צימער.

אבער אוודאטיא ראמאנאוונא האט אזוי ווי ערווארט, ביז וואנען עס וועט קומען צו איהר און ארויסגעהענדיג גלייך נאך דער מוטער פארביי סאניא'ן, האט זי זיך פאר איהר פארנויגט זעהר אויפמערקזאם, העפליך און טיעף. סאניטשקע האט זיך ווי פארלארען, זיך פארנויגט עפעס אזוי ווי איילענדיג און דערשראקען, און זאגאר עפעס א פיינליך געפיהל האט זיך אויסגעדריקט אויף איהר פנים, גלייך ווי אוודאטיא ראמאנאוונאס העפליכקייט און אויפמערקזאמקייט וואלטען איהר געדריקט און פארשאפט יסורים.

— דוניא, און מיט מיר זעגענסטו זיך גאר ניט? — האט ראסקאלניקאוו אויסגעשריגען שוין אין פארהויז ארויס, — גיב באטש א האנט!

— איך האב דאך דיר שוין געגעבען, האסט פארגעסען? — האט דוניא געענטפערט, און האט מיט ליעבע זיך לאנגזאם אומגעקעהרט צו איהם.

— נו, איז וואס, איז צווייען איז שטארקער!

און ער האט פעסט צונויפגעדריקט איהרע קליינע פינגער. דוניא האט צו איהם א שמייכעל געטאן, איז רויט געווארען, האט געשווינד ארויסגעריסען די האנט איהרע און איז אוועק נאך דער מוטער, אויך עפעס זעהר א גליקליכע.

האט ראסקאלניקאוו געפרעגט, ניט וועלענדיג בשום אופן איבעררייסען דעם שמועס.

— די טרונע וועט דאך זיין א איינפאכע... און אלעס וועט זיין איינפאך. דאריבער וועט עס קאסטען ניט טייער... מיר האבען פריהער מיט קאטערינא איוואנאוונא'ן אלץ אויסגערעכענט. איז אויסגעקומען אז ס'וועט נאך בלייבען אויף צובייסענס... און קאטערינא איוואנאווג־נא'ן ווילט זיך זעהר, אז אזוי זאל זיין. מען קען דאך ניט עפעס... ס'איז פאר איהר א שטיקעל טרייסט... זי איז פארט אזא, איהר ווייסט דאך...

— איהר פארשטעה, איך פארשטעה... געוויס... וואס באטראכט איהר עפעס מיין צימער? אט זאגט די מאמישי אויך, אז עס זעהט אויס ווי קבר.

— איהר האט אונז אלץ נעכטען אוועקגעגעבען! — האט פלוצ־לונג סאניא ארויסגערעדט אלס ענטפער, מיט עפעס א שטארקען און גיכען געפליסטער, ווידער פלוצלונג איינגראבענדיג די אויגען אין דער ערד אריין.

די ליפען און דאס קין האבען איהר ווידער געגומען ציטערן. זי איז שוין לאנג געווען איבעראשט פון ראסקאלניקאווס ארימען צימערל, און איצט האבען זיך די דאזיגע ווערטער ארויסגעריסען פון זיך אליין. עס איז איינגעטרעטען א שטילשווייגען. דוניטשקעס אויגען זענען אזוי ווי לויטערער געווארען, און פולכעריא אלעקסאנדראוונא האט זאגאר פריינדליך א קוק געגעבען אויף סאניא'ן.

— ראדיא, — האט זי געזאגט, אויפשטעלענדיג זיך, — מיר עסען מיטאג נאטירליך צוזאמען. דוניטשקע לאמיר געהן... און דו, ראדיא, וואלסט אויך ארויסגעהן א ווייעלע אין דרויסען, זיך דורכשפא־צירען אביסעל, דערנאך אברוהען, זיך צולעגען, און דאן קום צוגעהן וואס גיכער... ווייל איך האב מורא, אז מיר האבען דיך פארמאטערט.

— יא, יא, איך וועל קומען, — האט ער געענטפערט אויפ־שטעהענדיג פון ארט, און זיך גענומען אייל̈ען. — איך האב נאך אייגענטליך עטוואס צו ערליידיגען...

— וועט איהר דען מיטאג אויך עסען באזונדער? — האט ראז־זומיכין אויסגעשריען, קוקענדיג מיט פארוואונדערונג אויף ראסקאל־ניקאוו'ן. — וואס טוט זיך דא מיט דיר?

— יא, יא, איך וועל קומען, געוויס, געוויס... און דו בלייב א

— ניין, אלעס איז אריבער... עס איז דאך שוין געווען צו קלאר פון וואס ער איז געשטארבען. ניין, ניט באאונרוהיגט; נאר די שכנים זענען בייז.

— וואס איז?

— וואס דער טויטער ליעגט אזוי לאנג... איצט איז דאך היים. דער גערוך... דעריבער וועט מען איהם היינט איבערטראגען אויפ'ן בית־עלמין צו דעם אבענד־געבעט, ביז מארגען, אין קלויסטער אריין. קאטערינא איוואנאוונא האט אפריהער ניט געוואלט, איצט אבער האט זי אליין איינגעזעהן, אז מען קען ניט...

— אלזא, הייסט עס, היינט?

— זי בעט אייך, איהר זאלט איהר אנטאן דעם כבוד און זיין מארגען אין קלויסטער אויף דער טויטען־מעסע, און דערנאך וועט איהר שוין אראבגעהן צו איהר צו דער אבל־סעודה.

— יא, עפעס צובייסען! זי האט געהייסען זעהר באדאנקען אייך, וואס איהר זענט אונז נעכטען געקומען צו הילף.. אהן אייך וואלט גאר ניט געווען מיט וואס איהם מקבר צו זיין.

די ליפען און דאס קין האבען איהר פלוצלונג גענומען שפרינגען. נאר זי האט זיך געשטארקט און זיך איינגעהאלטען. ווידער געשווינד אראבלאזענדיג די אויגען צו דער ערד.

אין דער צייט פון'ם שמועס האט ראסקאלניקאוו איהר זעהר אויפמערקזאם באטראכט. דאס איז געווען א מאגער און זעהר בלאס פנימ'ל, ניט גאר קיין רעגעלמעסיגעס, עפעס אזוי ווי א שפיציגעס, מיט א שפיציג קליין נעזעל און א שפיציגען קין. זי האט אפילו ניט געקענט הייסען קיין שענטשינקע. דערפאר אבער זענען איהרע בלויע אויגען געוועזען אזוי קלאר און, ווען זיי פלעגען ווערען לעבעדיגער, פלעגט איהר געזיכט אויסדריקען אזוי פיעל גוטסקייט און נאאיווקייט, אז עס האט ניט ווילענדיג געציינען צו איהר. און איהר געזיכט, און בכלל אין איהר גאנצער פיגור, איז אויסערדעם געווען א באזונדערער כאראקטעריסטישער שטריך. ניט קוקענדיג אויף איהרע אכטצעהן יאהר, האט זי אויסגעזעהן נאך גאר א מיידעלע, א סך אינגער, ווי אין דער ווירקליכקייט, כמעט נאך גאר א קינד. און דאס פלעגט זיך אפטמאל כמעט קאמיש ארויסווייזען אין איהרע באוועגונגען.

— האט אבער קאטערינא איוואנאוונא דען געקענט אויסקומען מיט אזא קליינער סומע, און וויל נאך מאכען אנ'אבל־סעודה?...

מעסע... ביים גאָטעסדיענסט... אויפֿן מיטראָפּאַניער בית־עלמין... און דערנאָך ביי אונז... ביי איהר... אויף דער אבל־סעודה נאָכ'ן גע־שטאָרבענעם... מאַכען איהר די עהרע... זי האָט אייך זעהר געלאַזט בעטען.

סאָניאַ האָט זיך אָבגעהאַקט און איז אנטשוויגען געוואָרען.

— איך וועל מיך באַמיהען זיין באַשטימט... באַשטימט. האָט ראַסקאָלניקאָוו געענטפֿערט, זיך אויך אויפֿשטעלענדיג און שטאַמלענ־דיג אַזוי ווי זי האָלבע ווערטער. — זעצט זיך. איך בעט אייך. — האָט ער פּלוצלונג געזאָגט. — איך דאַרף מיט אייך עפּעס ריידען. ענט־שולדיגט. אפשר איילט איהר זיך. — אָבער איך בעט אייך זעהר. שענקט מיר אַ פּאָר מינוטען.

און ער האָט איהר צוגערוקט אַ שטוהל. סאָניאַ האָט זיך ווידער געזעצט ווידער ניט זיכער איז פֿאַרלאָרען געכאַפּט אַ קוק אויףביידע דאַמען און האָט פּלוצלונג אַראָבגעלאָזט די אויגען.

דאָס בלאַסע געזיכט ראַסקאָלניקאָווס האָט פּלוצלונג אויפֿגע־בליהט: ער האָט אויסגעזעהן ווי פֿאַרוואַנדעלט אינגאַנצען: די אוי־גען זיינע האָבען אויפֿגעפֿלאַקערט.

— מאַמישי, — האָט ער געזאָגט פֿעסט און דרינגליך. — דאָס איז סאָפֿיאַ סעמיאָנאָוונאַ מאַרמעלאַדאָוואַ. אַ טאָכטער פֿון דעמזעלבען אומגליקליכען הערר מאַרמעלאַדאָוו'ן. וואָס נעכטען האָבען איהם פֿערד צוטראָטען פֿאַר מיר אין די אייגען און וועגען וועלכען איך האָב אייך שוין דערצעהלט...

פּולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף סאָניאַ'ן און זיך עטוואָס פֿאַרזשמורעט. ניט קוקענדיג אויף די גאַנצע צוטומ־לונג איהרע אונטער דעם דרינגליכען און אַרויספֿאָדערענדען בליק פֿון ראָדיאַ'ן, האָט זי דאָך זיך ניט געקענט אָבזאָגען פֿון דעם דאָזיגען פֿאַרגניגען. דוניטשקאַ האָט אָנגעשטעלט אויף דאָס אָרימע מיידעל אַ פּאָר ערנסטע שאַרפֿע אויגען אין האָט זי אַזוי ווי ניט־פֿאַרשטעהענדיג באַטראַכט. דערהערט די רעקאָמענדאַציעס. האָט סאָניאַ ווידער אויפֿ־געהויבען די אויגען, נאָר זי האָט זיך נאָך מעהר פֿאַרלאָרען. ווי פֿריער.

— איך האָב אייך געוואָלט פֿרעגען. — האָט זיך ראַסקאָלניקאָוו וואָס גיכער צו איהר געווענדעט. — ווי אַזוי האָט איהר זיך היינט מיט אַלץ איינגעאָרדענט? האָט מען אייך כאָטש ניט באַאונרוהיגט?... פֿון פּאָליציי, למשל?

ערשטע מאָל, און פּלוצלונג קומט זי אליין אריין. ער האָט זיך אויך דערמאַהנט, אז ער האָט ניט אנגעהויבעז אפילו אבצולייקענעז דעם אויסדרוק: „פון שענדליכער אויפפיהרונג“. דאָס אַלעס האָט אונדרייטליך אין אויגענבליקליך איהם דורכגעבליצט אין קאָפּ. אבער זיך בעסער צוגעקוקט, האָט ער פּלוצלונג דערזעהן, אז דאָס דאָזיגע נידערגעשלאָגענע ווענזעז איז שוין אזוי ערנידעריגט, אז אין איהם האָט זיך פּלוצלונג ערוועקט א רחמנות צו איהר. און ווען זי האָט שוין געמאכט א באוועגונג צו אנטלויפען פאַר שרעק, האָט זיך איהם אינוועניג אזוי ווי עפּעס איבערגעקעהרט.

— איך האָב זיך אייך אייך גאָר ניט געריכט, — האָט ער אייליענדיג ארויסגערעדט, אבשטעלענדיג זיך מיט'ן בליק. — איך בעט אייך זעהר, זעצט זיך. איהר קומט ווארשיינליך פון קאַטערינא איוואַנאָוונא. ענטשולדיגט, ניט אהער, אט דאַ זעצט זיך...

ביי סאָניאַס אריינקומען האָט ראַזומיכין, וועלכער איז געזעסען אויף איינעם פון ראַסקאָלניקאָווס דריי שטולען, באַלד ביים טיר, זיך אויפגעשטעלט. דורכגעלאָזען זי איז צימער אריין. לכתחלה האָט איהר ראַסקאָלניקאָוו אנגעוויזען אנ'ארט אויף א ברעג דיוואַן, וואו זאַסימאָוו איז געזעסען. אבער זיך דערמאַנט, אז דער דיוואַן איז א צו פּ א מ י ל י א ר ע ר ארט און דיענט איהם אלס געלעגער, האָט ער זיך פאַרכאַפּט און אנגעוויזען איהר אויף ראַזומיכינס שטול.

— און דו זעץ דיך דאַ, — האָט ער געזאָגט צו ראַזומיכינען, אוועקזעצענדיג איהם אין א ווינקעל אריין, וואו זאַסימאָוו איז געזעסען.

סאָניא האָט זיך געזעצט, שיער ניט שוידערנדיג פאַר שרעק, און האָט ניט זיכער א קוק געטאָן אויףביידע פרויען. ס'איז געווען צו מערקען, אז זי אליין האָט עס אויך ניט געקענט באַגרייפען, ווי אזוי האָט זי עס געוואַגט צו זעצען זיך נעבען זיי. באַרעכענענדיג דאָס, האָט זי זיך אזוי דערשראָקען, אז זי איז פּלוצלונג ווידער אויפגעשטאַנען און זעהר פאַרשעמט האָט זי זיך געווענדעט צו ראַסקאָלניקאָוו'ן.

— איך... איך... בין אריין אויף איין רגע. ענטשולדיגט, וואָס איך האָב אייך באַאונרוהיגט, — האָט זי גענומען שטאַמלען. — מיך האָט געשיקט קאַטערינא איוואַנאָוונא. קיין אנדערן וועמען צו שיקען האָט זי ניט געהאַט... קאַטערינא איוואַנאָוונא האָט אייך געלאָזט זעהר בעטען. איהר זאָלט מאָרגען אין דער פריה זיין אויך דער טויטען־

בליבען, — האָט פולכעריא אלעקסאנדראָוונא צוגעגעבען. — אזוי זאָל שוין זיין: מיר איז אליין געוואָרען גרינגער אויפ'ן הארצען; איך האָב פיינט צו זיין פארשטעלט און צו ליגען; מיר וועלען דאָרט בעסער ריידען דעם גאנצען אמת... מעג איצט פיאָטר פעטראָוויטש זיין אין כעס, אדער ניט!

---

## פערטער קאפיטעל.

אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט זיך די טיר שטיל געעפענט און אין צימער איז אריין עפּעס א מיידעל, וואַרפענדיג אויף אלע זייטען פארשעמטע בליקען. אלע האָבען אויף איהר אנגעשטעלט פאַרוואונדערטע און נייגעריגע אויגען. ראַסקאָלניקאָוו האָט זי ניט דערקענט פון דעם ערשטען בליק. דאָס איז געווען סאָפיא סעמיאָנאָוונא מאַרמעלאדאָוו. נעכטען האָט ער זי געזעהן דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, אבער איי אזא מאָמענט, אין אזוינע אומשטענדען און אין אזוינע קליידער, אז אין זכרון איז איהם פארבליבען א בילד גאָר פון אַן'אנדערער פּערזאָן. איצט איז דאָס געווען א מיידעל, באשיידען און אפילו אָרים געקליידט, נאָך גאָר א יונגיטשקע, וואָס האָט כמעט אויסגעוויזען ווי א מיידעלע, מיט א באשיידענער און ארטיגער האַלטונג, מיט א קלאָרען, נאָר עפּעס אזוי ווי דערשראָקענעם געזיכט. זי האָט געטראָגען זעהר אַן'איינפאַך הייםייש קליידעלע, אויפ'ן קאָפּ אַן'אַלט היטעלע, וואָס איז שוין פון מאָדע ארויס; נאָר אין די הענט האָט זי געהאַלטען א שירם אזוי ווי נעכטען. אומגעריכט דערזעהן א פול צימער מענשען, האָט זי זיך ניט אזוי פּאַ שעהמט, ווי צוטומעלט געוואָרען, זיך פארלאָרען, אזוי ווי א קליין קינד, און האָט שוין אפילו געמאַכט א באוועגונג אוועקצוגעהן צוריק.

— אַך... דאָס זענט איהר!... האָט ראַסקאָלניקאָוו געזאָגט, אויסער זיך פאַר איבערראַשונג, און האָט זיך פּלוצלונג אליין עפּעס אזוי ווי פארלאָרען.

איהם האָט זיך גלייך פאַרגעשטעלט, אז די מוטער און די שוועסטער ווייסען שוין אביסעל, פון לוזשינס בריעף, וועגען א געוויס מיידעל פון „שענדליכער אויפפיהרונג". ערשט האָט ער אָבגעלייקענט לוזשינס רכילות און האָט געזאָגט, אז ער האָט דאָס מיידעל געזעהן דאָס

„פון שענדליכער אויפפיהרונג" (וועלכע איך האב אגב נעכטען געזעהן דאס ערשטע מאל אויף מיין לעבען). נאר בפירוש טאקע דער אלמנה. אין דעם אלעם זעה איך א צו געשווינטע כונה מיך צו באשמוצען און מיט אייך צו צוקריגען. און אויסגעדריקט איז ער ווידער קאנצע־לאריש, דאס הייסט, דער מיין איז צו דייטליך און אפען און די איי־לעניש איז צו נאאיוו. ער איז זיך א מענש מיט שכל, אבער אום קלוג צו האנדלען — איז שכל אליין נאך ווייניג. דאס אלעם כאראק־טעריזירט דעם מענשען און... איך רעכען ניט, ער .אל דיך זעהר שעצען. איך זאג דיר דאס אלץ פון דיין טובה וועגען. ווייל איך ווינש דיר גוטס פון גאנצען.. הארצען.

דוניטשקע האט ניט געענטפערט: זי האט זיך נאך פריהער באשלאסען, און האט גאר געווארט אויפ'ן אבענד.

—אלזא, ווי בלייבט ביי דיר, ראדיא? — האט פולכעריא אלעקסאנדראָווּנא געפרעגט, נאך מעהר אומרוהיג ווי פריהער פון זיין אומגעריכטען, נייעס, געשעפטליכען טאן.

— וואס הייסט: „ווי בלייבט"?

— פיאטר פעטראָוויטש שרייבט דאך, אז דו זאלסט ניט זיין ביי אונז אין אבענד און אז ער וועט אוועקגעהן... אויב דו וועסט קומען. איז ווי זשע וועט... זיין?

— דאס קען איך שוין נאטירליך ניט וויסען: ערשטענס, דארפט איהר עס וויסען, אויב אייך באליידיגט נאר ניט אזא מין פאדערונג פון פיאטר פעטראָוויטש'ן, און צווייטענס דארף עס דוניא וויסען, אויב זי באליידיגט זיך אויך ניט. און איך וועל טאן, ווי ס'איז פאר אייך בעסער, — האט ער טרוקען צוגעגעבען.

— דוניטשקע האט זיך שוין באשלאסען, און איך בין מיט איהר פאלקאם מסכים, — האט פולכעריא אלעקסאנדראָווּנא זיך פארכאפט.

— איך האב באשלאסען בעטען דיך, דאריא, דרינגליך בעטען דיך, דו זאלסט אונבעדיגט זיין ביי אונז אויף דער דאזיגער צוזאמענ־קונפט, — האט דונאי געזאגט, — וועסט קומען?

— כ'וועל קומען.

— אייך וועל איך אויך בעטען זיין ביי אונז אכט דעם זייגער, — האט זי זיך געווענדט צו ראזומיכינען. — מאמישי, איך לאד זיי אויך איין.

— זעהר גוט, דוניטשקא. נו, ווי ס'איז ביי אייך דארט גע־

ער איז געקומען אליין צו א תכלית. — האט אווראטיא ראמאנאוונא א זאג געטאן, אביסעל באליידיגט פון דעם ברודערס נייעם טאן.

— וואס זשע מיינסטו, וויבאלד ער נעהמט זיך איבער, איז מסתמא פאראן מיט וואס. — איך וועל מיך ניט שפארען. דו האסט זיך. דאכט זיך. באליידיגט, שוועסטער, וואס איך האב פון דעם גאנצען בריעף ארויסגעדרונגען אזא לייכטזיניגע באמערקונג. און רעכענסט אודאי אז איך האב מיט א כיון געמאכט א רייד וועגען אזעלכע קליי־ניגקייטען. כדי אביסעל חוזק מאכען פון דיר פאר פארדרוס. פאר־קעהרט. די שפראך פון זיין בריעף האט מיך אויפגעבראכט אויף א באמערקונג. וועלכע איז אין דעם דאזיגען פאל גאר ניט איבעריג. דארט איז דא אנ׳אויסדרוק: „וועט איהר אליין זיין שולדיג אין דעם“ דער אויסדריק זאגט זעהר א סך און זעהר קלאר, און אויסערדעם ענט־האלט ער א דראהונג, אז ער וועט גלייך אוועקגעהן, אויב איך וועל קומען. די דראהונג אוועקצוגעהן איז אלץ איינס, ווי עס זאל סטראשען אוועקצוואווארפען אייך ביידען, אויב איהר וועט איהם ניט פאלגען. אוועקוואארפען אין דער צייט ווען ער האט אייך שוין ארויסגערופען קיין פעטערבורג. נו, ווי רעכענסטו: קען מען דען מיט אזא אויס־דרוק פון לוזשינען זיך פונקט אזוי באליידיגען, ווי ווען דאס זאל געווען אנשרייבען ער. א שטייגער ,ער האט אנגעוויזען אויף ראזומי־כינען). אדער זאסימאוו, אדער ווער אנדערש פון אונז?

— נ—ניין. — האט דוניטשקע געענטפערט, ווידער אויפגעמונ־טיירט. — איך האב זעהר גוט פארשטאנען, אז דאס איז אויסגעדריקט געווארען צו נאאיוו אין אז ער איז אפשר ניט אזא גרויסער בריה אויף שרייבען... דאס האסטו גוט פארשטאנען, ברודער. איך האב זיך אפילו ניט געריכטעט...

—דאס איז אויסגעדריקט געווארען קאנצעלאריש, און אויף דער קאנצעלארישער שפראך קען מען אנדערש אנשרייבען. אט איז עס אויסגעקומען גראבער, ווי ער האט עס אפשר אליין געוואלט. איב־ריגענס, מוז איך דיך נאך אביסעל ערניכטערן: אין דעם דאזיגען בריעף איז פאראן נאך אנ׳אויסדרוק, א מין בלבול אויף מיר אליין, אין א גאנץ מיאוסער און געמיינער. איך האב דאס געלט נעכטען אבגעגעבען דער אלמנה. א שווינדזיכטיגער און דערשלאגענער פרוי. און ניט „כלומרשט אויף דער לויה“, נאר בפירוש אויף דער לויה, און ניט דער טאכטער אין די הענט אריין, — א מיידעל, ווי ער שרייבט,

וואונדערט א קוק געטאן אויף דוניטשקען.

— מאַדנע, — האָט ער לאַנגזאַם ארויסגערעדט, גלייך ווי איהם האָט איבערראַשט עפּעס א נייער געדאַנק, — צוליעב וואָס קען איך זיך עס אזוי? צוליעב וואָס איז דער גאַנצער רעש? האָב זיך געזונטערהייט חתונה מיט וועמען דו ווילסט!

ער האָט עס געזאָגט ווי פאַר זיך, נאָר הויך אויפ'ן קול און א ווײַלע האָט ער געקוקט אויף די שוועסטער עפּעס ווי מטושטש.

ענדליך האָט ער געעפענט דעם בריעף, אלץ נאָך מיט דערזעלבער מינע פון עפּעס א מאָדנער פאַרוואונדערונג; דערנאָך האָט ער לאַנג־זאם און אויפמערקזאם גענומען לייענען און דורכלעזען צווייטמאָל. פּולכעריא אלעקסאַנדראָוונא איז געווען זעהר אומרוהיג; אלע האָבען ערוואַרט עטוואס אונגעוועהנליכעס.

— דאָס איז מיר א חידוש, — האָט ער אנגעהויבען נאָך א קליינעם פאַרטראַכט זיין, איבערגעבענדיג דעם בריעף דער מוטער, אבער זיך ניט ווענדענדיג צו קיינעם, — ער איז דאָך עפּעס א גאַנ־צער מאַכער. אנ'אדוואָקאַט, אפילו די שפּראַך איז ביי איהם אויך... אונטערגעפּעפּערט, — און דאָך שרייבט ער ווי א רעכטער עם־הארץ.

אלע האָבען זיך א ריהר געגעבען; גאָר ניט דאָס האָבען זיי ערוואַרט.

—זיי שרייבען דאָך אלע אזוי, — האָט ראַזומיכין אבגעהאַקט א זאָג געטאָן.

— דו האָסט דען געלייענט?

— יאָ.

— מיר האָבען איהם געוויזען, ראָדיא, מיר... האָבען זיך פרי־הער אנ'עצה געהאַלטען, — האָט פּולכעריא אלעקסאַנדראָוונא פאַר־שעמט אנגעהויבען.

— דאָס איז אייגענטליך דער סטיל פון די קאַנצעלאַריעס, — האָט ראַזומיכין איבערגעשלאָגען. — קאַנצעלאַרישע פּאַפּירען שרייבען זיך נאָך עד־היום אזוי.

— קאַנצעלאַריש? הם, טאַקע, קאַנצעלאַריש, געשעפטליך... מען קען ניט זאָגען, אז ס'איז זעהר עם־הארציש, און מען קען ניט זאָגען, אז ס'איז זעהר לומדיש; מיט איינעם וואָרט — געשעפטליך!

— פּיאָטר פּעטראָוויטש לייקענט גאָר ניט, אז ער האָט זיך געלערנט פאַר גראָשענס; ער נעהמט זיך אפילו איבער דערמיט, וואָס

שפּאַרטקייט, אַבי דו זאָלסט אויספיהרען, ניט איך... דו קענסט ניט אַכטען לוזשינען: איך האָב איהם געזעהן און גערעדט מיט איהם. אַלזאַ, פאַרקויפסטו זיך פאַר געלט, אַלזאַ, הייסט עס, אַז דו האָנ־דעלסט אַלענפאַלס נידעריג, און איך בין צופרידען, וואָס דו קענסט ווענינסטענס רויט ווערען!

— ניט אמת, איך ליינ ניט!... האָט דוניאַ אויסגעשריען, פאַר־לירענדיג די גאַנצע קאַלטבלוטיגקייט. — איך וועל מיט איהם ניט חתונה האָבען, ניט האָבענדיג זיך איבערצייגט, אַז ער האַלט פון מיר און שעצט מיך: איך וועל מיט איהם חתונה האָבען, ניט האָבענדיג זיך פעסט איבערצייגט, אויב איך אַליין קען איהם אַכטען. צום גליק האָב איך די מעגליכקייט זיך דערין איבערצייגען אויף זיכער און אפילו היינט נאָך. אַזאַ שידוך איז ניט נידערטרעכטיג, ווי דו זאָגסט. און ווען דו זאָלסט אפילו זיין גערעכט, ווען איך וואָלט זיך ווירקליך באַשלאָסען אויף אַ נידערטרעכטיגקייט, — איז עס דען ניט אכזריות'־דיג פון דיין זייט אַזוי מיט מיר צו ריידען? וואָס פאָדערסטו פון מיר העלדישקייט, אין דער צייט, ווען זי פעהלט דיר אפשר אַליין? דאָס איז דעספּאָטיזם, דאָס איז געוואַלט! אויב איך וועל וועמען אומגליק־ליך מאַכען, איז עס נאָר זיך אַליין... איך האָב נאָך קיינעם ניט גע־קוילעט!... וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? וואָס ביסטו אַזוי בלאַס גע־וואָרען? ראָדיאַ, וואָס איז מיט דיר? ראָדיאַ, טייערער!...

— ליעבער גאָט! זי איז דאָך איהם דערגאַנגען ביז צום חלש'ן! — האָט פּולכעריאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ אויסגעשריען.

— ניין, ניין... נאַרישקייטען... נאַרישקייטען!... דער קאָפּ אַבי־סעל זיך פאַרדרעהט. וואָס פאַר אַ חלש'ן... זיך אַריינגענומען אין קאָפּ חלש'ן נאָר!... הם! יאַ.. וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? יאַ: ווי אַזוי זשע וועסטו זיך דאָס היינט איבערצייגען, בי דו קענסט איהם אַכטען און אַז ער... שעצט דיך... צי וואָס... דו האָסט, דאַכט זיך, אַזוי געזאָגט? דו האָסט, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז היינט? אָדער איך האָב אפשר ניט דערהערט?

— מאַמישי, ווייזט דעם ברודער פּיאָטר פּעטראָוויטשעס בריעף, האָט דוניטשקע געזאָגט.

פּולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מיט ציטערנדע הענט דער־לאַנגט דעם בריעף. ער האָט איהם גענומען מיט גרויס נייגעריגקייט. נאָר איידער איהם צו עפענען, האָט ער פּלוצלונג עפּעס ווי פאַר־

נעכטען! — האָט פולכעריא אַלעקסאַנדראַוונאַ פיינליך אויסגעשריען.
— און פאַרוואָס הערסטו ניט אויף צו רופען זיך נידערטרעכטיגער, איך קען עס ניט אריבערטראַגען! נעכטען אויך דאָס אייגענע.
— ברודער, — האָט דוניא געענטפערט פעסט און אויך טרוקען, — אין דעם אַלעם איז דאָ אַ טעות פון דיין זייט. איך האָב דאָס איבער נאַכט באַטראַכט און אויסגעפונען דעם טעות. די גאַנצע זאַך איז, וואָס דיר קומט, דאַכט זיך, אויס, אַז איך ברייננג זיך כלומרשט עמיצען און צוליעב עמיצענס וועגען פאַר אַ קרבן. דאָס הויבט זיך אָבער גאַר ניט אָן. איך האָב חתונה פשוט פון מיין אייגענער טובה וועגען, מחמת מיר איז אַליין שווער אויסצוקומען; און דערנאָך וועל איך נאַטירליך זיין זעהר צופרידען, ווען איך וועל האָבען די מעגליכקייט צו זיין ניצלעך פאַר מיינע אייגענע, אָבער אין מיין באַשלוס איז ניט דאָס דער עיקר...
„זי לייגט!" האָט ער געטראַכט פאַר זיך, בייסענדיג פאַר כעס די נעגעל. — „אַ בעל־גאוה'ניצע! וויל זיך ניט מודה זיין, אַז זי זוכט נאָר אַנדערע צו פאַרזאָרגען! זי איז שטאָלץ! אָ, געמיינע, כאַראַקטאַרען! ווען זיי ליעבען אפילו, איז אויך גלייך ווי זיי וואָלטען פיינט געהאַט... אָ, ווי איך האָב... זיי אַלעמען פיינט!"
— מיט איינעם וואָרט, איך האָב חתונה מיט פיאָטר פעטראָוויטש'ן, — האָט דוניטשקע פאָרטגעזעצט — ווייל פון צוויי פעקלעך איז שוין גלייכער נעהמען דאָס לייכטערע. איך האָב בדעה עהרליך צו ערפילען אַלעס, וואָס ער ערוואַרט פון מיר. אַלזאָ, הייסט עס, אַז איך נאַר איהם ניט אָב... וואָס האָסטו ערשט אַזאַ שמייכעל געטאָן?
זי האָט זיך אויך אָנגעצונדען, און פון איהרע אויגען האָט אַרויסגעקוקט אַ כעס.
— אַלעס וועסטו ערפילען? — האָט ער געפרעגט, מיט אַ גיפטיגען שמייכעל.
— ביז אַ געוויסער גרענעץ. אי די מאַניר אי די פאָרם פון פיאָטר פעטראָוויטשעס שדכנ'ען זיך צו מיר האָבען מיר גלייך באַוויזען, וואָס ער דאַרף האָבען. געוויס, ער האַלט פון זיך אפשר צו פיעל, דאָך בין איך זיכער, אַז פון מיר האַלט ער אויך און איך בין איהם טייער... וואָס לאַכסטו ווידער?
— און וואָס ביסטו ווידער רויט געוואָרען? דו לייגסט, שוועסטער, דו לייגסט אויף צו להכעיס, בלויז אויס ווייבערשער איינגע־

לאנג, און עפּעס אלץ וואס ארום טוט זיך ערשיינט מיר ווי איין חלום...
ער האט אויפמערקזאם אויף זיי א קוק געגעבען.

— אט אייך אפילו... עפּעס אזוי ווי איך וואלט אויף אייך קוקען פון א מהלך פון טויזענדער ווירסטען... נאך דער טייוועל ווייסט, צו וואס מיר ריידען דערפון! און צו וואס זיך פונאנדער־פרעגען? — האט ער צוגעגעבען מיט פערדרוס און איז אנטשוויגען געווארען, בייסענדיג זיך די נעגעל, און ווידער זיך פארטראכט.

—ס'אר א שלעכטע דירה ביי דיר איז, ראדיא, עפּעס א מין קבר, — האט פלוצלונג פולכעריא אלעקסאנדראוונא א זאג געטאן. איבעררייסענדיג דאך סדריקענדע שטילשווייגען. — איך בין איבער־צייגט, אז האלב ביסטו פון דער דירה געווארען אזא מרה־שחורה'ניק.

— די דירה?... — האט ער געענטפערט. — יא, די דירה האט זעהר פיעל מיטגעהאלפען... איך האב אויך וועגען דעם גע־טראכט... ווען איהר זאלט אבער געוואוסט וויסען, מאמישי, וואס פאר א מערקווירדיגען געדאנק איהר האט ערשט ארויסגעזאגט, — האט ער פלוצלונג צוגעגעבען, מיט א מאדנעם שמייכעל.

נאך א ביסעל, און די דאזיגע געזעלשאפט, די דאזיגע נאהנטע, מיט וועלכע ער האט זיך דריי יאהר ניט געזעהן, דער דאזיגער היי־מישער טאן פון דעם שמועס אין דערזעלבער צייט, בשעת ס'איז קיין שום מעגליכקייט ניט געווען וועגען וואס ניט איז צו ריידען, וואלטען איהם ענדליך געווארען ממש אונערטרעגליך. דאך איז געווען א זאך, וועלכע מען האט ניט געקענט אבלעגען, וועלכע מען האט, אזוי צי אזוי, אבער באשליסען האט מען זי היינט אונבעדינגט געמוזט, — אזוי איז ביי איהם פעסט געווען אבגעמאכט נאך פון פריהער, ווען ער האט זיך אויפגעכאפּט. איצט האט ער זיך זעהר דערפרעהט, זעהענדיג אין דער דאזיגער זאך אנ'אויסוועג.

— אט וואס איך וועל דיר זאגען, דוניא, — האט ער אנגעהויבען ערנסט און טרוקען. — געוויס בעט איך ביי דיר פארצייהונג פאר דאס נעכטיגע, דאך האלט איך פאר מיין חוב צו דערמאנען דיר, אז פון דעם עיקר וועל איך ניט אבטרעטען. אדער איך, אדער לושין. זאל זיין, איך בין נידערטרעכטיג, דו דארפסט עס אבער ניט טאן. ווער עס איז איינער, אויב אבער דו וועסט חתונה האבען מיט לושי־נען, הער איך גלייך אויף צו האלטען דיך פאר מיין שוועסטער.

— ראדיא, ראדיא! דאס איז דאך אלץ דאס אייגענע, וואס

האָט ראַסקאָלניקאָוו אַ זאָג געטאָן.

— ניין, ער האָט נאָר דוניטשקען קיינע מתנות ניט געגעבען.

— אַ—אַ—אַ! און דאָס געדענקסט איהר, מאַמישי? איך בין דאָך געווען פאַרליעבט און געוואָלט חתונה האָבען, — האָט ער פּלוצלונג געזאָגט, קוקענדיג אויף די טעכטער, וועלכע איז ערשטוינט געוואָרען פון די אומגעריכטע ווערטער און פון דעם טאָן, מיט וועלכען זיי זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען.

— אַך, מיין טייערער, איך געדענק!

פולכעריא אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך איבערגעקוקט מיט דוניטשקען און ראַזומיכינען.

— הם!... יאָ! און וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? איך געדענק עס אפילו זעהר שוואַך. זי איז געווען זעהר ניט קיין געזונט מיידעל, — האָט ער פאַרטגעזעצט, ווידער אַזוי ווי פאַרטראַכטערהייט מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, — גאָר אַ קראַנקע; האָט ליעב געהאַט צו געבען נדבות אָרימע לייט און האָט אַלץ געחלומ'ט פון אַ מאָנאַסטיר איינמאָל האָט זי זיך אויש ביטער פונאַנדערגעוויינט. ווען זי האָט מיר דערפון געגומען ריידען; יאָ, יאָ... איך געדענק... כ'געדענק זעהר גוט. אַזאַ מיאוסע געווען... כ'לעבען, איך ווייס ניט, וואָס האָב איך זיך צו איהר דאַמאָלס אַזוי צוגעבונדען, דאַכט זיך, דערפאַר, וואָס זי איז שטענדיג קראַנק געווען... ווען זי זאָל נאָך געווען זיין אַ הינקעדיגע, אָדער מיט אַ הויקער, וואָלט איך זי, דאַכט זיך, נאָך מעהר ליעב האָבען... (ער האָט אַ פאַרטראַכטען שמייכעל געטאָן). אַזוי איז דאָס... עפּעס אַ מין פריהלינגס־איבערגאַנג איז עס געוועזען...

— ניין, דאָס איז ניט נאָר קיין פריהלינגס־איבערגאַנג, — האָט דוניטשקע מיט באַגייסטערונג געזאָגט.

ער האָט אויפמערקזאַם און אָנגעשטרענגט אַ קוק געגעבען אויף די שוועסטער, האָט אָבער ניט דערהערט, אָדער אפשר ניט פאַרשטאַנען די ווערטער איהרע. דערנאָך איז ער טיעף־פאַרטראַכט אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער מוטער. זי אַ קוש געטאָן, זיך אומגעקעהרט אויף זיין אָרט און אַוועקגעזעצט זיך.

— האָסטו זיך נאָך איצט אויך ליעב? — האָט פולכעריא אַלעקסאַנדראָוונאַ געריהרט אַרויסגערעדט.

— וועמען איהר? איצט? אַך, יאָ... איהר מיינט דאָס איהר! ניין, דאָס איז אַלץ ניט ווי אַ חלום, ווי פון יענער וועלט... שוין אַזוי

ער האט זיך פארנויגט און איז ארויס.

— וואס פאר א טייערער מענש! — האט פולכעריא אלעקסאנד־ראוונא א זאג געטאן.

— יא, א טייערער, א זעלטענער, א געבילדעטער, א קלוגער...— האט ראסקאלניקאוו עפעס פלוצלונג און אומגעריכט געגומען שיטען מיט א מאדנער אונגעוווהנליכער צולעבטקייט. — איך געדענק שוין גאר ניט, וואו האב איך זיך מיט איהם געטראפען פריהער, פאר מיין קראנקהייט... דאכט זיך, זיך ערגעץ געטראפען... אט דער דאזיגער איז אויך א וואוילער מענש! — האט ער א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ אויף ראזומיכינען. — געפעלט ער דיר עפעס, דוניא? — האט ער זי געפרעגט און זיך פלוצלונג צולאכט, ניט צו וויסען פארוואס.

— זעהר, — האט דוניא געענטפערט.

— פוי, ס׳אר א... חזיר דו ביסט! — האט זיך אפגערופען רא־זומיכין, שרעקליך פארשעמט און רויט ווערענדיג, און איז אויפגע־שטאנען פון שטוהל.

פולכעריא אלעקסאנדראוונא האט שוואך א שמייכעל געטאן, און ראסקאלניקאוו האט זיך אויך אויפ׳ן קול צולאכט מיט א הילכיגען גע־לעכטער.

— וואוהין געהסטו?

— איך גה אויך אוועק... איך דארף געהן.

— דו דארפסט ניט געהן, א ליגען, זיי רא! זאסימאוו איז אוועק דארפסטו שוין אויך געהן. געה ניט אוועק... ווי שפעט איז איצט? שוין פארהאן צוועלף? ס׳אר א פיין זייגער דו האסט, דוניא! וואס זשע זענט איהר ווידער אנטשוויגען געווארען? אלין זאל ריידען?...

— דאס איז מארפא פעטראוונאס א פרעזענט, — האט דוניא גע־ענטפערט.

— און קאסט זעהר טייער, — האט צוגעגעבען פולכעריא אלעק־סאנדראוונא.

— א—א—א! ווי גרויס ער איז, גאר ניט ווי א דאמישער.

— איך האב ליעב אזעלכע. — האט רוניא געזאגט.

„אלזא, הייסט עס, איז עס ניט דעם חתנ׳ס א געשאנק", איז ראזומיכינען איינגעפאלען און ער האט זיך דערפרעהט, ניט צו וויסען פארוואס.

— און איך האב געמיינט — דאס איז לוזשינס א מתנה, —

געשטאַמעלט, ניט קוקענדיג אויף איהר און דריקענדיג איהר האַנט.
— מיר וועלען נאָך צייט האָבען זאָט זיך אַנצוריידען!

אָפּגעזאָגט די דאָזיגע ווערטער, האָט ער זיך דערפּיהלט אומ־אַנגענעהם און איז בלאַס געוואָרען; ווידער האָט זיין האַרץ דורכגע־נומען אַ טויטע קעלט פון דעם ניט־לאַנגאַניגען שרעקליכען געפיהל: ווידער איז איהם געוואָרען זעהר קלאָר און פאַרשטענדליך, אַז ער האָט איצט געזאָגט אַ שרעקליכען ליגען, אַז איהם ועט שוין איצט ניט נאָר קיינמאָל ניט אויסקומען זיך זאָט אַנצוריידען, נאָר אַז ער וועט שוין איצט ניט קענען מעהר, קיינמאָל און מיט קיינעם ר י י ד ע ן איבערהויפּט. דער איינדרוק פון דעם דאָזיגען פּיינליכען געדאַנק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך אויף איין אויגענבליק כמעט אינגאַנצען פאַרגעסען, איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און ניט קוקענדיג אויף קיינעם, געוואָלט אַרויס פון צימער.

— וואָס טוט זיך דאָס מיט איהם? — האָט ראַזומיכין אויסגע־שריען און איהם אַנגעכאַפּט פאַר'ן האַנט.

ער האָט זיך ווידער געזעצט און גענומען זיך אַרומקוקען אויף אַלע זייטען, ניט אַ וואָרט צו ריידען; אַלע האָבען אויף איהם געקוקט ניט־פאַרשטעהענדיג.

— וואָס זענט איהר עפּעס אַלע אַזוי לאַנגווייליג? — האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען גאָר אומגעריכט. — זאָגט עפּעס! וואָס איז דאָס אין דער אמת'ן פאַר אַ מין זיצען! נו, זאָגט שוין עפּעס! לאָמיר נעה־מען שמועסען... זיך צונויפגעקליבען און — האַלטען אין איין שוויי־גען... נו, זאָגט כאָטש וואָס עס איז?

— געלויבט איז גאָט! און איך האָב שוין געמיינט, אַז מיט איהם הויבט זיך ווידער אָן עפּעס נעכטיגעס! — האָט פּולכעריאַ אַלעק־סאַנדראָוונאַ געזאָגט און זיך איבערגע'צלמ'ט.

— וואָס איז מיט דיר, ראָדיאַ? — האָט איהם אַווראַטיאַ ראַ־מאַנאָוונאַ געפרעגט מיט חשד.

— אַזוי זיך, גאָרנישט, זיך דערמאַהנט אַ קאַטאָוועס, — האָט ער געענטפערט און זיך פּלוצלונג צולאַכט.

— אַבי אַ קאַטאָוועס, איז שוין גוט! איך האָב שוין אַליין אויך געמיינט... — האָט זאָסימאָוו אַרויסגעברומט, זיך אויפהויבענדיג פון דיוואַן. — נו, מיר איז שוין צייט צו געהן; איך וועל נאָך אפשר אַריינקומען... אויב איך וועל אייך דערוויסען...

מיט גרויס אפעטיט...

— א צו'מזיק'טע, הייסט עס?

— און צוריקגערעדט האט זי שטענדיג נעהאט אַזא... טבע, און ווי נאר זי האט אפגעגעסען ווארמעס, איז זי גלייך אוועק אין באד־שטיבעל, ניט צו פארשפעטיגען חלילה אין שטאדט אריין... דו דארפסט וויסען, אז זי האט זיך עפעס קורירט מיט באדען זיך: ביי זיי איז דארט פאראן א קאלטער קוואל, און זי האט זיך דארט רעגעלמעסיג גבעאדען אלע טאג. און ווי נאר זי איז אריין אין וואסער, האט איהר גלייך געכאפט אן אפאפלעקסיע!

— גאטס וואונדער! — האט זאסימאוו געזאגט.

— און ער האט זי עפעס רעכט צו'מזיק'ט?

— דאס איז דאך אלץ איינס, — האט זיך דוניא אפגערופען.

— הם! און צוריק גערעדט איז עס א בעלנות פון אייך, מאמי־שי, צו דערצעהלען אזעלכע מעשיות, — האט פלוצלונג ראסקאלניקאוו א זאג געטאן מיט כעס און עפעס אזוי ווי ניט מיט א כיוון.

— אך, מיין טייערער, אז איך האב שוין ניט געוואוסט, וועגען וואס אנצוהויבען ריידען, — האט זיך ארויסגעריסען ביי פולכעריא אלעקסאנדראוונא'ן.

— עפעס אזוי ווי איהר האט מורא פאר מיר, צי וואס? — האט ער געזאגט מיט א צוקרימטען שמייכעל.

— דאס איז טאקע אמת, — האט דוניא געזאגט, קוקענדיג גלייך און שטרענג אויפ'ן ברודער. — די מאמישי האט זיך אזש גע'צלמ'ט פאר שרעק, בשעת זי איז געהאנגען אויף די טרעפ ארויף.

דאס געזיכט האט זיך איהם צוקרימט, ווי אין קאנוואולסיעס.

— אך, וואס רעדסטו דאס, דוניא! ניט זיי אין כעס, ראדיא, איך בעט דיך... גאט איז מיט דיר, דוניא! — האט פולכעריא אלעקסאנ־דראוונא געזאגט אין פארלעגענהייט. — דאס איז אמת, אז פאהרענ־דיג אהערצו, האב איך דעם גאנצען וועג פאנטאזירט אין וואגאן: ווי מיר וועלען זיך דאס טרעפען, ווי מיר וועלען אלץ אויסדערצעהלען איי־נער דעם אנדערן... און איך בין געווען אזוי גליקליך, אז איך האב ניט באמערקט דעם וועג! נאר וואס רייד איך! איך בין איצט אויך גליקליך... ס'איז נאריש פון דיר דוניא... איך בין שוין דערמיט אליין גליקליך, וואס איך זעה דיך, ראדיא...

— וואס רעדט איהר, מאמישי, האט ער אין פארלעגענהייט ארויס־

„אונטער די אויגען האָב איך זיי, דאַכט זיך, אַזוי ליעב גע־האַט", איז איהם פּלוצלונג ארויפגעקומען אויפ'ן זינען.

— דו ווייסט, ראָדיא, מארפא פּעטראָוונא איז געשטאָרבען!— האָט פּלוצלונג פּולכעריא אלעקסאנדראָוונא א האַק געטאָן.

— וואָס איז דאָס פאַר א מארפא פּעטראָוונא?

— אַך, גאָט מיינער, מארפא פּעטראָוונא סווידריגיילאָווא! איך האָב דאָך דיר אזוי פיעל געשריבען וועגען איהר.

— אַ—אַ—אַ, יאָ, איך געדענק... איז זי געשטאָרבען? אַך, וואָס רעדסטו. — האָט ער זיך פּלוצלונג א צאַפּעל געטאָן, גלייך ווי ער וואָלט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט. טאַקע געשטאָרבען? פון וואָס?

— שטעל דיר פאַר, פּלוצלונג! — האָט כולכעריא אלעקסאנדראָוו־נא, אויפגעמונטערט דורך זיין נייגיריגקייט, גענומען ריידען גיך־גיך. — און פּונקט אין דער צייט, ווען איך האָב דיר דאַמאָלס דעם בריעף אוועקגעשיקט, אין דעמזעלבען טאָג אפילו! שטעל דיר פאָר, דער דאָ־זיגער שרעקליכער מענש האָט איהר, דאַכט זיך, געמאַכט דעם טויט. מען זאָגט, ער האָט זי שרעקליך צו'מזיק'ט!

— זיי האָבען דער אזוי געלעבט צווישען זיך! — האָט ער גע־פרעגט, זיך ווענדענדיג צו דער שוועסטער.

— ניין, גאָר פאַרקעהרט. מיט איהר איז ער שטענדיג געווען זעהר געדולדיג, מען קען זאָגען העפליך. אין א סך פאַלען האָט ער שוין צו געדולדיג אריבערגעטראָגען איהר כאראַקטער, גאַנצע זיעבען יאָהר... עפּעס פּלוצלונג איז ער ארויס פון געדולד.

— אַלזאָ, הייסט עס, אַז ער איז גאָר ניט אזוי שרעקליך, ווי־באַלד ער האָט זיך איינגעהאַלטען גאַנצע זיעבען יאָהר? מיר דאַכט זיך, דוניטשקע, אַז דו גיסט איהם גערעכט?

— ניין, ניין, דאָס איז א שרעקליכער מענש! שרעקליכער קען איך זיך שוין גאָר ניט פאַרשטעלען אפילו, — האָט דוניא געענט־פערט, שיער ניט מיט א שוידער, האָט צונויפגעצויגען די ברעמען און זיך פאַרטראַכט.

— דאָס האָט ביי זיי געטראָפען אין דער פריה, — האָט פּול־כעריא אלעקסאנדראָוונא איילענדיג פאָרטגעזעצט — גלייך דערויף האָט זי געהייסען איינשפּאַנען די פערד, כדי באַלד נאָך מיטאָג אראָפּ־צופאָהרען אין שטאָדט אריין, מחמת אין אזוינע פאַלען פלעגט זי שטענדיג פאָהרען אין שטאָדט; האָט געגעסען וואַרמעס, זאָגט מען,

דריי קליינע יתומים, הונגעריגע... אין שטוב אין פּוסט... און ס'איז פּאַרהאַן נאָך אַ טאָכטער... איהר וואָלט אפשר אליין אויך אַוועקגעגעבען, ווען איהר זאָלט עס געוועזען צוזעהן... איבעריגענס, האָב איך דערויף קיין שום רעכט ניט געהאַט, בפרט נאָך, אַז איך האָב געוואוסט, ווי אַזוי דאָס געלט איז אייך אָנגעקומען. אום צו העלפען, דאַרף מען אַפּריהער האָבען רעכט דערויף, אַניט קומט "Crevez chiens, si vous n'etes pas contents." *) אויס: ער האָט זיך צולאַכט. — אפשר ניט אַזוי, דוניא?

— ניין, ניט אַזוי, — האָט דוניאַ פעסט געענטפערט.

— באַ! דו ביסט אויך... מיט כונות!... האָט ער אַרויסגעברומט. וואַרפענדיג אויף איהר שיער ניט קיין פריינדליכען בליק, און האָט אַ שפּאָטישען שמייכעל געטאָן. — איך האָב עס געדאַרפט פאַרשטעהן... נו, נו, זעהר פיין פון דיין זייט: טאַקע פאַר דיר גלייכער... אַז דו וועסט קומען צו אַזאַ גרעניץ, וואָס אויב דו וועסט עס ניט איבערטרעטען — וועסטו זיין אומגליקליך, אויב דו וועסט עס יאָ איבערטרעטען — וועסטו אפשר זיין נאָך אומגליקליכער... איבעריגענס, איז עס אַלץ נאַרישקייטען! — האָט ער צוגעגעבען מיט כעס. — איהם האָט פאַרדראָסען, וואָס ער האָט זיך אומגערן צורעדט מיט אַזוי פיעל היץ. — איך האָב ניט מעהר געוואָלט זאָגען, אַז ביי אייך, מאַמישי, בעט איך מחילה, — האָט ער געענדיגט שאַרף און אָפּגעהאַקט.

— וואָס רעדסטו, ראָדיאַ? איך בין זיכער, אַז אַלץ, וואָס דו טוסט, אַלץ איז זעהר גוט! — האָט די דערפרעהטע מוטער אויסגערופען.

— זייט ניט אַזוי זיכער, — האָט ער געענטפערט און אַ שמייכעל האָט צוקרימט איהם דאָס מויל.

עס איז געוואָרען שטיל. עטוואָס אָנגעשטרענגטעס איז געלעגען אין דיזם דאָזיגען גאַנצען שמועס, און אין דעם שווייגען, און אין דעם גוט־פריינד ווערען, און אין דער מחילה, און אַלע האָבען עס געפיהלט.

„זיי האָבען דאָך אין דער אמת'ן מורא פאַר מיר", האָט ראַסקאָלניקאָוו געטראַכט, קוקענדיג פון אונטער די ברעמען אויף די מוטער און שוועסטער. פולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, וואָס מעהר זי האָט געשווינען, אַלץ מעהר האָט זי ווירקליך זיך געשראָקען.

*) צורייסט די קיטען, אויב איהר זענט ניט צופרידען.

נעמישט, — די אויספיהרונג פון דער זאך איז אפטמאל קונציג, אונ־נעוועהנליך קלוג, אבער די געדאנקען, וועלכע רופען ארויס די האנד־לונגען, דער קוואל פון די דאזיגע הנאדלונגען איז צורודערט און העננט אפ פון פארשידענע קרענקליכע איינדריקען. עס איז עהנליך אויף א חלום.

„דאס איז דאך אבער אייגענטליך זעהר גוט, וואס ער האלט מיך כמעט ווי פאר א משוגע'נעם". האט ראסקאלניקאוו א טראכט געטאן.

— אויב אזוי. טרעפט זיך, דאכט זיך, דאס אייגענע מיט געזונדע אויך, — האט דוניטשקע באמערקט, אומרוהיג קוקענדיג אויף זאסי־מאוו'ן.

— א גאנץ ריכטיגע באמערקונג, — האט יענער געענטפערט.— אין דער דאזיגער הינזיכט זיינען מיר אלע ווירקליך, זעהר אפט אפילו, כמעט ווי פאררירקטע, אבער מיט איין קליינעם אונטערשיד: די „קראנקע" זיינען עטוואס מעהר פאררירקט ווי מיר, ווייל דא מוז מען זיך האלטען אן א געוויסע גרעניץ. און קיין הארמאנישער מענש איז כמעט גאר ניט בנמצא, דאס איז אמת; אויף צעהנדליגער, און אפשר אויף פיעל הונדערטער טויזענדער קומט אוים צו איין עקזעמפלאר, און דאס זיינען אייגענטליך אויך גאנץ שוואכע עקזעמפלארען...

ביי דעם ווארט „פאררירקטע", וואס האט זיך אזוי נישט־פארזיכ־טיג ארויסגעכאפט ביי זאסימאוו'ן, וועלכער האט זיך זעהר צו'דרשנ'ט אויף זיין נעליעבטע טעמע, האבען זיך אלע א קנייטש געטאן. ראס־קאלניקאוו איז געזעסען, גלייך ווי עס וואלט איהם גארנישט אנגע־גאנגען, פארטראכטערהייד און מיט א מאדנעם שמייכעל אויף די בלא־סע ליפען. ער האט ניט אויפגעהערט עפעס צו בארעכענען.

— נו, יא ,איז וואס איז דאס געווען מיט דעם דאזינגען איבער־געפאהרענעם? איך האב דיר איבערגעשלאגען! — האט ראזומיכין האסטיג אויסגעשריען.

— וואס? — האט יענער זיך אזוי ווי פון שלאף אויפגעכאפט.

— אהא... נו, האב איך מיך אויסגעשמירט אין בלוט, העלפענדיג איהם איבערצוטראגען אהיים... מחשבות'ן, מאמישי, איך האב נעכטען אפ־געטאן זעהר א גרויסע נארישקייט: איך בין אין דער אמת'ן אפנים ניט געווען ביים קלארען זינען. דאס גאנצע געלט, וואס איהר האט מיר צוגעשיקט, האב איך נעכטען אפגעגעבען... זיין ווייב... אויף דער לויה. איצט איז זי אן אלמנה, א שווינדזיכטיגע, אומגליקליכע פרוי...

אלע זיינען שוין יוידער פאלקאם גליקליך."

— יאָ, יאָ... דאָס אַלעס פאַרדריסט מיר זעהר... — האָט ראַס־קאָלניקאָוו שטאַמלענדיג געענטפערט, אבער מיט אזא צוטראַגענעם און כמעט ניט ־ אויפמערקזאמען בליק, אז דוניטשקע האט איהם זעהר פארוואונדערט אַנגעקוקט.

— וואס האב איך עפּעס נאך געוואָלט זאגען, — האט ער פארט־געזעצט, זיך אָנשטרענגענדיג צו דערמאהנען זיך. — יאָ: איך בעט אייך זעהר, מאמישי, און דיך אויך, דוניטשקע, איהר זאלט ניט מיי־נען, אז איך האב צו אייך היינט ניט געוואלט דער ערשטער קומען און געווארט, איהר זאלט אפריהער קומען צו מיר.

— וואס רעדסטו דאס, ראָדיא! — האט פולכעריא אלעקסאנד־ראוונא אויסגעשריען, אויך שטארק פארוואונדערט.

„וואס איז דאס אזוינס, ער ענטפערט אונז, אזוי ווי מען וואלט איהם נויטען, צי וואס?" האט דוניטשקע א טראכט געטאן, — „ער ווערט גוט־פריינד און בעט מחילה, גלייך ווי ער ערפילט עפּעס א פליכט אדער א לעקציע איינגע'חזר'ט".

— ווי נאָר איך האב מיך אויפגעכאפּט, האב איך געוואָלט געהן, נאר די קליידער האבען מיך פארהאלטען; פארגעסען נעכטען צו זאגען איהר... נאסטאסיא'ן.... זי זאָל אָפּוואשען דאס בלוט... ערשט זיך אנגעטאָן...

— דאָס בלוט! וואס פאר א בלוט? — האט פולכעריא אלעק־סאנדראוונא אומרוהיג אויסגעשריען.

— דאָס איז אזוי זיך... ניט באאונרוהיגט זיך. דאָס בלוט איז דערפון, וואס נעכטען, זיך ארומשלעפּענדיג א ביסעל אין היץ, האב איך זיך אנגעשטויסען אויף אן איבערגעפאהרענעם מענשען... עפּעס א באאמטען...

— אין היץ? דו געדענקסט דאך אבער אלץ, — האט ראזומיכין איהם איבערגעשלאגען.

— דאס איז אמת, — האט ראסקאלניקאוו דערויף געענטפערט מיט א וואונדערליכער גרייטקייט, — איך געדענק אלץ, מיט אלע קלענסטע פרטים, אבער ווען דו טוסט מיך, א שטייגער, א פרעג: צוליעב וואס האב איך ד א ס געטאן, א ה י ן געגאנגען, י ע נ ץ געדערט? וועל איך עס שוין ניט קענען גוט ערקלערען.

— זעהר א באקאנטע ערשיינונג, — האט זיך זאסימאוו אריינ־

איהם ארויס, און ווי איינפאד, און צארט ער האט עס געענדיגט די
נעכטיגע מיספארשטענדניש מיט דער שוועסטער — נאר דערמיט, וואס
ער האט אויסגעשטרעקט די האנט אין אזא רגע, און א גוטען קוק גע־
געבען... און וואס פאר א הערליכע אויגען ער האט, און ווי דאס גאנצע
פנים זיינס איז הערליך!... ער איז נאך שענער פאר דוניטשקען... אבער
גאט מיינער, וואס פאר אן אנצוג ער טראגט עס, ווי שרעקליך ער איז
געקליידט!... ביי אפאנאסי איוואנאוויטש'ן אין קראם איז וואסיא דער
משרת שוין בעסער געקליידט!... איך וואלט, דאכט זיך, גלייך צוגע־
פאלען צו איהם, און וואלט איהם ארומגענומען, און... וואלט זיך פור־
נאנדערגעווינט — נאר איך האב מורא, איך האב מורא... ער איז עפעס
אזא מאדנער, מיין גאט! דאכט זיך, אט רעדט ער אזוי ווייך און צור־
געלאזט, איך האב אבער מורא! נו, פארוואס האב איך מורא?“

— אך, ראדיא, דו וועסט ניט גלויבען, — האט זי פלוצלונג אנ־
געהויבען, איילענדיג זיך צו ענטפערן אויף זיין באמערקונג, — ווי איך
מיט דוניטשקען זיינען מיר נעכטען געוועזן... אומגליקליך! איצט ווען
אליץ איז שוין פאריבער און געענדיגט, און מיר זיינען אלע ווידער
גליקליך, — קען מען עס דערצעהלען אין פריידען. שטעל דיר פאר,
מיר לויפען אהער, דיך ארומצונעהמען, שיער ניט גלייך פון וואגאן
ארוים, און די דאזיגע פרוי, — אהא, אט איז זי דאך! גוט מארגען
דיר, נאסטאסיא!... טוט זי אונז פלוצלונג א זאג, אז דו ליעגסט אין
ווייסען פיבער און ביסט ערשט אנטלאפען פונ'ם דאקטאר, אין היץ, און
אז מען איז דיך אוועקגעלאפען זוכען. דו וועסט ניט גלויבען, וואס
מיט אונז איז געוועזן! מיר האט זיך גראד דערמאהנט, ווי שרעקליך
עס איז אומגעקומען פאטאנטשיקאוו דער אפיציר, אונזערער א באַ־
קאנטער, דעם פאטער דיינעמס א פריינד, — דו געדענקסט איהם ניט,
ראדיא, — אויך אין ווייסען פיבער און אויך אזוי ארויסגעלאפען און
איז אויפ'ן הויף אריינגעפאלען אין ברונען אריין, ערשט אויפ'ן צוויי־
טען טאג האט מען איהם געקענט ארויסשלעפען. און מיר האבען,
פארשטעהט זיך, נאך מעהר איבערגעטריבען. מיר האבען שוין גע־
וואלט זיך לאזען זוכען פיאטר פעטראוויטש'ן, כדי כאטש מיט זיין
הילף... ווייל מיר זיינען דאך געוועזן אליין, עלענד און איינזאם, —
האט זי אויסגעצויגען מיט א יאמערליכען קול און זיך פלוצלונג אפגע־
האקט, זיך דערמאהנט, אז מאכען א רייד וועגען פיאטר פעטרא־
וויטש'ן איז נאך גאנץ געפעהרליך, ניט קוקענדיג אויף דעם. „וואס

איינינגע פארליעבען זיך ממש אין זיי. און איך בין דאך ניט רייד אין פאציענטען.

— איך רייד שוין ניט וועגען איהם, — האט ראסקאלניקאוו צו־געגעבען, אנווייזענדיג אויף ראזומיכינען. ער האט פון מיר אויך גאר־נישט געהאט, אויסער באליידיגונגען און קאפדרעהעניש.

— ווי ער ליינט עס אביסעל! דו ביסט היינט אפנים אין א סענטימענטאלער שטימונג, צי וואס? — האט ראזומיכין אויסגע־שריען.

ווען ער וואלט געווען שארפזיניגער, וואלט ער דערזעהן, אז פון קיין סענטימענטאלער שטימונג איז קיין שפור ניט געווען, פאר־קעהרט, ס'איז געווען גאר עפעס אנדערש, דער היפך דערפון. אוודאטיא ראמאנאוונא האט עס אבער יא באמערקט. זי האט ניט אראפגענו־מען איהרע אומרוהיגע בליקען פון דעם ברודער.

— און וועגען אייך, מאמישי, וואג איך אפילו ניט צו ריידען,— האט ער פארטגעזעצט ,גלייך ווי ער וואלט א לעקציע איינגע'חזר'ט אין דער פריה. — היינט האב איך ערשט געקענט אויף וויפיעל ניט איז באגרייפען, וויפיעל יסורים איהר האט נעכטען געמוזט אויסשטעהן, ווארטענדיג אויף מיין צוריקקומען.

אפגעזאגט דאס, האט ער פלוצלונג אהן ווערטער און מיט א שמייכעל אויסגעשטרעקט דער שוועסטער די האנט. אין דעם דאזי־גען שמייכעל אבער האט דאסמאל א שיין געטאן אן אמת'דיג אויפ־ריכטיג געפיהל. דוניא האט גלייך א כאפ געטאן און א הייסען דריק געגעבען זיין אויסגעשטרעקטע האנט, מיט פרייד און דאנקבארקייט. צום ערשטען מאל האט ער זיך געווענדט צו איהר נאך דעם נעכ־טיגען איבעררייידען זיך. דאס געזיכט פון דער מוטער האט גענומען שיינען פאר ענטציקונג און גליק. צוקוקענדיג דאס דאזיגע ענדגילטיגע און שווייגענדיגע גוטפריינד־ווערען פון דעם ברודער מיט דער שוועס־טער.

— אט דערפאר טאקע האב איך איהם ליעב! — האט ארויסגע־מורמעלט ראזומיכין, וועלכער האט גע‏האט א טבע אלעס צו מגזם זיין. און האט זיך ענערגיש א דרעה געטאן אויף זיין שטוהל. — עפעס האט ער אין זיך אזעלכע באוועגונגען!...

„און ווי גוט דאס קומט ביי איהם ארויס". האט די מוטער געע־טראכט פאר זיך. — „וואס פאר אן איידעלע געפיהלען עס רייסען זיך

געפאלט טיילווייז מיט דער צייט פון אייער ארויסטרעטען פון דער אוניווערזיטעט. איהר טאָרט ניט בלייבען אהן א באשעפטיגונג, און דעריבער דאכט זיך מיר, אז ארבייט און א פעסט אוועקגעשטעלטעם ציעל וואלטען אייך זעהר געקענט העלפען...

— יא, יא, איהר האט פאלקאם רעכט... אט וועל איך באלד אנ־קומען אין אוניווערזיטעט, און דאן וועט אלץ אוועקגעהן... ווי גע־שמירט...

זאסימאוו, וועלכער האט אנגעהויבען זיינע קלוגע עצות טיילווייז אויך אום צו מאכען אן עפעקט אויף די דאמען, איז, פארשטעהט זיך, געווארען אביסעל מטושטש, ווען, געענדיגט די רעדע און א קוק געטאן אויף זיין צוהערער, האט ער דערזעהן אין זיין געזיכט אן אויסדריק־ליכען שפּאטישען שמייכעל. איבריגענס האט עס געדויערט איין אויגענבליק. פולכעריא אלעקסאנדראָוונא האט גלייך גענומען דאנקען זאסימאוו'ן, איבערהויפּט פאר דעם נעכטיגען באזוך צו זיי אין האָ־טעל.

— וואס איז, ער איז ביי אייך דען געווען ביינאכט אויך? — האט ראסקאלניקאוו געפרעגט, עפּעס אזוי ווי ווערענדיג אומרוהיג, — הייסט עס, איהר האט אויך ניט געשלאפען און נאך זייענדיג פון וועג.

— אך, ראדיא, דאס איז דאך אלץ געווען בלויז ביז צוויי דעם זייגער. אין דער היים פלעגען מיר זיך אויך קיינמאל ניט לעגען פריי־הער פאר צוויי.

— איך ווייס אויך ניט, מיט וואס איך זאל איהם באדאנקען, — האט ראסקאלניקאוו פארטגעזעצט, ווערענדיג פּלוצלונג כעס'דיג און אראפּלאזענדיג די אויגען. — פארבויגענדיג די פראגע וועגען געלט, — ענטשולדיגט, וואס איך דערמאהן וועגען דעם (האט ער זיך געווענדט צו זאסימאוו'ן), ווייס איך שוין גאר ניט, מיט וואס האב איך עס פארדיענט ביי אייך אזא מין באזונדערע אויפמערקזאמקייט? ממש איך פארשטעה עס ניט... און... און עס איז מיר זאגאר שווער, דען עס איז אונפארשטענדליך: איך זאג אייך עס ארויס אפען.

— רעגט זיך ניט אויף, — האט זאסימאוו זיך צולאכט מיט א געמאכטען געלעכטער, שטעלט אייך פאר, אז איהר זענט מיין ערש־טער פאציענט, נו, און א נאָש־בראט, וואס הויבט ערשט אן צו פּראק־טיצירען, האט ליעב זיינע ערשטע פּאציענטען, ווי אייגענע קינדער, און

פארשאפט די שרעקליכסטע ווערטאגען: נאר אין דערזעלבער צייט האט ער באאונרוהיגט דעם נעכטיגען מאנאמאן, וואס נעכטען פלעגט איהם דאכ מינדסטע ווארט ארייננבריינגען שיער ניט אין רציחה. און היינט האט ער מיט א זעלטענער קראפט באהערשט און פארבארגען זיינע געפיהלען.

— יא, איך זעה איצט אליין, אז איך בין כמעט שוין געזונד,— האט ראסקאלניקאוו געזאגט, פריינדליך קושענדיג די מוטער און די שוועסטער, פון וואס פולכעריא אלעקסאנדראווגא האט גלייך גענומען שיינען. — און איך זאג עס שוין ניט ווי נעכטען, — האט ער צוגעגעבען, זיך ווענדענדיג צו ראזומיכינען און דריקענדיג איהם פריינדליך די האנט.

— און איך האב מיך זאגאר פארוואונדערט היינט, — האט זאַ־סימאוו אנגעהויבען, זעהר צופרידען מיט די געסט, ווייל פאר די צעהן מינוט האט זיך שוין אפגעריסען דער פאדים פון דעם געשפרעך, וועל־כען ער האט אונטערגעהאלטען מיט זיין חולה. — אין א טאג דריי־פיער ארום, אויב ס'וועט אזוי ווייטער געהן, וועט ער זיין ווי פריהער, דאס הייסט, ווי ער איז געוועזען מיט א מאנאט צוריק, אדער מיט אדער אפשר מיט דריי... זענט זיך איצט מודה, אז איהר זענט אפשר אליין שולדיג געווען? — האט ער צוגעגעבען מיט א פארזיכטיגען שמייכעל, גלייך ווי ער האט נאך אלץ מורא געהאט איהם אויפצו־רייצען מיט עפּעס.

— עס איז זעהר מעגליך, — האט ראסקאלניקאוו קאלט גע־ענטפערט.

— איך זאג עס אנטקעגען דעם, — האט זאסימאוו פארטגעזעצט, באקוקענדיג נאך מעהר חשק, — אז אייער פאלקאם געזונד ווערען וועגדט זיך איבערהויפט אן אייך אליין. איצט, ווען מען קען שוין מיט אייך ריידען, וואלט איך אייך וועלען איבערציינגען, אז עס איז זעהר נויטיג צו באזייטיגען די עלעמענטארסטע, אדער אזוי צו זאַ־גען, די ראדיקאלסטע אורזאכען, וואס האבען געווירקט אויף אייער ארגאניזם, ער זאל קראנק ווערען. — דאמאלס וועט איהר זיך ערשט אויסהיילען, אניט וועט נאך זיין אפילו ערגער. די דאזיגע עלעמענטארע אורזאכען זיינען מיר ניט באקאנט, איהר אבער דארפט פון זיי ווי־סען. איהר זענט א קלוגער מענש, און געוויס האט איהר זיך באאבאכ־טעט. מיר דאכט זיך, דער אנפאנג פון אייער קרענקליכען צושטאנד

געזעסען אין א ווינקעל איהם געגענאיבער, שוין אינגאנצען אנגעטאן און אפילו זעהר זויבער אייגנגעוואשען און פארקאמט. וואס מיט איהם האט זיך עס שוין לאנג ניט געטראפען. דאס צימער איז מיט אמאל פול געווארען, דאך האט נאסטאסיא באוויזען אריינצוקומען גלייך נאך די געסט און גענומען זיך צוהערען.

ראסקאלניקאוו איז ווירקליך געווען כמעט ווי געזונד, באזונדערס אין פארגלייך מיט זיין נעכטיגען צושטאנד, אבער זעהר בלאס, צוטראגען און פינסטער. אויסערליך איז ער געווען עהנליך אויף א פארוואונדעטען מענשען, אדער אויף איינעם, וואס טראגט אריבער עפעס א שטארקען פיזישען וועהטאג: די ברעמען זיינען איהם געווען צונויפגעצויגען, די ליפען צונויפגעפרעסט, דער בליק האט געברענט. גערעדט האט ער ווינציג און ניט גערן, עפעס אזוי ווי איבער געוואלט אדער ערפילענדיג א חוב, און א געוויסע אומרוהיגקייט פלעגט זיך צייטענווייז באווייזען אין זיינע באוועגונגען.

עס האט בלויז געפעהלט, די האנט זאל איהם זיין ארומגעבונדען אדער דער פינגער זאל זיין איינגעוויקעלט אין טאפט, ער זאל אינגאנצען עהנליך זיין אויף א מענשען, וועמען עס רייסט, א שטיינער, אז א פינגער מיט א שרעקליכען וועהטאג, אדער די האנט איז צושעדיגט, אדער עפעס אנדערש אין דער ארט.

דאך האט זיין פינסטער בלאסער פנים אויפגעשטראלט אויף איין אויגענבליק, ווען עס זיינען אריינגעקומען די מוטער און די שוועסטער. נאר דאס האט בלויז צוגעגעבען צו דעם אויסדריק פון דעם געזיכט, אנשטאט דער פריהערדיגער פארביינקטער צוטראגענהייט, עפעס אזוי ווי מעהר קאנצענטרירטען שמערץ. דער שיין האט זיך אויסגעלאשען, אבער דער שמערץ איז פארבליבען, און זאסימאוו, וואס האט באאבאכטעט און שטודירט דעם פאציענט זיינעם מיט דעם גאנצען ברען פון א דאקטאר, וואס הויבט ערשט אן צו פראקטיצירען, האט מיט פארוואונדערונג באמערקט אין איהם אנשטאט פרייד, וואס די אייגענע זיינען געקומען, עפעס אזוי ווי א שווערע פארבארגענע ענטשלאסענהייט איבערצוטראגען א שעה — די אנדערע די שרעקליכסטע יסורים, וועלכע מען קען שוין ניט אויסמיידען. ער האט דערנאך דערזעהן, אז כמעט איטליכעס ווארט פון דעם שמועס, וואס האט זיך באלד דערויף אנגעהויבען, האט אזוי ווי אנגערירט עפעס א וואונד ביי זיין פאציענט און האט איהם דורכדעם

פרוי, די בעל־הבית׳טע זיינע, האלט עס פאר א צימער? הערט, איהר זאָגט, אז ער האט פיינט אויסצוגיסען דאס הארץ, וועל איך איהם אפשר דערעסען מיט מיינע... שוואכקייטען?... אפשר וועט איהר מיך אויסלערנען, ווי איך זאל מיך מיט איהם האלטען? איהר ווייסט, איך נעה ארום ווי א צוטומעלטע.

— ניט פרעגט איהם פונאנדער צופיעל, אויב איהר וועט דער־זעהן, אז איהם איז שווער; באזונ־ערס זאלט איהר זיך ניט נאכפרע־גען זעהר אויף זיין געזונד: ער האט דאס פיינט.

— אך, דמיטרי פראקאפאיטש, ווי שווער עס איז צו זיין א מו־טער! נאר אט זיינען שוין די טרעפ... ס׳אר א שרעקליכע טרעפ!

— מאמישי, איהר זענט אזוי בלאס, בארוהיגט זיך, מיין טייערע, — האט דוניא געזאגט, לאַשטשענדיג זיך צו איהר. — איהר דארפט דאך נאך זיין גליקליך. וואס ער זעהט אייך, און איהר האט אזוי פיעל יסורים, — האט זי צוגעגעבען. א בליין טוענדיג מיט די אויגען.

— ווארט א ווײלע, איך וועל אפריהער זעהן, צי ער איז אויפ־געשטאנען.

ביידע פרויען זיינען לאנגזאם נאכגעגאנגען ראזומיכינען, וועלכער האט זיך אפריהער ארויפגעכאפט אויף די טרעפ. און ווען זיי זיינען שוין געווען אויף׳ן פיערטען שטאק אנטקעגען דער בעל־הבית׳טעס טיר, האבען זיי דערזעהן, אז זי איז אפען אויף א קליין שפעלטעלע און צוויי שארפע שווארצע אויגען באטראכטען זיי ביידען פון דער פינס־טערניש ארויס. ווען די בליקען האבען זיך אבער באגעגענט, האט זיך די טיר פלוצלונג פארהאקט, און מיט אזא אימפעט, אז פולכעריא אלעקסאנדראָוונא האט שיער ניט א געשריי געטאָ פאר שרעק.

---

## דריטעס קאפיטעל.

— געזונד, געזונד! — האט זאסימאָוו באגעגענט מיט א פרעה־ליכע געשריי די אריינגעקומענע.

ער איז שוין געווען געקומען מיט א מינוט צעהן צוריק און איז געזעסען אין זיין נעכטיגען ווינקעל אויפ׳ן דיוואַן ראסקאלניקאָוו איז

— מיין גאָט! — האָט פּולכעריאַ אַלעקסאַנדראָווּנאַ אויסגע־שריען, — האָב איך עס גאָר געקענט טראַכטען. אַז איך וועל מורא האָבען צו זעהן זיך מיט מיין זוהן, מיט מיין ליעבען, ליעבען ראָדיאַ'ן. אַזוי ווי איך האָב איצט מורא!... איך האָב מורא, דמיטרי פּראָקאָ־פּאָיטש! — האָט זי צוגעגעבען, און ניט־זיכער אויף איהם אַ קוק גע־טאָן.

— ניט האָט מורא, מאַמישי, — האָט דוניאַ געזאָגט, קושענדיג זי, — בעסער גלויבט אין איהם.

— אַך, גאָט מיינער! איך גלויב אויך, און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געשלאָפען — האָט די אָרימע פרוי אויסגעשריען.

זיי זיינען אַרויס אויפ'ן גאַס.

— דו ווייסט, דוניטשקע, ווי נאָר איך בין באַגינען אַ ביסעל אַנטשלאָפען געוואָרען, איז מיר פּלוצלונג געקומען צו חלום מאַרפאַ פּעטראָווּנאַ, עליה השלום... דורכאויס אין ווייסען... צוגעגאַנגען צו מיר, אַנגענומען פאַר'ן האַנט, און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, עפּעס אַזוי שטרענג, אַזוי שטרענג, ווי מיט פאַרוואורף... זאָל עס באַטש זיין צו גוטען? אַך, גאָט מיינער, דמיטרי פּראָקאָפּאָיטש, איהר ווייסט עס נאָך ניט: מאַרפאַ פּעטראָווּנאַ איז געשטאָרבען!

— ניין, איך וויים ניט! וואָסער מאַרפאַ פּעטראָווּנאַ?

— פּלוצלונג! און שטעלט אייך פאָר...

— שפּעטער, מאַמישי, — האָט זיך דוניאַ אַריינגעמישט, — זיי ווייסען דאָך ניט, ווער זי איז אַזוינס, אַט די מאַרפאַ פּעטראָווּנאַ.

— אַך, איהר ווייסט ניט? און איך האָב געמיינט, איהר ווייסט שוין אַלץ. איהר וועט מיך ענטשולדיגען, דמיטרי פּראָקאָפּאָיטש, איך פאַרליר ממש דעם קאָפּ פאַר די לעצטע עטליכע טעג. כ'לעבען איך האַלט אייך פאַר אַ מלאך פון גאָט, צו אונז אַראָפּגעשיקט, און דאָרום בין איך געווען אַזוי איבערצייגט, אַז איהר ווייסט פון אַלץ. איך האַלט אייך ווי פאַר אַ אייגענעם... ניט זענט אין כעס, וואָס איך רייד אַזוי. אַך, גאָט מיינער, וואָס איז דאָס ביי אייך אויף דער רעכטער האַנט! צושלאָגען?

— יאָ, צושלאָגען, — האָט ראַזומיכין אַ גליקליכער אַרויסגע־שטאַמעלט.

— אָפּטמאָל רייד איך שוין מיט צופיעל האַרץ, אַזוי אַז דוניאַ פאַרריכט מיך... אָבער גאָט מיינער, אין וואָס פאַר אַ קבר'ל ער וואוינט עס! איז ער שוין באַטש אויפגעשטאַנען? און די דאָזיגע

— וואס איז אונז אזוי שווער אנגעקומען, מאמישי, — האט אוודאטיא ראמאנאוונא צוגעגעבען.

— ער איז נעכטען געווען ניט מיט אלעמען, — האט ראזומיכין פארטראכטערהייד ארויסגערעדט. — ווען איהר זאלט געווען וויסען וואס ער האט דארט אנגעטאן אין טיי־הויז, אפילו זעהר קלוג... הם! וועגען עפּעס איינעם א געשטארבענעם מיט א מיידעל האט ער מיר ווירקליך נעכטען דערצעהלט, בשעת מיר זיינען געגאנגען אהיים, איך האב אבער קיין איין ווארט ניט פארשטאנען.. איבריגענס בין איך נעכטען אליין געווען...

— די גלייכסטע זאך, מאמישי, לאמיר צו איהם אליין אראפּגעהן און דארט, קענט איהר זיין זיכער, וועלען מיר גלייך זעהן, וואס מיר האבען צו טאן. און ס'איז גלאט שוין צייט. מיין גאט! די עלפטע שעה!

— האט זי אויסגעשריען. א קוק געבענדיג אויף דאס פּראכטפולע גאל־דענע זייגערל מיט עמאל, וואס איז געהאנגען ביי איהר אויפ'ן האלז אויף א דין ווענעדיגער קייטעלע און וואס האט שרעקליך ניט האר־מאנירט מיט דעם איבעריגען אנצוג.

„דעם חתנ'ס א געשאנק". האט ראזומיכין א טראכט געטאן.

— אך ,שוין צייט !... צייט, דוניטשקע, צייט! — האט זיך פּול־כעריא אלעקסאנדראוונא גענומען אומרוהיג איילען. — מען קען נאך נאר מיינען, אז מיר זיינען ברוגז פאר נעכטיגעס, וויבאלד מיר זיינען נאך אזוי לאנג נישטא. אך, מיין גאט!

מיט די ווערטער האט זי איילענדיג ארויפגעווארפען אויף זיך די מאנטיליע און אנגעטאן דאס היטעלע; דוניטשקע האט זיך אויך אנגעטאן. איהרע האנדשוה'ן זיינען געווען ניט בלויז אפּגעטראגען, נאר אפילו צוריסען, — ראזומיכין האט עס באמערקט, — און דאך האט די דאזיגע אפּענע ארימקייט פון זייערע קליידער צוגעגעבען ביי־דע דאמען עפּעס א באזונדערע זעלבסטווירדע, ווי דער שטייגער איז מיט די, וועלכע פארשטעהען ווי צו טראגען ארימע קליידער. ראזומי־כין האט מיט עהרפורכט געקיקט אויף דוניטשקען און איז געווען שטאלץ, וואס ער וועט זי פיהרען.

„די קעניגין", — האט ער פאר זיך געטראכט, — „וועלכע האט געצירעוועט די זאקען איהרע אין געפענגעניש, האט שוין געווים דא־מאלס אויסגעזעהן אז אמת'ע קעניגין און אפילו מעהר ווי איז דער צייט פון די רייכסטע פייערטעג און בעלער".

ווארען: הייסט עס, אלזא, אז וויבאלד ער געהט שוין אַרויס אין דרויסען, קען ער צו אייך אויך קומען. דעריין האב איך זיך איבערצייגט מיט מיינע אייגענע אויגען אין דער וואוינונג פון איינעם א שכור'ניק, וועלכען פערד האבען צוטראטען, פון וואס ער איז געשטארבען; דער טאכטער זיינער, א מיידלע פון שענדליכער אויפפיהרונג, האט ער נעכטען ארויסגעגעבען ביז פינפאונצוואנציג רובל כלומרשט אויף דער לויה, וואס האט מיך זעהר פארוואונדערט, ווייסענדיג, מיט וואס פאר א שוועריגקייטען איהר האט צונויפגעמאכט די דאזיגע סומע. דערביי באצייג איך מיין הויכאכטונג דער געעהרטער אוודאטיא ראמאנאוונא און בעט אנצונעהמען די געפיהלען פון רעספעקטפולער איבערגעבענהייט.

פון אייער איבערגעבענסטען דיענער

פ. לוזשין."

— וואס זאל איך איצט טאן, דמיטרי פראקאפאיטש? האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא אנגעהויבען, שיער ניט דורך טרעהרען. — נו, ווי זאל איך עס זאגען ראדיא'ן, ער זאל ניט קומען? ער האט אזוי דרינגליך נעכטען געפאדערט, מען זאל אינגאנצען אפזאגען פיאטר פעטראוויטש'ן, און דא הייסט מען איהם אליין ניט אויפנעהמען! ער וועט דאך אויף צו להכעיס קומען, אז ער וועט זיך דערוויסען, און... וואס וועט דאמאלס זיין?

— טוט אזוי, ווי אוודאטיא ראמאנאוונא האט באשלאסען. — האט רוהיג און גלייך ראזומיכין געענטפערט.

— אך, גאט מיינער! זי זאגט... דאס גוטע יאהר ווייסט איהר וואס זי זאגט! זי זאגט מיר ניט אויס, וואס איהר מיין איז! זי זאגט, אז ס'וועט זיין גלייכער, דאס הייסט, ניט וואס גלייכער, נאר ס'איז עפעס דורכאוים כלומרשט נויטיג, אז ראדיא זאל אויך דוקא היינט קומען אכט דעם זייגער און זיי זאלען זיך אונבאדינגט טרעפען... און איך האב איהם אפילו דעם בריעף ניט געוואלט באווייזען, און האב געוואלט עפעס צוטראכטען, מיט אייער הילף, א תירוץ, ער זאל ניט קומען... ווייל ער איז אזוי נערוועאיש... היינט איך פארשטעה גלאט ניט, וואס פאר א שכור'ניק איז דארט געשטארבען, און וואס איז דאס פאר א טאכטער, און ווי אזוי האט ער עס געקענט אפגעבען דער דאזיגער טאכטער דאס גאנצע לעצטע ביסעל געלט... וואס...

בעסטע זאך. לייענט איהם אליין אדורך: דא איז פארהאן א פונקט. וועלכער באאונרוהיגט מיך זעהר... איהר וועט באלד אליין זעהן, וואס איז דאס פאר א פונקט, און... איהר זאלט מיר זאגען אייער אפענהערציגע מיינונג, דמיטרי פראקאפאיטש! איהר קענט בעסער פאר אז אנדערן ראדיאס נאטור און קענט בעסער פאר אלעמען אונז געבען אן עצה. איך בין אייך מתרה, אז דוניטשקע האט שוין אליין באשלאסען, פון דעם ערשטען טריט אן, נאר איך, איך ווייס נאך ניט, וואס איך זאל טאן און... און האב אליין געווארט אויף אייך.

ראזומיכין האט געעפענט דעם בריעף, מיט דער נעכטיגער דאטע און האט אדורכגעלעזען פאלגענדעס:

„הויכגעעהרטע פרוי, פולכעריא אלעקסאנדראווונא! איך האב די עהרע אייך צו מעלדען, אז צוליעב אומגעריכעט און ניט פאראויסגעזעהענע סיבות האב איך אייך ניט געקענט באגעגענען אויפ'ן וואקזאל. און האב צוליעב דיזען צוועק געשיקט א מענשען, זעהר א טיכטיגען. צו גלייכער צייט וועל איך ניט האבען די עהרע צו באגריסען אייך מארגען אין דער פריה צוליעב סענטאס־אנגעלעגענהייטען, וועלכע קענען ניט אפגעלעגט ווערען. און אויך צוליעב דעם, איך זאל ניט שטערען דער צוזאמענקונפט צווישען אייך מיט אייער זוהן און אוודאטיא ראמאנאווונא'ן מיט איהר ברודער. די עהרע אייך צו באזוכען און צו באגריסען אין אייער וואוינונג וועל איך ערשט האבען ניט פריהער ווי מארגען פונקט אכט דעם זייגער נאך מיטאג. דערביי וואג איך ביי־צולעגען מיין איבערצייגענדע און, איך וועל אויך זאגען, דרינגליכע ביטע, אז ביי אונזער געמיינזאמער צוזאמענקונפט זאל שוין ראדיאן ראמאנאוויטש זיך ניט געפינען. ווייל ער האט מיך זעהר גראב באליידיגט בעת איך האב איהם נעכטען באזוכט אין זיין קראנקהייט. און מחמת איך האב אויסערדעם צו אייך א נויטווענדיגע און אויספיהרליכע ערקלערונג וועגען א געוויסען פונקט. וועגען וועלכען איך וויל וויסען אייער פערזענליכע מיינונג. דערביי האב איך די עהרע באצייטענס אייך מתרה צו זיין, אז אין פאל אויב איך וועל, טראץ מיין ביטע, טרעפען ראדיאן ראמאנאוויטש'ן, וועל איך זיין געצוואונגען אונגעזאמט אוועקצוגעהן, און דאמאלס זאלט איהר שוין באשולדיגען ניט קיין אנדערען, ווי זיך אליין. איך שרייב אין דער השערה, אז ראדיאן ראמאנאוויטש, וואס איז, דאכט זיך, בעת דעם באזוך מיינעם געוועזן אזוי קראנק, איז אין צוויי שעה ארום פלוצלונג געזונד גע־

ניט זיין קיין אנדער מיינונג, — האָט ראַזומיכין פעסט און מיט היץ געענטפערט. — און איך זאָג דאָס ניט בלויז אויס באַנאַלער העפליכ־קייט, נאָר מחמת... מחמת... נו, שוין מחמת דעם אַליין, וואָס אַוודאָ־טיאַ ראָמאַנאָווּנאַ זעלבסט האָט מיט איהר אייגענעם ווילען באַעהרט דעם דאָזיגען מענשען מיט איהר אויסוואַהל. און אויב איך האָב אויף איהם נעכטען אַזוי פיעל שווארצען מאַהן געשאָטען, איז עס נאָר דער־פאַר, וואָס נעכטען בין איך געווען מיאוס שכור און דערצו נאָך... משוגע: יאָ, משוגע, אָהן אַ קאָפּ, אַראָפּ פון זינען. ממש אַראָפּ פון זינען... היינט איז דאָס מיר אַ שאַנדע!

ער איז רויט געוואָרען און שטיל געבליבען. אַוודאָטיאַ ראָמאַנאָוו־נאַ האָט זיך אָנגעצונדען, האָט אָבער דאָס שטילשווייגעניש ניט אי־בערגעריסען. זי האָט קיין איין וואָרט אַרויסגערעדט, זינט מען האָט גענומען ריידען וועגען לוזשינען.

און כולכעריאַ אַלעקסאַנדראָווּנאַ האָט זיך אָפּנים אָהן איהר שטיצע געפיהלט אין אַ פאַרלעגענהייט. ענדליך האָט זי מיט האַלבע ווערטער, כאָפּענדיג אַלע ווײַלע אַ קוק אויף די טאָכטער, ערקלערט, אַז איצט באַאונרוהיגט זי זעהר איין זאַך.

— איהר פאַרשטעהט, דמיטרי פּראָקאָפּאיטש, — האָט זי אָנגע־הויבען. — איך וועל זיין אָפענהערציג מיט דמיטרי פּראָקאָפּאיטש'ן, דוניטשקע?

— דאָס געוויס, מאַמישי, — האָט אַוודאָטיאַ ראָמאַנאָווּנאַ באַ־שטעטיגט.

— די זאַך דערפון איז אַזוי, — האָט יענע גענומען ריידען גיך־גיך, גלייך ווי מען וואָלט פון איהר אַ באַרג אַראָפּגענעהמען דערמיט, וואָס מען האָט איהר ערלויבט צו דערצעהלען איהר צער. — היינט, זעהר פריה, האָבען מיר ערהאַלטען פון פּיאָטר פּעטראָוויטש'ן אַ בריעף, אַלס ענטפער אויף אונזער נעכטיגע מעלדונג וועגען אונזער קומען. איהר פאַרשטעהט, נעכטען האָט ער אונז געדאַרפט באַגעגענען, לויט ווי ער האָט אונז געהאַט צוגעזאָגט, אויפ'ן וואָקזאַל. אַנשטאָט דעם האָט מען אונז אַרויסגעשיקט אַנטקעגען עפּעס אַ לאַקיי, מיט דעם אַדרעס פון די דאָזיגע נומערן, ער זאָל אונז ווייזען דעם וועג, און פּיאָטר פּעטראָוויטש האָט אונז געהייסען איבערגעבען, אַז ער וועט צו אונז אַליין אַהער קומען, היינט פריהכּאַרגענס. אַנשטאָט דעם איז היינט פריהמאָרגענס אָנגעקומען פון איהם אָט דער דאָזיגער בריעף... די

ביאוסע... און זעהר א קראנקע און... און א מאדנע.. .איבריגענס, דאכט זיך, האט זי געהאט מעלות אויך. זי האט געוויס געמוזט האבען וועל־כע ניט איז מעלות : אניט לעגט זיך עס ניט אויפ'ן שכל... קיין נדן האט זי אויך גאר ניט געהאט, נאר ער וואלט סיי ווי סיי קיין נדן ניט גע־זוכט... בכלל איז אין אזא זאך שווער צו זאגען א מיינונג.

— איך בין זיכער, אז זי איז געוועזן א וואויל מיידעל, האט אוודאטיא ראמאנאווונא קורץ א אג געטאן.

— דער אויבערשטער זאל מיר מוחל זיין פאר די רייד, איך האב מיך אבער דערפרעהט, אז איך האב מיך דערוואוסט פון איהר טויט. כאטש איך וויים ניט, ווער פון זיי וואלט זיין אומגליקליכער : ער מיט איהר, צי זי מיט איהם ? — האט געזאגט פולכעריא אלעקסאנדראוונא: דערנאך האט זי גענומען פארזיכטיג, אזוי ווי מיט א האלבען מויל, ווידער פונאנדערפרעגען זיך וועגען דער נעכטיגער סצענע צווישען ראדיא'ן און לוזשינען, כאפענדיג אלע ווײלע א קוק אויף דוניען, וועל־כער, דאס איז קענטיג געוועזן, ניט־אנגענעהם.

דער פארפאל האט איהר, ווי עס שיינט, באאונרוהיגט מעהר פאר אלעם אנדערע, ביז צו שרעק און שוידער. ראזומיכין האט ווידעראמאל איבער דערצעהלט אלץ מיט איינאנדער, נאר דאס מאל האט ער אויך צוגעגעבען זיין מיינונג וועגען דעם : ער האט גלייך באשולדיגט ראס־קאלניקאוו'ן, אז ער האט מיט א כיון באליידיגט פיאטר פעטראָ־וויטש'ן, און איצט האט ער עס איהם אפילו ניט געוואלט ענטשול־דיגען מיט זיין קראנקהייט.

— ער האט דאס נאך צוגעטראכט פאר דער קראנקהייט, — האט ער צוגעגעבען.

— איך מיין אויך אזוי, — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא געזאגט, מיט א דערשלאגענער שטים.

זי איז אבער זעהר איבערראשט געווארען, וואס דאסמאל האט ראזומיכין מאדנע פארזיכטיג און זאגאר עפעס מיט א מין אכטונג ארויסגעזאגט זיך וועגען פיאטר פעטראוויטש'ן. אדוואטיא איז דערפון אויך איבערראשט געווארען.

— זענט איהר אלזא אזא מיינונג וועגען פיאטר פעטראוויטש'ן?

— האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא זיך ניט איינגעהאלטען ניט צו פרעגען.

— וועגען דעם קינפטיגען מאן פון אייער טאכטער קען איך גאר

דאס, וואס פיאטר פעטראוויטש שרייבט אין דעם ראזינען בריעף... און וואס מיר ביידע האבען זיך משער געווען, — איז אפשר ניט ריכ־טיג, איהר קענט זיך עס אבער גאר ניט פארשטעלען, דמיטרי פראקא־פאיטש, ווי פאנטאסטיש ער איז און, ווי זאל איך אייך דאס אנרופען.. קאפריז. אויף זיין נאטור האב איך זיך קיינמאל ניט געקענט פארלא־זען, אפילו ווען ער איז אלט געווען ניט מעהר ווי פופצעהן יאהר. איך בין איבערצייגט, אז אפילו אציט קען ער אויך אפטאן איבער זיך עט־וואס אזוינס, וואס קיינעם אין דער וועלט וועט עס קיינמאל אפילו אויף זינען ניט ארויף... וואס דארף מען מעהר: ווייסט איהר דערפון, ווי ער האט מיך מיט אנדערטהאלבען יאהר צוריק איבערראשט, צורודערט און שיער ניט אינגאנצען א תל פון מיר געמאכט, ווען ער האט פלוצלונג זיך ארייגנענומען אין קאפ חתונה צו האבען מיט דער... ווי הייסט זי, — מיט דער טאכטער פון דער זארניצינא, די בעל־הבית'טע זיינע?

— איהר ווייסט עפעס געגויעס יועגען דער ראזיגער געשיכ־טע? — האט אוודאטיא ראמאנאוונא געפרעגט.

— איהר מיינט, — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא מיט היץ פארטגעזעצט, — איהם וואלטען דאמאלס אפגעהאלטען מיינע טרעה־רען, מיינע תחנונים, מיין קראנק ווערען, מיין טויט, וואס וואלט אפשר קומען פון מיין צער, אונזער ארימקייט? ער וואלט רוהיג אריבערגע־טראטען איבער אלע שטערונגען. און דאך האט ער אונז דען ניט ליעב, האט ער אונז דען ניט ליעב?

— ער האט מיט מיר קיינמאל וועגען דער ראזינער געשיכטע ניט גערעדט, — האט ראזומיכין פארזיכטיג געענטפערט, — איך האב אבער עפעס יא געהערט פון מאדאם זארניצינא אליין, וועלכע איז אויך ניט פון די איבריגס בארעדטע, און איהר אופן, פארשטעהט זיך, און דאס וואס איך האב געהערט, איז אביסעל אויסטערליש.

— וואס, וואס האט איהר געהערט? — האבען אין איין קול געפרעגט ביידע פרויען.

— איבריגענס כמעט קיינס אינטערעסאנטעס. איך בין נאר געוואהר געווארען, אז דער ראזיגער שידוך, וואס איז שוין געווען אן אפגעמאכטע זאך, און ס'איז פון איהם גארנישט געווארען נאר מחמת דער כלה'ס טויט, איז דער מאדאם זארניצינא אליין אויך געווען זעהר ניט צום הארצען... אויסערדעם, זאגט מען, אז די כלה איז געווען ניט קיין שענע, דאס הייסט, מען זאגט, אז זי איז אפילו געווען א

ליך קלייד פון א לייכטען שטאף. און אויפ'ן האלז איז געווען אויס־
געבונדען א ווייס דורכזיכטיג שאלכעל. פון פיעל סמנים האט ראזו־
מיכין גלייך דערקענט, אז די ארט לעבען פון ביידע פרויען איז זעהר
ארים. ווען אוודאטיא ראמאנאוונא וואלט געווען געקליידט ווי א
קעניגין, וואלט ער, דאכט זיך, פאר איהר גאר קיין מורא ניט גע־
האט; איצט אבער, ס'קען זיין, אז גראד דערפאר, וואס זי איז געווען
אזוי ארים געקליידט און וואס ער האט באמערקט דעם גאנצען דלות
ארום זיי, האט זיך א פחד באזעצט אין זיין הארצען. און ער האט
גענומען מורא האבען פאר איטליכעם ווארט זיינס, פאר איטליכע בא־
וועגונג, וואס איז, נאטירליך געווען זעהר שווער פאר א מענשען, וועל־
כער האט שוין אזוי אויך זיך אליין ניט געטרויט.

— איהר האט זעהר פיעל אינטערעסאנטעס געזאגט וועגען דעם
ברודערס נאטור... און געזאגט אהן פניות. אזוי דארף זיין; איך האב
געמיינט, אז איהר פארגעטערט איהם, — האט אוודאטיא ראמאנאוו־
נא באמערקט מיט א שמייכעל. — דאכט זיך, דאס איז אויך ריכטיג,
אז נעבען איהם דארף זיך געפינען א פרוי. — האט זי פארטראכט
צוגעגעבען.

— איך האב דאס ניט געזאגט. איבריגענס, קען זיין, אז איהר
האט אין דעם אויך רעכט, נאר...

— וואס?

— ער האט דאך קיינעם ניט ליעב. און וועט אפשר קיינמאל
ניט ליעבען, — האט ראזומיכין אפגעהאקט.

— דאס הייסט, ער איז ניט פעהיג צו ליעבען?

— איהר ווייסט, אוודאטיא ראמאנאוונא, איהר זענט אליין אויך
שרעקליך עהנליך אויף אייער ברודער. אין אלע הינזיכטען! — האט
ער פלוצלונג אויסגעשאסען, אומגעריכט פאר זיך אליין. נאר גלייך
זיך דערמאהנט, וואס ער האט איהר ערשט דערצעהלט וועגען דעם זעל־
בען ברודער, איז ער רויט געווארען ווי פייער און האט זיך שרעקליך
פארשעמט.

אוודאטיא ראמאנאוונא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען פון
געלעכטער, קוקענדיג אויף איהם.

— וואס אנבאלאנגט ראדיען קענט איהר ביידע האבען א טעות,
— האט אונטערגעכאפט פולכעריא אלעקסאנדראוונא, מיט א שטי־
קעל פארדרוס. — איך רייד ניט וועגען דאס איצטיגע, דוניטשקע,

נו, און פאר די צוויי יאהר, זייט איהר האט זיך מיט איהם ניט גע־
זעהן, איז א סך וואסער אװעקגעלאָפען. היינט וואס זאָל איך אייך
גלאט זאגען? אנדערטהאלבען יאהר קען איך ראָדיאָנען: רוגזה׳דיג,
פאר׳מרה־שחורה׳ט, גאוה׳דיג און שטאָלץ; פאר דער לעצטער צייט
(און אפשר נאך א סך פריהער) היפּאָכאָנדריש געשטימט און איז אלץ
און אלעמען חושד. גרויססמוטיג און גוטהערציג. האט פיינט צו אויס־
סערן זיינע געפיהלען, און וועט גיכער ארויסווייזען אן אכזריות, אבער
ער וועט ניט אויסגיסען דאס הארץ זיינס פאר קיינעם. און אפטמאָל
איז ער אייגענטליך גאר ניט קיין היפּאָכאָנדריקער, נאר גלאט א קאַל־
טער און א הארטער ביז צו אונמענשליכקייט, גלייך ווי אין איהם וואָל־
טען זיך געטוישט צוויי כאראקטערען. וואס איינער איז דער היפך פון
דעם אנדערן מערקווירדיג, ווי ער איז צייטענווייז ניט־בארעדט!
שטענדיג האט ער קיין צייט ניט. שטענדיג שטערט מען איהם, און
אליין ליעגט ער נאר, טוט גארנישט. האט פיינט זיך צו וויצלען. און
ניט מחמת עס פעהלט איהם דער כח פון שפּאַטען, נאר אזוי ווי ער
וואָלט קיין צייט ניט האבען אויף אזוינע שטות׳ערייען. דערהערט ניט
וואס מען רעדט צו איהם. אינטערעסירט זיך קיינמאָל ניט מיט דעם,
מיט וואס אלע אינטערעסירען זיך אין דעם מאָמענט. האלט פון זיך
אן עולם ומלאה, און האט אפשר קיין טעות ניט. נו, וואס נאך... מיר
דאכט זיך, א—ז אייער קומען וועט אויף איהם האבען א היילזאמע
ווירקונג.

— אך, הלואי, ליעבער גאָט! — האט פולכעריא אלעקסאנד־
ראָוונא אויסגעשריען, שטארק געקוועלט פון ראַזומיכינס מיינונגען ווע־
גען ראָדיא׳ן.

— ראזומיכין האט ענדליך א קוק געטאָן דרייסטער אויף אוודאָ־
טיא ראָמאַנאָוונא׳ן. ער פלעגט אפט אויף איהר כאַפּען א קוק בעת
דעם שמועס, אבער זעהר א גיכען. א האסטיגען, און פלעגט גלייך אפּ־
ווענדען די אויגען. אוודאָטיא ראָמאַנאָוונא פלעגט זיך דאָ זעצען צום
טיש און זיך אויפמערקזאם צוהערען. דאָ פלעגט זי אויפשטעהן און
ווידער אנהויבען אומצוגעהן, אויף איהר שטייגער, פון איין ווינקעל
אין דעם אנדערן, מיט צונויפגעשלאָגענע הענט, צונויפגעפּרעסטע לי־
פען, אמאָל אליין ארייננשטעלענדיג א פראגע, אבער ניט אויפהערענדיג
צו שפּאַנען פארטראַכטערהייד איבער׳ן צימער. זי האט אויך געהאט
א טבע ניט צו דערהערען וואס מען רעדט. זי האט געטראָגען א טונק־

האט ענדליך געגומען שיכטען מיט פראגען נאכאנאנד און אהן אן אויפ־הער.

ענטפערענדיג אויף זיי, האט ער אפגעדערעהט דריי פיערטעל שעה: דערביי האט מען איהם אלע וויילע איבערגעשלאגען און איבערגע־פרעגט. דאך האט ער באוויזען איבערצוגעבען אלע וויכטיגסטע און נויטיגסטע פאקטען, וועלכע ער האט נאר געוואוסט פאר דאס עלצטע יאהר פון ראסקאלניקאוו'ס לעבען, און האט געענדיגט מיט אן אויס־פיהרליכער ערצעהלונג וועגען זיין קראנקהייט. איבריגענס, האט ער פיעל דורכגעלאזט פון דעם, וואס מען האט געדארפט דורכלאזען, אזוי, א שטייגער, וועגען דער סצענע אין דער קאנצעלאריע מיט אלע איהרע רעזולטאטען. די ערצעהלונג זיינע האט מען רוהיג אויסגעהערט; אבער ווען ער האט געמיינט, אז ער האט שוין געענדיגט און צופרידען־גע־שטעלט זיינע צוהערערינס, האט זיך ארויסגעוויזען, אז פאר זיי האט ער נאך אזוי ווי גאר ניט אנגעהויבען.

— זאגט מיר, זאגט, ווי מיינט איהר... אך, ענטשולדיגט, איך וויים נאך ביז איצט ניט אייער נאמען, — האט פולכעריא אלעקסאנ־דראוונא געערדט אין איין אטעם.

— דמיטרי פראקאפאיטש.

— אלזא, דמיטרי פראקאפאיטש, וואלט איך זעהר און זעהר וועלען וויסען... ווי קוקט ער בכלל... איצט אויף זאכען, דאס הייסט, איהר פארשטעהט, איך וויים ניט ווי אזוי איך זאל עס אייך ארויס־געבען: דאס הייסט, בעסער געזאגט: וואס האט ער ליעב, און וואס האט ער ניט ליעב? איז ער שטענדיג אזוי נערוועאיש? וואס פאר א פארלאנגען האט ער און וואס פאר פלענער. אויב דאס איז מעגליך? וואס האט אויף איהם איצט דעם שטארקסטען איינפלוס? מיט איי־נעם ווארט, איך וואלט וועלען...

—אך, מאמישי, ווי איז עס מעגליך אויף דאס אלעס ענטפערן מיט אמאל! — האט דוניא באמערקט.

— אך, גאט אין הימעל איך האב זיך דאך גאר נישט אנגעהוי־בען ריכטען צו טרעפען איהם אזוי, דמיטרי פראקאפאיטש.

— דאס איז שוין גראד זעהר נאטירליך, — האט דמיטרי פרא־קאפאיטש געענטפערט. — קיין מוטער האב איך ניט, יא, און דער פעטער קומט אלע יאהר אהער צו פאהרען און כמעט קיינמאל דער־קענט ער מיך ניט, אפילו אויסערליך, און ער איז א קלוגער מענש;

אויפגעשטאַנען זיעבען דעם זייגער, דעם סאַמאָוואַר האָט מען איהר געבראַכט פון קיך דורכ'ן קאָרידאָר... איך האָב ניט געהאַט די זכיה זי אָנצוקוקען אפילו...

פונקט צעהן דעם זייגער איז ראַזומיכין געקומען אין באַקאַליי-עווס נומערן. ביידע דאַמען איז שוין שיער די נשמה ניט אַרויס וואַר-טענדיג. אויפגעשטאַנען זיינען זיי אַ זייגער זיעבען און אפשר נאָך פריהער. ער איז אַריין פינסטער ווי די נאַכט, זיך אומגעשיקט פאַר-בויגט, — און איז גלייך דערוויף מלא רציחה געוואָרען — אויף זיך, פאַרשטעהט זיך. ער האָט געמאַכט דעם חשבון אָהן דעם בעל-הבית: פולכעריא אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך מיט אימפעט אַ לאָז געטאָן צו איהם. געכאַפּט איהם פאַר ביידע הענט און שיער זיי ניט אַ קוש געגעבען. ער האָט פאַרשעמט געכאַפּט אַ קוק אויף אַדוואָטיאַ ראָמאַנאָוונא'ן; נאָר אפילו אויף איהר גאוה'דיג-שטאָלצען געזיכט איז אין דעם דאָזיגען מאָמענט אויך געווען אויסגעדריקט אַזוי פיעל דאַנק-באַרקייט און פריינדשאַפט, אַזוי פיעל פאַר איהם אומגעריכטע אַכטונג (אָנשטאָט די שפּאָטישע בליקען און שלעכט פאַרבאָרגענער פאַראַכ-טונג, וואָס ער האָט געהאַפט צו באַגעגענען!), אַז איהם וואָלט שוין ווירקליך זיין גרינגער, ווען מען זאָל איהם געווען באַגעגענען מיט פאַר-וואורפען, ווייל אַזוי האָט ער זיך שוין צופיעל פאַרשעמט. צום גליק אי זגעווען אַ פאַרטיגע טעמע, און ער האָט זיך אָן איהר אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַ הייסען שטיין.

דערהערט, אַז „ע ר האָט זיך נאָך ניט אויפגעכאַפּט", נאָר אַז „אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג", האָט פולכעריא אַלעקסאַנדראָוו-נאַ ערקלערט, אַז דאָס איז פאַר איהר ווי אָנגעמאָסטען, „מחמת זי מוז זעהר און זעהר נויטיג זיך אפריהער מיט איהם דורכריידען". גלייך האָט מען איהם געפרעגט מכח טיי און איינגעלאַדען טרינקען צוזאַ-מען; זיי האָבען נאָך ניט געטרונקען, אין דער ערוואַרטונג אויף ראַ-זומכיינען. אוודאָטיא ראָמאַנאָוונא האָט אָנגעקלונגען, און ס'איז גלייך אַריינגעקומען עפּעס אַ שמוציגער שלעפּער-יונג; מען האָט איהם גע-הייסען סערווירען טיי; ענדליך האָט מען דערלאַנגט, אָבער אַזוי נימ-ציכטיג און אַזוי ניט-אָנשטענדיג, אַז די דאַמען האָבען זיך פאַר-שעמט. ראַזומיכין האָט ענערגיש אַ זידעל געטאָן דעם נומער, נאָך, דערמאָהנט זיך אָן לוזשינען, איז ער אַנטשוויגען געוואָרען, זיך פאַר-שעמט און שרעקליך זיך דערפרעהט, ווען פולכעריא אַלעקסאַנדראָוונא

חשד! המ!... וואָלט איך נעכטען ניט דערלאָזט אזא מין שמועס. אָט די דאָזיגע מאָנאָמאַנען מאַכען דאָך פון א טראָפּען א גאַנצען אָקעאַן, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען — זעהען זיי אויפ'ן וואָהר מיט אַלע פּליטערלעך... אויף וויפיעל איך געדענק, איז מיר נעכטען פון זאַ־מעטאָווס ערצעהלונג די זאַך העכער האַלב קלאָר געוואָרען. וואָס דארפסטו מעהר! איך ווייס א געשיכטע, ווי איינער א פיערציג־יעה־ריגער מרה־שחורה'ניק, ניט זייענדיג אימשטאַנד איבערצוטראָגען די טאָגטעגליכע לצנות, וואָס אן אכט יעהריג אינגעל האָט געטריבען ביים טיש, האָט ער איהם געקוילעט! און דאָ, — אָנגעטאָן אין שמאַ־עס, א פּאָליציי־אויפזעהער — א גראָבער יונג, אן אונטערגעקומענע קראַנקהייט, און אזא מין חשד! פּאַר א ווילדען מרה־שחורה'ניק! ביי א משוגע'נעם אויסערגעוועהנליכען האָנאָר! אָט דאָ שטעקט אפשר די אמת'ע סיבה פון דער קראַנקהייט! נאָר געהט עס צום טייוועל... דו ווייסט, דער דאָזיגער זאַמעטאָוו איז ווירקליך א וואויל אינגעל, נאָר, המ!.. אומזיסט האָט ער עס נעכטען אַלץ דערצעהלט. א שרעקליכער פּלאַפּלער!

— וואָס איז, וועמען האָט ער דען דערצעהלט? מיר און דיר!

— און פּאָרפירי'ן?

— יאָ, זאָג מיר, דו האָסט עפּעס א שטיקעל איינפלוס אויף זיי, דאָס הייסט, אויף דער מוטער מיט דער שוועסטער? זאָלען זיי היינט זיין אָפּגעהיט מיט איהם...

— זיי וועלען דורכקומען! — האָט ראַזומיכין ניט גערן געענט־פערט.

— און וואָס איז ער עס אזוי אָנגעפאַלען אויף דעם דאָזיגען לו־זשינען? א מענש מיט קאַפּיטאַל, און אַפּנים איהר איז ער אויך ניט דערהווידער... זיי האָבען דאָך ניט א פּעניג ביי לייב און זעעל? האַ?

— וואָס דערגעהסטו? — האָט ראַזומיכין זיך צוקאָכט. — פון וואנען זאָל איך וויסען, צי יאָ א פּעניג, צי ניט א פּעניג? טו אַליין א פרג, וועסטו אפשר געוואָהר ווערען...

— פוי, ווי נאריש דו ביסט צייטענוייז! נאָך זיך ניט אויסגע־ניכטערט פון נעכטען... צום ווידערזעהן! באַדאַנק אין מיין נאָמען פּראַסקאָוויא פּאַוולאָוונא'ן פאַר'ן נאַכטלעגער. האָט זיך פאַרשפּאַרט, אויף מיין גוט־נאַכט דורכ'ן טיר האָט זי אפילו ניט געענטפערט, איז

גֶעהט עס צום טייוועל, איך וועל נאָך ערגער זיין!..."
ביי אַזוינע מאַנאָלאָגען האָט איהם געטראָפען זאַסימאָוו, וועל־כער האָט געגעכטיגט ביי פּראַסקאָוויא פּאַוולאָוונא'ן אין זאַל.
ער איז געגאַנגען אַהיים און פֿאַר אַוועקגאַנג האָט ער געוואַרפֿט אַ קוק צו טאָן אויפ'ן קראַנקען. ראַזומיכין האָט איהם געמאָלדען, אַז יע־נער שלאָפט, ווי אַ קעצעלע. זאַסימאָוו האָט פֿאַראָרדענט, מען זאָל איהם ניט וועקען אַזוי לאַנג ער וועט זיך אַליין ניט אויפֿכאַפּען. און ער וועט אונטערקומען אַ זייגער עלף.
— אויב נאָר ער וועט זיין אין דער היים, — האָט ער צוגעגע־בען, — פֿוי, צום טייוועל! אויף דעם אייגענעם חולה ניט האָבען קיין דעה, הייל איהם. פֿאָלג מיך אַ גאַנג! ווייסט ניט, ער וועט געהן צו זיי, אָדער ז י י וועלען קומען אַהערצו?
— זיי וועלען מסתמא קומען אַהערצו, — האָט ראַזומיכין געענט־פֿערט, פֿאַרשטעהענדיג, וואָס ער איז אויסען מיט דער פֿראַגע, — און וועלען געוויס ריידען וועגען זייערע פֿאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען. איך וועל אַוועקגעהן, נאַטירליך, האָסטו מעהר רעכט פֿאַר מיר.
— איך בין דאָך אָבער אויך ניט זייער אַפּטרופּוס: וועל אַריין און אַרויס: אָהן זיי האָב איך אויך גענוג געשעפּטען.
— מיר פֿאַרדריסט נאָר איין זאַך, — האָט איהם ראַזומיכין מיט רוגזה איבערגעשלאָגען, — נעכטען האָב איך שכור'ערהייד זיך אַרויס־געכאַפּט מיט אַ היבש ביסעל נאַרישקייטען, געהענדיג מיט איהם אין גאַס... און האָב איהם אַרויסגעפּלוידערט, אַז דו האָסט מורא, ער זאָל... חלילה ניט אַראָפּגעהן פֿון זינען...
— דו האָסט דאָך עס אַרויסגעפּלוידערט די דאַמען אויך.
— איך ווייס, אַז ס'איז נאַריש! נאָר פֿאַרפֿאַלען! זאָג מיר אָבער, דו האָסט אין דער אמת'ן אַ וועלכען פֿעסטען געדאַנק?
— איך זאָג דיר, ס'איז אַ נאַרישקייט: וואָס פֿאַר אַ פֿעסטער געדאַנק! דו האָסט דאָך מיר איהם אַליין געשילדערט, ווי אַ מאָנאָ־טאַן, ווען דו האָסט מיך געפֿיהרט צו איהם... נו, און מיר האָבען איהם נאָך נעכטען אונטערגעגעבען היץ, דו, הייסט עס, מיט דיינע מעשיות... וועגען דעם פֿאַרבער; אַ שענער שמועס, אין דער צייט ווען ער איז אפשר גאָר דערפֿון משוגע געוואָרען! ווען איך זאָל געוואוסט ווייסען אַקור־ראַט, וואָס ס'איז דאָן פֿאָרגעקומען אין קאַנצעלאַריע און אַז איהם האָט דאָרטען עפּעס איינער אַ כלב באַליידיגט... מיט דעם דאָזיגען

בעטען קיין ענטשולדיגונג, און גאַרנישט רײדען, און... איצט איז שוין, געוויס, אַלעס פאַרלאָרען!״

און דאָך האָט ער ביים אָנטאָן זיך באַטראַכט זיין אָנצוג מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט ווי געוועהנליך. קיין אַנדער אָנצוג האָט ער ניט געהאַט, און ווען ער זאָל אפילו געווען האָבען, וואָלט ער אפשר איהם אויך ניט אָנגעטאָן, — „אַט אַזוי זיך, אויף צו להכעיס נישט אָנגעטאָן.״ נאָר אַלענפאַלס קיין ציניקער און שלומפּער טאָר מען ניט זיין מעהר: ער האָט ניט קיין רעכט צו באַליידיגען די געפיהלען פון אַנדערע, בפרט נאָך, אַז יענע, די אַנדערע נויטיגען זיך אין איהם און רופען איהם גלייך צו זיך. דאָס איז ביי איהם שטענ־דיג געווען צו דערליידען: אין דעם פּרט איז ער געווען זעהר אַ גרוי־סער מפונק.

ער האָט זיך אויסגעוואַשען אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען זעהר פלייסיג, — ביי נאַסטאַסיא׳ן האָט זיך געפונען אַ שטיקעל זייף, — אויסגעוואַשען די האָהר, דעם האַלז, און באַזונדערס די הענט. און ווען ער איז געקומען צו דער פראַגע: צי זאָל ער אָפּראַזירען זיין שטענדיגע מאָרדע אָדער ניט (ביי פּראַסקאָוויא פּאַוולאָוונאַ׳ן איז געווען אַן אויסגעצייכענט גאָלמעסער, וואָס איז נאָך געבליבען בירושה פון דעם הערר זארניצין, עליו השלום), איז זי פאַראַנטפערט גע־וואָרען, מיט אַ מין פאַרביסענהייט זאָגאַר, אויף ניין: „זאָל זיין אַזוי! נו, ווי ווערט זיין, אַז מען ווערט מיך חושד זיין, אַז איך האָב זיך אָפּ־געראַזירט צוליעב... מען ווערט דאָך געוויס חושד זיין! ניין, בשום אופן ואופן ניט!״

„און... און איבערהויפּט איז ער אַזוי ברוטאַל, שמוציג, זיין האַלטונג איז אַזוי בעל־העגלה׳ש און... און לאָז שוין זיין, ער וויים, אַז ער איז אויך אַ גאַנץ אָרענטליכער מאַן, נו, כאָטש אויף וויפיעל ניט איז... איז וואָס איז דאָ פאַרהאַן זיך איבערצונעהמען, וואָס ער איז אַן אָרענטליכער מאַן? יעדערער דאַרף זיין אַן אָרענטליכער מאַן, און נאָך ניט אַזאַ ווי ער, און... און דאָך (ער געדענקט עס) האָט ע־אויף זיך אַזוינע חטאים... לאָז שוין זיין אַז ניט זעהר קיין קאַרבע, אָבער פונדעסטוועגען! היינט וואָס פאַר אַ הרהורים פלעגען איהם אַמאָל איינפאַלען! המ!... און דאָס אַלץ אַוועקשטעלען אויף איין שטופע מיט אוודאָטיא ראָמאַנאָוונאַ׳ן! נאָר, געהט עס צו אַלדי טייוועל! מילא! איך וויל דוקא זיין אַזוי שמוציג, ציניש, בעל־העגלה׳ש, און

האָט זיך נעכטען ארויסגעשטעלט „געמיין און נידערטרעכטיג”, ניט נאָר דערפאר, ווייל ער איז געווען שכור, אָבער אויך דערפאר, וואָס ער האָט אויס נארישער פריש־געבאקענער אייפערזוכט זיך באנוצט מיט דעם מיידעלס לאגע און געזידעלט פאר איהר אין די אויגען דעם חתן איהרען, ניט אָנהויבענדיג צו וויסען זייערע באציהונגען צווישען זיך און התחייבות'ן און אפילו ניט קענענדיג איהם ווי עס געהער צו זיין. און גלאט וואָס פאר א רעכט האָט ער געהאט צו אורטיי־לען וועגען איהם אזוי געאיילט און ניט־באטראכט? ווער האָט עס איהם געהייסען זיין א ריכטער? קען דען אזא ווענזען ווי אוואָטיא ראָמאנאָוונא, זיך אָפגעבען צו אן אונווירדיגען מענשען פאר געלט? אלזאָ הייסט עס, אז ער באזיצט אויך מעלות. איי די נומערן? פון וואנען האָט ער טאקע געזאָלט וויסען, אז דאָס זיינען אזעלכע נו־מערן? אָט זוכט ער א דירה... פוי, ווי געמיין דאָס איז אלץ! און וואָס איז דאָס א תירוץ, וואָס ער איז געווען שכור? א נארישער אויסרייד, וואָס מאכט איהם נאָך נידעריגער! אין וויין איז דער אמת, און אָט איז טאקע דער גאנצער אמת ארויסגעשוואומען, „דאָס הייסט, ס'איז ארויסגעשוואומען דער גאנצער שמוץ פון זיין ניט־פארגינענדער גע־מיינער נשמה!” און טאָר ער דען גאָר חלומ'ן וועגען דעם, ער, ראזו־מיכין? ווער איז ער דאָס אין פארגלייך מיט אזא מיידעל, — ער, דער שכור'ער סקאנדאליסט און נעכטיגער בארימער? „איז דען גאָר מעג־ליך אזא ציניש'ער און לעכערליכער פארגלייך?” ראזומיכין איז שרעק־ליך רויט געוואָרען ביי דעם דאָזיגען געדאנק און פלוצלונג, ווי אויף צו להכעיס, האָט ער זיך אין דעמזעלבען אויגענבליק דייטליך דער־מאָנט, ווי ער האָט זיי נעכטען געזאָגט, שטעהענדיג אויף די טרעפ, אז די בעל־הבית'טע וועט איהם נאָכאייפערן צו אוודאָטיא ראָמא־נאָוונא'ן... דאָס איז שוין געווען ניט אויסצוהאלטען. מיט'ן גאנצען אימפעט האָט ער א זעץ געטאָן מיט דער פויסט איבער'ן קיך־אויוועלע, זיך צושלאָגען די האנט און ארויסגעזעצט א ציגעל.

— „געוויס, — האָט ער אין א מינוט ארום ארויסגעברומט פאר זיך מיט עפעס א געפיהל פון זעלבסטערנידערונג, — געוויס איז שוין איצט פארפאלען, און קיינמאָל וועל איך שוין ניט קענען פארשימירען און פארגלעטען די אלטע מיאוסקייטען... אלזאָ, איז וועגען דעם גאָר נישטאָ וואָס צו טראכטען, און דעריבער דארף מען קומען אָהן ווער־טער און... ערפילען די פליכטען... אויך אָהן ווערטער און... און ניט

דריי זייַלען, אויף וועלכע זי איז אָנגעשפּאַרט: דאָ איז די קווינט־עסענץ פון בלינצעס, פון פעטע פּוטערקוכענס, פון אבענד־סאַמאָוואַ־רען, פון שטילע זיפצען און וואַרימע אויבערלייבלעך, אָנגעהייצטע לעזשאַנקעס, — נו, פּונקט ווי דו ביסט געשטאָרבען, און אין דער־זעלבער צייט אָבער לעבסטו, ביידע פאַרגניגענס מיט אַמאָל! נו, ברודער־לעבען, איך בין שוין צו ווייט פאַרקראָכען, צו אַלדי טייוועל, צייט געהן שלאָפען! הער: איך כאַפּ זיך אַמאָל אויף אין מיטען נאַכט, וועל איך זיך פאַר איינוועגס אַראָבכאַפּען איהם געוואָהר ווע־רען. נאָר ס'איז גאָרניט, נארישקייטען, אַלץ איז אויסגעצייכענט. און דו זיי אויך ניט איבריגס אומרוהיג, און אז דו ווילסט, כאַפּ זיך אַראָב אַמאָל, ווען דו וועסט באַמערקען די מינדסטע זאַך, אַ קאָשמאַר, למשל, צי היץ, צי עפּעס אַנדערש, זאָלסטו מיר גלייך אויפוועקען. און צוריקגערעדט, קען עס גאָר ניט געמאָלט זיין...

---

## צווייטער קאַפּיטעל.

אַ פאַרזאָרגטער, אַנ'ערנסטער האָט זיך ראַזומיכען אויף מאָרגען אויפגעכאַפּט אַכט אַ זייגער. פיעל נייע און ניט־פאָראויסגעזעהענע ספקות האָבען איהם פּלוצלונג באַהערשט אין דעם דאָזיגען פריהמאָר־גען. ער האָט זיך פריהער אפילו ניט פאָרגעשטעלט, ער זאָל זיך ווען עס איז אויפכאַפּען. ער האָט געדענקט אַלצדינג, וואָס מיט איהם איז נעכטען פאָרגעקומען, געדענקט מיט די קלענסטע פּרטים, און פאַרשטאַנען, אז מיט איהם איז געשעהן עטוואָס ניט־געוועהנליכעס, אז ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך אַנ'איינדרוק, וואָס איז איהם ביז אהער געווען גאַנץ אונבאַקאַנט און ניט עהנליך אויף אַלע אַנדערע איינדרוקען. אין דערזעלבער צייט האָט ער זעהר גוט פאַרשטאַנען, אז דער חלום, וואָס האָט זיך אָנגעצונדען ביי איהם אין קאָפּ, קען קיינמאָל ניט מקוים ווערען, — פאַר קיין פאַל ניט מקוים ווערען, אַזוי אז ער האָט זיך אַזש פאַרשעמט פאַר דעם דאָזיגען חלום און ער איז וואָס גיכער אַריבער צו אַנדערע, מעהר נויטיגע זאָרגען און ספקות, וואָס זענען איהם איבערגעבליבען בירושה נאָך דעם „צעהנמאָל־פאַרשאָלטענעם אבענד".

די שרעקליכסטע ערינערונג איז פאַר איהם געווען דאָס, וואָס ער

— נו, טאָ ווארף זי אוועק!

— אז מען קען אזוי נים אוועקווארפען!

— פארוואָס עפּעס קען מען ניט?

— נו, אזוי צי אזוי, אבי מען קען עפּעס ניט! דאָ איז, ברודער־לעבען, פאראן אן׳ארײנשלעפּענדער עלעמענט.

— טאָ פארוואָס האָסטו זי ארײנגעשלעפּט?

— איך האָב זי גאָר ניט ארײנגעשלעפּט, איך בין אפשר גאָר אליין ארײנגעשלעפּט געוואָרען, איבער מײן נארישקײט, און איהר וועט עס זײן אלץ אײנס, קײן שום אונטערשייד ניט, איך צו דו, נאָר עמיצער זאָל זיצען דערנעבען און זיפצען. דאָ איז, ברודער לעבען... איך קען דיר עס ניט אויסדריקען, דאָ איז, — שאַ, דו קענסט דאָך גוט מאטעמאטיק און שטודירסט זי נאָך עד־היום, איך ווייס דאָך... נו, טאָ הויב מיט איהר אָן צו לערנען וועגען אינטעגראל־רעכענונג. עהרען־וואָרט, איך מײן אָהן שפּאַס, איך רייד גאַנץ ערנסט, איהר וועט עס זײן גאַנץ גלײך: זי וועט אויף דיר קוקען און וועט זיפצען, און אזוי — א קײלעכדיג יאָהר נאָכאנאנד. אזוי, א שטײגער, האָב איך איהר זעהר לאַנג, צוויי טעג נאָכאנאנד, געדרשנ׳ט וועגען דער פרײסישער הערען־פּאלאַטע. ווייל וועגען וואָס־זשע אנדערש זאָל מען מיט איהר רײדען? — האָט זי געהאַלטען אין אײן זיפצען און איז שיער ניט צושמאָלצען געוואָרען פאר מתיקות! נאָר וועגען ליבע זאָלסטו מיט איהר ניט רײדען, — שעמעוודיג ביז חלשות, — דאָך מאכט זיך, אז דו קענסט זיך ממש ניט אָברײסען, — נו, און דאָס איז גראַד, שרעקליך בעקוועם: פּונקט ווי ביי זיך אין דער היים,—לײען, זיץ, ליעג, שרייב... מען מעג אפילו א קוש טאָן, נאָר פאָרזיכטיג...

— צו וואָס אָבער טויג זי מיר?

— עך, איך קען דיר עס בשום אופן ניט ערקלערען! פאר־שטעהסט, איהר זענט אײנער פאר דעם אנדערען פּונקט ווי אָנגע־מאָסטען! איך האָב פריהער אויך געטראַכט וועגען דיר... דו וועסט דאָך סיי ווי סיי האָבען אזא סוף! איז דיר עס דען ניט אלץ אײנס — פריהער אָדער שפּעטער? דאָ שטעקט, ברודער־לעבען, אזא מין פערינע־עלעמענט, — עך! און ניט נאָר א פערינע־עלעמענט אליין! דאָס ציהט ארײן; דאָ איז דער סוף פון דער וועלט, דער אמת׳ער מקום־מנוחה, דער שטילער האפען, דער „נאָפּעל” פון דער ערד, די

אויף א פערינע (דער דאקטאר, הייסט עס!). און שטעהט אויף אין מיטען נאכט פון א קראנקעס וועגען! אין א יאהר דריי ארום וועסטו שוין ניט אויפשטעהן פון דעם קראנקעס וועגען... יאָ... נאר ניט דאָס איז דער עיקר צו אלדי שווארציאהר! די זאך דערפון איז אזוי: היינט נעכטיגסטו ביי דער בעל־הבית'טע אין דירה (קוים מיט צרות געפועלט ביי איהר!), און איך שלאף אין קיך: אָט האָט איהר א געלעגענהייט צו באקאנט ווערען נעהענטער! אָבער ס'איז ניט דאָס, וואָס דו מיינסט! דאָס הויבט זיך אפילו ניט אָן, ברודער־לעבען...

— אז איך מיין גארניט.

— דאָס איז, ברודער־לעבען, שעמעוודיגקייט, שווייגעדיגקייט, בושה, פארביסענע צניעות און ביי אלעם דעם — זיפצען, צוגעהט ווי א פוטער, ממש ווערט צושמאלצען! לייז מיך אויס פון איהר, איך פארשווער דיך מיט אלע טייוואלים פון דער וועלט; שוין איינמאל א געשמאקער ביסען!... דו וועסט מיך דאנקען, וועסט זיך ניט קענען אבדאנקען!

זאסימאוו האָט זיך צולאכט נאך מעהר ווי פריהער.

— וואָס זאגסטו, ווי ער האָט זיך עס אביסעל צודרשנ'ט! אויף וואָסערע כפרות דארף איך זי אָבער האָבען?

— מעגסט זיין זיכער, אז דו וועסט דאָ האָבען זעהר ווייניג קאָפּ דרעהעניש, נאר פּלוידער איהר עפּעס, זעץ דיך נעבען איהר און פּלוידער. דערצו נאך ביסטו א דאקטאר, הויב זי אָן צו קורירען פון עפּעס א חולאת. איך קען דיר שווערען, אז דו וועסט קיין חרטה ניט האָבען. ביי איהר שטעהט א ראיאל; דו ווייסט דאך, אז איך רימפּעל אונטער א ביסעלע; איך האָב דאָרט אזא ליעדעל, אנ'עכט רוסיש לידעל: „ביטערע טרעהרען גיס איך"... זי האָט ליעב אזעלכע. — פון דעם דאזיגען לידעל האָט זיך עס טאקע אנגעהויבען: דו ביסט דאך אָבער אין הלכות פּארטעפּיאן א ווירטואז, א מעטער, א רובינ־שטיין... מעגסט זיין זיכער, דו וועסט קיין חרטה ניט האָבען!

— וואָס איז, דו האָסט איהר אודאי צוגעזאגט הרים וגבעות, צי וואָס? ארויסגעגעבען א שיין־צעטעל אודאי? אפשר גאר צוגע־זאגט חתונה האָבען...

— גארנישט, גארנישט, עס הויבט זיך אפילו ניט אָן! און זי איז גאר ניט אזא: טשעבארעוו האָט זיך געוועזט צו איהר...

געהענדיג מיט זאסימאוו'ן, — מארגען. וואס פריהער, האט איהר מיך מיט א ראפארט.

— אבער ס'אר א רייצענד מיידעלע די אוודאטיא ראמאנאוונא איז! — האט זאסימאוו א זאג געטאן, ווען זיי זענען ארויס אויפ'ן גאס, און האט זיך שיער ניט באלעקט.

— א רייצענד? דו האסט געזאגט א רייצענד! — האט ראזו־מיכין ארויסגעדונערט און זיך פלוצלונג אווארף געטאן אויף זאסימאוו'ן און אנגעכאפט איהם פאר'ן גארגעל. — אויב דו וועסט נאכאמאל האבען די העזה..... פארשטעהסט? פארשטעהסט? — האט ער גע־שריען, טרייסלענדיג איהם פאר'ן קאלנער און צודריקענדיג צו דער וואנט. — ס'ט'געהערט?

— לאז אב, דו שכור'ניק איינער! — האט זיך זאסימאוו גע־ריסען.

און דערנאך, ווען יענער האט איהם שוין אבגעלאזען, האט ער אויף איהם א שארפען קוק געטאן און זיך פלוצלונג פארגאנגען פון געלעכטער. ראזומיכין איז געשטאנען פאר איהם, מיט אראבגעלאזטע הענט, אין כמורנער און ערנסטער פארטראכטקייט.

— געוויס בין איך א פערד, — האט ער ארויסגערעדט, פינס־טער ווי א כמארע, — דו אבער... דאך אויך.

— נו, ברודער, דאס האסטו במחלה א טעות. איך לעג זיך ניט קיין פויגעלעך אין בוזעם.

זיי זענען אוועק, ניט ריידענדיג א ווארט, און ערשט צוקומענדיג צו ראסקאלניקאווס דירה, האט ראזומיכין, וואס איז געווען שטארק צוטראגען און פארזארגט, איבערגעריסען דאס שטילשווייגעניש.

— הער, — האט ער געזאגט צו זאסימאוו'ן, — דו ביסט א וואוי־לער יונג, נאר אויסער דיינע שלעכטע מדות, ביסטו נאך א כל־בוניק, איך ווייס עס, און דערצו נאך א מיאוסער כל־בוניק. דו ביסט א נערוועאישער, שוואכע מיאוסקייט, דו ביסט א טרפה'נער האלז, דו האסט זיך אבגעפרעסען און אלץ וואלסטו זיך וועלען נאכגעבען, — און דאס הייסט שוין ביי מיר שמוץ, ווייל עס ברענגט גלייך צו שמוץ. דו האסט זיך אזוי ווייט צופיעשטשעט, אז, — איך מוז זיך מודה זיין — איך קען עס גאר ניט באגרייפען, ווי קאנסטו נאך אלעם דעם זיין א גוטער און, מען קען זאגען, א מסירת־נפש'דיגער דאקטאר. שלאפט

זיך געגעבן די מיה — זי גארניט צו באמערקען, פאר דער גאנצער צייט פון דעם וויזיט, און פלעגן זיך ווענדען נאר צו פולכעריא אלעק־סאנדראווגא'ן. דאָס אלץ האָט איהם אין הארצען זעהר שטארק הנאה געטאָן. וואָס עס אנבעלאנגט דעם חולה, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אז זיין איצטיגער צושטאנד איז זעהר באפרידיגענד. לויט די בעאָבאכטונ־גען, וואָס ער האָט געמאכט איבערן חולה, נעהמט זיך זיין קראנק־הייט, אויסער וואָס פון דער שלעכטער מאטעריעלער לאגע זיינער פאר די לעצטע מאנאטען, אויך פון אייניגע גייסטיגע אורזאכען: „די דאָ־זיגע קראנקהייט איז, אזוי צו זאגען, א פראָדוקט פון פיעלע פארוויי־קעלטע, גייסטיגע און מאטעריעלע ווירקונגען, עגמת־נפש'ן, שרעקען, זארגען, דאגות, אייניגע אידעען... און דאסגלייכען". באמערקענדיג, ווי אויפמערקזאם אוודאטיא ראמאנאווגא האָט זיך גענומען צוצוהערען, האָט זאסימאוו אביסעל מעהר מאריך געווען אויף דער דאָזיגער טעמע. און ווען פולכעריא אלעקסאנדראווגא האָט איהם אומרוהיג און ניט זיכער א פרעג געטאָן וועגען „אייניגע סימנים פון משוגעת", האָט ער געענטפערט מיט א רוהיגען און אפענהערציגען שמייכעל, אז מען האָט זיינע ווערטער צו פיעל איבערטריבען: אמת טאקע, אין דעם קראנ־קען איז צו באמערקען עפּעס אנ'אונבאוועגליכען געדאנק, וואָס זאגט כלומרשט עדות וועגען מאנאמאניע, — ווייל ער, זאסימאוו, אינטערע־סירט זיך איצט זעהר מיט דעם דאָזיגען אויסערסט אינטערעסאנטען געביט פון דער מעדיצין, — דאָך אבער דארף מען ניט פארגעסען, אז כמעט די גאנצע צייט ביז היינט איז דער קראנקער געלעגען אין היץ און... נאטירליך וועט איהם דאָס קומען פון דער מוטער און דער שוועסטער קרעפטיגען, וועט איהם צושטרייען און ווירקען זעהר גוט, — „סיידען מען וועט ניט קענען אויסמיידען קיין נייע צו שטארקע אויפרודערונגען". האָט ער צוגעגעבען פיעלבאדייטענד. דערנאָך איז ער אויפגעשטאנען, זיך פארנויגט סאליד און זעהר פריינדליך, און באגלייט מיט ברכות, הייסער דאנקבארקייט און געבעט — אווידאָטיא ראמאנאווגא האָט איהם אפילו די האנט דערלאנגט, כאָטש ער האָט פון זיין זייט זי דארויף גאר ניט ארויסגערופען — איז ער ארויס איבערצופרידען מיט זיין באזוך און נאך מעהר — מיט זיך אליין

— אין ריידען וועלען מיר מארגען; לעגט זיך די רגע שלאָ־פען, אבער אהן א תירוץ, — האָט ראזומיכין צוגעפּסקענט, אוועק־

אטעם ארויסגערעדט. וועז מען האט איהם די טיר געעפענט — ער שלאפט אויף וואס די וועלט שטעהט, זעהר גוט, רוהיג, און הלואי זאל ער אזוי אבשלאפען א שעה צעהן. נאסטאסיא זיצט ביי איהם: איך האב איהר געהייסען ניט ארויסגעהן ביז מיין קומען. איצט ברייננ איך צושלעפען זאסימאוו'ן, וועט ער אייך אבגעבען א ראפארט, דערנאך וועט איהר אויך קענען געהן שלאפען: איך זעה, אז איהר זענט ביז צום טויט אויסגעמוטשעט...

און ער איז פון זיי אוועקגעגאנגען.

— ס'אר א פלינקער און... איבערגעבענער יונגערמאן, — האט אויסגעשריען פולכעריא אלעקסאנדראוונא, אויסער זיך פאר פרייד.

— ווייזט אויס, זעהר א וואוילער! — האט אווראטיא ראמאנאוונא געענטפערט מיט א געוויסער אויפרעגונג און ווידער גענומען שפרייזען אויף און אב איבערן צימער.

כמעט אין א שעה ארום האבען זיך אין קארידאר געלאזט הערען טריט און ווידער א קלאפ אין טיר אריין. ביידע פרויען האבען גע־ווארט, דאסמאל פאלקאם זיכער, אז ראזומיכין וועט האלטען ווארט: און ווירקליך האט ער געבראכט צו שלעפען זאסימאוו'ן. זאסימאוו האט גלייך מסכים געווען צו לאזען די סעודה און געהן זעהן וואס מאכט ראסקאלניקאוו, — צו די דאמען איז ער אבער געגאנגען ווי ניט־ווילענדיג און מיט א שטארקען חשד, ניט טרויעריג דעם שכור'ן ראזומיכינען. נאר זיין אייגענליעבע איז געווען בארוהיגט און אפילו צופרידען־געשטעלט: ער האט פארשטאנען, אז מען האט אויף איהם ווירקליך געווארט ווי אויף משיח'ן. ער איז דארט געזעסען פונקט צעהן מינוט און איהם האט געלונגען צו איבערצייגען און צו בארוהיגען פולכעריא אלעקסאנדראוונא'ן. גערעדט האט ער מיט אונגעוועהנליכער מיטלייד, אבער צוריקגעהאלטען און עפעס אזוי ווי אנגעשטרענגט ערנסט, פונקט ווי עס דארף זיך האלטען א זיבען־און־צוואנציג־יעה־ריגער דאקטאר אויף א וויכטיגען קאנסוליום: מיט קיין איין ווארט אפילו האט ער זיך ניט אבגענויגט פון דער זאך און ניט ארויסגע־וויזען דעם מינדסטען פארלאנג אריינצוגעהן אין מעהר פערזענליכע און פריוואטע באציהונגען מיט ביידע דאמען. דערזעהן גלייך ביים אריינקומען, ווי בלענדער־שען אווראטיא ראמאנאוונא איז, האט ער

אונדאנקבארע און אכזריות׳דיגע באפעהלען פון איהר ברודער, — און ער האט ניט געקענט ביישטעהן.

איבריגענס האט ער געזאגט אנ׳אמת, ווען ער האט זיך פריהער אויסגערעדט אויף די טרעפ, אז ראסקאלניקאוו עקסצענטרישע בעל־הבית׳טע, פראסקאוויא פאוולאוונא, וועט איהם נאכאייפערן ניט נאר צו אווראטיא ראמאנאוונא׳ן, נאר אפשר צו פולכעריא אלעקסאנדראוו־נא׳ן אליין. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס איהר איז שוין געווען דריי און פערציג יאהר, האט איהר געזיכט נאך אלץ געטראגען אויף זיך סימנים פון געוועזענער שענקייט, און אויסערדעם האט זי אויסגעזעהן א סך יינגער, ווי דאס טרעפט כמעט שטענדיג מיט די פרויען, וועלכע האבען באוויזען צו באהאלטען ביז צו דער עלטער, די קלארקייט פון גייסט, די פרישקייט פון איינדריקען, און אנ׳עהרליך ריין הייס הארץ. אז ס׳איז שוין געקומען צו רייד, וועלען מיר באמערקען, אז דאס אלעס באהאלטען איז די איינציגע סגולה ניט צו פארלירען די שענקייט אפילו אויף דער עלטער. איהרע האר האבען שוין גענומען גרוי און שיטער ווערען, קליינע קנייטשלעך האבען זיך שוין פון לאנג צו גע־צויגען ווי שטראהלען ארום איהרע אויגען, די באקען זענען איינגע־פאלען און אויסגעדארט געווארען פון זארג און דאגה. און דאך איז דאס דאזיגע געזיכט געווען הערליך שען. דאס איז געווען דוניטשקעס א בילד, אבער אין א צוואנציג יאהר שפעטער, און אויסערדעם האט אין איהם געפעהלט דער אויסדרוק פון דעם אונטערשטען ליפעלע, וואס האט זיך ביי איהר ניט ארויסגערוקט פאראויס. פולכעריא אלעקסאנדראוונא איז געווען סענטימענטאל, דאך אבער ניט ביז זיס־קייט, ציטערדיג און נאכגיביג, אבער ביז א געוויסער גרענעץ: זי האט א סך געקענט איבערלאזען, אויף א סך געקענט איינגעהן, אפילו אויף אזעלכעס, וואס איז געווען געגען איהרע איבערצייגונגען. דאך איז שטענדיג געווען אזא גרעניץ פון עהרליכקייט, געוואוינהייטען און עקס־טע איבערצייגונגען, וואס קיין זאך אין דער וועלט וואלט איהר ניט געקענט צווינגען זיי איבערצוטרעטען.

פונקט אין צוואנציג מינוט ארום נאך ראזומיכינס אוועקגעהן, האבען זיך געלאזט הערען צוויי שוואכע, אבער האסטיגע קלעפ אין טיר אריין: ער האט זיך צוריקגעקעהרט.

— איך וועל ניט אריין, גישטא קיין צייט! — האט ער אין איין

שאפט צו אוודאטיא ראמאנאוונא'ן, וואס האט זיך איהם אנגעצונדען שכורערהייט: א קוק געבענדיג אבער אויף אוודאטיא'ן, בפרט איצט, ווען זי איז מיט צונויפגעשלאגענע הענט געגאנגען אויף און אב אי־בערן צימער, אומעטיג און פארטראכט, וואלטען איהם א סך אפשר מוחל געווען, ניט ריידענדיג שוין פון זיין עקסצענטרישען צושטאנד. אוודאטיא ראמאנאוונא איז געווען וואונדערשעהן, — הויך, אונגע־וועהנליך שלאנק, שטארק, זיכער אין זיך, — דאס האט ארויסגעקוקט פון איטליכען זשעסט איהרען. דאך האט עס ניט אוועקגענומען פון איהרע באוועגונגען זייער ווייכקייט און גראציע. דאס געזיכט איהרס איז געווען עהנליך אויף'ן ברודערס, זי האט אבער שוין געקענט היי־סען אנ'אמת'ע שענהייט. די האר איהרע זענען געווען טונקעל־בלאנד: עטוואס העלער ווי ביים ברודער: די אויגען כמעט ווי שווארץ, פינ־קלענדיגע, שטאלצע און אין דערזעלבער צייט, אפטמאל, וויילענווייז, אונגעוועהנליך גוטע. זי איז געווען בלאס, אבער ניט קרענקליך־בלאס: איהר געזיכט האט געשפראצט מיט פרישקייט און געזונט. דאס מויל איהרס איז געווען עטוואס קליין, און דאס אונטערשטע ליפעלע, פריש און רויט, איז געווען אביסעל ארויסגערוקט פאראויס צוזאמען מיט'ן קין, — די איינציגע אונרעגעלמעסיגקייט אין דעם דאזיגען הערליכען געזיכט, וואס האט איהם אבער צוגעגעבען א באזונ־דערע כאראקטער־פעסטקייט, און צו גלייכער צייט, עפעס אזוי ווי א מין גאוה'דיגע שטאלצקייט. דער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז שטענדיג געווען מעהר ערנסט, ווי פרעהלער, ערנסט און אין זיך פאר־טיעפט: דערפאר אבער האט אזוי שעהן געפאסט דער שמייכעל צו דעם דאזיגען געזיכט, אזוי שעהן געפאסט דאס געלעכטער, דאס לוס־טיגע, יונגע, אין אלץ פארגעסענדע געלעכטער! ס'איז זעלבסטפאר־שטענדליך, אז דער היציגער, אפענהערציגער, נאאיווער, עהרליכער, ריעזען־שטארקער און שכורער ראזומיכין, וואס האט קיינמאל אויף זיין לעבען ניט געזעהען עטוואס אזעלכעס, האט פארלארען דעם קאפ. דערצו נאך האט איהם דער מזל, ווי מיט א כיון, געוויזען דוניא'ן אין דעם הערליכען מאמענט, פול ליעבע און פרייד, ווען זי האט זיך ווי־דער געטראפען מיט'ן ברודער נאך א לאנגען צושיידט זיין. ער האט דערנאך געזעהן, ווי ביי איהר האט א ציטער געטאן פאר אויפגע־בראכטקייט דאס אונטערשטע ליפעלע, אז זי האט דערהערט די פרעכע,

קומען! און ווי איז דאָס ביי מיר געווען רעכט צו לאָזען ראָדיאָ'ן...
ניט אַזוי, גאָר ניט אַזוי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט איהם צו טרעפען!
ווי בייז און קאַלט ער איז געווען, גלייך ווי ער איז ניט צופרידען
מיט אונזער קומען...

טרערען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען.

— ניין, מאַמישי. דאָס איז ניט אַזוי. איהר האָט זיך ניט צו־גוט
געקוקט, איהר האָט אַלץ געוויינט. ער איז זעהר צורודערט פון אַ
גרויסער קראַנקהייט. — דערפון נעהמט זיך אַלץ...

—אַך, די קראַנקהייט! וואָס וועט דאָס זיין! וואָס וועט דאָס
זיין! און ווי ער האָט דאָס מיט דיר גערעדט, דוניאַ. — האָט די מו־
טער געזאָגט און ציטערנדיג אריינגעקוקט דער טאָכטער אין די אויגען
אריין, איבערצולייענען איהרע געדאַנקען, און שוין האַלב געטרייסט
דערמיט, וואָס דוניאַ אַליין שטעלט זיך איין פאַר ראָדיאָ'ן — הייסט
עס, אַז זי האָט איהם מוחל געווען. — איך בין זיכער, אַז מאָרגען וועט
ער ח רטה האָבען, — האָט זי צוגעגעבען, אין דער האָפנונג, די טאָכ־
טער זאָל זיך איננאַנצען ארויסזאָגען.

— און איך בין זיכער, אַז מאָרגען אפילו וועט ער אויך זאָגען
דאָס איינענע... וועגען דעם, — האָט אַוודאָטיאַ ראָמאַנאָוונאַ אָבגע־
האַקט.

און דאָס איז שוין נאַטירליך געווען אַ שטיין פאַרוואָרפען, ווייל
דאָ איז געווען אַ פונקט, וועגען וועלכען פולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ
האָט איצט זעהר מורא געהאַט צו ריידען. דוניאַ איז צוגעגאַנגען צו
דער מוטער און איהר אַ קוש געגעבען. יענע האָט זי פעסט אַהן ווער־
טער ארומגענומען, דערנאָך האָט זי זיך געזעצט און האָט אומרוהיג
גענומען וואַרטען אויף ראַזומיכינס צוריקקומען. זי האָט ניט אָראָבגע־
נומען איהרע ניט־זיכערע בליקען פון דער טאָכטער, וועלכע איז מיט
צונויפגעשלאָגענע הענט אין ערוואַרטונג געגאַנגען אויף און אָב איבערן
צימער, טראַכטענדיג פאַר זיך. אַזאַ מין געהן אויף און אָב איבערן
צימער, פאַרטראַכטערהייט, איז געווען אַוודאָטיאַ ראָמאַנאָוונאַס אַ גע־
וועוהנהייט, און די מוטער האָט עפּעס שטענדיג מורא געהאַט צו צושטע־
רען אין אַזאַ מאָמענט איהרע געדאַנקען

געוויס איז ראַזומיכין געווען קאָמיש אין זיין פּלוצליכער ליידענ־

ניט מחמת ער איז אריינגעקומען אַנגעפּריזירט, ערשט פון פאַבריקמאַ־
כער, ניט מחמת ער האָט תיכף ומיד גענומען ארויסווייזען זיין שכל,
נאָר ווייל ער איז אַנ'אויסקוקער און א שפּעקולאַנט, ווייל ער איז
אַנ'אַפּעריסט און א שווינדלער. דאָס דערקענט מען גלייך. איהר מיינט,
ער איז קלוג? ניין, ער איז א נאַר, א נאַר! נו, איז ער דען אייער
גלייכען? א, גאָט מיינער! איהר פארשטעהט, מיינע דאַמען, — איז
ער פּלוצלונג געבליבען שטעהן, שוין אויף די טרעפּ פון די נומערן
ארויף, — כאָטש אלע געסט מיינע זענען ביי מיר שכור, דערפאַר
אַבער זענען זיי אלע עהרליכע לייט, און כאָטש מיר לייגען אפילו,
ווייל איך לייג דאָך אויך, דאָך וועלען מיר אזוי לאַנג לייגען, ביז
מיר וועלען פאַרט צום אמת קומען, דען מיר שטעהען אויף א שענעם
וועג, אַבער פּיאָטר פּעטראָוויטש... שטעהט ניט אויף קיין שענעם וועג.
איך האָב זיי נאַר־וואָס געזידעלט אויף וואָס די וועלט שטעהט, אַבער
דאָך אכט איך זיי אלעמען; זאַמעטאָוו'ן אפילו. כאָטש איך אכט
איהם ניט, דאָך האָב איך איהם ליעב, ווייל ער איז נאָך א יונג הינ־
טעל! אפילו די דאָזיגע חיה, וואָס הייסט זאַסימאָוו, ווייל ער איז אַנ'־
עהרליכער און פאַרשטעהט א געשעפט... גענוג אַבער. אלץ איז געזאָגט
און פאַרגעבען. פאַרגעבען? צי ניט? נו, קומט. איך קען דעם דאָזיגען
קאָרידאָר, געוועזען ניט איינמאָל: אָטאָ דאָ, איז דער דריטער נומער.
איז געוועזען אַנומעלט א סקאַנדאַל... נו, וואו איז ערגעץ איירע צימער?
וואָסער נומער? דער אַכטער? נו, זאָלט איהר זיך אויף ביינאַכט
פאַרשליסען, קיינעם ניט אריינלאָזען. אין א פערטעל שעה ארום ביז
איך ווידער דאָ מיט א ידיעה און אין א האַלבע שעה קום איך מיט
זאַסימאָוו'ן, איהר וועט זעהן, זייט געזונט, איך לויף!

— גאָט מיינער, וואָס וועט דאָס זיין, דוניטשקע? — האָט
פּולכעריא אלעקסאַנדראָוונא געזאָגט, אומרוהיג און מיט שרעק זיך
ווענדענדיג צו דער טאָכטער.

— באַרוהיגט זיך, מאַמישי, — האָט דוניאַ געענטפערט, אויס־
טוענדיג דעם הוט און דעם מאַנטעל, — גאָט אליין האָט אונז איהם
צוגעשיקט אַבוואָהל ער האָט ווירקליך א פּנים אַביסעל אויסגעטרונ־
קען. אויף איהם קען מען זיך פאַרלאָזען, איהר מעגט זיין זיכער. און
אלעס, וואָס ער האָט פאַר'ן ברודערס וועגען געטאָן ביז אהער...

— אך דוניטשקע, דאָס גוטע יאָהר ווייסט איהם, צי ער וועט

איהר דער קוואל פון גוטסקייט, ריינקייט, פארשטאנד, און... פאלקאָ־מענהייט! גיט מיר אייער האנט, גיט... איהר גיט אויך... איך וויל א קוש טאָן אייערע הענט אָט דאָ, אויף די קניה!

און ער איז געפאלען אויף די קניה אין מיטען טראָטואר, וואו ס'איז, צום גליק, גראָד קיינער ניט געווען.

— הערט אויף, איך בעט אייך, וואס טוט איהר דאס? — האט אויסגעשריען פולכעריא אלעקסאנדראָוונא, אויסער זיך פון אומרו־היגקייט.

— שטעהט אויף, שטעהט אויף! — האט דוניע געלאכט און זיך אויך בעאונרוהיגט.

— בשום אופן ניט, אז איהר וועט מיר ניט געבען די הענט! אָט אזוי, און גענוג, און אויפגעשטאנען, און געגאנגען! איך בין א שלימזל און א פעטער, איך בין אייך ניט ווערט, און בין שכור און שעם זיך... ליעב האבען אייך בין איך ניט ווערט, אבער בוקען זיך פאר אייך — דאס איז א חוב פאר יעדען איינציגען, אויב ער איז נאר ניט קיין אמת'ע חיה! האב איך זיך א בוק געטאן... אָט האט איהר שוין אייערע נומערן, און שוין דערפאר אליין איז ראדיא גערעכט, וואס ער האט אין דער פריה ארויסגעטריבען אייער פיאָטר פעטראָ־וויטש'ן! ווי אזוי האט ער עס געהאט די העזה צו פארפיהרען אייך אין אזוינע נומערן? דאס איז א סקאנדאל! איהר ווייסט, וועמען מען לאזט אהער אריין? און איהר זענט דאך א כלה! איהר זענט א כלה, איא? נו, אויב אזוי, מוז איך זאגען, אז אייער חתן איז א מיאוסער מענש.

— הערט נאר, הערר ראזומיכין, איהר האט פארגעסען... האט פולכעריא אלעקסאנדראָוונא אנגעהויבען.

— יא, יא, איהר זענט גערעכט, איך האב זיך פארגעסען, איך שעם מיך! האט ראזומיכין זיך פארכאפט, — נאר... נאר... איהר קענט אויף מיר ניט זיין בייז דערפאר, וואס איך רייד אזוי! ווייל איך רייד עס אזוי פון גאנצען הארצען און ניט מחמת... הם! דאס וואלט זיין נידערטרעכטיגט: מיט איין וואָרט, ניט מחמת איך בין אין אייך... הם!... נו, מילא, מען דארף ניט, איך וועל ניט זאגען פארוואס, איך האב ניט די העזה!... און מיר האבען אין דער פריה אלע פאר־שטאנען, ווי נאר ער איז אריין, אז ער איז ניט פון אונזערע מענשען.

דאס האט אבער איהם צוגעגעבען נאך מעהר היץ.

— און וואס מיינט איהר אין דער אמת'ן? — האט ער גע־שריען, נאך העכער אויפהויבענדיג זיין קול, — איהר מיינט, אז איך בין אויף זיי אנגעשטויסען פאר זייערע ליגענס? א נעכטיגער טאג! איך האב ליעב, ווען מען ליגט! דאס ליגען איז די איינציגע מענש־ליכע פריווילעגיע געגען אלע אנדערע ארגאניזמען. לייגענדיג — וועסטו קומען צום אמת! דערפאר בין איך דאך א מענש, איך זאל ליגען. מען איז ניט געקומען צו איין אמת אפילו, ניט האבענדיג פריהער געלייזט אמאל פערצעהן און אפשר הונדערט און פערצעהן, און דאס איז אין א געוויסער מאס נאך א כבוד, נו, און מיר קענען אפילו קיין ליגען אויך ניט זאגען מיט אונזער אייגענעם שכל! מענסט זיך ליינען געזונטערהייט, אבער ליג אויף דיין אייגענעם שטייגער, וועל איך דיר דאן א קוש טאן. לייגען אויפ'ן אייגענעם שטייגער, — דאס איז דאך שוין כמעט בעסער ווי אנ'אמת פון אנ'אנדערען, ווי א פרעמדער אמת; אין דעם ערשטען פאל ביסטו א מענש, אין דעם צווייטען אבער ביסטו ניט מעהר ווי א פויגעל! דער אמת וועט ניט וואו אהינקומען, דאס לעבען אבער פארהאקען קען מען; ס'איז שוין געווען אזוינע ביישפילען. נו, וואס זענען מיר איצט? אלע אהן אנ־אויסנאהם זענען מיר דאך נאך מלופום־קינדער, וואס עס אנבעלאנגט צו וויסענשאפט, ענטוויקילונג, דענקען, ערפינדונגען, אידעאלען, פאר־לאנגען, ליבעראליזם, פארשטאנד, ערפאהרונג און צו אלין, צו אלין, צו אלין, צו אלין, צו אלין! אונז איז געפעלען געווארען אויסצוקומען מיט פרעמדען שכל, — איז דאוואי! אפשר ניט אזוי? אפשר ניט אזוי, וועט איהר זאגען? — האט ראזומיכין געשריען, טרייסלענדיג און דריקענדיג די הענט פוןביידע דאמען, — אפשר ניט אזוי?

— א, גאט מיינער, איך ווייס ניט, — האט נעבאך פולכעריא אלעקסאנדראוונא געזאגט.

—ס'איז אזוי, אזוי... אפילו ניט אין אלעס בין איך מיט אייך איינשטימיג, — האט אוודאטיא אלעקסאנדראוונא ערנסט צוגעגעבען און אין דעמזעלבינגען אויגענבליק ארויסגעלאזט א געשריי, אזוי שטארק האט ער איהר דאמאלס צונויפגעדריקט די האנט.

— אזוי? איהר זאגט, אז ס'איז אזוי? נו, אויב אזוי זענט איהר... זענט איהר... האט ער אויסגעשריען אין התפעלות, — זענט

ווי נאר איך פיהר אייך אב, גים איך גלייך אוים אויפ'ן קאפ צוויי עמער וואסער, דא טאקע אין קאנאל, און פארטיג... ווען איהר וואלט נאר וויסען, ווי איך האב אייךביידען ליעב... ניט לאכט און ניט זענט בייז!... אויף אלעמען קענט איהר זיין בייז, אויף מיר אבער ניט. איך בין איהם א גוטער פריינט, אלזא בין איך אייך אויך א גוטער פריינט... אזוי וויל איך... איך האב עס נאר פריהער געפיהלט... פאר איאהרען, געוועזען אזא שעה אויף מיר... איבריגענס, האב איך עס גאר ניט געפיהלט א פריהער, ווייל איהר זענט ווי פונ'ם הימעל אראב־געפאלען. און איך וועל אפשר א גאנצע נאכט ניט שלאפען... דער דא־זיגער זאסימאוו האט פריהער מורא געהאט, ער זאל ניט אראב פון זינען, אט פארוואס מען דארף איהם ניט צורייצען...

— וואס רעדט איהר? — האט די מוטער אויסגעשריען.

— האט דער דאקטאר אליין אזוי געזאגט? — האט מיט שרעק געפרעגט אווראטיא ראמאנאוונא.

— געזאגט, נאר ניט דאס איז דער עיקר, נאר ניט דאס. ער האט עפעס א רפואה אויך געגעבען, א פראשעק אזא, איך האב אליין געזעהן, און דא זענט איהר אנגעפאהרען... עך! איהר וואלט בעסער באדארפט מארגען קומען! זעהר גוט, וואס מיר זענען אוועק. און אין א שעה ארום וועט אייך זאסימאוו אליין אבגעבען א ראפארט. אט יענער איז טאקע ניט שכור! און איך וועל אויך זיין ניט שכור... און צוליעב וואס, מיינט איהר, האב איך אין זיך אזוי פיעל אריינגע־קעהרט? דערפאר ווייל זיי האבען מיך אריינגעשלעפט אין א וכוח, געהען זיי צו אלדי שווארציאהר! איך האב זיך דאך פארשווארען זיך ניט צו שפארען!... אז זיי האקען אבער פארט ווי אין קרויט!

— שיער זיך ניט צושלאגען מיט זיי! איך האב דארט געלאזט דעם פעטער, פאר א פרעזידענט... איהר וועט גלויבען: זיי פאדערן, מען זאל אינגאנצען פארשטיקען דעם אייגענעם איך, און דערפון לעקן זיי גאר די פינגער! אליץ זיין, נאר ניט ווי מען איז אליין, נאר ניט עהנליך זיין אויף זיך, און אט דאס הייסט ביי זיי די העכסטע שטופע פון פראגרעס. ווען זיי וואלטען כאטש זאגען אייגענע ליגענס, איז דאך אבער...

— הערט נאר, — האט איהם פולכעריא אלעקסאנדראוונא עפעס אזוי ווי ניט־זיכער איבערגעשלאגען.

דאקטאר איז דאך נויטיגער, נויטיגער. נו, טא גערט אייך געזונטער־הייט אהיים! און צו דער בעל־הבית׳טע איז אונמעגליך: מיר איז מעגליך און אייך איז אונמעגליך: זי וועט ניט לאזען, ווייל... ווייל זי איז א שוטה... זי וועט מיך נאכאייפערן צו אוודאטיא ראמאנאוונא, אויב איהר ווילט וויסען, און צו אייך אפילו אויך... ווענען אוודאטיא ראמאנאוונא׳ן איז שוין אבגערעדט. דאס איז זעהר און זעהר אנ־אויסטערלישע נאטור! איבעריגענס בין איך אויך א שוטה... עט, ס׳איז ווערט א שפיי! קומט! איהר גלויבט מיר? נו, איהר גלויבט מיר צי ניט?

— קומט, מאמישי, — האט אוודאטיא ראמאנאוונא געזאגט, — ער וועט געוויס אזוי טאן, ווי ער זאגט צו. ער האט שוין איינמאל געראטעוועט דעם ברודער, און אויב דאס איז אמת, — אז דער דאק־טאר וועט באשטעהן דא צו נעכטיגען, איז וואס דארף מען בעסער?

—אט איהר... איהר... פארשטעהט מיך, ווייל איהר זענט — א מלאך! — האט ראזומיכין אין התפעלות אויסגעשריען. — קומט! נאסטאסיא, גיה געשווינט ארויף אויבען און זיץ דארט נעבען איהם, ביים פייער: איך קום אין א פערטעל שעה ארום...

פולכעריא אלעקסאנדראוונא איז אפילו ניט געווען גאר איבער־צייגט, דאך האט זי זיך מעהר ניט איינגעשטעלט. ראזומיכין האט זיי ביידען גענומען אונטער די הענט און אנגעהויבען שלעפען זיי פון די טרעפ. די מוטער האט זיך דאך באונרוהיגט: „אפילו א געשיקטער יונג און א גוטער, איז ער אבער דען אימשטאנד צו ערפילען, וואס ער זאגט צו? ער איז דאך אין אזא צושטאנד!...“

— אהא, איך פארשטעה, איהר טראכט, אז איך בין אין אזא צושטאנד! — האט ראזומיכין איבערגעשלאגען איהרע געדאנקען, וועלכע ער האט פונקט צוגעטראפען, שפרייזענדיג מיט זיינע מורא׳דיג גרויסע טריט איבערן טראטואר, אזוי אז ביידע דאמען האבען קוים איהם געקענט נאכגעהן: איבריגענס האט ער עס ניט באמערקט. — ס׳איז ווערט א שפיי! דאס הייסט... איך בין יא שכור, ווי א לעקיש, ניט דאס איז אבער דער עיקר: איך בין שכור ניט פון וויין. ווי נאר איך האב אייך דערזעהן, האט עס מיר א זעץ געטאן אין קאפ... נאר שפייט אויף מיר! ניט מאכט דערפון קיין וועזען: איך לייג, איך בין אייך ניט ווערט... איך בין ניט ווערט אייער נאגעל אפילו!...

צוטרוי. וואס נאסטאסיאס ערצעהלונגען וועגען דעם דאַזיגען מאָרגעם מענשען האבען איינגעפּלאנצט אין איהר, האט זי זיך איינגעהאלטען פון צו פּרובען זיך אנטלויפען פון איהם און אוועקשלעפּען מיט זיך די מוטער. זי האט אויך פארשטאנען, אז איצט איז שוין אפשר אונ־מעגליך צו אנטלויפען פון איהם. איבעריגענס האבען זיי זיך אין א מינוט צעהן ארום אביסעל בארוהיגט: ראזומיכין האט געהאט א טבע אין איין אויגענבליק זיך איננאנצען ארויסצוזאגען, און וואס פאר א שטימונג ער זאל ניט געווען זיין, אזוי אז אלע פלעגען זעהר גיך געוואהר ווערען, מיט ווענען זיי האבען דא צו טאָן.

— וועגען דער בעל־הבית'טע קלערט גאר ניט, ס'איז א נעכ־טיגער טאג! — האט ראזומיכין אויסגעשריען, וועלענדיג איבער־צייגען פּולכעריא אלעסאנדראווגא'ן. — איהר מעגט זיך זיין א מו־טער, נאר טאמער וועט איהר בלייבען, ברעננט איהר איהם אריין אין א רציחה. און דאמאלס וועט קיין רבונו של עולם ניט העלפען! הערט, אט וואס איך וועל טאָן: איצט וועט מיט איהם א ווײַלע זיצען נאס־טאסיא, און איך וועל אייך ביידען אבפיהרען צו אייך, ווייל אליין טארט איהר ניט געהן איצט אין גאס; ביי אונז אין פּעטערבורג איז אין דעם פּרט... נאר ס'איז ווערט א שפּיי! דערנאך לויף איך פון אייך אהערצו און אין א פערטעל שעה ארום, אויף מיין עהרען־ווארט, ברענג איך אייך א באריכט: וואס מאכט ער? שלאפט ער אדער ניט? און דאסגלייכען. דערנאך, איהר הערט, דערנאך היידא גלייך פון אייך צו מיר. — ביי מיר זענען דארט געסט, אלע שכור, נעהם איך זאסימאוו'ן, דאס איז דער דאקטאר וואס היילט איהם, ער זיצט איצט ביי מיר, ניט שכור: ער איז ניט שכור, קיינמאל ניט שכור! שלעפּ איך איהם אוועק צו ראדקען און דערנאך גלייך צו אייך: אלזא האט איהר וועגען איהם צייט איין שעה צוויי ידיעות, — פון דאקטאר אויך, איהר פארשטעהט, פון דאקטאר אויך, דאס האט שוין אביסעל מעהר צו זאגען, ווי פון מיר! אויב עס וועט האלטען שמאל, שווער איך אייך, אז איך וועל אייך אליין ברייננגען אהער, און אויב ס'וועט זיין גוט, טא לעגט זיך שלאפען. און איך שלאף דא היינט די נאכט, אין פארהויז, ער וועט ניט וויסען, און זאסימאוו'ן וועל איך הייסען שלאפען ביי דער בעל־הבית'טע, ער זאל זיין אונטער דער האנט. נו, וואס איז פאר איהם גלייכער: איהר אדער דער דאקטאר? דער

געגענאיבער דער בעל־הבית'טעם טיר. נאַסטאַסיא האָט זיי צוגע־לויכטען פון דעם אונטערשטען טרעפּעל. ראַזומיכין איז געווען אין אַנ'אונגעוועהנליכער אויפרעגונג. ערשט מיט א האַלבע שעה צוריק, בעת ער האָט באַגלייט אהיים ראַסקאָלניקאָוו'ן, האָט ער אפילו אויך צופיעל געפּלוידערט און האָט דאָס אליין פאַרשטאַנען. דאָך איז ער נאָך געווען זעהר מונטער און כמעט ניכטער, ניט קוקענדיג אויף דער שרעקליכער מאַסע וויין, וואָס ער האָט פאַר'ן אבענד אויסגעטרונקען. איצט אָבער איז זיין צושטאַנד געווען עהנליך אויף עפּעס א' מין התפעלות און צו גלייכער צייט האָט איהם דער אויסגעטרונקענער וויין גלייך ווי פּלוצלונג ווידער א זעץ געטאָן אין קאָפּ, מיט א דאָפּעל־טער קראַפט. ער איז געשטאַנען מיט ביידע דאַמען, אַנגעכאַפּט זייערע ביידענס הענט, האָט זיי געגעבען צו פאַרשטעהן מיט א זעל־טענער אָפענהערציגקייט, אז זיי דאַרפען אוועקגעהן. דערביי האָט ער ביי איטליכען וואָרט זיינעם שטייף־שטייף, ווי אין צוואַנגען, גע־דריקט זיי ביידען די הענט ביז צום וועה טאָן, אפנים כדי זיי וואָס בעסער צו איבערצייגען, און האָט, דאַכט זיך, געגעסען מיט די אויגען אוודאָטיא ראָמאַנאָוונא'ן; איהם איז אפילו גאָר ניט איינגעפאַלען, אז עס איז ניט אָרטיג... פאַר וועהטאָג פלעגען זיי אמאָל ארויס־רייסען זייערע הענט פון זיין ריעזען־גרויסער ביינערדיגער האַנט, ער פלעגט עס אָבער ניט נאָר ניט באַמערקען, נאָר האָט זיי נאָך שטאַרקער געשלעפּט צו זיך. ווען זיי טוען איהם א זאָג, ער זאָל פון זייער טובה וועגען זיך אראָבוואַרפען די רגע פון די טרעפּ מיט'ן קאָפּ אראָב, וואָלט ער עס גלייך ערפילט, אָהן קיינע טענות און קווייקלע־ניש. פולכעריא אלעקסאַנדראָוונא, שרעקליך צוטראָגען פון די געדאַנ־קען וועגען ראָדיא'ן, האָט אפילו געפיהלט, אז דער יונגערמאַן איז שוין צו עקסצענטריש און דריקט איהר שוין צו שמערצליך די האַנט; נאָר אזוי ווי ער איז צוגלייכער צייט געווען ביי איהר פאַררעכענט פאַר דעם אויבערשטענס א שליח, האָט זי ניט געוואָלט באַמערקען די אלע עקסצענטרישע שטיק. אויך אוודאָטיא ראָמאַנאָוונא, וואָס איז געווען שטאַרק אומרוהיג וועגען ראָדיא'ן, און איז ניט געווען פון די שרעקעדיגע מיידלעך ,האָט מיט פאַרוואונדערונג און אפילו מיט א מין שרעק באַגעגענט די בליקען פון איהר ברודערס פריינט, וועלכע האָבען געברענט מיט א ווילדען פייער, און נאָר דער אונענדליכער

ער ניט אימשטאנד געווען צו ענטפערן. ער האט זיך געלענט אויפ'ן דיוואן און זיך אבגעקעהרט צום וואנט, איינגאנצען א צובראכענער. אוודאטיא ראמאנאוונא האט א נייגעריגען קוק געטאן אויף ראזו־מיכינען: איהרע שווארצע אויגען האבען אויפגעבליצט; ראזומיכין האט אזש אויפגעציטערט אונטער דעם ראזיגען בליק. פולכעריא אלעקסאנדראוונא איז געשטאנען, אויסער זיך פאר איבערראשונג.

— איך קען בשום אופן ניט אוועקגעהן! — האט זי שטיל געזאגט צו ראזומיכינען, שיער ניט אין פארצוויפלונג. — איך וועל בלייבען דא, ערגעץ־וואו... פיהרט אונטער דוניען.

— און איהר וועט אלעם קאליע מאכען! — האט אויך אזוי שטיל ראזומיכין געזאגט, ארויסגעהענדיג פון די כלים. — לאמיר כאטש אויף די טרעפ ארויס. נאסטאסיא, לייכט צו! איך קען אייך שווערען, האט ער פארטגעזעצט האלב־פליסטערנדיג, אויף די טרעפ שוין, — אז פריהער האט ער זיך שיער ניט געכאפט שלאגען צו אונז, צו מיר, הייסט עס, מיט'ן דאקטאר! איהר פארשטעהט צי ניט? צום דאקטאר אליין! און יענער האט איהם נאכגעגעבען, אבי איהם ניט אויפרייצען, און איז אוועקגעגאנגען, און איך בין געבליבען אויף א ווײלע און בין דערנאך אויך ארונטער: האט ער זיך אנגעטאן און געמאכט פליטה. און איצט וועט ער אויך מאכען די פליטה, אז איהר וועט איהם אויפרייצען: דערמאנט זיך, ביינאכט, ער קען זיך עפעס גאר אנטאן...

— וועה — וועה! וואס רעדט איהר!

— און אוודאטיא ראמאנאוונא קען אהן אייך, איינע אליין, אויך ניט בלייבען אין א נומער! איהר ווייסט ניט, וואו איהר שטעהט איין! אט דער ראזיגער מנוול האט אייך דען ניט געקענט קריגען קיין בעסערע וואוינונג... איבעריגענס בין איך אביסעל שכור'לעך, דארפט איהר וויסען, דעריבער האב איך איהם... א זידעל געטאן; ניט מאכט קיין פירוש...

— נו, דאן וועל איך געהן צו דער בעל־הבית'טע זיינע, — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא זיך געהאלטען ביי דאס איהריגע, — איך וועל ביי איהר פועל'ן, זי זאל מיר מיט דוניען געבען א ווינקעל אויף היינטיגער נאכט. איך קען איהם אזוי ניט לאזען, איך קען ניט!

אזוי ריידענדיג, זענען זיי געשטאנען אויף די טרעפ, פונקט

— ברודער, גיב א טראכט וואס דו רעדסט? — האט אוודא־טיא ראמאנאוונא אויפגערעגט אנגעהויבען, זי האט זיך אבער גלייך איינגעהאלטען. — דו ביסט אפשר איצט ניט אימשטאנד, דו ביזט מיעד, — האט זי שטיל געזאגט.

— איך רייד פון היץ? ניין... דו האסט חתונה מיט לוזשינען צוליעב מיר. און איך נעהם ניט אן קיין קרבן. דעריבער שרייב איהם צומארגענס אן א בריעף מיט אנ׳אבזאג... און דער פריה וועסטו מיר געבען איבערלייענען, און א סוף!

— איך קען דאס ניט טאן! האט דאס יונגע מיידעל באליידיגט אויסגעשריען. — וואס פאר א רעכט האסטו...

— דוניטשקע, דו קאכסט זיך אויך, הער אויף, מארגען... דו זעהסט דען ניט... האט זיך די מוטער איבערגעשראקען, און זיך א ווארף געטאן צו דוניען. — אך, לאמיר שוין בעסער אוועקגעהן.

— ער רעדט פון היץ! — האט אויסגעשריען דער שכור׳ער ראזומיכין. — ווייל אניט וואלט ער דען געהאט די העזה? מארגען וועלען איהם די אלע נארישקייטען ארויספליהען פונ׳ם קאפ... היינט האט ער איהם טאקע מיט דער אמת׳ן ארויסגעטריבען דאס איז טאקע אזוי געווען. נו, איז יענער געווארען אין כעס... ער האט דא גע־דרשנ׳ט פאר פייער און פאר וואסער, באוויזען דא זיין למדנות, און איז נעבעך אוועק ווי אנ׳אבגעשמיסענער.

— איז דאס אלזא אמת? — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא אויסגעשריען.

— ביז מארגען, ברודער, — האט דוניא געזאגט מיט מיטלייד.

— קומט, מאמישי... זייט געזונט, ראדיא!

— דו הערסט, שוועסטער, — האט ער גלייך איבערגע׳חזר׳ט, אנשטרענגענדיג די לעצטע קרעפטען, — איך רייד ניט פון היץ; דער דאזיגער שידוך איז א נידערטרעכטיגקייט. זאל זיין, אז איך בין נידער־טרעכטיגט, דו אבער טארסט עס ניט... איינער פון אונז... און איך מעג זיך זיין נידערטרעכטיגט, אבער אזא שוועסטער וועל איך ניט האלטען פאר א שוועסטער, אדער איך, אדער לוזשין! געהט אוועק...

— דו ביסט דאך פון זינען אראב, דעספאט איינער! — האט ראזומיכין ארויסגעדונערט.

ראסקאלניקאו האט שוין אבער ניט געענטפערט און אפשר איז

ראַזומיכינען די האַנט. ראַסקאָלניקאָוו האָט זי אָבער ווידער איבערגע־שלאָגן.

— איך קען ניט, איך קען ניט, האָט ער געחזר׳ט אַנ׳אויפגע־רייצטער, — ניט מאַטערט מיך! גענוג, געהט אוועק... איך קען ניט!

— קומט, מאַמישי, לאָמיר כאָטש פון צימער ארויס אויף אַ ווײַלע, — האָט שטיל אַרויסגעמורמעלט די דערשראָקענע דוניאַ. — מיר הר׳געגען איהם אוועק, דאָס איז קלאָר.

— וועל איך איהם אפילו ניט אָנקוקען פאַר די גאַנצע דריי יאָהר! — האָט פולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זיך צוואָויינט.

— וואַרט אַ ווײַלע, — איז ער זיי ווידער אריינגעפאַלען אין די רייד, — איהר שלאָגט מיך אַלץ איבער, און ביי מיר טומלען זיך די געדאַנקען... געזעהן לוזשינען?

— ניין, ראָדיאַ, ער ווייס אָבער שוין פון אונזער קומען. מיר האָבען שוין געהערט, ראָדיאַ, אַז פּיאָטר פּעטראָוויטש איז געווען אַזוי פריינדליך און האָט דיך היינט באַזוכט, — האָט פולכעריאַ אַלעקסאַנד־ראָוונאַ צוגעגעבען אַביסעל ניט זיכער

— יאָ... געווען אַזוי פריינדליך... דוניאַ, איך האָב פריהער לוז־שינען געזאָגט, אַז איך וועל איהם אַראָבוואַרפען פון אַלע טרעפּ, און האָב איהם אַרויסגעטריבען צו אַלדי שוואַרציאָהר...

— ראָדיאַ, וואָס רעדסטו! געוויס... דו ווילסט ניט זאָגען, — האָט פולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אויסער זיך פאַר שרעק, געוועזט אָנגעהויבען, איז אָבער שטיל געבליבען, קוקענדיג אויף דוניאַן.

אַוודאָטיאַ ראָמאַנאָוונאַ האָט ניט אַראָבגענומען די אויגען פון׳ם ברודער און האָט געוואַרט — וואָס ווייטער. זיי האָבען שוין געהערט וועגען דער קריעג פון נאַסטאַסיען, אויף וויפיעל יענע האָט געקענט פאַרשטעהן און איבערדערצעהלען, און זיי איז אַרויסגעפאַלען דאָס האַרץ פאַר ספקות און ערוואַרטונג.

— דוניאַ, — האָט ראַסקאָלניקאָוו מיט אָנשטרענגונג ווייטער גערעדט, — איך וויל ניט דעם שידוך, און דעריבער דאַרפסטו מאָר־גען טאָקע גלייך אָבזאָגען לוזשינען, זיין נאָמען זאָל דאָ אפילו ניט געדאַכט ווערען.

— אַ גאָט מיינער! — האָט פולכעריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אויס־געשריען.

# דריטער טייל

## ערשטער קאפיטעל.

ראסקאלניקאוו האט זיך עטוואס אויפגעהויבען און זיך געזעצט אויפ'ן דיוואן.

ער האט שוואך א מאך געטאן ראזומיכינען מיט דער האנט, יענער זאל צומאכען דעם שטראם אונזיניגע און הייסע טרייסטווערטער, וועלכע האבען זיך געגאסען אויף זיין מוטער און שוועסטער, האט זיי ביידען אנגענומען פאר די הענט און אקעגען צוויי מינוט זיך שווייגענדיג איינגעקוקט דא אין איינער, דא אין דער אנדערער. די מוטער האט זיך דערשראקען פאר זיין בליק. אין דעם דאזיגען בליק האט געשיינט א פייניליך שטארקעס געפיהל, אין דערזעלבער צייט אבער איז אין איהם געווען עטוואס אונבאוועגליכעס, זאגאר וואהנזיניקעס. פולכעריא אלעקסאנדראוונא האט זיך פונאנדערגעוויינט.

אווראטיא ראמאנאוונא איז געווען בלאס; איהר האנט האט געציטערט אין דעם ברודערס האנט.

— געהט אהיים... מיט איהם, — האט ער ארויסגערעדט מיט אנ'אבגעהאקטער שטים, אנווייזענדיג אויף ראזומיכינען, — ביז צו־מארגענס: מארגען וועט אלץ... איהר זענט שוין לאנג געקומען?

— אין אבענד, ראדיא, — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא געענטפערט, — דער צוג האט שרעקליך פארשפעטיגט. אבער איצט, ראדיא, וועל איך פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט אוועקגעהן פון דיר! איך נעכטיג דא, נעבען...

— ניט מאטערט מיך! — האט ער צורייצט ארויסגערעדט און א מאך געטאן מיט דער האנט.

— איך וועל בלייבען מיט איהם! — האט ראזומיכין אויסגע־שריען, — אויף איין רגע אפילו וועל איך איהם ניט לאזען, און אלע מיינע געסט מעגען געהן צום טייוועל, זאלען זיי דארט קריכען אויף די ווענט! דארט איז מיין פעטער פרעזידענט.

— מיט וואס, מיט וואס זאל איך אייך אבדאנקען? — האט פולכעריא אלעקסאנדראוונא געוועזט אנגעהויבען, ווידער דריקענדיג

און אַ נעהם געטאַן דוניטשקען פאר'ן האַנט אזוי, אז ער האָט איהר שיער זי ניט אויסגעדרעהט. האָט ער זי צוגעבויגען, זי זאָל אַ קוק טאָן, אז „אָט איז ער שוין אינגאנצען צו זיך געקומען". אי די מוטער אי די שוועסטער האבען געקוקט אויף ראזומיכינען, ווי אויף אַ שליח פון גאָט אליין, מיט ריהרענדע און דאַנקבארע בליקען: זיי האָבען שוין געהערט פון נאסטאַסיא'ן, וואָס עס האָט געטאָן פאר ראָדיאָן, אין דער גאנצער צייט פון זיין קראנק זיין, אָט דער דאָזיגער „פלינקער יונגער מאן" — אזוי האָט איהם דעמזעלבען אבענד אָנגע־רופען אין אַ אינטימען שמועס מיט דוניען פולכעריא אלעקסאַנדראָוונאַ ראסקאָלניקאָווא אליין.

(ענדע צווייטער טייל).

זיין מוטער און שוועסטער זענען געזעסען ביי איהם אויפ'ן דיוואן און געווארט שוין אנדערהאלבען שעה. פארוואס אבער האט ער זיך אויף זיי אמווענינגסטענס געריכט און וועגען זיי אמווענינגסטענס געטראכט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער האט היינט אפילו ווידער באקומען א בריעף, אז זיי זענען ארויסגעפאהרען, זיי פאהרען שוין, באלד קומען זיי אן? די גאנצע אנדערהאלבען שעה האבען זיי ניט אבגעלאזט נאסטאסיא'ן און זי פונאנדערגעפרעגט. איבערשלאגענדיג איינע די אנדערע. נאסטאסיא האט זיי שוין באוויזען אויסצודערצעהלען אלצדינגס מיט אלע פליטערלעך. זיי זענען שיער ניט משוגע געווארען פאר שרעק, ווען זיי האבען דערהערט, אז ער איז „היינט אנטלאפען א קראנקער". און, ווי ס'איז קענטיג געווען פון איהרע ווערטער, האט ער געהאט זיכער היין!... „רבונו של עולם, וואס איז דאס מיט איהם!" ביידע האבען זיי געוויינט, ביידע האבען זיי איבערגעליטען פאר די דאזיגע אנדערהאלבען שעה אלע ענוים פון גיהנם.

א פריידיג ענטציקט געשריי האט זיך ביי זיי ארויסגעריסען פון הארצען ביי ראסקאלניקאוו'ס אריינקומען. זיי האבען זיך אווארף געטאן צו איהם. ער איז אבער געשטאנען ווי א געשטארבענער; אן אונערטרעגליכעם אומגעריכטעם באוואוסטזיין האט איהם ווי א דונער געטראפען. און גלאט האבען זיך איהם די הענט ניט געהויבען זיי ארומצונעמען: זיי זענען עס ניט געווען אימשטאנד. די מוטער און די שוועסטער האבען איהם צוגעדריקט צו זיך, געהאלזט און געקושט איהם, געלאכט און געוויינט... ער האט געמאכט א טריט, זיך א וואקעל געטאן און א פאל געגעבען אויף דער ערד אין אהנמאכט.

א מהומה, געשרייען פון אימה, קרעכצען... ראזומיכין, וועלכער איז געשטאנען אויף דער שוועל, איז אריינגעפלויגען אין צימער, א כאפ געגעבען דעם קראנקען אין זיינע מעכטיגע ארעמס, און יענער איז אין איין אויגענבליק שוין געלעגען אויפ'ן דיוואן.

— נישקשה, נישקשה! — האט ער געשריען צו דער מוטער און שוועסטער. דאס איז ניט מעהר ווי געחלש'ט, ווערט א שפיי! נאר־וואס האט דער דאקטאר געזאגט, אז איהם איז אסך בעסער, אז ער איז פאלקאם געזונט! וואסער!... נו, אט קומט ער שוין צו זיך, נו, אט איז ער שוין אינגאנצען צו זיך געקומען.

— דער קאָפּ דרעהט זיך מיר אביסעל, נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. — דער עיקר איז דאָס, וואָס מיר איז אַזוי אומעטיג. אַזוי אומעטיג! אַזוי ווי איך וואָלט זיין אַ פרוי... כ'לעבען! זעה נאָר, וואָס איז דאָס אַזוינס? זעה! זעה!

— וואָס?

— זעהסט דען ניט? אין מיין צימער איז ליכטיג, זעהסט. אין שפּאַלט...

זיי זענען שוין געשטאַנען פאַר דער לעצטער רייהע טרעפּ, נעבען דער בעל־הבית'טעס טיר, און פון אונטען האָט מען ווירקליך געקענט זעהן, אַז ביי ראַסקאָלניקאָוו'ן אין קאַמער ברענט פייער.

— אַ מאָדנע זאַך! סיידען אפשר נאַסטאַסיא, — האָט ראַזומיכין אַרויסגערעדט.

— אין דער צייט געהט זי קיינמאָל ניט אַריין, זי שלאָפט שוין אודאי לאַנג. נאָר... מיר איז אַלץ איינס! זייט געזונט!

— גאָט איז מיט דיר! איך וועל דיך אונטערפיהרען, מיר וועלען צוזאַמען אַריין!

— איך ווייס, אַז מיר וועלען צוזאַמען אַריין, מיר ווילט זיך אָבער דיר דאָ געבען די האַנט און זעגענען זיך מיט דיר. נו, גיב מיר די האַנט, זייט געזונט!

— וואָס איז עס מיט דיר, ראָדיאַ?

— גאָרניט... קום... דו וועסט זיין אַנ'עדות...

זיי האָבען גענומען שטייגען אויף די טרעפּ אַרויף, און ראַזומיכינען איז איינגעפאַלען, אַז זאָסימאָוו איז אפשר טאַקע גערעכט. „עך! איך האָב איהם גאָר צוגערעדט מיט מיין פּלוידעריי!“ האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט פאַר זיך, פּלוצלונג, צוגעקומען צו דער טיר, האָבען זיי דערהערט אין צימער שטימען.

— וואָס איז דאָ פאַרט אַזוינס? — האָט ראַזומיכין אויסגעשריען.

ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך דער ערשטער גענומען פאַר'ן טיר, האָט זי אויפגעמאַכט און איז געבליבען שטעהן אויף דער שוועל אויסער זיך פאַר איבעראַשונג.

קען, עס האבען איהם פשוט געווארפען אלע גלידער! דו האסט דאך איהם שיער ניט ווידער איינגעשמועסט אין דער ‹אויגער משונה־ ווילדער אונזיניגקייט און דערנאך פלוצלונג — האסטו איהם באוויזען א צונג — „נא, ווערג זיך!“ חדושים! דערשלאגען, צוטראטען איז ער איצט! ביסט שוין איינמאל א מזיק, אויף מיינע נאמנות! אט אזוי טאקע דארף מען מיט זיי ריידען! עה, ווען איך בין דארטען! איצט האט ער אויף דיר ממש די אויגען אויסגעקוקט. פארפירי וויל מיט דיר אויך באקאנט ווערען...

—אזוי... ער שוין אויך... און פארוואס עפעס האט מען מיך פארדעכענט פאר א משוגענעם?

— דאס הייסט, ניט פאר א משוגענעם. איך האב דיר, ברודער־ לעבען, שוין צופיעל אנגעפלוידערט... פארשטעהסטו מיך, איהם האט זעהר איבעראשט דאס, וואס דיך אינטערעסירט ניט מעהר ווי דער איין פונקט; איצט איז קלאר, פארוואס ער אינטערעסירט דיך: ווי־ סנעדיג אלע פרטים... און דאס האט דיך דאמאלס זעהר אויפגע־ רייצט, און עס האט זיך צוזאמענגעפלאכטען מיט דער קרענק... איך בין, ברודער־לעבען, אביסעל שכור, נאר דער טייוועל ווייסט איהם, ער האט זיך עפעס ארייננענומען א געדאנק... איך זאג דיר דאך: ער האט זיך ארייננענומען אין קאפ גייסטיגע קראנקע און מאך מיט איהם עפעס! נאר שפיי דארויף!

ביי א האלבע מינוט האבען זיי ביידע געשוויגען.

— הער, ראזומיכין, האט ראסקאלניקאוו אנגעהויבען, — איך וויל דיר זאגען אפען: איך בין ערשט געווען ביי א טויטען, גע־ שטארבען איינער א בעאמטער... איך האב דארט אבגעגעבען דאס גאנצע געלט מיינע... און אויסערדעם האט מיך נאר־וואס געקושט א ווען, וואס וואלט מיך אפילו דאן, ווען איך וואלט געווען עמיצען דער׳הרגעט... מיט אייןווארט, איך האב דארט געזעהן נאך א ווען... מיט א פייערדיגער פעדער... איבעריגענס קריך איך אראב פון וועג; איך בין זעהר שוואך, האלט מיך אונטער... באלד איז שוין דאך די טרעפ...

— וואס איז עס מיט דיר? וואס איז עס מיט דיר? האט ראזו־ מיכין אומרוהיג געפרעגט.

— זאַמעטאָוו האָט דיר אַלץ דערצעהלט?

— אַלץ. און האָט גוט געטאָן. איך האָב איצט פאַרשטאַנען אַלצדינג, און זאַמעטאָוו האָט אויך פאַרשטאַנען... נו, יאָ, מיט איין וואָרט, ראָדיאָ... די זאַך דערפון איז... איך בין איצט אַ האַרעלע שכור.... נאָר דאָס איז... גאָרניט... די זאַך דערפון איז... דער ראַזיגער געדאַנק... פאַרשטעהסטו מיך? איז זיי ווירקליך אַרויפגעקומען אויפ'ן זינען... פאַרשטעהסט? דאָס הייסט, זיי האָבען קיינער איהם ניט געואָגט אַרויסצוזאָגען הויך אויף אַ קול, ווייל דאָס איז דאָך משונה ווילד און לעכערליך. היינט אַז מען האָט נאָך געפּאַקט דעם פאַרבער, האָט דאָס געפּלאַצט און איז פאַרלאָשען געוואָרען אויף אייביג. פאַר־וואָס אָבער זענען זיי פּראַים? איך האָב זאַמעטאָוו'ן דאָן גוט געגע־בען — צווישען אונז זאָל דאָס, ברודער, בלייבען; איך בעט דיך, דו זאָלסט זיך מאַכען אינגאַנצען ניט וויסענדיג, אַז דו ווייסט פון עפּעס; איך האָב באַמערקט, אַז ער איז האַנאַראָווע; דאָס איז געוועזן ביי לאַוויזאַ'ן, — נאָר היינט, היינט איז אַלץ געוואָרען קלאָר. דער־הויפּט איז אָט דער איליאַ פּעטראָוויטש! — ער האָט זיך דאָן באַ־נוצט מיט דיין חלשות. און נאָכדעם איז עס איהם אַליין געוועזן אַ חרפּה; איך ווייס דאָך...

ראַסקאָלניקאָוו האָט גיריג זיך צוגעהערט. ראַזומיכין האָט שכור־ערהייט אַלץ אַרויסגעפּלוידערט.

— איך בין דאָן געפאַלען אין חלשות, מחמת ס'איז געוועזן זעהר דושנע און עס האָט געהאַקט מיט אייל־פאַרב, — האָט ראַסקאָלניקאָוו געזאָגט.

— ער גיט נאָך מיר צו פאַרשטעהן! און ניט נאָר די אייל־פאַרב אַליין: די קרענק האָט זיך געקליבען אַ גאַנצען מאָנאַט; זאָסימאָוו פאַרשטעהט אין די זאַכען; ווי ער איז דאָס אָבער איצט דערשלאָגען, אָט דער ראַזיגער יונגאַטש, — קענסטו זיך דאָס גאָרניט פאַרשטעלען! „איך בין ניט ווערט דעם מינדסטען פינגער פון דעם ראַזיגען מענשען!“ דיין פינגער, הייסט עס. ער האָט, ברודער־לעבען, אָפטמאָל טייערע גע־פיהלען. ער האָט אָבער איצט געהאַט אַ לעהרע, שוין איינמאָל אַ לעהרע האָט ער געקריגען אין דעם „קריסטאַל־פּאַלאַץ“. — דאָס איז גאָר געוועזן אויף חדושים! דו האָסט דאָך איהם אַפּריהער אָנגעשראָ־

פאַלש ווערען! און צוריקגערעדט, איז גאַר זיך ניט אַזוי שווער פאַר־צושטעלען. און מיר אַליין ליגען דען ניט? און זאָלען זיי ליגען: דערפאַר וועלען זיי שפּעטער ניט ליגען... וואַרט איין רגע'לע, איך וועל רופען זאַסימאָוו'ן.

זאַסימאָוו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן עפּעס מיט אַ מין גיריגקייט: זיין געזיכט האָט אויסגעדריקט אַ באַזונדער מין נייגעריגקייט; באַלד האָט זיין פּנים אויפגעשיינט.

— די מינוט שלאָפען, — האָט ער באַשלאָסען, נאָכדעם אַז ער האָט אויף וויפיעל ס'איז געווען מעגליך באַטראַכט דעם פּאַציענט, — און אויף ביינאַכט וואָלט מען געדאַרפט איינגעמען אַזאַ מין אַנטיקעל. איהר וועט איינגעמען? איך האָב נאָך פריהער צוגעגרייט... איין פּראַ־שעקעל.

— אפילו צוויי, — האָט ראַסקאָלניקאָוו געענטפערט.

ער האָט דעם פּראַשעק דאָ טאַקע אויף'ן אָרט איינגענומען.

— דאָס איז זעהר גוט. וואָס דו וועסט איהם אַליין אָוועקפיהרען, — האָט זאַסימאָוו געזאָגט צו ראַזומיכינען. — וואָס ס'וועט זיין מאָר־גען, וועלען מיר זעהן, און היינט איז גאַר נישקשה'דיג; אַ היבשע פאַר־ענדערונג פון פריהער. די תורה האָט גאַר קיין גרונט ניט...

— ווייסט, וואָס זאַסימאָוו האָט מיר ערשט איינגעטרוימט אויף'ן אויער, ווען מיר זענען אַרויס צוזאַמען, — האָט ראַזומיכין אַ בראָק געטאָן, ווי זיי זענען נאָר אַרויס אויף'ן גאַס. — איך וועל דיר, ברודער־לעבען, גלייך ניט אויסזאָגען אַלצדינג, ווייל זיי זענען פּראָים. זאַסימאָוו האָט מיר געהייסען פּלוידערן מיט דיר דעם גאַנצען וועג און דיך אויך דערצו נויטען, און נאָכדעם איהם אַלץ איבער דערצעהלען, ווייל ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ... אַז דו ביסט... אַ משוגענער, אָדער ניט ווייט דערפון. שטעל זיך דאָס פאָר! ערשטענס, ביסטו דריימאָל אַזוי פיעל קלוג ווי ער, צווייטענס, אויב דו ביסט ניט קיין משוגענער, שפּייסטו דערויף, וואָס ביי איהם איז אין קאָפּ אַזאַ משונה־ווילדער געדאַנק, און דריטענס, געהט דער דאָזיגער שטיק פלייש, וואָס איז לויט זיין פאַך אַ חירורג, — פּשוט פון זינען אַראָב פון די גייסטיגע קראַנקהייטען, און מכּח דיר האָט עס איהם שוין אויף זיכער איבער־צייגט דיין היינטיגער שמועס מיט זאַמעטאָוו'ן.

גרויסער פארזאמלונג. די טיר צי די טרעפּ ארויס איז געווען ברייט פונאנדערגעעפענט; עס האבען זיך געהערט קולות און קריגעריי. ראַזומיכינס צימער איז געווען א גאנץ היבשעס, און עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען א מאן פופצעהן. ראסקאלניקאוו איז שטעהן געבליבען אין פארהויז. דאָ איבערן וואנט האבען דער בעל־הבית'טעס צוויי שטובמיידלעך זיך געעסק'ט ארום צוויי גרויסע סאמאווארען, ארום פלאַשען און טעלער מיט פּאַשטעטען און צובייסען, וואס מען האט געבראכט פון דער בעל־הבית'טעס קיך. ראסקאלניקאוו האט געשיקט נאך ראזומיכינען. יענער איז געקומען צו לויפען אויסער זיך פאר התפעלות פון דעם ערשטען קוק אַז איז געווען קענטיג, אז ער האט אין זיך אונגעהויער פיעל אריינגעגאסען, און כאָטש ראזומיכין האט זיך כמעט קיינמאל ניט געקענט אַנטרינקען ביז צום שכור ווערען, נאר דאסמאל איז יאָ עפּעס געווען קענטיג אויף איהם.

— הער, האָט ראסקאלניקאוו פארכאפּט אפריהער, — איך בין דיר נאָר געקומען זאגען, אז דאס געוועט האסטו געוואונען, און קיינער קען טאקע ניט וויסען, וואס מיט איהם קען פּאַסירען. אריינגעהן אבער קען איך ניט: איך בין אזוי שוואך, אז איך וועל גלייך פאלען. און דעריבער שלום־עליכם דיר און אדיע! און מארגען קום צו מיר צו געהן...

— ווייסטו גאָר וואס, איך וועל דיך אונטערפיהרען אהיים! ווײבאלד דו זאגסט שוין אליין, אז דו ביסט שוואך, איז...

— און די געסט? ווער איז דאס מיט די געקרייזעלטע הערלעך, וואס האט ערשט ארויסגעקוקט?

— אָט דער? דער רוח ווייסט איהם! מסתמא דעם פעטערס א באקאנטער, און אפשר איז ער זיך אליין געקומען... איך וועל זיי לאזען מיט'ן פעטער: דאס איז א זעלטענער מאן; א שאָד, וואס דו קענסט זיך מיט איהם איצט ניט באקענען. און צוריקגערעדט כאַפּט זיי אלעמען דער טייוועל: איך געה זיי איצט ווינציג וואס אַז, און איך אליין מוז זיך אויך דורכלופטערען, מחמת דו ביסט, ברודער־לעבען, געקומען צו דער רעכטער צייט: נאך צוויי מינוט, וואלט איך זיך מיט זיי צושלאגען. איך שווער דיר ביי גאָט. האקען איז קאָפּ אזוינע מיני לינגנס... דו קענסט זיך ניט פארשטעלען, ווי ווייט דער מענש קען

פינסטערער מאכט און וואלט זי ארויסגעפאָדערט צום קאמפף. „און ביי מיר איז דאך שוין רעכט געווען זיך צו באגנוגענען מיט פיער אייי־לען ערד!"

„...שוואך בין איך איצט און דער דאָזיגער ווײַלע, נאר... די גאנ־צע קראנקהייט איז דאכט זיך פאריבער. איך האָב פריהער געוואוסט, אז זי וועט פאריבער, ווי איך בין ארויס אויפ'ן גאס. שא, דא דארף זיין פאטשינקאָווס הויז, צוויי טריט פון דאנען. איך מוז אריין צו ראַ־זומיכינען: עס מעג זיין אפילו ניט צוויי טריט... זאָל ער געווינען דאס געוועט!... זאָל ער אויך הנאה האָבען, — נישקשה זאָל ער!... קראפּט, קראפּט איז נויטיג. אהן קראפּט וועסטו גארנישט מאכען; און קראפּט דארף מען ערווערבען דורך קראפּט טאקע, אט דאס ווייסען זיי דוקא ניט", האט ער צוגעגעבען מיט שטאָלץ און זיכערהייט און זיך און זיך געלאָזט געהן פון בריק, קוים שלעפּענדיג די פיס. שטאָלץ און זיכער־הייט אין זיך האבען אין איהם געוואקסען מיט יעדער רגע; מיט א מינוט שפּעטער פלעגט דאס שוין זיין גאר ניט דער מענש, וואס מיט א מינוט פריהער. וואס פּאַרט איז אבער געווען אזוינס, וואס האט אין איהם אננעמאכט אזא איבערקעהרעניש? ער האט אפילו אליין אויך ניט געוואוסט: אזוי ווי איינעם, וואס כאפּט זיך פאר א שטרוי־על, אזוי איז אויך איהם פּלוצלונג פארגקעומען, אז ער „קען אויך לעבען, אז עס איז נאך פאראן לעבען, אז ס'איז נאך זיין לעבען ניט אבגעשטארבען צוזאמען מיט דער אלטער זקנה". אפשר האט ער צו גיך געמאכט דעם אויספיהר, וועגען דעם האט ער אבער ניט געטראכט.

„און פונדעסטוועגען האָב איך געבעטען דערמאָנען אין די תפילות וועגען דעם זינדיגען ראָדיאָן". האט זיך איהם פּלוצלונג דורכגעטראָגען אין זינען.

„נו, יא... דאס איז אויפ'ן לעצטען פאל!" האט ער צוגעגעבען און האט זיך אליין גלייך צולאכט פון זיין אינגעלשען איינפאל. ער איז געווען אין אנ'אויסגעצייכענטען הומאָר.

ער האט זעהר גיך אויפגעזוכט ראַזומיכינען; ביי פאטשינקאָוו'ן אין הויף האט מען שוין געקענט דעם נייעם קווארטיראנט; און דער סטרוזש האט איהם גלייך באוויזען זיין וואוינונג. שוין אויף די טרעפּ האט מען געקענט הערען א טומעל און א לעבהאפטען שמועס פון די

מאמישי פלעגט גארנישט זאגען, נאר מיר האבען געוואוסט, אז זי האט עס ליעב, און דער טאטיישי האט עס אויך געוואוסט, אז זי האט עס ליעב. און דער טאטישע האט אויך געוואוסט, אז די מאמישי וויל מיך לערנען פראנצויז, ווייל מיר איז שוין צייט צו נעהמען בילדען.

— און „מאליען" זיך קענט איהר?

— יא, אוראי קענען מיר! שוין לאנג: איך בין שוין ווי א גרויסע. „מאליע" איך זיך פאר זיך, און קאליא מיט לידאטשקען זאגען נאך דער מאמען הויך אויף א קול. צום ערשטען זאגען מיר א תפילה „דער הייליגער מוטער", דערנאך נאך א תפילה „גאט, זיי מוחל און בענש אונזער שוועסטער סאניא", און נאכדעם נאך: „גאט, זיי מוחל און בענש דעם אנדערן טאטישי אונזערן", ווייל אונזער עלטערער פאַטער איז שוין געשטארבען, און דער איז דאך אונז א צווייטער, און מיר בעטען פאר יענעם אויך.

— פאליטשקע, מיין נאמען איז ראדיאן: בעט ווען עס איז פאר מיר אויך — „פאר דעם קנעכט ראדיאן" — מעהר גארנישט.

— מיין גאנץ לעבען וועל איך פאר אייך גאט בעטען, — האט דאס מיידעלע הייס ארויסגערעדט, און פלוצלונג זיך ווידער צואווינט, זיך א ווארף געטאן צו איהם און איהם ווידער פעסט ארומגענומען.

ראסקאלניקאוו האט איהר געזאגט, ווי ער הייסט, געגעבען איהר זיין אדרעס און צוגעזאגט אויף מארגען זיכער ארייננצוגעהן. דאס מיידעלע איז אוועק פון איהם אויסער זיך פאר ענטציקונג. ס'איז גע־ווען די עלפטע שעה, ווען ער איז ארוים אויפ'ן גאס. אין פינף מי־נוט ארום איז ער געשטאנען אויף דער בריק, פונקט אויף דעמזעלבען ארט, פון וואנען עס האט זיך פריהער די פרוי אראפגעווארפען.

„גענוג!" האט ער ארויסגעזאגט פייערליך און ענטשלאסען, — „נידער מיט די איינבילדונגען, נידער מיט די אויסגעטראכטע שרעקען, נידער מיט די שאטענס!... עס איז פארהאן לעבען! האב איך דען איצט ניט געלעבט? מיין לעבען איז נאך ניט אפגעשטארבען צוזאמען מיט דער אלטער זקנה! זאל זי האבען א ליכטיגען גן־עדן, און — גענוג, טאקע, מייז אלטיטשקע, שוין צייט זיך אויסצורוהען! איצט זאלען לעבען פארשטאנד און ליכט! און... און ווילען, און קראפט... און מיר וועלען איצט זעהן! מיר וועלען איצט פרובען די כחות!" האט ער צו־געגעבען מיט שטאלץ, גלייך ווי ער וואלט זיך געווענדט צו עפעס א

— מיך האָט געשיקט די שוועסטער סאָניא! — האָט דאָס מיי־דעלע געענטפערט און זיך צושמייכעלט נאָך פרעהליכער.

— איך האָב גלייך פארשטאַנען, אז אייך האָט געשיקט די שוועסטער סאָניא.

— די מאַמישי האָט מיך אויך געשיקט. אז די שוועסטער סאָניא האָט מיך געהייסען געהן, איז די מאַמישי אויך צוגעגאַנגען און גע־זאָגט: „לויף געשווינד, פּאָלינקע!“

— האָט איהר עפּעס ליעב די שוועסטער סאָניא?

— איך האָב זי ליעב מעהר פון אלעמען! — האָט פּאָלינקע ארויסגערעדט מיט עפּעס א מאָדנער פעסטקייט, און איהר שמייכעל איז מיט אמאָל געוואָרען ערנסטער.

— און מיך וועט איהר ליעב האָבען?

אַנשטאָט אז ענטפער האָט ער דערזעהן דעם מיידעלעס פּנים'ל, וואָס האָט זיך צוגערוקט אזוי נאָהנט צו זיין פּנים און א פּאָר פולינקע ליפּעלעך, וואָס האָבען זיך נאַאיוו געצויגען איהם א קוש צו טאָן. און פּלוצלונג האָבען איהם פעסט־פעסט ארומגענומען איהרע דינינקע הענדטלעך, ווי שוועבעלעך, דער קאָפּ האָט זיך אראָפּגעבויגען אויף זיין אקסעל, און דאָס מיידעלע האָט זיך שטיל צעוויינט, טוליענדיג זיך צו איהם מיט'ן פּנים אלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

— א רחמנות אויפ'ן טאַטישי! — האָט זי ארויסגערעדט אין א מינוט ארום, אויפהויבענדיג איהר פארוויינט פּנים'ל און ווישנעדיג די טרעהרען מיט די הענט. — איצט זיינען עפּעס אלץ אוועק אזוינע צרות, — האָט זי פּלוצלונג צוגעגעבען, מיט יענער סאָלידער מינע, וועלכע די קינדער שטרענגען זיך אָן צו מאַכען, בעת זיי פארגלוסט זיך פּלוצלונג ריידען ווי „גרויסע“.

— און דער טאַטישי האָט אייך ליעב געהאַט?

— לידאָטשקען האָט ער ליעב עהאַט מעהר פאר אונז אלעמען. — האָט זי ווידער געזאָגט זעהר ערנסט און אָהן א שמייכעל, שוין פּונקט אזוי ווי עס ריידען גרויסע. — דערפאַר האָט ער זי ליעב גע־האַט, ווייל זי איז א קליינטשיקע, און דערפאַר נאָך, וואָס זי איז א קראַנקע, און ער פלעגט איהר שטענדיג ברייגנען גוט זאַכען. און אונז האָט ער געלערנט לייענען, און מיך האָט ער געלערנט גראַמאַטיק און די הייליגע שריפטען, — האָט זי צוגעגעבען מיט שטאָלץ. — און די

האט ניקאדים פאמיטש באמערקט, דערזעהענדיג ביים שיין פון דיר לאמטערן עטליכע פרישע פלעקען אויף ראסקאלניקאוו'ס וועסט.

— יא, זיך איינגעשמירט... איך בין דורכאויס אין בלוט! — האט ארסקאלניקאוו עפּעס מאדנע ארויסגערעדט. דערנאך א שמייכעל געטאן, א שאקעל געגעבען מיט'ן קאפּ און געקומען שטייגען פון די טרעפּ אראפּ.

ער איז אראפּגעגאנגען שטיל, ניט געאיילט, אינגאנצען דורכגענומען פון א פיבער, און ניט פיהלענדיג עס, פאלקאם באהערשט פון א נייעם אונענדליכען געפיהל צום ברייטען און מעכטיגען לעבען. דאס דאזיגע געפיהל האט געקענט עהנליך זיין אויף דאס געפיהל פון א פאר'משפט'ען צום טויט, וועלכען מען שענקט פלוצלונג און אומגעריכט דאס לעבען. אין מיטען די טרעפּ האט איהם אנגעיאגט דער גלח. וואס האט זיך אומגעקעהרט אהיים; ראסקאלניקאוו האט איהם שווייגענדיג דורכגעלאזט און זיי האבען זיך איינער פארן' אנדערן פארנייגט אהן ווערטער. שוין אראפּגעהענדיג פון די לעצטע טרעפּ, האט ער פלוצלונג דערהערט הינטער זיך גיכע טריט. עמיצער האט איהם אנגעיאגט. דאס איז געווען פאלינקע: זי איז געלאפען נאך איהם און האט איהם גערופען:

— הערט נאר! הערט נאר!

ער האט זיך אפּגעקעהרט צו איהר. זי איז אראפּגעלאפען פונ'ם לעצטען טרעפּעל און איז געבליבען שטעהן אנטקעגען איהם, מיט א טרעפּעל העכער. א שוואכער שיין איז אריינגעדרונגען פון הויף. ראסקאלניקאוו האט דערזעהן א מאגער, אבער ליעבליך פנימ'ל, וואס האט צו איהם געשמייכעלט און געקוקט אויף איהם פרעהליך און קינדעריש. זי איז געקומען צו לויפען וועגען א ענין, און דאס איז איהר אליין אפנים שטארק געפעלען געווען.

— הערט, ווי הייסט איהר? און נאך עפּעס: וואו וואוינט איהר?

— האט זי איילענדיג געפרעגט מיט א פארשטיקט קול'כעלע.

ער האט איהר ארויפגעלעגטביידע הענט אויף די אקסלען און געקוקט אויף איהר מיט עפּעס א מין גליק. איהם איז געווען אזוי אנגענעהם צו קוקען אויף איהר. — ער האט אליין ניט געוואוסט פארוואס.

— און ווער האט אייך געשיקט?

— אויסגעפּיהרט דאָס ייניגע! — האָט קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ א געשריי געגעבען, דערזעהען דעם מאַנס טויטען קערפּער. — נו, וואָס זאָל איך איצט טאָן! מיט וואָס וועל איך איהם מקבר זיין? און וואָס וועל איך זיי מאָרגען עסען געבען?

ראַסקאָלניקאָוו איז צוגעגאַנגען צו קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ'ן.

— קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, — האָט ער אָנגעהויבען, — יענע וואָך האָט מיר אייער פאַרשטאָרבענער מאַן דערצעהלט זיין גאַנצע לעבענסגעשיכטע מיט אַלע איינצעלהייטען... איהר מעגט מיר גלויבען, אַז ער האָט פון אייך גערעדט מיט א באַגייסטערטער התפעלות. פון דעם אָווענט אָן, ווען איך האָב מיך דערוואוסט, ווי אַזוי ער איז אייך אַלעמען געווען איבערגעגעבען, און ווי ער האָט באַזונדערס אייך, קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, געאַכט און געליעבט, ניט קוקענדיג אויף זיין אומגליקליכע שוואַכקייט, טאַקע פון דעם אָווענט אָן זיינען מיר געוואָרען באַפריינדעט... ערלויבט זשע מיר איצט... אויף וויפיעל איך פאַרמאָג עס... אָפּצוגעבען דעם חוב מיין פאַרשטאָרבענעם פריינד. אָט דאָ... איז צוואַנציג רובל, אַזוי דאַכט זיך מיר, — און אויב דאָס קען אייך צו נוץ קומען, וועל איך... מיט איין וואָרט איך וועל אריין, — איך וועל זיכער אריין... איך וועל נאָך אפשר מאָרגען אריין... אַדיע!

און ער איז געשווינד אַרויס פון צימער, זיך שנעל דורכגעשטופּט דורכ'ן עולם אויף די טרעפּ; נאָר דאָ האָט ער זיך פּלוצלונג באַגעגענט מיט ניקאָדים פאָמיטש'ן, וועלכער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם אומגליק און האָט עס פּערזענליך געוואָלט באַזאָרגען. זיי האָבען זיך ניט געזעהן זייט דער סצענע אין קאַנצעלאַריע, נאָר ניקאָדים פאָמיטש האָט איהם גלייך דערקענט.

— א, דאָס זענט איהר? — האָט ער איהם א פרעג געטאָן.

— געשטאָרבען, — האָט ראַסקאָלניקאָוו געענטפערט. — געווען דער דאָקטאָר, געווען דער גלח, אַלץ אין אָרדנונג. ניט באַאונרוהיגט זעהר די אָרימע פרוי, זי איז אַזוי אויך א שווינדזיכטיגע. מונטערט זי אויף, אויב איהר קענט מיט וואָס... איהר זענט דאָך א גוטער מענש, איך ווייס... האָט ער צוגעגעבען מיט א שפּאָטישען שמייכעל, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אריין.

— ווי איהר האָט זיך דאָס אָבער איינגעשמירט אין בלוט, —

געוועזט אפילו אַנגעהויבען, שוועד פלאַנטענדיג מיט דער צונג און ניט־דייטליך ארויסברענגענדיג די ווערטער, אבער קאַטערינא איוואַנאָוונא האט פארשטאַנען, אז ער וויל ביי איהר בעטען מחילה, און זי האט גלייך אויף איהם באַפעהלענדיג א געשריי געטאָן:

— שוויי—ייג! מען דארף ניט!... איך וויים, וואס דו ווילסט זאָגען!...

און דער קראַנקער איז שטיל געוואָרען. נאר אין דעמזעלבען אויגענבליק איז זיין בלאָנזשענדער בליק געפאַלען אויף די טיר, און ער האט דערזעהן סאָניען.

ביז אהער האט ער זי באַמערקט: זי איז ניט געשטאַנען אין א ווינקעל און אין שאָטען.

— ווער איז דאס? ווער איז דאס? — האט ער פלוצלונג ארויס־גערעדט מיט א הייזעריגען פארשטיקטען קול, שרעקליך אומרוהיג, אַנווייזענדיג מיט אויגען, פון אימה, אויף די טיר, וואו די טאָכטער איז געשטאַנען, און געמאַטערט אויפצוהויבען זיך.

— ליעג! ליע—יע—יעג! — האט קאַטערינא איוואַנאָוונא א געשריי געטאָן.

ער האט זיך קוים אַנגעשפארט מיט אַן אוננאַטירליכער אַנ־שטרענגונג אויף דער האנט, האט ווילד און שטאַר געקוקט א ווייל־ע אויף די טאָכטער, ווי ער וואָלט זי ניט דערקענט. און ער האט זי גלאט קיינמאָל ניט געזעהן אין אזא מין אנצוג. פלוצלונג האט ער זי דערקענט, — ערנידעריגט, דערשלאָגען, אויסגעפוצט און פארשעמט, האט זי מיט געפאַלענקייט געוואַרט, ביז וואַנען מען וועט איהר אויך לאָזען זיך זעגענען מיט דעם שטאַרבענדען פאָטער. אַן אונענדליכער שמערץ האט זיך אויסגעדריקט אויף זיין געזיכט.

— סאָניא! טאָכטער מיינע! זיי מיר מוחל! — האט ער א גע־שריי געטאָן און געוואָלט איהר אויסשטרעקען די האנט, ער האט אבער פארלאָרען דאס גלייכגעוויכט, זיך אפגעריסען פון דיוואַן און א פאַל געטאָן אויף דער ערד מיט'ן פנים אראפ; מען האט זיך א וואָרף גע־טאָן איהם אויפהויבען, אוועקגעלעגט, אבער ער איז שוין אויסגע־גאַנגען. סאָניא האט א שוואַכען געשריי געטאָן, איז צוגעלאָפען, ארומ־גענומען איהם און איז אזוי געבליבען פארגליווערט. ער איז געשטאָר־בען ביי אהיר אויף די הענט.

שכור'ערהייד געקראָכען אונטער די פערד! וואָס האָט ער פאַרדיענט? ניט פאַרדיענט האָט ער, נאָר יסורים און עגמת־נפש פאַרשאַפט. ער פלעגט דאָך אַלץ פאַרטרינקען, דער דאָזיגער שכור! פלעגט אַלץ פון שטוב אַרויס'גנב'ענען און פלעגט עס אין שיינק טראָגען, פון זייער לעבען און פון מיין לעבען האָט ער אין די שיינקען אַ תל געמאַכט! און דאַנקען גאָט, וואָס ער שטאַרבט אַוועק! די הוצאה וועט זיין קלע־נער.

— פאַר'ן טויט דאַרף מען אַלץ מוחל זיין, און דאָס איז אַ זינד, מאַדאַם, אַזוינע געפיהלען טראָגען איז אַ גרויסע זינד!

קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך גע'עסק'ט אַרום דעם קראַנ־קען, זי האָט איהם דערלאַנגט טרינקען, אָפּגעווישט איהם דעם שוויים און דאָס בלוט פון'ם קאָפּ, צורעכט געמאַכט די קישענס און גערעדט מיט'ן גלח, באַווייזענדיג פון צייט צו צייט זיך אַ קעהר צו טאָן צו איהם. איצט אָבער איז זי אויף איהם פּלוצלונג אָנגעפאַלען מיט אַ מין וואָהנזיניגער רציחה.

— ע־עך, הייליגער פאָטער! ס'איז נאָר ווערטער, פּוסטע ווער־טער! מוחל זיין! אָט וואָלט ער היינט געקומען אַ שכור'ער, ווען מען וואָלט איהם ניט געוועזען איבערגעפאָהרען, זיין איין־און־איינציג העמד איז שוין שרעקליך שמוציג און הענגט אויף איהם שטיקערווייז, — וואָלט ער זיך דאָס אַ וואָרף געטאָן טוכניען, און איך וואָלט ביז פאַר־טאָג אַלץ געוואַשען און געוואַשען, זיינע טראַנטעס און די קינדערשע, און דערנאָך וואָלט איך זיי געטריקענט ביים פענסטער, און פאַרטאָג וואָלט איך זיך ערשט געזעצט זיי פאַרריכטען, — אָט האָט איהר מיין גאַנצע נאַכט! היינט וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו ריידען וועגען מחילה! שוין אַזוי אויך גענוג מוחל געוועזן!

אַ טיעפער שרעקליכער הוסט האָט איבערגעריסען איהרע ווער־טער. זי האָט אויסגעשפּיים די ליחות אין אַ טיכעל און האָט עס גע־געבען דעם גלח אַ קוק, פאַר וועהטאָג האַלטענדיג זיך מיט דער אַנ־דערער האַנט פאַר'ן האַרצען. דאָס גאַנצע טיכעל איז געווען אין בלוט...

דעם גלח איז דער קאָפּ געזונקען און ער האָט גאַרנישט געזאָגט.

מאַרמעלאַדאָוו האָט גע'גוסס'ט: ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגען זיינע פון קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ'ן, וואָס האָט זיך איבער איהם איבערגעבויגען. ער האָט אַלץ געוואָלט איהר עפּעס זאָגען, ער האָט

שטרויהוט מיט א פעדער פון רייסענדען פייערקאַליר. פון אונטער דעם ראַזיגען היטעלע, וואָס איז געוועזן אַנגעטאָן אויף א זייט אויף דעם שטייגער פון די וואָילע יונגען, האָט ארויסגעקוקט א מאַגער, בלאַס דערשראָקען פּנימ'ל, מיט א פונאַנדערגעעפּענטען מויל און מיט שטאַרע אויגען פון שרעק. סאָניא איז געווען קליין געוואַקסען, פון א יאָהר אכטצעהן. א דאַרינקע, אבער א גאַנץ באַ'חנ'טע בלאָנדינקע, מיט הערליכע בלויע אויגען. זי האָט דורכדרינגענד געקוקט אויף דעם בעט, אויפ'ן גלח; אויך זי האָט קוים געקענט אָפּכאַפּען דעם אָטעם פון שנעלען געהן. ענדליך זיינען צו איהר אָפּנים פאַרפלויגען די שוש־קעריי און אייניגע ווערטער צווישען דעם המון. זי האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגען, געמאַכט א טריט איבער'ן שוועל און איז געבליבען שטעהן אין צימער, אבער ווידער טאַקע ניט ווייטער ווי אויף דער שוועל.

דער ודוי האָט זיך געענדיגט. קאַטערינא איוואַנאָוונא איז צוגע־גאַנגען צו דעם מאַנס בעט. דער גלח איז אָפּגעטראָטען אָן א זייט און אוועקגעהענדיג האָט ער געפּרובט זאָגען א פּאָר טרייסטווערטער קאַ־טערינא איוואַנאָוונא'ן.

— און וואו וועל איך אהינטאָן אָט די ראָזיגע? — האָט זי איהם מיט צורייצטען כעס איבערגעשלאָגען און אַנגעוויזען אויף די עופ'עלעך.

— דער אויבערשטער איז א בעל־רחמים; פאַרלאָזט זיך אויף זיין הילף, — האָט דער גלח געוועזט אַנגעהויבען.

— ע־עך! א בעל־רחמים איז ער, אבער ניט פאַר אונז!

— זינדיגט ניט מיט די רייד, מאַדאַם, זינדיגט ניט, — האָט דער גלח זי גע'מוסר'ט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— און דאָס איז ניט געזינדיגט? — האָט קאַטערינא איוואַ־נאָוונא א געשריי געגעבען, אַנווייזענדיג אויפ'ן שטאַרבענדען.

— אפשר וועלען די, וואָס האָבען אייך ניט מיט א כּיוון אומ־גליקליך געמאַכט, מסכים זיין אייך צו באַפרידיגען, וועניגסטענס אויף אַזוי פיעל, וויפיעל דער אומגליקליכער האָט פאַרדיענט...

— איהר פאַרשטעהט מיך ניט! — האָט קאַטערינא איוואַנאָוו־נאַ נערוועז אויסגעשריען און א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — און פאַרוואָס זאָלען זיי גלאָט אונז באַפרידיגען? ער איז דאָך אַליין

פארביסען די ליפען און איינגעהאלטען די טרעהרען: זי האט זיך אויך „געמאליעט", מאכענדיג פון צייט צו צייט צורעכט דעם קינד דאס העמדעלע. אין דערזעלבער צייט האט זי אויך באוויזען, ניט אויפ־שטעהענדיג פון די קניה, אראפצונעהמען פון קאמאד א האלז־טיכעל און ארויפווארפען עס אויף די נאקעטע פלייצעס פון דעם מיידעלע. דערווייל האבען זיך ווידער אנגעהויבען אויפצועפענען די טירען פון די אינוויינינגסטע צימערן און ס'האבען זיך באוויזען נייגיריגע. אין פארהויז איז די ענגשאפט געווארען אלץ גרעסער און גרעסער. ס'האבען זיך צונויפגקליבען שכנים פון אלע טרעפ, אבער אין צימער זיינען זיי ניט אריין. נאר א חלב'ן ליכטעל האט באלויכטען דעם גאנצען צימער.

אין דעמזעלבען אויגענבליק האט זיך פון פארהויז שנעל דורכ־געשטופט דורכ'ן עולם פאלינקע, וואס איז געלאפען נאך דער שוועס־טער. זי איז אריין, קוים אפכאפענדיג דעם אטעם פון געשווינדען לויפען, אויסגעטאן דאס טיכעל, אפגעשטעלט די אויגען אויף דער מוטער, איז צו איהר צוגעגאנגען און געזאגט: „זי געהט! כ'האב זי באגעגענט אויף דער גאס!" די מוטער האט איהר צוגעבויגען אויף די קניה און אוועקגעשטעלט נעבען זיך. דורכ'ן עולם האט זיך שטיל און פארשעמט דורכגעשטופט א מיידעל, און זעלטזאם איז געווען איהר אומגעריכטע ערשיינונג אין דעם דאזיגען צימער, צווישען ארימקייט, שמאטעס, טויט און פארצווייפלונג. זי איז אויך געווען אנגעטאן אין שמאטעס: איהרע קליידער זיינען געווע, גראשענע, אבער אויס־געפוצט לויט דעם געשמאק פון דער גאס, לויט דעם געשמאק פון די מנהגים, וואס האבען זיך אויסגעבילדעט אין זייער אייגענעם וועל־טעל, מיט א רייסענדער און שענדליך־ארויסגעשטעלטער כונה. סאניא איז שטעהן געבליבען אין פארהויז, סאמע ביי דער שוועל, אבער זי איז ניט אריבערגעטראטען די שוועל און געקוקט ווי צוטומעלט, גלייך ווי זי וואלט גארנישט פארשטעהן און פארגעסען אי אן איהרע, פון דער פיערטער האנט איבערגעקויפטען זיידענעם, דא ניט־אנשטענדיגען, קאלירטען קלייד מיט דער זעהר לאנגער און קאמישער שלעפע, אי אן איהר אונגעהויער גרויסער קרינאלינע, וואס האט פארשטעלט די גאנ־צע טיר, אי אן די העלע שיך, אי אן דעם זונענשירם, וואס איז געווען גאנץ איבעריג איצט, ביינאכט, אי אן דעם משונה'דיגען קיילעכדיגען

אריין און עס האט איהם דרעהענדיג אפגעשלעפט א טריט דרייסיג אי־בער'ן ברוק.

— א וואונדער, וואס ער איז גאר צו זיך געקומען. - האט דער דאקטאר שטיל איינגערוימט ראסקאלניקאוו'ן.

— וואס זאגט איהר אבער? — האט יענער געפרעגט.

— ער וועט באלד שטארבען.

— איז דען קיין שום האפנונג ניט פארהאן?

— קיין שום האפנונג; ער גוסס'ט שוין... דערצו נאך איז דער קאפ זעהר געפעהרליך פארוואונדעט... הם!... מען וואלט איהם אפשר יא געקענט לאזען אז אדער... נאר... דאס וועט גארנישט העלפען. איז פינף אדער אין צעהן מינוט ארום וועט ער זיכער שטארבען.

— טא לאזט שוין בעסער אז אדער!

— רעכט... איבעריגענס, זאג איך אייך אפריהער, עס וועט איהם גארנישט העלפען.

אין דעם אויגענבליק האבען זיך געלאזט הערען נאך טריט, דער עולם אין פארהויז האט געמאכט אווארע, און אויף דער שוועל האט זיך באוויזען דער גלח, א גרייזגרויער אלטיטשקער. נאך איהם איז גע־גאנגען א פאליציאנט, וועלכען מען האט געשיקט נאך פון גאס. דער דאקטאר האט איהם גלייך געלאזט זיין ארט און האט זיך פיעלבאדיי־טענד איבערגעוואונקען מיט איהם ראסקאלניקאוו האט קוים גע־פועל'ט ביים דאקטאר, ער זאל כאטש נאך איין ווייל אויפווארטען. יענער האט א קוועטש געטאן מיט די אקסלען און איז געבליבען.

אלע האבען אפגעטראטען. דער ודוי האט געדויערט זעהר ווייניג. א ספק, צי דער שטארבענדער האט עפעס פארשטאנען; און ארויס־געבראכט פון מויל האט ער נאר אפגעהאקטע ניט-דייטליכע קלאנ־גען. קאטערינא איוואנאוונא האט גענומען לידאטשקען, אראפגענו־מען פון שטוהל דאס אינגעלע און, אפטרעטענדיג אין א ווינקעל, האט זי זיך געשטעלט אויף די קניה און די קינדער אוועקגעשטעלט פאר זיך אויף די קניה. דאס מיידעלע האט אליז געציטערט; דאס אינ־געלע אבער האט שטעהענדיג אויף די הויליגקע קניהעלעך, געלאסען געהויבען דאס הענדטעלע, זיך גע'צלמ'ט ווי א גרויסער און זיך גע־בוקט צו דער ערד, קלאפענדיג מיט'ן שטערן; דאס האט איהם קענטיג פארשאפט א באזונדערען פארגניגען. קאטערינא איוואנאוונא האט

איהם צוקאפּענס. ער האט זיך עטוואס בארוהיגט, אבער ניט אויף לאנג.

באלד זיינען זיינע אויגען געבליבען אויף דער קליינער לידאטש־קען (זיין ליעבלינגסקינד), וואס האט געציטערט אין א ווינקעל, אזוי ווי אין קאנוואולסיען, און האט געקוקט אויף איהם מיט איהרע פאר־וואונדערטע קינדעריש־דורכדרינגענדע אויגען.

— א... א... — האט ער אויף איהר אומרוהיג אנגעוויזען.

ער האט עפּעס געוואָלט זאגען.

— וואס נאך? — האט קאטערינא איוואנאוונא א געשריי גע־געבען.

— א... א... האט ער אויף איהר אומרוהיג אנגעוויזען.

ער האט עפּעס געוואָלט זאגען.

— וואס נאך? — האט קאטערינא איוואנאוונא א געשריי גע־געבען.

— בארפוס, נעבאך! בארפוס! — האט ער געשטאמעלט, אנ־געוויזענדיג מיט א האלב־פארריקטען בליק אויף דעם מיידעלס בארפוסע פיסלעך.

— שוויי־יי־ג! — האט קאטערינא איוואנאוונא צורייצט א גע־שריי געטאן. — דו ווייסט אליין, פארוואס נעבאך א בארפוסע!

— דאנקען גאט, דער דאקטאר! — האט ראסקאלניקאוו מיט פרייד אויסגערופען.

סא'יז אריינגעקומען דער דאקטאר, א געלאסען־פּינקטליכער אל־טיטשקער, א דייטש, און גענומען מיט חשד ארומקוקען זיך אויף אלע זייטען; צוגעגאנגען צום קראנקען, גענומען דעם דופק, אויפמערקזאם ארומגעטאפּט דעם קאפּ און מיט קאטערינא איוואנאוונאס הילף האט ער אפּגעשפּיליעט דאס העמד, וואס איז געווען אינגאנצען דורכגע־נעצט מיט בלוט, און באטראכט די נאקעטע ברוסט פון דעם קראנ־קען. די גאנצע ברוסט איז געווען צודרעהט, צוקנייטשט און צופליקט; עטליכע ריפּען פון דער רעכטער זייט זיינען געווען צובראכען. פון דער לינקער זייט, סאמע אויפ'ן הארצען, איז געווען א גרויזאמער, גרויסער געל־שווארצער פלעק, — א אכזריות'דיגער קלאפּ מיט דער קאפּיטע. דער דאקטאר האט אנגערוקט די ברעמען. דער פאליציאנט האט איהם דערצעהלט, אז דעם צוטראטענעם האט עס א כאפּ געטאן אין ראד

שוואכקייט, נאָר איצט (זי האָט אנגעוויזן אויף ראסקאָלניקאָוו'ן) העלפט אונז איינער א גרויסמוטיגער יונגער הערר, פון א רייכער אָנגעזעהענער פאמיליע; סעמיאָן זאכאראָוויטש האָט איהם געקענט פון קינדווייז אויף, און איהר מעגט זיין זיכער, אמאַליא לודוויגאָוונא...

דאָס אַלץ איז ארויסגערעדט געוואָרען זעהר שנעל, וואָס ווייטער אַלץ שנעלער, נאָר דער הוסט האָט מיט אמאל איבערגעריסען קאטערינא איוואנאָוונא'ס רעדע. אין דעמזעלבען אויגענבליק איז דער אומגליקליכער געקומען צו זיך און א קרעכץ געטאָן; זי איז צוגעלאָפען צו איהם, דער קראנקער האָט געעפענט די אויגען, און נאָך ניט דערקענענדיג און ניט פארשטעהענדיג, האָט ער זיך גענומען איינקוקען אין ראסקאָלניקאָוו'ן, וואָס איז געשטאנען איבער איהם. ער האָט געאָטעמט שווער, טיעף און זעלטען; צווישען די ליפען איז ארויסגעטראָטען בלוט; דער שטערן איז געווען באשלאָגען מיט א שוויים. ניט דערקענט ראסקאָלניקאָוו'ן, האָט ער זיך גענומען ארומקוקען מיט אומרוהיגע בליקען. קאטערינא איוואנאָוונא האָט אויף איהם געקוקט מיט אן אומעטיגען, אבער שטרענגען בליק, און פון די אויגען האָבען איהר טרעהרען גערונען.

— א, גאָט מיינער! די גאנצע ברוסט איז ביי איהם צוקוועטשט! וואָס בלוט, וואָס בלוט! — האָט זי ארויסגערעדט אין פארצווייפלונג. — מען דאַרף איהם אויסטאָן די אויבער־בגדים! גיב זיך עטוואָס א קעהר, סעמיאָן זאכאראָוויטש, אויב דו קענסט נאָר, — האָט זי צו איהם א געשריי געטאָן

מארמעלאדאָוו האָט זי דערקענט.

— דעם גלח! — האָט ער ארויסגערעדט מיט א כריפּ.

קאטערינא איוואנאָוונא איז צו צום פענסטער, צוגעדריקט דעם שטערן צו דעם פענסטער־ראהם און פארצווייפעלט אויסגעשריען:

— א, פארשלאָטענעס לעבען!

— דעם גלח! — האָט דער שטארבענדער ווידער ארויסגערעדט נאָך א קורצען שווייגען.

— מ'איז אוועק־ק־ה! — האָט אויף איהם קאטערינא איוואנאָוונא א געשריי געגעבען; ער איז געהארכזאם אנטשוויגען געוואָרען. מיט א ניט־זיכערען טרויעריגען בליק האָט ער זי געזוכט מיט די אויגען; זי האָט זיך ווידער צוריקגעקעהרט צו איהם און זיך געשטעלט

טיר און אויסגיסען אויף זיי איהר גאַנץ ביטער האַרץ: נאָר איין טיר האָט זי זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט דער מאַדאַם ליפּפּעוועקסעל אליין: יענע האָט ערשט דערהערט וועגען דעם אומגליק און איז געקומען צו לויפען מאַכען אָרדנונג.

דאָס איז געווען זעהר א צודרעהטע דייטשקע, זיך שטענדיג גרייט צו קריגען.

— אך, מיין גאָט! — האָט זי א פּאַטש געטאָן מיט די הענט.— אייער מאַן דער שכור איז צוטראָטען געוואָרען פון די פערד. אין שפּי־טאָל אריין! איך בין די ווירטין!

— אַמאַליא לודוויגאָוונא! איך וועל אייך בעטען א טראַכט געבען וועגען דעם, וואָס איהר רעדט, — האָט קאַטערינא איוואַנאָוונא מיט שטאָלץ, כדי יענע זאָל ניט פאַרגעסען „ווער זי איז" און אפילו איצט האָט זי זיך אויך ניט געקענט אָפּזאָגען פון דעם דאָזיגען פאַר־גניגען), — אַמאַליא לודוויגאָוונא...

— איך האָב אייך שוין ניט איינמאָל געזאָגט, איהר זאָלט קיינ־מאָל ניט וואַגען צו רופען מיך אַמאָל לודוויגאָוונא; איך הייס אַמאַל־איוואַן.

— איהר הייסט ניט אַמאַל־איוואַן, נאָר אַמאַליא לודוויגאָוונא, און אַזוי ווי איך געהער ניט צו די, וואָס לעקען זיך צו אייך, ווי למשל דער ה' לעבעזיאַטניקאָוו, וועלכער לאַכט איצט הינטער'ן טיר (הינ־טערן טיר האָט זיך ווירקליך געלאָזט הערען א געלעכטער און א געשריי: „שוין זיך צונויפגעטשעפּעט!"), וועל איך אייך שטענדיג רו־פען אַמאַליא לודוויגאָוונא, אפילו איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן, פאַרוואָס געפעלט אייך ניט דער דאָזיגער נאָמען. איהר זעהט דאָך אליין, וואָס ס'האָט געטראָפען מיט סעמיאָן זאַכאַראָוויטש'ן: ער האַלט ביים שטאַרבען. איך בעט אייך די רגע צומאַכען די טיר, און קיינעם אהערצו ניט אריינלאָזען. לאָזט כאָטש רוהיג שטאַרבען. אניט, מעגט איהר זיין זיכער, אַז מאָרגען וועט דערפון וויסען דער גענעראַל־גו־בערנאַטאָר אליין. דער פירסט האָט מיך נאָך געקענט מיידעלווייז און געדענקט זעהר גוט סעמיאָן זאַכאַראָוויטש'ן: ער האָט איהם פיעל טובות אפילו געטאָן. אלע ווייסען, אַז סעמיאָן זאַכאַראָוויטש האָט געהאַט פיעל פריינד און בעלי־טובות: ער האָט זיך אליין פון זיי דער־ווייטערט, ווייל ער איז געווען צו שטאָלץ און האָט געוואוסט זיין

צוטראַטען און זי זאָל גלייך קומען צו געהן אהערצו... ווען זי וועט קומען. געשווינד, פּאַליאַ! נאַ, טו אַן אַ טיכעל!

— לויף ווי דו קענסט נאַר! — האָט פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן דאָס איננעלע, וואָס איז געזעסען אויפ׳ן שטוהל, און, אָפּגעזאָגט דאָס, איז ער ווידער פאַרזונקען אין דאָס פריהערדיגע שטילשווייגענדע גלייכע זיצען אויפ׳ן שטוהל, מיט אַנגעשטעלטע אויגען, די פּיאַטעס אויסגעשטרעקט פאָראויס און די פינגער פונאַנדערגעשפּרייט.

דערווייליע איז דאָס צימער געוואָרען פול געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ. די פּאָליציאַנטען זיינען אוועק. נאָר איינער איז געבליבען אויף אַ ווייליע: ער האָט געפּרובט אַרויסטרייבען דעם עולם, וואָס האָט זיך געשאָטען פון די טרעפּ, צוריק אויף די טרעפּ אַרויס. דערפאַר אָבער זיינען פון די אינוויינינגסטע חדרים אַנגעלאָפען כמעט אַלע שכנים פון דער מאַדאַם ליפּפּעוועקסעל. לכתחלה האָבען זיי זיך געשפּאַרט נאָר אין די טירען, דערנאָך אָבער האָבען זיי פאַרפּלייצט דאָס גאַנצע צימער. קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ איז אַריינגעקומען אין אַ וואָהנזיניגע רציחה.

— אַפילו שטאַרבען רוהיג לאָזען זיי אויך ניט! — האָט זי גענומען שרייען אויפ׳ן גאַנצען עולם. — געפונען אַן אומזיסטע פאַרשטעלונג! מיט פּאַפּיראָסען! קחע — קחע — קחע! אַ נס נאָך וואָס זיי זיינען אַהן היטלען... ניין, אַט איז איינער אין אַ היטעל!... אַרויס! האָט כאָטש דרך־ארץ פאַר אַ טויטען גוף.

דער הוסט האָט זי געשטיקט, אָבער דאָס בייזערן זיך האָט געהאָלפען. פאַר קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט מען קענטיג אַפילו יאָ מורא געהאַט אַביסעל: די שכנים האָבען איינער נאָך דעם אַנדערן גענומען שטופּען זיך צו די טירען צוריק מיט יענעם מאָדנעם אינערליכען געפיהל פון צופרידענהייט, וואָס לאָזט זיך מערקען אַפילו ביי די נאָהענטסטע מענשען, ווען עס טרעפט אַן אומגעריכט אומגליק מיט זייערען אַ נאָהנטען: פון דעם דאָזיגען געפיהל איז קיינער ניט פריי, ניט קוקענדיג אַפילו אויף דאָס טיעפסטע באַדויערן און מיטלייד.

איבעריגענס האָבען זיך אונטער׳ן טיר געלאָזט הערען שטימען וועגען שפּיטאָל, און אַז דאָ איז ניט קיין אָרט אויף אַנמאַכען אַ טומעל.

— ניט קיין אָרט אויף שטאַרבען! — האָט קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ אַ געשריי געטאָן און זיך שוין אַ לאָז געגעבען אויפעפענען די

— איך האָב געשיקט נאָך א דאָקטאָר, — האָט ער גע׳חזר׳ט קאַ־טערינאַ איוואַנאָוונאַ׳ן, — ניט באַאומרוהיגט זיך. איך וועל באַצאָה־לען. וואָסער קריגט מען ביי אייך ?... און גיט עפּעס א סערוועטעל, א האַנטטוך, וואָס עס איז, אָבער געשווינד: מען ווייס נאָך ניט, ווי שטאַרק ער איז פֿאַרוואונדעט... ער איז פֿאַרוואונדעט, אָבער ניט אויף טויט, זייט זיכער... וואָס וועט דער דאָקטאָר זאָגען !

קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך א לאָז געטאָן צום פֿענסטער: דאָרט איז געשטאַנען אויף א דורכגעלעכערטען שטוהל א גרויסע לייה־מענע שיסעל וואַסער, וואָס זי האָט אַנגעגרייט אויף אויסצואוואַשען ביינאַכט די קינדערס און דעם מאַנס וועש. זי פֿלעגט עס אַליין ביי־נאַכט וואַשען, וועניגסטענס צוויי מאָל א וואָך, און אַמאָל נאָך אָפּ־טער, ווייל עס האָט אַזוי ווייט געהאַלטען, אז ס׳איז שוין כמעט ניט געוועזען קיין וועש אויף איבערצובייטען, און יעדערער האָט געהאַט ניט מעהר ווי צו איין עקזעמפּלאַר; קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט ניט גע־קאָנט אַריבערטראָגען קיין שמוץ, ביי איהר איז געווען בעסער צו מוטשען זיך גאַנצע נעכט איבער די כחות, בעת אַלע שלאָפען כדי דאָך נאַסע וועש זאָל זיך ביז אין דער פֿריה אויסטריקנען אויף דעם אי־בערגעצויגענעם שטריקעל און יעדער זאָל האָבען אַנצוטאָן ריינס, — איידער צו זעהן שמוץ אין שטוב. זי האָט געוועזט א כאַפּ געטאָן די שיסעל וואַסער צו ערפילען ראַסקאָלניקאָווס פֿאָדערונג, זי איז אָבער שיער ניט געפֿאַלען מיט דער משא. נאָר יענער האָט שוין באַוויזען צו געפינען א האַנטטוך, האָט איהם אַנגענעצט אין וואַסער און גע־נומען אָרומוואַשען מאַרמעלאַדאָווס פּנים, וואָס איז געווען איינגאַנצען פֿאַרגאָסען מיט בלוט. קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ איז געשטאַנען דערנע־בען, האָט קוים מיט וועהטאָג אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך געהאַל־טען פֿאַר׳ן האַרצען. זי האָט אַליין זיך גענוטיינט אין הילף. ראַסקאָל־ניקאָוו האָט אָנגעהויבען צו פֿאַרשטעהן ,אז ס׳איז אפשר געווען א נאַ־רישקייט, וואָס ער האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט ,מען זאָל דעם צו־טראָטענעם ברענגען צו טראָגען אהער. דער פּאָליציאַנט איז אויך גע־ווען אין גרויס פֿאַרלעגענהייט.

— פּאָליא ! — האָט קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ א געשריי געגע־בען. — לויף צו סאָניען, אָבער געשווינד. אויב דו וועסט זי ניט טרעפֿען אין דער היים, זאָלסטו זאָגען, אז דעם טאַטען האָבען פֿערד

שויז אריינגעשלעפּט אין צימער דעם צובלוטיגטעז און געחלש'טען מארמעלאדאוו'ן.

— אויפ'ן דיוואן! לעגט ארויף, גלייך אויפ'ן דיוואן, מיט'ן קאפּ אהערצו, — האט ראסקאלניקאוו געקאמאנדעוועט.

— אויפ'ן גאס צוטראטען! א שכורער! — האט עמיצער א גע־שריי געטאן פון פארהויז

קאטערינא איוואנאוונא איז געשטאנען בלאס ווי די וואנט און האט שווער געאטעמט. די קינדער האבען זיך צושראקען די קליינטשיקע לידאטשקע האט א געשריי געגעבען, זיך אווארף געטאן צו פּאלינקען, האט זי ארומגענומען און גענומען ציטערן מיט אלע גלידער.

אוועקגעלעגט מארמעלאדאוו'ן אויפ'ן דיוואן, האט זיך ראס־קאלניקאוו א לאז געטאן צו קאטערינא איוואנאוונא'ן:

— אום גאטעס ווילען, בארוהיגט זיך, ניט שרעקט זיך! — האט ער שנעל גערעדט. — ער איז איבערגעגאנגען פון איין טראטואר אויפ'ן אנדערן, האט איהר א פוהר צוטראטען, ניט בעאונרוהיגט זיך, ער וועט קומען צו זיך, איך האב געהייסען טראגען איהם אהער... איך בין ביי אייך געווען, איהר געדענקט... ער וועט קומען צו זיך: איך וועל באצאהלען!

— דערלעבט זיך! — האט קאטערינא איוואנאוונא פארצוויי־פעלט אויסגעשריען און זיך א ווארף געטאן צום מאן.

ראסקאלניקאוו האט גלייך באמערקט, אז זי איז ניט פון יענע פרויען, וועלכע זיינען אזוי גרינג אויף חלש'ן. אין איין אויגענבליק איז אונטער דעם אומגליקליכענס קאפּ געווארען א קישען, וואס דאס איז נאך קיינעם אפילו אויפ'ן זינען ניט ארויף: קאטערינא איוואנאוונא האט איהם גענומען אויסטאן, באטראכטען און זיך עסק'ן ארום איהם: זי איז ניט געווארען צוטומעלט און איינגאנצען פארגעסען אן זיך, פאר־ביסען די ליפּען, וואס האבען איהר געציטערט, און פארשטיקט די יאַ־מערליכע געשרייען, וואס האבען זיך איהר געריסען פון הארצען ארויס.

ראסקאלניקאוו האט דערווייל גע'פּועלט ביי איינעם, ער זאל א לויף טאן נאך א דאקטאר. דער דאקטאר האט גראד געוואוינט אין דעם דריטען הויף.

קחע — קחע — קחע... א פארשאָלטענעם לעבען! — האָט זי אויס־געשריען, אויסשפּייענדיג די ליחות און זיך כאַפּענדיג פאר'ן הארצען.
— ווען איך בין.... אך, ווען אויפ'ן לעצטען באַל... ביים פּרעדוואָרי־טעל... האָט מיך דערזעהן די פירסטין בעזװעמעלנאַ, — דיזעלביגע, וואָס האָט מיך שפּעטער געבענשט, ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט דיין טאַטען, — האָט זי גלייך א פרעג געטאָן: „איז עס ניט דיזעלבע שענע פריילײן, וואָס האָט געטאַנצט מיט דער שאַל אויפ'ן יעהרליכען אַקט פון אינסטיטוט?“... (מען דאַרף פאַרנייהען דעם וואָלדרים: וואָלסט גענומען א נאָדעל־פאָדים און גלייך פאַרריכט, ווי איך האָב דיך געלערנט, אַניט וועט זיין רעכט מאָרגען... קחע! מאָרגען... קחע — קחע — קחע! עס וועט זיך נאָך מעהר צורייסען — האָט זי קוים געהאַט כח ארויסצורײדען). — דאַמאָלס איז צו אונז אין שטאָדט נאָר־וואָס געקומען פון פּעטערבורג דער קאַמער־יונקער פירסט שטשע־גאָלסקי... האָט ער געטאַנצט מיט מיר א מאַזורקע און גלייך אויף מאָרגען האָט ער געוואָלט קומען מאַכען מיר א פאָרשלאָג: איך האָב איהם אָבער אַליין זעהר איידעל באַדאַנקט און געזאָגט, אַז מיין הארץ געהערט שוין לאַנג אנ'אַנדערן. דער דאָזיגער אַנדערער איז געווען דיין פאָטער, פאָליע. דער טאַטישי איז געווען שרעקליך בייז... דאָס וואַסער איז שוין פאַרטיג? נו, דערלאַנג מיר דאָס העמדעלע: און וואו זענען די זעקעלעך?... לידאַ, — האָט זי זיך געווענדט צו דער קליינטשיקער טאָכטער, — די וועסט שוין היינטיגע נאַכט איבערקומען אַזוי, אָהן א העמדעלע: דו וועסט זיך ווי עס איז איבערמוטשען... און די זעקלעך לעג אויך אַוועק פון אויבען אויף... פאַר איינוועגס אויסוואַשען... און דער שכור'ער איז נאָך אַלץ ניטאָ! דאָס העמד איז ביי איהם ברודיג ווי א שמוציגע טראַנטע, האָט עס צופליקט איינגאַנצען... פאַר איינוועגס וואָלט איך עס אויך אויסגעוואַשען, אַנשטאָט צו מוטשען זיך צוויי נעכט נאָכאַנאַנד! רבינו של עולם! קחע — קחע — קחע — קחע! ווידער! וואָס איז דאָס ?האָט זי אויסגעשריען, דער־זעהענדיג אנ'עולם מענשען אין פאָרהויז, וואָס האָבען זיך דורכגע־שטופּט אין איהר צימער אריין מיט עפּעס א משא. — וואָס איז דאָס? וואָס טראָגט מען דאָס? רבונו של עולם!

— וואוהין לעגט מען עס דאָ אַוועק? — האָט א פּאָליציאַנט א פרעג געטאָן, ארומקוקענדיג זיך אויף אַלע זייטען, בשעת מען האָט

זאָגן ניט פאַרשטאַנען. דערפאַר אָבער האָט זי זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז די מאַמע דאַרף זי האָבן, און דעריבער פלעגט זי שטענדיק ניט אָראָבנעמען פון איהר איהרע גרויסע קלוגע אויגעלעך און האָט געזעהן מיט אַלע כחות צו מאַכן זיך, אַז זי פאַרשטעהט אַלצדינג. דאָסמאָל האָט פּאָלינקע אויסגעטאָן דעם קליינינקען ברודער, וועלכער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געבראָכן, — צו לעגן איהם שלאָפן, וואַרטענדיג ביז וואַנען מען וועט איהם איבערבייטן דאָס העמדעלע, וועלכעס מען האָט געדאַרפט דיזעלבע נאַכט טאַקע אויסוואַשען. איז דאָס אינגעלע געזעסן אויפ'ן שטוהל שווייגענדיג, מיט אַ שטרענגער מינע, גלייך און אונבעוועגליך, מיט פאָראויס אויסגעשטרעקטע פיסלעך און פאַר־נאַנדערגעשפּרייטע פינגער. ער האָט זיך צוגעהערט, וועגען וואָס האָט די מאַמע גערעדט מיט דיער שוועסטער, מיט אָנגעבלאָזענע ליפּעלעך, אָנגעשטעלטע אויגעלעך, זיך ניט אַ ריהר צו געבן, פּונקט ווי עס דאַרפן זיצן אַלע קליינע אינגעלעך, ווען מען טוט זיי אויס צו לעגן שלאָפן. אַ מיידעלע, נאָך קלענער פון איהם, אָנגעטאָן אין אַמת'ע שמאַטעס, איז געשטאַנען ביי די פאַרהענגלעך און געוואַרט, מען זאָל איהר אויך אויסטאָן און לעגן זי שלאָפן. די טיר צו די טרעפּ צו איז געווען אָפען, כדי כאָטש אַביסעל צו פאַרטרייבן די זייד־לען טאַבאַק־רויך, וואָס האָבן זיך אריינגעריסען פון די אַנדערע צימערן און אַלע ווייִלע געמאַכט הוסטען מיט אַ לאַנגען שווערען הוסט די אָרימע שווינדזיכטיגע פרוי. קאַטערינאַ איוואַנאָווּנאַ איז עפּעס אַזוי ווי נאָך מעהר אָבגעצעהרט געוואָרען פאַר דער לעצטער וואָך, און די רויטע פלעקען אויף איהרע באַקען האָבען געברענט נאָך מעהר ווי פריהער.

— דו וועסט ניט גלויבען, פּאָלינקע, דו קענסט זיך גאָר ניט פאַרשטעלען, — האָט זי גערעדט, געהענדיג איבערן צימער, — ווי רייך און פרעהליך מיר האָבען געלעבט ביים טאַטישי אין שטוב, און ווי אָט דער שכור האָט מיך אומגליקליך געמאַכט און וועט אייך אַלע־מען אומגליקליך מאַכען! דער טאַטישי איז געווען אַ ציווילער פּאָל־קאָווניק און כמעט שוין אַ גובערנאַטאָר; איהם איז נאָך געבליבען ניט מעהר ווי איין הארעלע, און אַלע פלעגען צו איהם פאָהרען און פלעגען זאָגען: „מיר האַלטען אייך שוין סיי ווי סיי פאַר אונזער גובערנאַטאָר איוואַן מיכיילִיטש". ווי איך... קהע! ווען איך ביז...

די פאליציאנטען זענען געווען צופרידען. וואס זיי זענען דער־גאנגען, ווער דער צוטראטענער איז ראסקאלניקאוו האט געזאגט זיין נאמען, נעגעבען זיין אדרעס און מיט אלע כחות, גלייך ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען אנ'איינענעם ברודער, האט ער זיי צוגערעדט, מען זאל וואס גיכער איבערטראגען דעם נעחלשטען מארמעלאראוו'ן צו איהם אהיים.

— אט דא, איבער דריי הויפען, — האט ער געהאוועט, — קאזעל'ס הויז, א רייכער דייטש... ער האט זיך דאס איצט אפנים געשלעפט אהיים א שכורער, איך קען איהם... ער איז א שכור... ער האט דא א פאמיליע, א פרוי מיט קינדער, א טאכטער איינע האט ער. ביז וואנען מען וועט איהם נאך אוועקשלעפען אין שפיטאל אריין! און דא וועלען מיר מן הסתם גלייך אויפ'ן ארט האבען א דאקטאר! איך וועל באצאהלען, איך וועל באצאהלען!... פארט וועט ער זיין צווישען איינענע מענשען; זיי וועלען איהם גלייך העלפען, אזוי קען ער נאך גאר שטארבען ביז צום שפיטאל...

ער האט אפילו באוויזען אונבאמערקט אריינצושטעקען עפעס אין האנט אריין; איבעריגענס איז די זאך געווען קלאר און דייט־ליך, און אלענפאלס איז דאך די הילף דא געווען נעהענטער. דעם צוטראטענעם האט מען אויפגעהויבען און אוועקגעטראגען; עס האבען זיך געפונען העלפער. קאזעל'ס הויז איז געווען ביי א דרייסיג טריט ווייט. ראסקאלניקאוו איז געגאנגען פון הינטען, האט צוגעהאלטען דעם קאפ און געוויזען דעם וועג.

— אהער, אהער! אויף די טרעפ דארף מען איהם ארויפטראגען מיט'ן קאפ אין דער הויך; קעהרט איהם איבער... אט אזוי. איך וועל באצאהלען, איך וועל באדאנקען, — האט ער געשטאמעלט.

קאטערינא איוואנאוונא, ווי איהר שטייגער איז געווען, בשעת עס פלעגט זיך נאר מאכען א פרייע רגע, פלעגט זי גלייך נעהמען געהן אויף און אב איבער איהר קליין צימערל, פונ'ם פענסטער ביז צום אויוועלע און צוריק פעסט צונויפגעשלאגען די הענט אויפ'ן הארצען, ריידענדיג מיט זיך אליין און הוסטענדיג. פאר דער לעצטער צייט האט זי אלץ שטארקער און אפטער גענומען רעדען מיט איהר עלטער מיי־דעלע, דער צעהן יעהריגער פאלינקען, וועלכע האט נאך אפילו א סך

וואָלט איהם ניט מתרה געוועזן: איך בין דאָך געפאָהרען פאַמעלער, געלאַסען. אַלע האָבען געזעהן. גאָט און לייט זיינען עדות. א שבור'ער וועט ניט שטאַרבען מיט זיין אייגענעם טויט — דאָס איז א כלל!... איך זעה, ער נעהמט איבער דער גאַס, וואַקעלט זיך, שיער וואָס ער פאַלט ניט פון די פיס. — האָב איך איינמאָל א געשריי געטאָן, און נאָכאַמאָל, און א דריטען מאָל, און האָב צוגעהאַלטען די פערד: און ער נעהמט און גיט א פאַל גלייך זיי אונטער די פיס!... צו ער האָט עס געטאָן מיט א מיין, אָדער ער איז אפּשר געוועזן זעהר שכור... די פערד זיינען יונגע, שרעקענדיגע, — האָבען זיי זיך א ריס געטאָן, האָט ער אויפגעהויבען א געשריי — האָבען זיי זיך נאָך מעהר דער־שראָקען... אָט איז אנ'אומגליק.

— די מעשה איז פונקט אזוי געוועזן! — האָט זיך געלאָזט הער־רען עמיצענס עדות־זאָגען צווישען דעם המון.

— אז ער האָט געשריען — דאָס איז אנ'אמת, דריימאָל האָט ער צו איהם געשריען, — האָט זיך אָנגערופען א צווייטער קול.

— אקוראַט דריימאָל, אַלע האָבען געהערט! — האָט אויסגע־שריען א דריטער.

איבעריגענס איז דער קוטשער געוועזן ניט זעהר פאַרצאַרנט און דערשראָקען. עס איז געוועזן קענטיג, אז דער איינגעטימער פון'ם עקי־פּאַזש איז געוועזן א רייכער אָנגעזעהענער מאַן און האָט דעם עקיפּאַזש ערגעץ ערוואַרט; די פּאָליציאַנטען זיינען, פאַרשטעהט זיך, פון הויט געקראָכען צו באַזאָרגען איהם דאָס. דעם צוטראָטענעם האָט מען גע־דאַרפט צונעמען אין צירקעל אָדער אין שפּיטאָל. קיינער האָט ניט גע־וואוסט זיין נאָמען.

דערווייל האָט ראַסקאָלניקאָוו זיך דורכגעשטופּט און צוגעבויגען זיך נאָך נעהענטער. פּלוצלונג האָט דאָס לאָמטערנדעל העל באַלויכ־טען דאָס געזיכט פון דעם אומגליקליכען: ער האָט איהם דערקענט.

— איך קען איהם, איך קען! — האָט ער אויסגעשריען, און זיך דורכגעשטופּט אין דער ערשטער שורה. — דאָס איז א געוועזענער בעאַמטער, מאַרמעלאַדאָוו! ער וואוינט דאָ, דערנעבען, ביי קאָזעל'ן אין הויז... געשווינד א דאָקטאָר! איך וועל באַצאָהלען, נאָט!

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע געלט און געוויזען דעם פּאָ־ליציאַנט. ער איז געוועזן אין א מאָדנער אויפרעגונג.

אנ'עקיפּאַזש.... א פּייערל האָט א פינקעל געטאָן אין מיטען נאַס. „וואָס קען דאָס זיין ?" ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך פאַרנומען רעכטס און זיך געלאָזט געהן אויפ'ן טומעל. ער האָט זיך אַז אַלץ אַנגעכאַפּט. ער האָט א קאַלטען שמייכעל געטאָן צו דעם דאָזיגען געדאַנק, ווייל ער האָט שוין אויף באַשטימט באַשלאָסען וועגען דער קאָנצעלאַריע און געוואוסט אויף זיכער, אַז באַלד וועט אַלץ נעמען א סוף.

## זיבעטער קאַפּיטעל

אויפ'ן מיטען גאַס איז געשטאַנען א רייכער פּריצישער עקיפּאַזש געשפּאַנט מיט א פּאָר הייסבלוטיגע גרויע פערד; קיינער איז אין איהם ניט געזעסען. און אפילו דער קוטשער אליין איז אראָבגעקראָכען פון דער קעלניע און געשטאַנען דערנעבען; די פערד האָט מען צוגע־האַלטען פאַר'ן צוים... ארום און ארום איז געווען שוואַרץ פון מענ־שען, און פּאָליציאַנטען זענען געשטאַנען פאָראויס. איינער פון זיי האָט געהאַלטען אין די הענט אַנ'אַנגעצונדענע לאַמטערנדעל און איינגע־בויגענערהייט צוגעלייכט מיט איהם עפּעס אויפ'ן ברוק, סאַמע ביי די רעדער. אַלע האָבען געדעדט, געשריען, געאויקעט; דער קוטשער האָט געשיינט צו זיין אין גרויס פאַרלעגענהייט און האָט פון צייט צו צייט איבערגעחזרט:

— אַזאַנ'אומגליק! רבונו של עולם, אַזאַ מין אומגליק!

ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך ווי ווייט מעגליך דורכגעשטופּט פאָר־אויס און האָט ענדליך דערזעהן די סיבה פון דעם גאַנצען טומעל און ניינעריגקייט. אויף דער ערד איז געלעגען אין חלשות א מענש, וועל־כען די פערד האָבען נאָר וואָס צוטראָטען; ער איז קענטיג געווען זעהר שלעכט געקליידט, אָבער „בעל־הבתיש"; איינגאַנצען איז ער געווען אין בלוט, פון פּנים, פון קאָפּ האָט עס געריננען; דאָס גאַנצע פּנים איז געווען צומזיק'ט, צוריסען, צודרעהט, ס'איז געווען קענטיג, אַז מען האָט איהם ניט אויף געלעכטער צוטראָטען.

— רבונו של עולם! — האָט דער קוטשער געקלאָגט, — ווי זאָל מען זיך דאָ איינהיטען! ווען איך וואָלט געטריבען, אָדער ווען איך

סטרוזש א געשריי געטאן, שוין רעכט אריינגעקומען אין כעס — וואס האסטו זיך צוגעטשעפעט?

— אפנים זיך דערשראקען פאר'ן צירקעל, איא? — האט ראס־קאלניקאוו איהם שפאטיש א זאג געטאן.

— וואס פאר א דערשראקען זיך? וואס האסטו זיך אבער צו־געטשעפעט?

— א פגר־רע אביסעל! האט די גויע אויסגעשריען.

— וואס איז דא מיט איהם א סך צו טענה'ן. — האט א געשריי געטאן דער צווייטער סטרוזש. א מורא'דיג־גרויסער גוי, די מארינאר־קע ברייט פונאנדערגעשפילעט, מיט שליסלען פארשטעקט אין גאר־טעל. — טראג זיך אב!... טאקע א פגע־רע... טראג זיך אב!

און א נעהם געטאן ראסקאלניקאוו'ן פאר'ן קארק, האט ער איהם געגעבען א שליידער אויף די גאס ארויס. יענער האט זיך שיער איבערגעקוליעט, איז אבער ניט געפאלען, זיך אויסגעגלייכט, שווייגענדיג באטראכט אלע צושויער, און אוועק ווייטער.

— א ציקאווער מענש. — האט דער ארבייטער ארויסגערעדט.

— ציקאווע מענשען היינטיגע צייטען, — האט די גויע געזאגט.

— מען האט איהם פארט געדארפט אוועקפיהרען אין צירקעל, האט דער פאניע צוגעגעבען.

— מען דארף זיך ניט אנהויבען, — האט באשלאסען דער גרויסער סטרוזש. — אזא קלעק! ער קריכט טאקע אליין, אבער פרוב זיך מיט איהם נאר אנהייבען, וועסטו שוין גלאט ניט אבשניידען... מען קען זיי!

„אלזא געהן, אדער ניט?“ האט ראסקאלניקאוו געטראכט, שטעהן בלייבענדיג אין מיטען ברוק דארט, וואו די גאסען זענען זיך צוגאנגען אין אלע זייטען, און ארומקוקענדיג זיך ארום, גלייך ווי ער וואלט געווארט צו באקומען פון עמיצען א לעצטעס ווארט. נאר עס האט זיך קיין זאך פון ערגעץ ניט אבגערופען; אלץ איז געווען שטום און טויט, ווי די שטיינער, איבער וועלכע ער האט געטראטען, טויט בלויז פאר איהם, בלויז פאר איהם אליין... פלוצלונג האט ער דערהערט פון דער ווייטען, אין א צוויי הונדערט טריט פון איהם, אין עק גאס, אין דער געדיכטער פינסטערניש, קולות און געשרייען פון א המון מענשען... צווישען דעם המון האט זיך געזעהן עפעס

— וואס פאר א דירה?

— אט וואו מיר ארבייטען. „פארוואס, זאגט ער, האט מען עפעס דאס בלוט אבגעוואשען? דא איז געווען, זאגט ער, א רציחה, און איך ביז געקומען דינגען א דריה". און האט גענומען קלינגען אין גלעקעל, שיער ניט אבגעריסען. „קום, זאגט ער, אין קאנצעלאריעס דארט וועל איך אלץ דערוויזען." זיך צוגעטשעפעט!

דער סטרוזש האט באטראכט ראסקאלניקאוו'ן מיט ניט־פארשטעהענדיגע קרומע בליקען.

— אבער ווער זענט איהר אזוינער? — האט ער א געשריי געטאן אזוי גרויזאם, ווי ער האט נאר געקענט.

— איך בין ראדיאן ראמאניטש ראסקאלניקאוו, א געוועזענער סטודענט, און וואוינען וואוין איך ביי שיל'ן אין הויז, אט דא אין געסעל, ניט ווייט פון דאנען, אין דער וואוינונג נומ. 19. ס'ט'פרעגען דעם סטרוזש... ער קען מיך.

ראסקאלניקאוו האט דאס אלץ ארויסגערעדט עפעס אזוי ווי פויל און פארטראכטערהייט, זיך ניט אבגעקעהרט, קוקענדיג שטאר אין די דונקעלע נאס אריין.

— אבער נאך וואס זענט איהר געווען אין דער דירה?

— א קוק טאן.

— וואס איז דארט פאראן צו קוקען?

— פאלגט מיך, מען דארף איהם א נעהם טאן אין צירקעל אריין! — האט זיך פלוצלונג אריינגעמישט דער פאניע, און איז אנטשוויגען געווארען.

ראסקאלניקאוו האט אויף איהם אויסגעקרימט די אויגען צום אקסעל, האט איהם אויפמערקזאם באטראכט און געזאגט אויך אזוי שטיל און פויל:

— לאמיר געהן!

— און טאקע אוועקפיהרען! — האט אונטערגעכאפט דער פאניע מיט נייעם מוט, — וואס האט ער זיך עפעס פונאנדערגעפרעגט וועגען דעם אומגליק, ער מוז עפעס האבען א מיין דערביי, הא?

— שכור, ניט שכור, דער גוטער יאהר ווייסט זיי, — האט דער ארבייטער ארויסגעשטאמעלט.

— אבער וואס דארפט איהר פארט? — האט ווידער דער

— אַט וואָס מען האָט גע'הרג'עט די אַלטע מיט איהר שוועס־טער. דאַ איז געוועזען אַ גאַנצער טייך.

— אָבער ווער ביסטו דאָס אַזוינער? — האָט דער ארבייטער אומרוהיג אויסגעשריען.

— איך?

— יאָ?

— וואָס איז, דיר ווילט זיך וויסען?... קום אין קאַנצעלאַריע, דאָרט וועל איך אויסזאָגען.

די ארבייטער האָבען איהם אָנגעקוקט ניט־פאַרשטעהענדיג.

— מיר דאַרפען שוין אַוועקגעהן. פאַרשפּעטיגט זיך. קום, אַליאָשקאַ, מען דאַרף פאַרשליסען, — האָט דער עלטערער ארבייטער געזאָגט.

— נו, לאָמיר געהן! — האָט ראַסקאָלניקאָוו גלייכגילטיג געענט־פערט און איז ארויס דער ערשטער, און האָט לאַנגזאָם גענומען אראָב־געהן פון די טרעפּ.

— היי, סטרוזש! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, ארויסגעהענדיג אין טויער.

עטליכע מענשען זענען געשטאַנען ביים אריינגאַנג פון גאָס אין הויף אריין, און האָבען מיט פאַרגאַפטע אויגען געקוקט אויף די פאַר־בייגעהער: ביידע סטרוזשעס, אַ גויע, אַ פּאַניע אין אַ כאַלאַט און נאָך אַ פּאָר מענשען. ראַסקאָלניקאָוו איז צוגעגאַנגען גלייך צו זיי.

— וואָס דאַרפט איהר? — האָט זיך אָנגערופען איינער פון די סטרוזשען.

— געווען אין קאַנצעלאַריע?

— נאָר־וואָס געווען וואָס דאַרפט איהר?

— פאַראַן דאָרט ווער?

— פאַראַן

— דער געהילף־אויפזעהער איז אויך דאָרט?

— געווען אַ ווײַלע. וואָס דאַרפט איהר?

ראַסקאָלניקאָוו האָט ניט געענטפערט און פאַרטראַכטערהייט זיך געשטעלט נעבען איהם.

— געקומען אָנקוקען אַ דירה, — האָט געזאָגט דער עלטערער ארבייטער, וואָס איז דערווייל אויך אונטערגעקומען.

— האָט מיט באַגייסטערונג אויסגעשריען דער אינגערער — א חוץ טאַטע־מאַמע איז דאָ אַלץ פאַרהאַן!

— א חוץ דאָס, ברודער־לעבען, קריגט מען דאָ אַלץ, — האָט דער עלטערער אויטאָריטעטיש באַשטעטיגט.

ראַסקאָלניקאָוו איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק אין דאָס צווייטע צימער, וואו ס'איז פריהער געשטאַנען דאָס רענצעל, די בעטען און דער קאָמאָד: דאָס צימער איז איהם אויסגעקומען שרעקליך קליין אָהן דעם מעבעל. די טאַפּעטען זענען נאָך אַלץ געווען דיזעלבינע: אין ווינקעל אויף די טאַפּעטען איז געווען זעהר קענטיג דער אָרט, וואו ס'איז געשטאַנען דער גלאָז־שראַנק מיט די היילינגע בילדער. ער האָט א קוק געגעבען און זיך צוריקגעקעהרט אויף זיין פענסטער. דער עלטערער אַרבייטער האָט איהם באַטראַכט מיט קרומע בליקען.

— וואָס דאַרפט איהר דאָ האָבען? — האָט ער פּלוצלונג א פרעג געגעבען, זיך ווענדענדיג צו איהם.

אַנשטאָט אַנ'ענטפער איז ראַסקאָלניקאָוו אויפגעשטאַנען, אַרויס אין פאָרהויז, זיך א נעהם געטאָן פאַר'ן גלעקעל און עס א ציה געטאָן. דאָס אייגענע גלעקעל, דער אייגענער בלעכענער קלאַנג! ער האָט א ציה געטאָן א צווייטען און א דריטען מאָל: ער האָט זיך איינגעהערט און זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען. דאָס פריהערדיגע פּייניגליך־שרעקליכע, העסליכע געפיהל האָט זיך איהם גענומען יאָטהען אַלץ דייטליכער און קלאָרער, ער האָט געשווידערט ביי יעדען קלונג, און עס איז איהם געוואָרען אַלץ אַנגענעהמער און אַנגענעהמער.

— אָבער וואָס דאַרפסטו דאָ? ווער ביסטו אַזוינער? — האָט דער אַרבייטער א געשריי געטאָן, אַרויסגעהענדיג צו איהם

ראַסקאָלניקאָוו איז ווידער אַריין אין טיר.

— איך וויל דינגען א ווירה, — האָט ער געזאָגט, — קוק איך אָן.

— ביינאַכט דינגט מען ניט קיין דירות: און אויסערדעם דאַרפט איהר קומען מיט'ן סטרוזש.

— די פּאָדלאָגע האָט מען יאָ אויסגעוואַשען: איהר וועט מאָלען? — האָט ראַסקאָלניקאָוו פאָרטגעזעצט. — קיין בלוט איז ניטאָ?

— וואָס פאַר א בלוט?

קיין שום מעבל: עפּעס מאָדנע! ער איז צו צום פענסטער און זיך נעזעצט דארויף.

איננאַנצען איז דאַ נעווען צוויי ארבייטער, ביידע יונגע שקצים. איינער שוין אַ „סטאַלער", דער אנדערער פּיעל אינגעל. זיי האָבען גע־קלעפּט די ווענט מיט נייע טאַפּעטען, ווייסע, אין העלבלויע קווייטען, אנשטאָט די אַלטע געלע, אָפּגעריבענע און צושמאַרעטע. ראַסקאַל־ניקאָוו'ן איז דאָס עפּעס שרעקליך ניט געפעלען געוואָרען. ער האָט מיט שנאה געקוקט אויף די דאָזיגע נייע טאַפּעטען, גלייך ווי איהם וואָלט באַנג טאָן, וואָס מען האָט אַלץ אזוי פאַרענדערט.

די ארבייטער האָבען זיך אַפּנים פאַרשפּעטיגט און האָבען איצט אויף דער גיך צונויפגעוויקעלט דאָס פּאַפּיר און זיך געקליבען אהיים. אויף ראַסקאַלניקאָווס קומען האָבען זיי זיך כמעט ווי ניט אומגעקוקט. זיי האָבען וועגען עפּעס געשמועסט. ראַסקאַלניקאָוו האָט צונויפגעשלאָ־גען די הענט אויפ'ן הארצען און זיך גענומען צוהערען.

— קומט צו מיר צו געהן, אָט די דאָזיגע, אין דער פריה, — האָט דער עלטערער דערצעהלט דעם אינגערען. — גאָר באַנינגען, אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג. „וואָס מאַכסטו זיך פאַר מיר, זאָג איך, זיס און זויער. וואָס מאַכסטו מיר, זאָג איך, דיינע חנ'דלעך?"

— „איך וויל, זאָגט זי, טיט וואַסילאָיטש, פון היינטיגען טאָג אָן צו זיין אין אייער גאַנצען רשות". אָט אזוי, גוטער ברודער! היינט איז זי דאָס אויסגעפּוצט אביסעל: אַ זשורנאַל, ממש אַ זשורנאַל!

— וואָס איז דאָס, פעטערקע, אַ זשורנאַל? — האָט דער אינ־גערער געפרעגט.

ער האָט אַפּנים געהאַלטען פון „פעטערקע" און זיך געלערנט ביי איהם.

— אַ זשורנאַל, ברודער־לעבען, איז דאָס אַזעלכע מענשלעך גע־מאָלטע, און זיי קומען אָן אהערצו צו די היגע שניידער אַלע שבת פון אויסלאַנד, מיט דער פּאָטשט, כדי, הייסט עס, ווי אזוי יעדער איינ־ציגער זאָל זיך אויסקליידען, ווערליג פאַר מאַנסביל און ווערליג פאַר פרויען. אַזעלכע בילדער, הייסט עס, די מאַנסבילען זענען דאָרט אויך ניט מיאוס אָבגעמאָלט. אָבער די ווייבער, ברודער־לעבען, איז קיין קאַטאַוועס! מען קען גאָר ניט פאַרשטעלען זייערע מלבושים!

— וואָס קריגט מען דאָ ניט אין דעם דאָזיגען פעטערבורג!

צו דער קאנצעלאריע האט מען געדארפט געהן גלייך און גלייך און ביים צווייטען ראג פארקערעווען זיך אויף לינקס: זי איז געווען פון דאנען צוויי טריט ווייט. נאר צוגעקומען צום ערשטען ראג, איז ראס־קאלניקאוו שטעהן געבליבען, האט א טראכט געטאן, פארקערעוועט זיך איז געסעל אריין און גענומען געהן הינטער ארום, איבער צוויי גאסען. — עס קען זיין, אז ער איז געגאנגען אהן דעם מינדסטען מיין, און עס קען זיין, אז ער האט געוואלט אויפציהען נאך א מינוט און געווינען צייט. ער איז געגאנגען מיט אראבגעלאזענע אויגען. פלוצלונג האט איהם עפעס אזוי ווי עמיצער איינגערוימט עטוואס אין אויער אריין. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהן, אז ער שטעהט נעבען י ע נ ע ם הויז, סאמע ביים טויער, פון י ע נ ע ם אבענד אן איז ער דא ניט געווען, אפילו פארביי ניט געגאנגען.

א דרינגליכער אונבאגרייפליכער פארלאנג האט איהם א ציה גע־טאן. ער איז אריין אין הויף, דורכגעגאנגען דעם גאנצען בראם, דערנאך אין דעם ערשטען אריינגאנג רעכטס און גענומען שטייגען אויף די באקאנטע טרעפ, אויף דעם פערטען שטאק ארויף. אויף די שמאלע געדרעהטע טרעפלער איז געווען זעהר פינסטער. ער האט זיך אב־געשטעלט אויף אטיליכען שטאק און זיך נייגעריג ארומקוקען. אין דעם ערשטען שטאק איז געווען איינגאנצען ארויסגענומען דער ראהם פון פענסטער. „דאס איז דאמאלס ניט געווען", איז איהם איינגעפא־לען. אט איז די דירה אין דעם צווייטען שטאק, וואו ס'האבען געאר־בייט ניקאלאשקא און מיטקא: „פארשלאסען: און די טיר איז איבער־געמאלט אויף דאס ניי: פארדינגט זיך אפנים". אט איז דער דריטער שטאק אויך... און דער פערטער... „דא!" איהם איז געווארען קשה: די טיר אין דער דאזיגער דירה אריין איז געווען ברייט פונאנדערגעע־פענט. דארטען זענען געווען מענשען, עס האבען זיך געהערט שטי־מען: דארויף האט ער זיך נאר ניט געריכט. געקווינקעלט זיך אבי־סעל, איז ער ארויף אויף די לעצטע טרעפלעך און איז אריין אין דירה.

מען האט זי אויך רעמאנטירט פון דאס ניי: עס האבען געאר־בייט בעלי־מלאכה'ס: דאס האט איהם אזוי ווי איבערראשט. עפעס האט זיך איהם פארגעשטעלט, אז ער וועט דא אלץ טרעפען פונקט אזוי, ווי ער האט דאמאלס איבערגעלאזט, אפילו די טויטע קערפערס אפשר, אויף דיזעלביגע ערטער, אויף דער פאדלאגע. ערשט: הוילע ווענט,

נומען. ביז איך איצט גראָד אוועק אין קלייטעל אריין און געלאָזט איהר, זי זאָל אכטונג געבען אויף דאָס מיידעל. — ערשט נאָ דיר גאָר אזאַ אומגליק! א שכנה, אונזערע א שכנה, מיר וואוינען א טיר אנטקעגען א טיר. דאָס צווייטע הויז פון ראָג, אָט אָ דאָ...

דער עולם האָט גענומען צוגעהן זיך. די פּאָליציאַנטען האָבען זיך נאָך געעסק'ט מיט דער דערטרונקענער. עמיצער האָט דערמאָהנט, אז מען וואָלט זי געדאַרפט אָבפּיהרען אין צירקעל אריין... ראַסקאָלניקאָוו האָט אויף אַלץ געקוקט מיט א מאָדנעם געפיהל פון גלייכגילטינקייט און אַפּאַטיע. איהם האָט גענומען עקלען. — „ניין, דאָס איז מיאוס... דאָס וואַסער... ניט כדאי", האָט ער געשטאַמעלט פאַר זיך. — „ס'וועט גאָרניט נים זיין", האָט ער צוגעגעבען, — „ניטאָ אויף וואָס צו וואַרטען.. וואָס זאָגען זיי דאָס, אין צירקעל... פאַרוואָס עפּעס איז זאַמעטאָוו נים אין צירקעל? דער צירקעל איז צעהן א זייגער אָפּען"... ער האָט זיך אָבגעקעהרט מיט'ן רוקען צו די פּאַרענצען און זיך ארומגעקוקט ארום זיך.

„נו, איז וואָס איז דאָ אזוי! פאַרוואָס טאַקע ניט!" האָט ער ענטשלאָסען ארויסגערעדט, איז אראָב פון בריק און זיך געלאָזט געהן אין דער זייט, וואו ס'איז געווען דער צירקעל. דאָס האַרץ איז איהם געווען פּוסט און שטום. טראַכטען האָט ער ניט געוואָלט. דער אומעט איז אפילו אויך פאַרשוואונדען, א זכר ניט פון דער פריהערדיגער ענערגיע, בשעת ער איז ארויס פון דער היים. „כדי צו מאַכען א סוף!" א פאָלקאָמענע אַפּאַטיע האָט פאַרנומען איהר אָרט.

„מילא, דאָס איז אויך אַנ'אויסוועג!" האָט ער געטראַכט, לאַנגזאַם און פויל שלעפּענדיג זיך לענגס דעם געמויערטען ברעג פון קאַנאָל. — „פאָרט וועט עס זיין א סוף, ווייל איך וויל... איז עס אָבער אַנ'אויסוועג? נאָר א דאנה מיר! פיער איילען ערד וועל איך האָבען. — חע! אז אָד און וועה אָבער צו דעם סוף! צי דען שוין א סוף? וועל איך זיי אויסזאָגען אדער איך וועל ניט אויסזאָגען? ע... צום טייוועל! איך בין אייגענטליך שטאַרק פאַרמאַטערט. זיך צולעגען ערגעץ אדער צוזעצען זיך וואָס גיכער! מעהר פאַר אַלץ פאַרדריסט, וואָס עס איז שוין צו נאַריש. נאָר איך שפּיי דערויף אויך. פוי, ס'אָר א נאַרישקייטען ס'קריכען מיר אין קאָפּ"...

אריינגעווארפען אין קאנאל אריין. דאס שמוציגע וואסער האט זיך פונאנדערגעטיילט, אויף איין אויגענבליק איינגעשלונגען דעם קרבן. נאר אין א ווײלע ארום איז זי די דערטרונקענע ווידער ארויפגעשוואר־מען אויפ׳ן וואסער, און עס האט זי גענומען טראגען אראבצו מיט׳ן שטראם, דער קאפ און די פיס אין וואסער, דער רוקען אויבען, און דאס קלייד איבערן וואסער צונויפגעקנייטשט און אויפגעבלאזען, ווי א קישען.

— זיך דערטרונקען! זיך דערטרונקען! — האבען געשריען צעהנדליגער שטימען; מענשען זענען זיך צונויפגעלאפען פון אלע זיי־טען, ביידע געמויערטע ברעגען פון קאנאל זענען געדיכט באדעקט געווארען מיט רעדלעך צושויער, אויפ׳ן בריק, ארום ראסקאלניקאוו׳ן, האט עס געשטויבעלט און געגריבעלט פון מענשען, וועלכע האבען איהם געשטופט און געשטויסען פון הינטען.

— וועה צו מיר, דאס איז דאך אונזער אפראסיניושקא! האט זיך געלאזט הערען ערגעץ ניט־ווייט א יאמערליך פרויען־געשריי. — טייערינקע, ראטעוועט! האט רחמנות, נעהמט זי ארויס!

— א שיפעל! א שיפעל! — האט מען געשריען פון אלע זייטען.

נאר מען האט שוין ניט געדארפט קיין שיפעל: א פאליציאנט איז אראבגעלאפען פון די שטיגען צום קאנאל, אראבגעווארפען פון זיך דעם שינעל, די שטיוועל, און זיך א ווארף געטאן אין וואסער אריין. ס׳איז ניט געווען קיין סך ארבייט: די דערטרונקענע האט געשוואר־מען אין א צוויי טריט ווייט פון די שטיגען, ער האט זי אנגעכאפט פאר די קליידער מיט דער רעכטער האנט, און מיט דער לינקער האנט באוויזען אנצוכאפען א לאנגען שטאנג, וואס א חבר האט איהם דער־לאנגט, און אין דעמזעלביגען אויגענבליק איז די דערטרונקענע געווען אויף דער יבשה. מען האט זי אוועקגעלעגט אויף די שטיינערנע פלאטען פון דעם אראבגאנג. זי איז באלד געקומען צו זיך, זיך עטוואס אויפגעהויבען, זיך געזעצט און גענומען גיסען און שפייען מיט׳ן מויל און מיט דער נאז, און האט אהן זינען געווישט דאס נאסע קלייד מיט די הענט. זי האט א ווארט ניט גערעדט.

— אזוי זיך אנצושכור׳ן, אזוי זיך אנצושכור׳ן, — האט געקלאגט אלץ דיזעלבע פרויענשטים, שוין נעבען אפראסיניושקען. — אנומעלט האט זי זיך געוואלט אויפהענגען, האט מען זי פון שטריק אראבגע־

ער קען זיך נאָך דערטרינקען... ער, זיך באַנאַרעשט! מען טאָר ניט דערלאָזען!" און האָט זיך געלאָזט לויפען צוריק, יאָגען ראַסקאָלניקאָוו'ן. אָבער יענער איז שוין לאַנג נעלם געוואָרען. ער האָט אַ שפּיי געטאָן און מיט געשווינדע טריט זיך געלאָזט געהן צום „קריסטאַל־פּאַלאַץ". כדי וואָס גיכער צו געוואָהר ווערען עפּעס ביי זאַמעטאָוו'ן.

ראַסקאָלניקאָוו איז גלייך אַרויסגעקומען צום נ־ער בריק, זיך געשטעלט אין מיטען, ביי די פּאַרענצען, אָנגעלעהנט אָן זיי מיט ביידע עלענבויגענס און גענומען קוקען אין דער ווייט. זיך צושיידט מיט ראַזומיכינען, איז ער אויף אַזוי פיעל אָבגעשוואַכט געוואָרען, אַז ער האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהער. איהם האָט זיך פאַרוואַלט זעצען זיך ערגעץ אָדער לעגען זיך, אויף דער גאַס. זיך אַריבערגעבויגט איבערן וואַסער, האָט ער מאַשינאַל געקוקט אויף דעם לעצטען ראָזען אָבגלאַנץ פון דעם זונאונטערגאַנג, אויף די שורות הייזער, וואָס האָבען זיך געדונקעלט אין דער דעמערונג, וועלכע איז געוואָרען אַלץ שוואַרצער: געקוקט אויף אַ ווייט פּענסטערל, ערגעץ אין אַ מאַנסאַרדע, אויף דעם לינקען ברעג טייך: דאָס פּענסטערל האָט געגלאַנצט אַזוי ווי אין פייער פון דעם לעצטען זונענשטראַהל, וואָס איז אויף איהם געפאַלען אויף איין אויגענבליק, — האָט געקוקט אויף דאָס דונקלענדע וואַסער פון דעם קאַנאַל. און עס האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי ער האָט זיך שטאַרק צוגעקוקט צו דעם דאָזיגען וואַסער. ענדליך האָבען זיך פאַר זיינע אויגען גענומען דרעהען עפּעס רויטע רעדער, די הייזער האָבען גענומען טאַנצען, די פאַרבייגעהער, די געמויערטע ברעגען, די עקיפּאַזשען, — אַלץ האָט זיך עס גענומען דרעהען און טאַנצען אַרום און אַרום. פּלוצלונג האָט ער אַ ציטער געטאָן, און אַ ווילדער, העסליכער פּאַרפּאַל האָט איהם אפשר ווידער געראַטעוועט פון חלשות. ער האָט דערפיהלט, אַז עמיצער איז געבליבען שטעהן נעבען איהם, ביי זיין רעכטער האַנט: ער האָט אַ קוק געטאָן — און דערזעהן אַ הויכע פרוי, מיט אַ טיכעל אויפ'ן קאָפּ, מיט אַ געל, לענגלעך, פערשכורט פּנים און מיט רויטליכע, איינגעגראָבענע אויגען. זי האָט אויף איהם געקוקט גלייך, נאָר האָט אפשר גאָרנישט געזעהן און קיינעם ניט באַמערקט. פּלוצלונג האָט זי זיך אָנגעלעהנט מיט דער רעכטער האַנט אָן די פּאַרענצען, אויפגעהויבען דעם רעכטען פוס און פאַרוואָרפען איהם איבער דעם שטאַכעטען־צוים, דערנאָך דעם לינקען פוס, און זיך

זיך אויך פונקט אזוי טויזענדער מאל געקרינגט מיט מענשען און פלעג ווידער צוריק קומען צו לויפען... עס וועט ווערען זיך אליין מאוס. פלעגסטו זיך אוועק־קעהרען צום מענשען. זאלסטו ושע געדענקען: פאטשינקאווס הויז. דריטער שטאק...

— אויף אזא אופן וועט איהר דאך זיך באלד לאזען, מען זאל אייך אפילו שלאגען. הערר ראזומיכין. און אלץ צוליעב דעם פערגני־גען צו טאן טובות.

— וועמען? מיך! פאר די מחשבה אליין וועל איך אראבדרעהען האלבע יאהרען! פאטשינקאווס הויז נומ. 47, ביים טשינאווניק באַבושקין אין וואוינונג.

— כ'וועל ניט קומען, ראזומיכין!

ראסקאלניקאוו האט זיך אומגעקעהרט און איז אוועק.

— איך קען זיך דיר וועטען, אז דו וועסט קומען! — האט איהם ראזומיכין נאכגעשריען. — אניט... אניט וויל איך דיך ניט קע־נען! ווארט נאר, דו, זאמעטאוו איז דא?

— דא.

— נעזעהן איהם?

— געזעהן.

— און גערעדט?

— גערעדט.

— וועגען וואס? נאר כאפט דיך דער רוח, קענסט ניט זאגען פאטשינקאוו, 47, באבושקין, ניט פארגעס!

ראסקאלניקאוו איז צוגעקומען ביז צו דער גארטען־גאס און זיך פארקערעוועט אין דאג אריין. ראזומיכין האט איהם פארטראכטער־הייט נאכגעקוקט. ענדליך האט ער א מאך געטאן מיט דער האנט, איז אריין אין הויז, ער איז אבער שטעהן געבליבען אין מיטען אויף די טרעפ.

— „צום טייוועל!" האט ער גערעדט שיער ניט אויפ'ן קול, „רעדט צו דער זאך, און ווייזט אויס עפעס אזוי ווי... אבער איך בין דאך אויך א שוטה! וואס איז, פערריקטע ריידען דען ניט צו דער זאך? און זאסימאוו האט דערפאר טאקע מורא, אזוי האט זיך מיר אויסגע־וויזען!" — ער האט א קנאק געטאן מיט'ן פינגער איבערן שטערן. — „נו, און ווי איז אז... נו, ווי קען מען איהם איצט לאזען איינעם אליין?

— טא נעה צום טייוועל! האט ער געזאגט שטיל און ווי פאר־טראכט.

— שטעה! האט ער פלוצלונג א דונער געטאן, ווען ראסקאלניקאוו האט זיך שוין גענומען ריהרען פון ארט, — הער מיר אויס. איך זאג דיר, אז איהר זענט אלע, ביז איינעם, — פלאפלער און בעל־גאוה׳ס! טאמער וועט איהר פאקען ערגעץ א שטיקעל צער, וועט איהר זיך נעמען דערמיט ארומטראגען, ווי א הוהן מיט אנ׳איי! אפילו דא בע־גנב׳עט איהר אויך פרעמדע געדאנקען. קיין טראפען זעלבסטשטענדיגס לעבען האט איהר דאך ניט! פון לאקריץ און קובעבע זענט איהר גע־מאכט געווארען, און אנשטאט בלוט איז ביי אייך עפעס אזא מין זיי־ערניש! איך געטרוי אייך קיינעם ניט! דער עיקר איז ביי אייך אומעטום און איבעראל, — אליין אזעלכע מיני אנשטעלען, אבי נאר ניט זיין געגליכען צו א מענשען! שטעה — עה — עה! — האט ער א געשריי געטאן מיט דאפעלטער רציחה, דערזעהענדיג, אז ראסקאלניקאוו ריהרט זיך ווידער אוועקצוגעהן, — הער אויס ביז׳ן סוף! דו ווייסט, היינט וועט מען זיך ביי מיר צונויפקלייבען א הוליע טאן לכבוד מיין נייער דירה, מען איז שוין, אפשר, געקומען, נאר עס שאדט ניט, איך האב דארט געלאזען מיין פעטער, — נאר־וואס געוועזען דארטען, — מקבל פנים זיין די געסט, איז אויב דו ווילסט ניט זיין קיין נאר, קיין לייהמענער נאר, קיין נעבונדענער נאר, קיין איבערזעצונג פון א דייט־שער בראשור... זעהסט דאך אליין, ראדיא, איך בין זיך מודה, דו ביסט א קלוגער בחור, אבער ביסט א שוטה! — אלזא, הייסט עס, אז דו וואלסט ניט זיין קיין נאר, וואלסטו צו מיר בעסער היינט אריינ־געקומען, פארברענגען דעם אבענד, איידער אומזיסט זיך אומשלע־פען און רייסען די שיך. מילא ביסט ארויס — איז שוין פארפאלען! איך וואלט דיר צוגעקייקעלט א ווייכען פאטערשטוהל, דער בעל־הבית׳־טעס... א גלעזעל טיי, א קאמפאניע... און אז דו ווילסט, — וועסטו זיך לעגען אויפ׳ן דיוואן, — פארט וועסטו ליעגען צווישען איינגע מענשען. זאסימאוו וועט אויך זיין. וועסט אריין, הא?

— ניין.

— דו ל—ל—ליינסט! — האט ראזומיכין אונגעדולדיג אויסגע־שריען, — פון וואנען קענסטו וויסען? דו קענסט ניט ערב זיין פאר זיך! דו פארשטעהסט דאך גלאט ניט פון דאנען אהין... איך האב

דאַ איז שוין ראַזומיכין ארויס פון די כלים: ער האָט איהם פעסט א נעהם געטאָן פאַר'ן אקסעל.

— לאָז? דו האָסט די עצה צו זאָגען „לאָז"? און דאָס ווייסטו, וואָס איך וועל מיט דיר באַלד טאָן? איך וועל דיך נעמען מיט ביידע הענט, וועל דיך פאַרבינדען אין א פּעקעל, און וועל דיך אוועקטראָגען אונטערן אָרים אהיים הינטער שלאָס און ריגעל!

— הער, ראַזומיכין, — האָט ראַסקאָלניקאָוו אנגעהויבען שטיל און קענטיג זעהר רוהיג, — זעהסטו דען ניט, אז איך וויל ניט, אז איך וויל ניט דיינע טובות? און וואָס איז עס פאַר א בעלנות טאָן טובות די יעניגע, וועלכע... שפּייען דערויף? די יעניגע, אויב דו ווילסט שוין, וועלכע דאָס איז מיט אנ'אמת שווער אריבערצוטראָגען? נו, צוליעב וואָס האָסטו מיך אויפגעזוכט אין אנהויב פון מיין קראַנקהייט? איך וואָלט אפשר זעהר צופרידען זיין, ווען איך זאָל געווען שטאַרבען! נו, האָב איך דיר דען היינט נאָך אלץ ווייניג געגעבען צו פאַרשטעהן, אז דו מאַטערסט מיך, אז דו ביסט מיר... דערעסען געוואָרען! ס'איז אין דער אמת'ן א בעלנות צו מאַטערן מענשען! מעגסט מיר גלויבען, אז דאָס אלעס שאַדט אויף אנ'אמת מיין געזונט, ווייל עס רייצט מיך אויף אן אנ'אויפהער. אָט איז דאָך זאָסימאָוו אוועק, אום ניט צו רייצען מיך! טאַ לאָז מיך שוין דו אויך צו רוה, אום גאָטעס ווילען! און אין דער אמת'ן וואָס פאַר א רעכט האָסטו איינצוהאַלטען מיך מיט געוואַלט? זעהסטו דען ניט, אז איך רייד פאָלקאָם ביים קלאָרען זינען? לערן מיך אויס, מיט וואָס פאַרט זאָל איך ביי דיר שוין פּועל'ן, אז זאָלסט צו מיר ניט צושטעהן ווי א קלעק און זאָלסט מיר ניט טאָן קיין טובות? זאָל זיין, איך האָב ניט די מידה פון דאַנקבאַרקייט, זאָל זיין, איך בין א געמיינע בריאה, אָבער אום גאָטעס ווילען לאָזט מיך אלע צו רוה! לאָזט מיך צו רוה! לאָזט מיך צו רוה! לאָזט מיך צו רוה!

ער האָט אנגעהויבען רוהיג, און זיך שוין אפריהער געפרעהט, וואָס ער וועט ארויסלאָזען צו איהם די גאַנצע גיפט, ער האָט אָבער געענדיגט מיט וואַהנזיניגער וואוט, ניט קענענדיג אָבכאַפּען דעם אָטעם, ווי פריהער מיט לוזשינען.

ראַזומיכין איז געשטאַנען א ווייַלע, א טראַכט געטאָן און ארויס־געלאָזט זיין האַנט.

טען זענען געוואָרען אויפגערעגט און זענען צו איהם איצט געקומען פּלוצלונג, מיט דעם ערשטען שטויס, מיט דעם ערשטען אויפרייצענדען געפיהל, און זענען פונקט אזוי שנעל אבגעשוואכט געוואָרען, גלייך מיט דעם, ווי דאס געפיהל פלעגט שוואכער ווערען.

און זאמעטאוו, געבליבען אליין, איז נאך לאנג געזעסען אויף דעמזעלבען אָרט. פּאַרזונקען אין רעיונות. ראַסקאָלניקאָוו האט פּלוצ־לונג אויפגעווירבעלט אלע זיינע געדאנקען וועגען א געוויסען פונקט און האט פעסטגעשטעלט זיין מיינונג.

„איליא פעטראָוויטש איז א שוטה״! האט ער באשלאסען אויף זיכער.

קוים האט ראַסקאָלניקאָוו אויפגעמאכט די טיר צו דער גאס ארויס, האט ער זיך פּלוצלונג אנגעשטויסען אויפ׳ן גאניק מיט דעם אריינגעקומענעם ראזומיכין. מיט א טריט פריהער האבען זיי נאך אפילו זיך ניט געזעהן, און זיי האבען זיך שיער ניט אנגעשלאגען מיט די קעפּ. א קליינע ווײַלע האבען זיי באטראכט איינער דעם אנדערן פון קאפּ ביז די פיס. ראזומיכין איז געווען אין דער גרעסטער איבעררא־שונג, נאר פּלוצלונג האט זיך א גרימצאָרן, אנ׳אמת׳ער גרימצאָרן, אנ־געצונדען אין זיינע אויגען.

— ביסטו, הייסט עס, נאר דא! — האט ער א געשריי געטאן מיט אלע כחות. — אנטלאָפען פון בעט! און איך האב איהם אפילו אונטערן דיוואן אויך געזוכט! אויפ׳ן בוידעם איז מען געגאנגען. שיער ניט צומאזיקט נאסטאסיען צוליעב דיר... און ער איז נאר דא! וואָרקא! וואס באטייט עס? זאג דעם ריינעם אמת! זיי זיך מודה! דו הערסט!

— דאס באטייט, אז איהר זענט מיר אלע מיאוס ומאוס גע־וואָרען ביז צום טויט, און איך וויל זיין איינער אליין. — האט ראס־קאָלניקאָוו רוהיג געענטפערט.

— איינער אליין? אין דער צייט ווען דו קענסט נאך ניט אומ־געהן, ווען דיין געזיכט איז נאך בלאס ווי א טויט און קאנסט דעם אטעם ניט אבכאפּען! שוטה! וואס האסטו געטאן אין דעם „קריסטאל־פּאלאץ״? זיי זיך די רגע מודה!

— לאז! — האט ראַסקאָלניקאָוו געזאגט און געוואלט דורכגעהן.

— איז עס דען מעגליך? — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט, קוים מיט'ן אויער צו כאַפּען.

ראַסקאָלניקאָוו האָט איהם אָנגעקוקט מיט ווילדען כעס.

— זענט זיך מודה, אז איהר האָט געגלויבט?... איאַ? איהר האָט דאָך געגלויבט?

— עס הויבט זיך גאָרניט אָן! איצט גלויב איך ניט אין דעם מעהר ווי וועו עס איז אנדערש! האָט זאַמעטאָוו איילענדיג אויסגעשריען.

— פאַרט אַריינגעפאַלען! געפּאַקט דאָס שפּיעלפייגעלע. אלזא, הייסט עס, האָט איהר פריהער יאָ געגלויבט, וויבאלד אז איצט „גלויבט איהר ניט אין דעם מעהר ווי וועו עס איז אנדערש"?...

— אז עס הויבט זיך אָבער גאָרניט אָן! — האָט זאַמעטאָוו געשריען, אפנים פאַרשעמט. — דאָס האָט איהר מיך טאַקע צוליעב דעם געשראָקען, כדי צוצופיהרען דערצו?

— הייסט עס, גלויבט איהר ניט? און וועגען וואָס האָט איהר עס אַהז מיר אָנגעהויבען צו שמועסען, ווען איך בין דאַמאָלס אַרויס פון קאַנצעלאַריע? און צוליעב וואָס האָט מיך דער „פּולווער־אַפיצער" אויסגעפרעגט, נאָכדעם ווי איך בין צו זיך געקומען? הער נאָר צו, — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום קעלנער, — אויפשטעלענדיג זיך און נעהמענדיג דאָס היטעל. — וויפיעל קומט פון מיר?

— דרייסיג קאָפּיקעס, — האָט יענער געענטפערט, אָנקומענדיג צו לויפען.

— און נאָ דיר נאָך צוואַנציג קאָפּיקעס טרינקגעלט. וואָס זאָגט איהר, וויפיעל געלט, האָט ער געוויזען זאַמעטאָוו'ן זיין ציטערנדע האַנט מיט אַסיגנאַציעס. — רויט־בלויאינקע, פינפאונצוואַנציג רובל? איהר ווייסט דאָך, אז איך האָב אַ גראָשען ניט געהאַט? די בעל־הבית'טע האָט איהר שוין, געוויס, אויסגעהערט... נו, גענוג! גענוג צו שמועסען! צום ווידערזעהן... צום גליקליכסטען!

ער איז אַרויס, איינגאַנצען שוידערנדיג פון עפּעס אַ ווילדען היסטערישען געפיהל. אין וועלכען עס איז אָבער אויך געווען פאַרמישט אַ משוגענער תענוג. — איבעריגענס איז ער געווען פאַראומערט, שרעקליך מיד. דאָס געזיכט איז איהם געווען צוקרימט, אזוי ווי עפּעס נאָך אַ קאָנוואולסיע. זיין מידיגקייט איז שנעל געוואַקסען. זיינע קרעפ־

פליסטערנדינ. אזוי אז יענער האט דאס מאל אזש א ציטער געטאן.— איך וואלט אט אזוי געטאן: איך וואלט גענומען דאס געלט און די זאכען און גלייך פון דארטען. און איז ערגיץ נים פארגעהענדיג. וואלט איך אוועק ערגעץ אין א פארווארפענעם ווינקעל, וואו ס'זענען נאר פאראן הויכע פארקאנעס. און וואו ס'איז כמעט א נפש ניטא. — ערגעץ אין א גארטען. א שטייגער. איך וואלט דארטען נאך פון פריהער געהאט אנגעקוקט עפעס א רעכמען שטיין אזעלכען. אזוי א שטייגער פון א פוד אנדערהאלבען. ערגעץ אין א ווינקעל ביים פארקאן. וואס ליעגט דארט אפשר פון זינט מען האט דאס הויז אויסגעבויט. — אונטער איהם מוז זיין א גריבעל. — און אין דעם דאזיגען גריבעל וואלט איך באהאלטען אלע זאכען און דאס געלט. באהאלטען — און וואלט ארויפגעקייקעלט דעם שטיין. פונקט אזוי ווי געוועזען. וואלט צוגעקוועטשט מיט'ן פוס. און וואלט זיך אוועק מיין וועגס. אזוי ווי ניט מיך מיינט מען. און א יאהר. צוויי יאהר וואלט איך ניט ארויס גענומען. דריי יאהר וואלט איך ניט ארויסגענומען. — און זענט א בריה און געפינט! און רופט איהם קנאקניסעל!

—איהר זענט א משוגענער. — האט זאמעטאוו געזאגט. אויך כמעט ווי פליסטערענדיג. און פלוצלונג האט ער זיך עפעס אבגערוקט פון ראסקאלניקאוו'ן.

ביי יענעם האבען אויפגעבליצט די אויגען: ער איז שרעקליך בלאס געווארען: זיין אויבערשטע ליפ האט גענומען ציטערן און צופען. ער האט זיך צוגעבויגען צו זאמעטאוו'ן אזוי נאהנט. ווי ס'איז נאר מעגליך געווען. און גענומען מאכען מיט די ליפען. ניט רעדענדיג א ווארט: אזוי איז אריבער אקעגען א האלבע מינוט: ער האט געוואוסט. וואס ער טוט. האט זיך אבער ניט געקענט איינהאלטען. דאס שרעקליכע ווארט. פונקט ווי דאמאלס דער פעררוקער אין טיר. איז אלץ געשפרונגען אויף זיינע ליפען: אט־אט וועט זיך עס אברייסען: אט־אט דאס גאר ארויסלאזען. אט־אט דאס גאר ארויסריידען!

— און ווי איז אז איך האב דאס גע'הרג'עט די אלטע און ליזאוועטא־'ן? — האט ער פלוצלונג ארויסגערעדט און — איז צו זיך געקומען.

זאמעטאוו האט אויף איהם א ווילדען קוק געטאן און איז בלאס געווארען ווי א טוך. א שמייכעל האט איהם צוקרימט דאס געזיכט.

האט ניט געקענט בע'גנב'ענען, האט ניט אויסגעהאלטען: מען דער־קענט נאך דעם שטיקעל ארבייט...

ראסקאלניקאוו האט זיך אזוי ווי באליידיגט.

— מען דערקענט! ווייזט אבער א קונץ און כאפט איהם איצט!

— האט ער אויסגעשריען, רייצענדיג זיך מיט א מין הנאה מיט זא־מעטאוו'ן.

— וואס מיינט איהר, מען וועט איהם נאך כאפען.

— ווער? איהר? איהר וועט כאפען? ניט איילט זיך אזוי אקארטש! ווייל וואס איז ביי אייך דער עיקר: צי דער מענש פאר־שווענדט געלט צי ניט? ערשט ניט געהאט קיין געלט און דא הויבט ער זיך פלוצלונג אן צו ווארפען מיט געלד, — וואס איז דא פאראן צו ריידען א סך — ס'איז דאך קלאר ווי דער טאג, אז ס'איז ער? וועט דאך אייך אויף אזא אופן א קינד פון וויעג ארייננארען אין זאק אריין, אז עס וועט וועלען!

— אט דאס איז דאך די מעשה, וואס זיי טוען אלע אזוי, — האט זאמעטאוו געענטפערט, — הרג'ענען וועט ער טאקע קונציג, וועט ריזיקירען מיט'ן לעבען, און דערנאך פאקט מען איהם גלייך אין שיינק. מען כאפט זיי שטענדיג דורך זייער אויסברייענגערייי. ניט אלע זענען דאך אזוינע חכמים, ווי איהר. איהר וואלט אין א שיינק געווים ניט נעגאנגען, איא?

ראסקאלניקאוו האט רונזה'דיג אנגערוקט די ברעמען און האט שארף א קוק געגעבען אויף זאמעטאוו'ן.

— איהר האט אפנים געקריגען אפעטיט און וואלט געוועהן א בעלן צו געוואהר ווערען, ווי וואלט איך דא געטאן? — האט ער אונצופרידען געפרעגט.

— איך וואלט זיין א בעלן, — האט יענער פעסט און ערנסט געענטפערט.

עפעס האט ער שוין צו ערנסט אנגעהויבען צו ריידען און צו קוקען.

— זעהר?

זעהר!

— גוט. אט ווי אזוי איך וואלט געטאן, — האט ראסקאלניקאוו אנגעהויבען, ווידער פלוצלונג צורוקענדיג זיין פנים צו זאמעטאוו'ס, ווידער שארף קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אריין און ווידער

געצעהלט דעם ערשטען טויזענדער אזוי אמאָל פיער פון אלע זייטען, זיך איינקוקענדיג אין איטליכע אסיגנאציע באזונדער, און וואָלט זיך דאן גענומען צום אנדער טויזענדער; וואָלט איהם אנגעהויבען צעהלען, איבערגעצעהלט ביז א העלפט, און וואָלט דאן ארויסגענומען עפעס א פופציגער אזעלכען, און וואָלט איהם צוגעטראגען צו דער ליכטיגקייט און וואָלט איהם איבערגעקעהרט און ווידער אמאָל צו דער ליכטיגקייט — איז דאס ניט אמאָל קיין פאַלשער? און א זאג געטאן צום קאסי־רער: „איך האָב מורא, — מיינער א קרובה האט מען אנומעלט אזוי ארייננעשפארט א פינפאונצוואנציגער"; און וואָלט דא דערצעהלט א גאנצע מעשה. און ווי נאר ס'וואָלט געקומען צום דריטען טויזענדער — אהא, ענטשולדיגען זיי: איך האָב, דאכט מיר, א טעות געהאט ביים זיבענטען הונדערטער פון דעם צווייטען טויזענדער, ניט ריכטיג איבערגעצעהלט, און וואָלט געלאזען דעם דריטען און ווידער צו דעם צווייטען, —און אזוי אלע פינף טויזענדער, און געענדיגט שוין, דאכט זיך, — זענט איהר נאך ניט פארטיג — פון דעם פינפטען און פון דעם צווייטען טויזענדער וואָלט איך ארויסגעצויגען צו אסיגנאַ־ציעס, און ווידער צו דער ליכטיגקייט: „א קשיא אויף א מעשה! ביטע איבערצובייטען אויף אנ'אנדערער", — און איך וואָלט דעם קאַ־סירער אזוי דערגאנגען ביז צום טויט, און ער וואָלט שוין אפילו ניט וויסען, ווי אזוי ווערט מען מיינער פטור! אלץ געענדיגט שוין אין א מזל'דיגע שעה, איך האָלט זיך שוין ביים הענטעל פון טיר — אבער, ענטשולדיגט נאך איין ווייל, זיך ווידער אומגעקעהרט. א פרעג טאן וועגען עפעס, מאכען עפעס א „ספראווקעלע" — אט ווי אזוי איך וואָלט געטאן.

— פוי, ס'אר א שרעקליכע זאכען איהר רעדט, — האט זאמעטאָוו געזאגט מיט א געלעכטער. — נאר דאס איז ניט מעהר ווי געזאגט, אין דער אמת'ן אבער וואָלט איהר געווים געשטרויכעלט ווערען. דא, וועל איך אייך זאגען, מען קען ניט זיין ערב זיין ניט נאר פאר א „נאַש־בראט", נאר אפילו פאר א געניטען דורכגעטריבענעם מופקר. וואס דארפט איהר מעהר: — ביי אונז אין צירקעל האט מען דאך גע'הרג'עט אנ'אלטע פראצענטניצע. שוין דאכט זיך, איינמאָל א מזיק, אין מיטען העלען טאג אזוי צו ריזיקירען, האט זיך ארויסגעדרעהט ניט אנדערש טאקע ווי דורך א נס — און די הענט האבען איהם פארט געציטערט;

דריט וועט שוין דא אויך זיין צו פיעל, איז אויך, ווען איינער וועט זיין זיכער אין דער אנדערן מעהר ווי אין זיך אליין, ווייל אניט. איז דאך גענוג, אז איינער זאל זיך שכור'ערהייט אויסריידען, און אלץ וועט געהן צום גרונט! חדר אינגלעך! דינגען ניט קיין זימערע מענשען צו צו־בייטען די בילעטען אין קאנטארען .אזא מין געשעפט נעהמען געטרויען דעם ערשטען בעסטען מענשען? נו, לאמיר שוין זאגען, אז זיי האט אבגעגליקט מיט די חדר־אינגלעך אפילו, לאמיר שוין זאגען, אז איט־ליכער האט זיך אויסגעביטען בילעטען אויף א מיליאן. נו, און דער־נאך? דאס גאנצע לעבען? יעדער איינער הענגט אב פון דעם אנדערן! שוין בעסער אויפהענגען זיך! און זיי האבען אפילו אויסטוישען אויך ניט געקענט: געגומען אין קאנטאר טוישען, באקומען פינף טויזענד — האבען איהם שוין די הענט אנגעהויבען ציטערן. פיער טויזענד האט ער איבערגעצעהלט און דאס פינפטע צוגענומען ניט געצעהל־טערהייט, געטרויט הייסט עס, אויפ'ן ווארט, אבי וואס גיכער אין קעשענע אראברוקען און מאכען פיס! נאטירליך האט ער ערוועקט א חשד. און אלץ געפלאצט צוליעב איין שוטה! צי דען איז עס אזוי מעגליך?

— וואס די הענט האבען איהם גענומען ציטערן? — האט זא־מעטאוו אונטערגעכאפט, — ניין, דאס איז זעהר מעגליך. ניין, איך בין פעסט איבערציינט, אז דאס איז מעגליך. אמאל קען מען טאקע ניט אויסהאלטען.

— אט דא א?

— וואס איז, און איהר וועט אויסהאלטען? ניין, איך וואלט ניט אויסגעהאלטען! פאר א באלוינונג פון הונדערט רובל אזוי שרעקליך צו ריזיקירען! געהן מיט א פאלשען בילעט — און וואוהין! — אין א באנק, וואס מען האט דארט שוין דערויף די צייהן אויפגעגעסען. — ניין, איך וואלט ניט אויסגעהאלטען. און איהר וואלט יא אויסגעהאל־טען?

ראסקאלניקאוו'ן האט זיך פלוצלונג פארוואלט ווידער איהם „ארויסשטעקען א צונג“. א פראסטיגער שוידער איז איהם וויילענווייז דורך איבערן לייב

— איך וואלט ניט אזוי געטאן, — האט ער אנגעהויבען פון דער ווייטען. — אט ווי איך וואלט גענומען טוישען: איך וואלט איבער־

— איהר זענט אָדער אַ משוגענער, אָדער... האָט זאַמעטאָוו אַרויסגערעדט און איז שטעהן געבליבען, גלייך ווי איהם האָט מיט אַ מאָל איבערראַשט אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך איהם פּלוצלונג דורכגעטראָגען אין מח.

— אָדער? וואָס „אָדער“? נו, וואָס? אדרבה, זאָגט טאַקע!

— גאָרנישט! — האָט זאַמעטאָוו מיט האַרץ געענטפערט. — ס'איז אַלץ אַ נעכטיגער טאָג!

ביידע זענען אַנטשוויגען געוואָרען. נאָך דעם פּלוצלונגען קאָנוואולסיווען אויסברוך פון געלעכטער, איז ראַסקאָלניקאָוו מיט אַמאָל געוואָרען פאַרטראַכט און אומעטיג. ער האָט זיך אָנגעלעהנט אויפ'ן טיש און אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די הענט. עס האָט אויסגעזעהן, גלייך ווי ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען אין זאַמעטאָוו'ן. דאָס שטילשווייגעניש האָט געהערשט גאַנץ לאַנג.

— פאַרוואָס טרינקט איהר עפּעס קיין טיי ניט? ס'וועט אָבקיהלען, — האָט זאַמעטאָוו אַ זאָג געטאָן.

— האַ? וואָס? טיי?... זאָל זיין...

ראַסקאָלניקאָוו האָט אַ זופּ געטאָן פון גלאָז, אַריינגעלעגט אַ שטיקעל ברויט אין מויל אַריין און פּלוצלונג, אַ קוק טהוענדיג אויף זאַמעטאָוו'ן, האָט ער אָפּנים זיך אין אַלץ דערמאָנט און איז עפּעס אַזוי ווי צו זיך געקומען; אויף זיין געזיכט האָט זיך אין דעמזעלבען אויגענבליק ווידער באַוויזען דער פריהערדיגער שפּאָטישער אויסדרוק. ער האָט אַלץ געזופּט די טיי.

— איצט איז גאָר ניט אויסצוהאַלטען פון די דאָזיגע שווינדלער, — האָט זאַמעטאָוו געזאָגט. — אָט האָב איך ערשט ניט לאַנג געלעזען אין די „מאָסקווער נאָכריכטען“, אַז אין מאָסקווע האָט מען געכאַפּט אַ גאַנצע באַנדע, וואָס האָט געמאַכט פאַלשע מטבעות. זיי האָבען געהאַט אַ גאַנצע חברה. האָבען נאָכגעמאַכט פּאַפּיר־געלט!

— אַ, אַנ'אַלטע מעשה! איך האָב נאָך געלייענט מיט אַ מאָנאַט צוריק, — האָט ראַסקאָלניקאָוו רוהיג געענטפערט. — אָט דאָס הייסט ביי אייך שווינדלער! — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל.

— וואָס דען זענען זיי, ניט קיין שווינדלער?

— זיי! דאָס זענען דאָך קינדער חדר־אינגלעך ניט קיין שווינדלער! צונויפגעקליבען זיך זאַלבעפופציגסט צוליעב אַזאַ ענין? זאַלבע־

עס! אלזא זאג איך אייך, אז איך האב געלייענט, זיך אינטערעסירט, געזוכט... אונטערזוכט... ראסקאלניקאוו האט פארזשמורעט די אויגען און אבגעווארט אביסעל, — אונטערזוכט — און טאקע צוליעב דעם בין איך אהער אריין, — ווענען דער ערמארדונג פון דער אלטער טשי־נאווניצע, — האט ער ענדליך ארויסגערעדט, כמעט ווי פליסטערנד, און האט שרעקליך נאהנט צוגערוקט זיין געזיכט צו זאמעטאאוס.

זאמעטאאוו האט איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אריין, זיך ניט א ריהר געגעבען און ניט צוגענומען זיין געזיכט פון ראסקאלניקאווס. מערקווירדיגער ווי אלץ איז זאמעטאאוו'ן דערנאך אויסגעקומען, וואס פונקט א גאנצע מינוט האט געהערשט צווישען זיי א שטילשווייגען און פונקט א גאנצע מינוט האבען זיי אזוי געקוקט איינער אויף דעם אנ־דערן.

— נו, איז וואס, וואס האט איהר דען אזוי געלייענט? — האט ער פלוצלונג אויסגעשריען ניט־פארשטעהענדיג און אונגעדולדיג. — וואס געהט עס מיר אבער אן! וואס איז דא אזוינס?

— אט דאס איז דיזעלבע אלטע, —האט ראסקאלניקאוו פארט־געזעצט מיט דעמזעלביגען געפליסטער, און זיך ניט א ריהר געגעבען פון זאמעטאאוס אויסגעשריי, — דיזעלבע אלטע, וועגען וועלכער — איהר געדענקט — מען האט אין קאנצעלאריע אנגעהויבען דער־צעהלען, און איך בין געפאלען אין חלשות. נו, איצט פארשטעהט איהר שוין?

— נו איז וואס? וואס... „איהר פארשטעהט“? — האט זאמע־טאוו ארויסגערעדט, שוין כמעט ווי אומרוהיג.

דאס אונבאוועגליכע און ערנסטע געזיכט ראסקאלניקאווס האט זיך פארענדערט אין איין אויגענבליק, און פלוצלונג איז ער זיך ווידער פארגאנגען מיט דעמזעלבען נערוועאישען הילכיגען געלעכטער, ווי פרי־הער. גלייך ווי ער וואלט אליין ניט זיין אימשטאנד זיך אנצוהאל־טען. און אין איין אויגענבליק האט זיך איהם דערמאנט און אזוי דייטליך, אז ער האט עס אזוי ווי דערפיהלט, די רגע, בשעת ער איז געשטאנען הינטערן טיר, מיט דער האק, דער פעררוקער איז גע־שפרונגען, זיי האבען זיך געזידעלט און געריסען די טיר, און איהם האט זיך פלוצלונג פארוואלט א געשריי טאן צו זיי, זידלען זיך מיט זיי, ארויסשטעקען זיי א צונג, רייצען זיך מיט זיי, לאכען, ווילד לא־כען, לאכען, לאכען!

זיך אבער מודה, מיין ליעבער, אז אייך ווילט זיך שרעקליך וויסען, ווענגען וואס איך האב געלייענט.

— עס הויבט מיר זיך ניט אן צו ווערען: איך האב גלאט אזוי געפרעגט, וואס איז, מען טאר גאר ניט א פרעג טאן? וואס זענט איהר אלץ...

— הערט נאר, איהר זענט א געבילדעטער מאן, א אנגעלעזענער, איא?

— איך בין פון זעקסטען קלאס גימנאזיום, — האט זאמעטאוו געענטפערט ניט אהן שטאלץ.

— פון זעקסטען! אך, מיין טייער שפיעלפייגעלע! מיט א טייל אין די האר, אין רונגען — א גביר! פוי, וואס פאר א ליעב אינגעל דאס איז!

דא איז ראסקאלניקאוו זיך פארגאנגען מיט א נערוועאישען געלעכטער, זאמעטאוו'ן גלייך אין פנים אריין. יענער האט זיך האסטיג א בויג געטאן אויף הינטער. איהם האט עס ניט אזוי פיעל באליידיגט, ווי פארוואונדערט.

— אך, ס'אר א מאדנער איהר זענט! — האט זאמעטאוו איבערגע'חזרט זעהר ערנסט. — איך וואלט שווערען, אז איהר רעדט נאך אלץ פון היץ.

— פון היץ? ס'א ליגען, מיין פייגעלע!... בין איך הייסט עס, א מאדנער? אבער איך אינטערעסיר אייך, איא? איך אינטערעסיר אייך?

— איהר אינטערעסירט מיך.

— אלזא זאל איך אייך זאגען, ווענגען וואס איך האב געלייענט, וואס האב איך אין די צייטונגען געזוכט? א קלייניגקייט, אזוי פיעל נומערן געהייסען בריינגען! ס'איז פארדעכטיג, איא?

— נו, זאגט.

— איהר זענט א בעלן צו וויסען?

— וואס פאר א בעלן?

— איך וועל אייך שפעטער זאגען וואס פאר א בעלן, און איצט, מיין טייערער, קום איך אייך צו מעלדען... ניין, בעסער געזאגט: „בין איך זיך מודה“... ניין, אזוי טויג אויך ניט: „איהר נעהמט מיך אויפ'ן דאפראס, און איך ענטפער אויף אייערע פראגען“ — אט אזוי איז

מיט איהם געגאַנגען צו לאַוויזאַ איוואַנאָוונאַ, צו דער אייגענער טאָקע, וואָס איהר האָט זיך דאַמאָלס וועגען איהר אַזוי איינגעשטעלט. איהר האָט אַליין געוואונקען צו דעם פּולווער־אַפּיצער, און ער האָט אַליין ניט פאַרשטאַנען, איהר געדענקט? וואָס איז, דאַכט זיך, געווען דאָרט צו פאַרשטעהן — אַ פּשוט'ע זאַך... ניט אפשר?

—אָבער ס'אַר אַ מין סקאַנדאַליסט דאָס איז!

— איהר מיינט „פּולווער'ן"?

— ניין, דעם חבר אייערען, ראַזומיכינען...

— איהר לעבט דאָס אביסעל אַ טאָג, פּאַני זאַמעטאָוו: איהר האָט אייך אַנ'אומזיסטען אריינגאַנג אין די אַנגענעהמסטע ערטער! ווער האָט דאָס אייך איצט מכבד געווען מיט שאַמפּאַניער?

—כ'וויס, דאָס האָבען מיר... געמאַכט אַ שנאַפּס... אַליין הייסט ביי אייך מכבד געווען!

— האָנאָראַר! איהר געניסט זיך פון אַלעם גוטען! ראַסקאָלני־קאָוו האָט זיך צולאַכט.

— נישקשה, מיין טייער קינד, נישקשה! — האָט ער צוגעגעבען, אַ קלאַפּ טוענדיג זאַמעטאָוו'ן איבער'ן אַקסעל. — איך מיין דערמיט ניט אָנריהרען חלילה אייער כבוד, נאָר איך זאָג דאָס גלאַט אַזוי, אין גוטען מוט, אַט פּונקט ווי אייער ארבייטער האָט געזאָגט, בשעת ער האָט מיטקען געבייקערט די ביינער, — איך מיין דאָס דעם ארבייטער, וואָס איז פאַרמישט אין דער אַלטערס ערמאָרדונג.

— פון וואַנען ווייסט איהר דען דערפון?

— עס קען אַמאָל זיין, אַז איך וויים מעהר פאַר אייך.

— איהר זענט עפּעס אַזאַ מאָדנער. איהר זענט נאָך אַפּנים אַ שטאַרקער חולה. אַ נאַרישקייט וואָס איהר זענט ארויסגעגאַנגען.

— וואָס איז, איך קום אייך עפּעס אויס מאָדנע?

— יאָ. וואָס טוט איהר דאָס, איהר לייענט צייטונגען?

— צייטונגען.

— מען שרייבט וועגען זעהר פיעל שרפות.

— ניין, איך לייען ניט וועגען שרפות. — דאָ האָט ער געהיימ־ניספול אַ קוק געגעבען אויף זאַמעטאָוו'ן; אַ שפּאָטישער שמייכעל האָט ווידער צוקרימט זיינע ליפּען. — ניין, איך לייען ניט וועגען שרפות. — האָט ער ווידער געזאָגט און צוגעוואונקען צו זאַמעטאָוו'ן. — זענט

איזלער — אצטעקען — אצטעקען. איזלער — באכטאלא — מאססי־מא — אצטעקען — איזלער... כאפט עס דער טייוועל! אהא, אט איז אונטערגעשטריכען: אראבגעפאלען פון א לייטער — פארברענט געווארען א „מעשטשאנין" פון בראנפען — א שרפה אין די „פעסקי" — א שרפה אויף דער „פעטערבורגער זייט" — נאך א שרפה אויף דער „פעטערבורגער זייט" — איזלער — איזלער — איזלער — מאסימא... אהא, אט א...

ענדליך האט ער געפונען, וואס ער האט געזוכט, און גענומען לעזען! די שורות האבען איהם געטאנצט פאר די אויגען. דאך האט ער איבערגעלייענט די גאנצע „נאכריכט" און גיריג גענומען זוכען אין די ווייטערדיגע נומערן די שפעטערדיגע פארטזעצונגען. די הענט האבען איהם, ביים בלעטערן די צייטונגען, געציטערט פאר פיבערהאפטער אונ־געדולד. פלוצלונג האט זיך עמיצער אוועקגעזעצט נעבען איהם ביים טיש. ער האט א קוק געטאן — זאמעטאוו, דערזעלבער זאמעטאוו, און אין דערזעלבער מראה, מיט די רונגען, מיט די קייטלעך, מיט'ן טייל אין די שווארצע געקרייזעלטע און אנגעשמירטע האר, אין א פראנטישער וועסט, אין א עטוואס אבגעטראגענעם ראק און אין ניט־ריינע וועש. ער איז געווען פרעהליך, ווענינגסטענס האט ער געשמייכעלט זעהר פרעהליך און אפענהערציג, זיין שווארצ'חנ'עוודיג געזיכט איז געווען עטוואס צופלאמט פון דעם אויסגעטרונקענעם שאמפאניער.

— סטייטש! איהר זענט גאר דא? — האט זאמעטאוו אנגע־הויבען ווי ניט־פארשטעהענדיג און מיט אזא טאן, גלייך ווי ער איז געווען מיט איהם באקאנט פון אייביג אן. —אבי ראזומיכין האט מיר נעכטען געזאגט, אז איהר זענט נאך אלץ ניט געקומען צו זיך. א מאד־נע זאך! איהר ווייסט, איך בין דאך ביי אייך געוועזן...

ראסקאלניקאוו האט געוואוסט, אז ער וועט צוגעהן. ער האט אבגעלעגט די צייטונגען און זיך אומגעווענדט צו זאמעטאוו'ן. אויף זיינע ליפען איז געלעגען א שפאטישער שמייכעל, און עפעס א מין נייע אויפגערייצטע אונגעדולד האט ארויסגעקוקט פון דעם דאזיגען שמייכעל.

— איך ווייס, אז איהר זענט געווען, — האט ער געענטפערט.
— איך האב געהערט. איהר האט געזוכט די זאק... איהר ווייסט, ראזומיכין איז דאך פון אייך גאר ענטציקט? ער זאגט, אז איהר זענט

„וואו בין איך דאס", האט ראסקאלניקאוו א טראכט געטאן, גע־הענדיג ווייטער. — „וואו האב איך דאס געליינענט. ווי א פארמשפט'ער צום טויט רעדט אדער טראכט, א שעה פאר'ן טויט, אז ווען איהם וואלט אויסקומען צו לעבען ערגעץ אין דער הייך, אויף א פעלז, און אויף אזא פיצעל ארט, אז מען וואלט דארט געקענט שטעלען בלויז די צוויי פיס, און ארומגערינגלעט פון אבגרונדען, ים'ען, אייביגען חשך, אייביגער איינזאמקייט און אייביגען שטורם — און אזוי בליי־בען, שטעהענדיג אויף אנ'אייל ערד, דאס גאנצע לעבען, טויזענד יאהר, אייביג, — איז אלץ בעסער אזוי צו לעבען, איידער שטארבען! אבי לעבען, לעבען און לעבען!... וואס פאר א לעבען עס זאל ניט זיין, אבי לעבען. אט איז אנ'אמת! רבונו של עולם. ווי אמת דאס איז! דער מענש איז נידערטרעכטיגט!... און נידערטרעכטיגט איז אויך דער, וואס רופט איהם דערפאר נידערטרעכטיג", האט ער צוגעגעבען אין א ווייל׳ע ארום.

ער איז ארויסגעקומען אויף אנ'אנדער גאס: „בא! „דער קריס־טאל־פאלאץ"! פריהער האט ראזומיכין טאקע עפעס גערעדט וועגען „קריסטאל־פאלאץ"! נאר וואס האב איך עס געוואלט, הא? אהא, אי־בערלייענען!... זאסימאוו האט געזאגט, אז ער האט געלעזען אין די ציי־טונגען"...

— ציימונגען פארהאן? — האט ער געפרעגט, אריינקומענדיג אין זעהר א גערוימען און א גאנץ ציכטיגען טראקטיר פון עטליכע צימערן, וועלכע זענען איבעריגענס געשטאנען ליידיג א צוויי־דריי געסט האבען געטרונקען טיי, און אין דעם וויטסטען צימער איז געזעסען א קאמפאניע פון א מאן פיער און געטרונקען שאמפאניער. ראסקאלני־קאוו'ן האט זיך אויסגעוויזען, אז צווישען זיי געפינט זיך זאמעטאוו, איבעריגענס האט מען פון ווייטען ניט געקענט זעהן אויף קלאר.

„מילא נו!" האט ער א טראכט געטאן.

— דארלאנגט טיי, און ברייננג מיר ציימונגען, אבער עלטערע, א שטיינער פאר א טאג פינף כסדר, וועל איך דיר געבען טרינק־געלט.

— איך פארשטעה אט האבען זיי די היינטיגע. און בראנפען אויך דארלאנגען?

באלד האט דער קעלנער געבראכט טיי מיט אלטע ציימונגען. ראסקאלניקאוו האט זיך אוועקגעזעצט און גענומען זוכען: „איזלער —

זאגט.

— אבער ווי דאר זיי זענען! — האט איינע א זאג געטאן מיט א באסען־שטים. — זיך אויסגעשריבען פון שפיטאל, צי וואס?

— דאכט זיך אלין טעכטערלעך פון גענעראלען און אלע מיט פארריסענע נעזער! — איז זיי פלוצלונג אריינגעפאלען אין די רעד א אונטערגעקומענער פויער, שוין רעכט בגילופינדיג, די מארינארקע ברייט פונאנדערגעשפילעט, מיט א שעלמיש־לאכנדען פרצוף. — וואס זאנסטו, ס'אר א לעבעדינע וועלט דא איז!

— גערה אריין, אויב דו ביסט געקומען!

— כ'וועל אריין, מיין נחת!

און ער האט זיך אראבגעקייקעלט אונטען

ראסקאלניקאוו האט זיך גערירט פון ארט.

— הערט נאר, מיין הערר! — האט איהם א מויד נאכגעשריען.

— וואס?

זי האט זיך פארשעהמט.

— איך וועל זיין זעהר צופרידען, מיין ליעבער הערר, צו פארברענגען מיט אייך א פאר שעה, נאר איך קען זיך עפעס קיין מוט ניט מאכען פאר אייך. שענקט מיר, מיין פיינער קאוואליר, זעקס קאפיקעס אויף א שנאפס!

ראסקאלניקאוו האט ארויסגענומען. וויפיעל ס'האט זיך ארויסגענומען: דריי צעהנער.

— אך, וואס פאר א טייערער הערר!

— ווי הייסטו?

— איהר וועט פרעגען דוקלידען.

— ניין, דאס פארשטעה איך שוין ניט, — האט זיך פלוצלונג אנגערופען איינע פון דעם רעדעל, שאקלענדיג מיט'ן קאפ אויף דוקלידען. — דאס באגריף איך שוין גאר ניט, ווי בעטעלט מען דאס אזוי! איך וואלט זיך, דאכט מיר, פאר חרפה אליין באגראבען לעבעדיגערהייט...

ראסקאלניקאוו האט אויף איהר נייגריג א קוק געגעבען. דאס איז געווען א ראבע מויד, פון א יאהר דרייסיג, דאס גאנצע פנים אין בלויע צייכענס, מיט אביסעל אנ'אנגעשוואלענער אויבערשטער ליפ. זי האט גערעדט און באדויערט רוהיג און ערנסט.

האָט זיך געוואַלגערט אין מיטען גאַס. ראַסקאָלניקאָוו איז שטעהן גע־
בליבען נעבען דער גרויסער מענגע פרויען, זיי האָבען גערעדט מיט
הייזעריגע שטימען: אַלע זענען זיי געווען אין ציצענע קליידלעך, אין
שיך פון ציגען־פעל און מיט בלויזע קעפּ. איניגע זענען שוין געווען
אין די פערציגער, ס'זענען אָבער אויך געווען זיבעצעהן־יעהריגע, און
כמעט אַלע מיט אונטערגעשלאָגענע אויגען.

איהם האָט עפּעס אַזוי ווי אינטערעסירט דער געזאַנג און דער
גאַנצער טומעל און געפּילדער. דאָרט, אונטען... מען האָט פון דאָרט
געקענט הערען, ווי איינער האָט משוגענערווייז געטאַנצט, צוקלאַפּענ־
דיג מיט די אָבזאַצען צום טאַקט, באַגלייט פון אַ קוויטש און אַ היל־
כיגען געלעכטער, פון עפּעס אַ קנאַקענדיגען ניגון, וואָס אַ דיניגקער
קול'כעל האָט געזונגען, און פון צימבלען איבער אַ גיטאַרע; ער האָט
זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם, טריב און פאַרטראַכט, זיך איינבויגענ־
דיג ביים אַריינגאַנג און נייגעריג אַריינקוקענדיג פון טראָטואַר אין פאָר־
הויז אַריין.

„אַך מיין ליעבער און מיין שעהנער,

„ברעך מיר ניט אומזיסט די ביינער!״ —

האָט זיך געגאָסען דאָס דיניגקע קול'כעלע פון דעם זינגער, ראַסקאָל־
ניקאָוו'ן האָט זיך שרעקליך פאַרוואַלט אויסהערען, וואָס מען זינגט,
גלייך ווי אין דעם האָט דאָס געשטעקט דער רעכטער עיקר.

„אפשר גאָר אַריינגעהן?״ האָט ער אַ טראַכט געטאָן. — „וואָס
פאַר אַ הילכיג געלעכטער! זיי זענען אָפּנים שטאַרק אונטערן גלעזעל.
אפשר זיך גאָר איינשכור'ן?״

— איהר ט'אפשר אַריין. מיין ליעבער הערר? — האָט אַ פרעג
געטאָן איינע פון די פרויען מיט אַ גאַנץ קלינגענדער און נאָך ניט זעהר
הייזעריגער שטים.

זי איז געווען יונג און אפילו ניט מיאוס — איינע פון דעם גאַנ־
צען רעדעל.

— וואָס זאָגסטו, ס'אַר אַ שעהנינקע! — האָט ער געענטפערט,
זיך אויסגלייכענדיג און אַ קוק געבענדיג אויף איהר.

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן; דער קאָמפּלימענט איז איהר זעהר
געפעלען.

— איהר זענט אַליין אויך זעהר אַ שעהנינקער, — האָט זי גע־

פרינצעסינס קען מען דאָ אויך קריגען... ליולי!

ראַסקאָלניקאָוו איז דורכגעגאַנגען דעם פּלאַץ. דאָרט, אויפ'ן ראָג, איז געווען געדיכט פון מענשען, דורכאויס פויערים. ער איז אריינגע־קראָכען אין די רעכטע געדיכטע און געגומען קוקען אין די פּנים'ער אריין. איהם האָט עפּעס געצויגען צו שמועסען מיט אַלעמען. די פויע־רים אָבער האָבען זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט און אַלע האָבען זיי עפּעס געפּילדערט פאַר זיך, קלויבענדיג זיך אין רעדלעך. ער איז גע־שטאַנען אַביסעל, האָט א טראַכט געטאָן און זיך געלאָזט געהן רעכטס מיט'ן טראָטואַר דורכגעגאַנגען דעם פּלאַץ, איז ער ארויסגעקומען אין א געסעל אריין...

פריהער פלעגט ער אויך גאַנץ אָפט דורכגעהן דאָס דאָזיגע קורצע געסעלע, וואָס פאַרקערעוועט זיך אין מיטען און פיהרט פון דעם סעננאַ־פּלאַץ צו דער גאַרטען־גאַס. פאַר דער לעצטער צייט האָט איהם אפילו גענומען ציהען אין די דאָזיגע אַלע ערטער, ווען איהם פלעגט ניט גוט ווערען, „כדי עס זאָל ווערען נאָך מעהר ניט־גוט". איצט אָבער איז ער אריין אהער, וועגען קיין זאַך ניט טראַכטענדיג. דאָ איז געווען א גרויס הויז, אינגאַנצען פאַרנומען מיט שענקען און מיט נאָך אַזעלכע מיני אנשטאַלטען, וואו מען קען צובייסען און מאַכען א שנאַפּס; פון דאָרט פלעגען אַלע ווייַלע ארויסלויפען פרויען, שטוביג אנגעטאָן — מיט בלויזע קעפּ און אין איינע קליידלעך. אין א צוויי־דריי ערטער זענען זיי געשטאַנען רעדלעך־ווייז, מייסטענסטייל ביי די שטיגען, וואָס פיהרען אין ערשטען שטאָק, וואו מען האָט געדאַרפט נאָר אראָבגעהן פון צוויי טרעפּלעך, כדי אריינצוקומען אין די פאַרשידע־נע זעהר פרעהליכע הייזלעך. אין איינעם פון זיי האָט זיך אין דעם דאָ־זיגען מאָמענט געהערט אויף דער גאַנצער גאַס א קלאַפּעריי און א גע־פּילדער. מען האָט געצימבעלט אויף א גיטאַרע, געזונגען ליעדער, און ס'איז געווען זעהר פרעהליך. א גאַנצע מחנה פרויען איז געשטאַנען ביים אריינגאַנג; די איינע זענען געזעסען אויף די טריפּ, די אנדערע אויפ'ן טראָטואַר, די דריטע זענען געשטאַנען און געשמועסט. דערנע־בען, אויפ'ן ברוק, האָט זיך ארומגעדרעהט א שכור'ער סאָלדאַט מיט א פּאַפּיראָס, האָט זיך געזידעלט אויפ'ן קול און אַפּנים געוואָלט ערגיץ אריינגעהן. נאָר האָט קענטיג פאַרגעסען וואוהין. איין שלעפּער האָט זיך געזידעלט מיט נאָך א שלעפּער און עפּעס איינער א טויט־שכור'ער

אויסגעזעה, ווי א פלאניאר. יענער האט איהם ווילד אנגעקוקט און זיך פארוואונדערט. — איך האב ליעב, — האט ראסקאלניקאוו ווייטער געזעדזט, אבער מיט אזא מינע, גלייך ווי ער וואלט רעדען גאר ניט וועגען גאסען־געזאנג. — איך האב ליעב. ווען מען זינגט אין אקאמ־פאנימענט צו א קאטערינקע, אין א קאלטען, פינסטערן און נאסען הערבסט־אבענד. און נאך אין גאסען. ווען אלע פארבייגעהער האָ־בען בלאס־גרינע און קראנקע פנים'ער; אדער, נאך בעסער, ווען עס פאלט א נאסער שניי, אין גלייכע ווייסע פעדים, אין א שטילען טאג. איהר ווייסט? און עס פינקלען דורכ'ן שניי די לאמטערנעס מיט'ן גאז...

— איך ווייס ניט... ענטשולדיגט... האט דער הערר ארויסגע־שטאמעלט, דערשראקען אי פון ראסקאלניקאווס פראגע אי פון זיין מאדנעם אויסזעהן, און איז אריבער אויף דער צווייטער זייט גאס.

ראסקאלניקאוו איז אוועק גלייך און איז ארויסגעקומען צו יענעם ראג פון דעם סעננא־פלאץ, וואו ס'האט געהאנדעלט דאס פאר־פאלק, וואס האט דאמאלס גערעדט מיט ליזאוועטא'ן; איצט זענען זיי אבער דא ניט געווען דערקענט דעם ארט. איז ער שטעהן געבליבען, זיך ארומ־געקיקט און זיך געווענדט צו א יונגען שייגעץ, אין א רויט העמדעל, וואס איז געשטאנען אין טהיר פון א מעהל־שפייכלער און געגענעצט.

— דער מעשטשאניז מיט דער גויה, זיין ווייב, האנדעלט דאך דא אויפ'ן ראג, הא?

— ער איז ניט איינער, — האט דער שייגעץ געענטפערט, מיט גאווה באטראכטענדיג ראסקאלניקאוו'ן פון קאפ ביז די פיס.

— ווי הייסט ער?

— ווי מען האט איהם א נאמען געגעבען, אזוי הייסט ער

— ביסט אפשר ניט אמאל מיט איהם פון איין גובערניע?

דער שייגעץ האט ווייטער א קוק געטאן אויף ראסקאלניקאוו'ן.

— ביי אונז איז, אייער עקסעלענץ, ניט קיין גובערניע, נאר א אויעזד. געפאהרען איז נאר דער ברודער, און איך בין אין דעם היים געזעסען, דעריבער קען איך ניט וויסען... זאל שוין אייער עקסעלענץ זיין אזוי גרויסמוטיג און מיר פארצייען.

— אויבען איז דאס אנארקיך?

— דאס איז א שענק, און א ביליארד איז אויך פארהאן; און

געוואוסט וואוהין צו געהן און האט אפילו ניט געטראכט וועגען דעם. — ער האט נאר געוואוסט איין זאך: „אז דאס אלעס מוז א סוף נעמען היינט טאקע, איינמאל פאר אלע מאל, און אונגעזאמט: א ניט וועט ער זיך ניט אומקעהרען אהיים, ווייל ער וויל אזוי ניט לעבען". ווי מאכען א סוף? מיט וואס מאכען א סוף? וועגען דעם האט ער קיין באגריף ניט געהאט, און האט אפילו טראכ־טען ניט געוואלט. ער האט געטריבען דעם געדאנק, דער געדאנק האט איהם געפייניגט. ער האט נאר געפיהלט און געוואוסט, אז מען מוז זעהן, אלעס זאל זיך פארענדערן, אזוי צו אזוי. „ווי אזוי עס זאל ניט זיין", האט ער איבערגע׳חזר׳ט מיט פארצווייפעלטען, אונבעוועג־ליכען זעלבסטפארטרויען און ענטשלאסענהייט.

ווי זיין שטייגער איז געווען, האט ער זיך געלאזט געהן מיט דעם געוועהנליכען וועג פון זיינע פריהערדיגע שפאצירגאנגען צום סענא־פלאץ. ניט דערגעהענדיג דעם דאזיגען פלאץ, אויפ׳ן ברוק, פאר א קליין קלייטעל, איז געשטאנען א יונגער, שווארץ־האריגער קאטערינש־טשיק און האט געדרעהט עפעס זעהר א ריהרענדען ראמאנס. ער האט אקאמפאנירט א מיידעל, פון א יאהר פופצען, וואס איז געשטאנען אנטקעגען איהם אויפ׳ן טראטואר, אנגעטאן ווי א פריילין, אין א קרינאלינען־קלייד, אין א מאנטעלקע, אין האנדשוה און אין א שטרוי־הוט מיט א פעדער פון פייער־קאליר: די קליידער זענען געווען אלט און זעהר אבגעטראגען. מיט א הייזעריג־ציטערנדער גאסען־שטים, וואס האט אבער געקלונגען גאנץ אנגענעהם און שטארק, האט זי געזונגען א ראמאנס, אויסקוקענדיג אויף א דרייער פון קלייטעל. ראס־קאלניקאוו איז שטעהן געבליבען צוזאמען מיט נאך א צוויי־דריי צו־הערער, האט זיך צוגעהערט, ארויס גענומען א צעהנער און אריינגע־לעגט דעם מיידעל אין האנט אריין. יענע האט פלוצלונג אבגעהאקט דאס זינגען אויף דער ריהרענדסטער און העכסטער נאטע, גלייך ווי אבגעשניטען, האט כעס׳דיג א געשריי געטאן צום קאטערינשטשיק: „גענוג"! אוןביידע האבען זיי זיך אוועקגעשלעפט ווייטער, צו א צווייטען קלייטעל.

— האט איהר ליעב דעם גאסען־געזאנג? — האט ראסקאלניקאוו זיך פלוצלונג געווענדט צו איינעם א פארבייגעהער. שוין ניט קיין יונ־גען, וועלכער איז געשטאנען נעבען איהם ביי דער קאטערינקע און האט

קייטעלט די טיר, פונאַנדערגעבונדען דעם פּאַק מיט די זאַכען, וואָס
ראַזומיכין האָט געבראַכט, און האָט עס אַליין צוריק פּאַרבונדען און
זיך גענומען אַנטאָן. אַ מערקווירדיגע זאַך: עס האָט זיך געדאַכט,
אַז ער איז פּלוצלונג געוואָרען פּאָלקאָם רוהיג: ס'איז פּאַרשוואונדען
דער פריהערדיגער קאַשמאַר און די ווילדע אימה, וואָס האָט איהם
באהערשט פאר דער גאַנצער צייט. דאָס איז געווען די ערשטע מינוט
פון עפּעס אַ מאָדנער פּלוצלונגער רוהיגקייט. די באַוועגונגען זיינע
זענען געווען פּינקטליך און קלאָר, און פּון זיי האָט ארויסגעקוקט אַ
פעסטער באַשלוס. „היינט טאַקע, היינט טאַקע!"... האָט ער געמור־
מעלט פאר זיך. דאָך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז נאָך שוואַך.
אָבער אַן'אונגעהויער שטאַרקע גייסטיגע אַנשטרענגונג, וואָס איז דער־
גאַנגען ביז צו אַ רוהיגקייט, ביז צו אַ אונבאַוועגליכען געדאַנק, האָט
איהם צוגעגעבען קרעפטען און זיכערהייט אין זיך: איבריגענס האָט
ער געהאָפט, אַז ער וועט אויף דער גאַס ניט אַנידערפאַלען. זיך איינ־
גאַנצען אַנגעטאָן, אַלץ אין נייע קליידער, האָט ער אַ קוק געגעבען אויף
דאָס געלט, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש, האָט זיך איבערגעלעגט
אין געדאַנק און דאָס אריינגעלעגט אין קעשענע. ס'איז געווען פינף
און צוואַנציג רובל! אויך מיטגענומען אַלע קופּערנע צעהנער, דאָס
רעשט פון די צעהן רובל, וואָס ראַזומיכין האָט אויסגעגעבען אויף די
זאַכען. דערנאָך האָט ער שטיל אָבגעקייטעלט די טהיר, איז ארויס פון
צימער ,אראָב פון די טרעפּ און אריינגעקוקט אין קיך, וואָס איז געווען
אינגאַנצען אָפען: נאַסטאַסיאַ איז געשטאַנען צו איהם מיט'ן רוקען
און האָט איינגעבויגענערהייט פונאַנדערגעבלאָזען אַ סאַמאָוואר פאר
דער בעל־הבית'טע. זי האָט גאָרנישט געהערט. און ווער'ען האָט עס
גלאָט געקענט איינפאַלען, ער זאָל אַוועקגעהן? אין אַ מינוט ארום איז
ער געווען אויף דער גאַס.

ס'איז געווען אַכט דער זייגער, די זון האָט געהאַלטען אין אונ־
טערגעהן. די לופט איז געווען פאַרשטיקט ווי פריהער: נאָר מיט אַ
הונגעריגער גיריגקייט האָט ראַסקאָלניקאָוו גענומען אָטהעמען די דאָ־
זיגע שלעכט־שמעקענדיגע, שטויביגע, מיט שטאָדט פאַרפּעסטענע
לופט. דער קאָפּ האָט איהם עטוואָס גענומען שווינדלען: עפּעס אַ
ווילדע ענערגיע האָט פּלוצלונג אויפגעבליצט אין זיינע צוהיצטע אוי־
גען און אין זיין אָבגעצעהרטען געבלאַסטען געזיכט. ער האָט ניט

וועגליכער א דריקענדער געדאנק... דערפאר האב איך זעהר מורא: נעוויס!

— א פנים דער דאזיגער פארישוין האט דאס אנגעמאכט! אט דער פיאטר פעטראוויטש! פון די רעד איז קענטיג, אז ער האט חתונה מיט זיין שוועסטער און אז ראדיא האט וועגען דעם באקומען א בריעף פאר דער קרענק זיינער...

— יא; דער טייוועל האט איהם איצט אנגעטראגען: אפשר קאַליע געמאכט דאס גאנצע געשעפט. דו האסט אבער באמערקט, אז צו אלץ איז ער גלייכגילטיג, און ענטפערט אויף קיין זאך ניט! אויסער איין פונקט, וועלכער מאכט איהם אויסער זיך: דאס איז דער מארד...

— אמת, אמת, — האט ראזומיכין אונטערגעכאפט, — נאך ווי באמערקט! אינטערעסירט זיך, שרעקט זיך, דאס האט מען איהם אנגעשראקען אין דעמזעלבינען טאג, ווען ער איז קראנק געווארען, אין דער קאנצעלאריע ביים צירקעל־אויפזעהער; ער איז דארט געפאלען אין חלשות.

—זאלסט מיר דאס דערצעהלען אקוראט אין אבענד, וועל איך דיר דערנאך עפעס זאגען. ער אינטערעסירט מיך זעהר; אין א האלבע שעה ארום וועל איך אריין געהאהר ווערען... איבריגענס איז דא קיין געפאהר נישטא.

— א דאנק דיר, ברודער־לעבען! און איך וועל דערווייל צוּווארטען ביי פאשענקא'ן און וועל באקומען אלע ידיעות וועגען איהם דורך נאסטאסיא'ן...

געבליבען אליין, האט ראסקאלניקאוו מיט אונגעדולד און פיין א קוק געגעבען אויף נאסטאסיא'ן. נאר יענע האט זיך ניט געאיילט אוועקצוגעהן.

— וועסט אפשר איצט אויסטרינקען א גלעזעל טיי? — האט זי געפרעגט.

— שפעטער! איך וויל שלאפען! געה אוועק...

ער האט זיך קאנוואולסיוו אבגעקעהרט צום וואנט: נאסטאסיא איז ארויסגעגאנגען.

---

## זעקסטער קאפיטעל

קוים איז זי אבער ארויסגעגאנגען, איז ער אויפגעשטאנען, פאר־

— נו, איז דאך אודאי רעכט...

— געהט צום טייוועל!

נאָר לוזשין איז שוין אליין ארויסגעגאנגען, ניט געענדיגט רעדען. וויעדער קריכענדיג צווישען טיש און דעם שטוהל: דאס מאָל איז ראזומיכין אויפגעשטאַנען איהם דורכצולאַזען. ניט קוקענדיג אויף קיינעם און אפילו ניט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ זאסימאָוו'ן. וועלכער האָט איהם שוין לאנג געוואונקען, ער זאָל לאָזען צורוה דעם קראנקען, איז לוזשין ארויס, אויפהויבענדיג אויס פאָרזיכטיגקייט דעם הוט אויף איין הויך מיט'ן אקסעל. ווען ער איז איינגעבויגענערהייד דורכגעגאנגען דורכ'ן טהיר. און אפילו אין זיין אויסגעבויגענעם רוקען האָט זיך איצט אזוי ווי אויסגעדרוקט, אז ער טראָגט אוועק מיט זיך א שרעקליכע באליידיגונג.

— ווי קען מען דאס אזוי? ווי קען מען דאס אזוי? — האָט געטענה'ט דער צוטומעלטער ראזומיכין און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— געהט אוועק פון דאנען, געהט אלע אוועק! — האָט אין ווילדער רציחה ראסקאָלניקאָוו אויסגעשריען. — איהר וועט אוועקגעהן צי ניט, גזלנים! איך האָב פאר אייך קיין מורא ניט! איך האָב איצט פאר קיינעם, פאר קיינעם קיין מורא ניט! אוועק פון מיר! איך וויל אליין זיין, אליין, אליין, אליין!

— לאָמיר געהן! — האָט זאסימאָוו געזאָגט און א וואונק געטאָן צו ראזומיכינען.

— וואס רעדסטו, קען מען איהם דען אזוי לאָזען?

— לאָמיר געהן! — האָט זאסימאָוו זיך אויפגעשטעלט און איז ארויס.

ראזומיכין האָט זיך מישב געווען און איז ארויסגעלאָפען נאָך איהם.

— עס וואָלט געקענט זיין ערגער, ווען מיר זאָלען איהם געווען ניט פאָלגען, — האָט זאסימאָוו געזאָגט, שוין אויף די טרעפּ. — מען טאָר איהם ניט אויפרייצען...

— וואס איז מיט איהם?

— ווען ס'וואָלט זיך עפּעס אונטערגעקומען א גוטע נסיעה, אָט וואס ער דאַרף איצט האָבען. פריהער איז ער געווען ביי די קרעפטען... דו ווייסט, עפּעס א געדאנק לאָזט איהם ניט רוהען! עפּעס אן אונבאַ־

שריען, ווערענדיג צוקאָכט און צומיישט, — מיין הערר... אזוי איבער־צודרעהען א געדאנק! ענטשולדיגט מיך, איך דארף אייך אבער ער־קלעהרען, אז די קלאַנגען, וואס זיינען דערגאנגען צו אייך, אדער בע־סער געזאָגט, וואס מען האט אייך מיט א מיין איבערגעגעבען, האבען קיין שום גרונד ניט און איך... בין חושד ווער... מיט איין ווארט... די ראזינגע גיפטיגע... מיט איין ווארט, אייער מוטער... זי איז מיר אפילו אזוי אויך אויסגעקומען, ניט קוקענדיג אויף איהרע אלע הויכע מעלות, אביסעל צו היציג אין ראָמאַנטיש געזאָגט... פונדעסטוועגען בין איך אויף טויזענד מיילען געווען ווייט פון דעם געדאנק, אז איהר פאנטאזיע וועט אזוי פארדרעהען די זאך און וועט זי פארשטעלען אין אזא מין געשטאלט... און ענדליך... ענדליך...

— ווייסט איהר גאר וואס? — האט ראסקאלניקאוו א געשריי געטאן, עטוואס אויפהויבענדיג זיך פון קישען און דורכשטעכענדיג איהם מיט זיין שארפען, ברענענדיגען בליק, — איהר ווייסט וואס?

— נו, וואס?

לוזשין איז שטעהן געבליבען און האט געווארט מיט א ברוגז־דיגער און גאוה'דיגער מינע. איינינגע סעקונדען האט געהערשט א שטילשווייגען.

— אט וואס: ווען איהר וועט נאך איינמאל... האבען די העזה ארויסצורעדען כאטש איין ווארט... וועגען מיין מוטער... וועל איך אייך אראפּוואַרפען פון אלע טרעפ!

— וואס איז מיט דיר? — האט אויסגעשריען ראזומיכין.

— אזוי גאר, אט וואו עס האלט! לוזשין איז בלאס געווארען און פארביסען די ליפּ. — הערען זיי מיך אויס, מיין הערר, — האט ער אנגעהויבען, זיך אפּשטעלענדיג ביי יעדען ווארט און זיך איינ־האלטענדיג מיט אלע כחות, אבער פארט ניט קענענדיג אפּכאפּען דעם אטהעם, — איך האב נאך פריהער, פון דעם ערשטען אויגענבליק אן, פארשטאנען אייער כעס, נאר איך בין דא מיט א כיון געבליבען, כדי צו דערגעהן נאך מעהר. פיעל, זעהר פיעל וואלט איך געקענט מוחל זיין א קראנקען און א קרוב, אבער איצטער... אייך... קיינמאל ניט...

— איך בין ניט קראנק! — האט ראסקאלניקאוו א געשריי גע־טאן.

מאַכט די בילעטען: „אַלע ווערען רייך מיט פאַרשידענע מיטלען, האָט זיך מיר אויך פאַרוואָלט וואָס גיכער רייך ווערען". אַקוראַט ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט געדענק איך ניט, נאָר דער געדאַנק איז, אַז עס ווילט זיך גרינג געלט, און וואָס גיכער, אָהן מיה און אַרבייט! מיר זיינען געוועהנט געוואָרען צו לעבען אויף אַלעם פאַרטיגען, געהן אויף פרעמדע מיסט, עסען איבערגעקייטע. נו, אַז עס האָט געשלאָגען די אמת'ע שעה, האָט זיך דאַן יעדערער אַרויסגעוויזען מיט זיין אמת'ער געשטאַלט.

— וואו איז אָבער יושר? און, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריי־קען, די געזעצען...

— וואָס נעהמט א י ה ר דאָס אַזוי צום האַרצען? — האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעמישט ראַסקאָלניקאָוו. — עס איז דאָך טאַקי אויסגעקומען לויט אייער טעאָריע!

— וואָס הייסט לויט מיין טעאָריע?

— אַז דערפיהרט אייערע דרשות ביז צום סוף וועט אויסקומען, אַז מענשען מעג מען קוילענען...

— וואָס רעדט איהר! — האָט לוזשין אויסגעשריען.

— ניין, ס'איז ניט אַזוי! — האָט זיך זאַסימאָוו אָפּגערופען.

ראַסקאָלניקאָוו איז געלעגען אַ בלאַסער, די אויבערשטע ליפּ האָט איהם געציטערט און ער האָט שווער געאָטהעמט.

— אַלעס האָט אַ מאָס, — האָט מיט גאוה לוזשין געזאָגט, — אַן עקאָנאָמישע אידעע איז נאָך ניט קיין אויפפאָדערונג צו קוילענען מענשען, און ווען מען זאָל זיך נאָר פאָרשטעלען...

— און דאָס איז אַן אמת, אַז איהר, — האָט איהם ראַסקאָלניקאָוו ווידער איבערגעשלאָגען מיט אַ שטים, וואָס האָט געציטערט פאַר רציחה און אין וועלכער עס האָט זיך געהערט אַזוי ווי אַ מין פריידּ פון באַליידיגען, — דאָס איז אַנ'אמת, אַז איהר האָט געזאָגט אייער כלה... אין דער אייגענער שעה, ווען זי האָט אייך געגעבען איהר יאָ־וואָרט, אַז מעהר ווי אַלץ פרעהט אייך דאָס... וואָס זי איז אַ קבצנ'טע... ווייל ס'איז אַ סך באַקוועמער צו נעהמען אַ ווייב פון אָרעמקייט, כדי דערנאָך צו קענען איבער איהר געוועלטיגען... און אויפוואַרפען איהר, אַז איהר האָט זי פּשוט גליקליך געמאַכט?...

— מיין הערר! — האָט בייז און אויפגערעגט לוזשין אויסגע־

נאָר פאַר'ן אוועקגאנג האָט זיך איהם פארוואָלט אריינוואַרפען נאָך א פּאָר ביליגע רעד.

ער האָט קענטיג געזוכט צו מאכען א גוטען איינדרוק און דער האנאָר האָט אריבערגעוואויגען דעם פּאַרשטאַנד.

— יאָ, איהר האָט געהערט?

— ווי דען, ס'איז דאָך טאַקי נעבען מיר...

— איהר ווייסט עס אקוראַט?

— איך קען אייך ניט זאָגען; נאָר דערביי אינטערעסירט מיך אַנ'אַנדער זאַך, מען קען זאָגען, א גאַנצע פראַגע. איך רעד שוין ניט וועגען דעם, אז די פארברעכענס צווישען דעם נידריגען קלאַס האָבען זיך פאַר די לעצטע פינף יאָהר פאַרמעהרט; איך רעד ניט וועגען די אונאויפהערליכע רויבערייען און שרפות אומעטום און איבעראַל: מערקווירדיגער ווי אַלעס איז פאַר מיר דאָס, וואָס די פארברעכענס מעהרען זיך פּונקט אזוי אויך צווישען די העכערע קלאַסען, און, מען קען זאָגען, אין דערזעלבער מאָס. דאָ, דערצעהלט מען, איז א געוועזענער סטודענט אַנגעפאַלען אויף א פּאָסט; דאָ מאכען געבילדעטע לייט פאַלשע אסיגנאַציעס; דאָ כאַפּט מען אין מאָסקווע א גאַנצע באַנדע, וואָס מאכען נאָך די בילעטען פון דער לעצטער אַנלייהע מיט דער לאָטעריי, — און צווישען די הויפּט־אַנטיילנעהמער איז פארהאַן א לעקטאָר פון דער וועלט־געשיכטע; דאָ הרג'עט מען אין אויסלאַנד אונזער סעקרעטאָר צוליעב עפּעס א טונקעלער געלט־אינטריגע... און אויב דער דאָזיגער אַלטער פראַצענטניצע האָט גע'הרג'עט איינער פון דער העכערער געזעלשאַפט, ווייל פּויערים פאַרזעצען ניט קיין גאָלדענע זאַכען, — טאָ מיט וואָס זשע קען מען עס ערקלערען אַזאַ מין פאַר־דאָרבענהייט פון דעם ציוויליזירטען טייל פון אונזער געזעלשאַפט?

— א סך עקאָנאָמישע פארענדערונגען... — האָט זיך אָפּגערופען זאַסימאָוו.

— מיט וואָס קען מען עס ערקלערען? — האָט זיך ראַזומיכין צו־געבונדען. — אָט טאַקי מיט דער דאָזיגער איינגעוואָרצעלטער ניט־פּראַקטישקייט וואָלט מען עס געקענט ערקלערען.

— וואָס מיינט איהר אייגענטליך דערמיט צו זאָגען?

— אָט דאָס, וואָס אייער לעקטאָר טאַקי האָט געענטפערט אין מאָסקווע, בעת מען האָט איהם געפרעגט, פאַר וואָס ער האָט נאָכגע־

טערגעהאלטען. — פארפירי דערצעהלט קיינעם ניט זיינע געדאנקען, און די משכון־פארזעצער נעהמט ער פארט אויף א דאפראס...

— ער נעהמט אויף א דאפראס די משכון־פארזעצער? — האט ראסקאלניקאוו געפרעגט הויך אויפ'ן קול.

— יא, וואס איז דען?

— גארנישט.

— פון וואנען נעהמט ער זיי? — האט זאסימאוו געפרעגט.

— אויף אייניגע האט קאך אנגעוויזען; אנדערע זיינען געווען פארשריבען אויף דער לינקער זייט פון די פארזעצטע זאכען, און ווידער אנדערע זיינען אליין געקומען, ווי נאר זיי האבען דערהערט...

— קענטיג שוין איינמאל א העכט! ס'אר א געשיקטקייט! ס'אר א העזה! ס'אר אן ענטשלאסענהייט!

— אט דאס איז דאך די מעשה, אז עס הויבט זיך גארנישט אן! — האט איהם ראזומיכין איבערגעשלאגען, — דאס פיהרט אייך אלע־מען אראפ פונ'ם וועג. און איך טענה — דוקא ניט קיין געשיקטער און דוקא ניט קיין געניטער: ס'איז געווים געווען זיין ערשט שטיקעל ארבייט! אז שוין איינמאל א העכט זאל זיך פארלאזען אויף ניסים— דאס איז ניט צו גלויבען... אבער פאר ניט קיין געניטען איז עס זעהר מעגליך, און נאר א צופאל ניט! וואס רעדסטו, עס קען גרייליך זיין, אז ער האט אפילו ניט פאראויסגעזעהן די מניעות! און ווי אזוי האט ער עס געפיהרט די זאך? נעהמט צעהן־און־צוואנציגרובלדיגע זאכען, שפארט מיט זיי אן די קעשענעס, גריבעלט זיך אין דער אלטערס רענ־צעל אין טראנטעס און שמאטעס, — און אין קאמאד, אין אויבערש־טען שופלאד, אין א קעסטעלע האט מען געפונען מזומן געלט אנדערט־האלבען טויזענד רובל, אויסער בילעטען! אפילו בארויבען האט ער אויך ניט געקענט, מעהר האט ער ניט באוויזען, ווי הרג'ענען! אז ערשטען מאל, זאג איך דיר, אז ערשטען מאל: ער האט זיך פאר־לארען! און ארויסגערעדט האט ער זיך ניט מחמת ער האט אזוי אויס־גערעכענט, נאר ווײלע א צופאל האט איהם געהאלפען!

— אויב איך האב ניט קיין טעות, איז דאס וועגען דער אלטער טשינאווניצע, וואס מען האט ניט לאנג גע'הרג'עט? — האט זיך אריינגעמישט פיאטר פעטראוויטש, זיך ווענדענדיג צו זאסימאוו'ן. ער איז שוין געשטאנען מיט'ן הוט אין דער האנט און מיט די האנטשוה,

אמאָל דאָס אייגענע, איז עס מיר פאַר די דריי יאָהר אזוי מיאוס גע־וואָרען, אז איך ווער רויט, ווען איינער נעהמט דערפון רעדען פאַר מיר אין די אויגען. ווענען מיר איז שוין אָפּגערעדט, איך לאָז עס צו מיין מויל ניט צו. איהר האָט נאַטירליך געוואָלט וואָס גיכער ארויס־ווייזען אייערע קענטנישען, דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, און ס'איז אפשר ניט קיין עולה. נאָר איצט וואָלט איך בלויז געוואָלט וויסען, ווער זענט איהר עס אזוינער? ווייל צו כלל־זאָכען פאַרשטעהט איהר מיך, האָבען זיך פאַר דער לעצטער צייט גענומען אזוי פיעל אלער־לייאיגע קרעמערלער און סוחרים, און אויף אזוי פיעל האָבען זיי פאַרדאָרבען אלץ, צו וואָס זיי האָבען זיך נאָר צוגעשטעקט, זייענדיג אויסען נאָר זייער אייגענע פרנסה, אז זיי האָבען ממש די גאַנצע זאַך פאַרמאוסט און פאַרשמוצט. יאָ! און גענוג!

— מיין הערר, — האָט ה' לוזשין געוועזט אנגעהויבען, און האָט זיך מיט גרויס גאוה א קרים געטאָן, — אפשר מיינט איהר אויף אזא פרעכען אופן צו זאָגען, אז אויך איך...

— וואָס רעדט איהר, וואָס רעדט איהר... ווי קען עס אייך אזעל־כעס איינפאַלען!... נו, און גענוג! — האָט ראַזומיכין אָפּגעהאַקט און זיך מיט אמאָל א קעהר געטאָן צו זאָסימאָוו'ן ווייטער אנצוהויבען מיט איהם דעם פריהערדיגען איבערגעריסענעם שמועס.

פּיאָטר פּעטראָוויטש איז געווען אויף אזוי פיעל קלוג, אז ער האָט געפונען פאַר בעסער צו גלויבען אין ראַזומיכינ'ס פאַרענטפערן זיך. איבריגענס האָט ער באַשלאָסען אין צוויי מינוט ארום אוועק־צוגעהן.

— איך פאַרהאָף, אז אונזער באַקאַנטשאַפט, וואָס האָט זיך ערשט אנגעפאַנגען, — האָט ער זיך געווענדט צו ראַסקאָלניקאָוו'ן, — וועט נאָך אייער געזונט ווערען און צוליעב די אומשטענדען, וואָס זייי־נען אייך באַוואוסט, נאָך שטאַרקער ווערען... באַזונדערס ווינש איך אייך געזונט...

ראַסקאָלניקאָוו האָט צו איהם אפילו דעם קאָפּ ניט אָפּגע־קעהרט. פּיאָטר פּעטראָוויטש האָט גענומען אויפשטעהן פון שטוהל.

— עס איז אָהן א ספק, אז גע'הרג'עט האָט א משכון־פאַרזע־צער! — האָט גע'טענה'ט זאָסימאָוו.

— אָהן א ספק א משכון־פאַרזעצער! — האָט ראַזומיכין אונ־

איצט. פראגרעס זאל כאטש זיין אין נאמען פון דער וויסענשאפט און דער עקאנאמישער וואהרהייט...

— אז אויסגעדראשענע פראזע.

— ניין, ניט קיין אויסגעדראשענע פראזע! אויב מען האט מיר ביז אהער געהייסען, א שטייגער, ליעב האבען דעם חבר ווי זיך אליין. און איך פלעג עס פאלגען. טא וואס פלעגט דערפון ארויסקומען? — האט פיאטר פעטראוויטש פארטגעזעצט, שוין אפשר צו געשווינד און נעאיילט — עס פלעגט ארויסקומען, אז איך פלעג צורייסען מיין קלייד אויף צווייען, פלעג זיך צוטיילען מיט מיין חבר און מיר פלעגעןביידע בלייבען האלב נאקעט, ווי א רוסיש שפריכווארט זאגט: „וועסט זיך לאזען נאך עטליכע האזען מיט אמאל, וועסטו איינעם ניט כאפען.“ די וויסענשאפט אבער זאגט: פריהער פאר אלעמען האב ליעב זיך אליין, ווייל אלץ אויף דער וועלט איז געבויט אויף דעם פערזענליכען אינטערעס.... אז דו וועסט ליעב האבען זיך אליין, וועסטו פיהרען דיינע געשעפטען ווי עס דארף צו זיין און דיין קלייד וועט בלייבען גאנץ. און די עקאנאמישע וואהרהייט גיט נאך צו, אז וואס מעהר ס'איז פארהאן אין דער געזעלשאפט גוט־איינגעארדנעטע פריוואטע געשעפטען און, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, גאנצע קליידער, אלץ פעסטער זיינען איהרע יסודות און אלץ בעסער ארדענט זיך איין די געזעלשאפט, אין גאנצען גענומען. אלזא, הייסט עס, ארבייטענדיג פאר זיך אליין און נאר אויף זיך אליין, ארבייט איך דערמיט גופא אזוי ווי פאר אלעמען. און פיהר דערצו, אז דער חבר מיינער זאל קריגען עטוואס מעהר פון א צוריסענעם קלייד, אבער שוין ניט פון פריוואטע איינצעלנע טובות, נאר מחמת דעם אלגעמיינעם פארשריט. אן איינפאכער געדאנק, דאכט זיך, נאר צום אומגליק איז ער א צו־לאנגע צייט קיינעם ניט איינגעפאלען און איז געווען פארויאנט פון פאנטאזיארען און היץ־קעפ, מיר האט, דאכט זיך, גארנישט געדארפט האבען אזוי פיעל שארפזין, דאס צו פארשטעהן...

— ענטשולדיגט, איך בין אויך ניט שארפזיניג, — האט איהם ראזומיכין אפגעהאקט, — דעריבער לאמיר אויפהערען. איך האב אנ־געהויבען צו רעדען מיט א מיין, אבער אזוי איז מיר אט די גאנצע פלוידעריי פון אייגענעם פארגעניגען וועגען, אט די אלע גוזמאות — אויסגעדראשענע פראזען; און אבער אמאל דאס אייגענע און ווייטער

פיאטר פעטראָוויטש'ן, — און ס'איז פאַרהאַן אַ פאַרלאַנג צו טאָן גוטס, אפילו אַ קינדערשער פאַרלאַנג; און אפילו עהרליכקייט וועט איהר אויך קריגען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איצט זיינען אַנגע־פלויגען שווינדלער ווי די היישעריקען, אָבער קיין פּראַקטישקייט איז פאַרט נישטאָ!

— איך בין מיט אייך ניט איינשטימיג, — האָט פּיאָטר פּעט־ראָוויטש געענטפערט און ס'איז געווען צו דערקענען, אַז ער האָט גרויס הנאה פון דעם שמועס. — געוויס זיינען דאָ פאַרהאַן חלומות, פּעה־לערן, מען טאָר אָבער ניט זיין צו שטרענג: די חלומות זאָגען עדות וועגען דער הייסער איבערגעבענהייט צו דער זאַך און וועגען יענער פאַלשער אויסערליכער סביבה, אין וועלכער די זאַך געפינט זיך. און אויב מען האָט ווייניג אויפגעטאָן, איז דאָך אָבער קיין סך צייט אויך ניט געווען. איך רעד שוין ניט וועגען די מיטלען, און מיין אייגענע מיינונג איז, אויב איהר ווילט וויסען, אַז עפּעס האָט מען יאָ אויפגע־טאָן: עס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען נייע, ניצליכע געדאַנקען, עס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען איניגע נייע, ניצליכע ווערק, אַנשטאָט די פריהערדיגע פאַנטאַזיעס און ראָמאַנען; די ליטעראַטור ווערט עפּעס מעהר געשטעלטער; עס זיינען אויסגעוואָרצעלט און אויסגעלאַכט גע־וואָרען פיעלע זעהר שעדליכע פאָראורטיילען... מיט איינעם וואָרט, מיר האָבען אויף אייביג אָפּגעשניטען מיט דער פאַרגאַנגענהייט, און דאָס הייסט, נאָך מיין מיינונג, שוין אויך עפּעס אויפגעטאָן...

— אויסגע'חזר'ט! פיינט זיך! — האָ טפלוצלונג ראַסקאָלני־קאָוו אַ זאָג געטאָן.

— וואָס? — האָט פּיאָטר פּעטראָוויטש געפרעגט ניט דערהע־רענדיג; ער האָט אָבער ניט געקריגען קיין ענטפער.

— דאָס איז אַלץ זעהר ריכטיג, — האָט זאַסימאָוו געזעהן צו פאַרגלעטען ראַסקאָלניקאָווס אַריינפאַהר.

— ניט אמת, וואָס? — האָט פּיאָטר פּעטראָוויטש ווייטער גע־נומען רעדען, און האָט זיס אַ קוק געגעבען אויף זאַסימאָוו'ן. — איהר מוזט אַליין מודה זיין, — האָט ער זיך געווענדעט צו ראַזומיכינען, אָבער שוין מיט אַ קוים־באַמערקבאַרער מינע פון נצחון און זעלבסטצופרידע און האָט שיער ניט צוגעגעבען: „יונגערמאַן“, — איהר מוזט אַליין מודה זיין אַז ס'איז פאַרהאַן אַ פּאָרשריט, אָדער ווי מען רופט עס

— יאָ, אנדריי סעמיאָניטש לעבעזיאַטניקאָוו, פאַרנעהמט א שטעלע אין מיניסטעריום. איהר קענט איהם?

— ניין... ווער קען איהם... — האָט ראַסקאָלניקאָוו געענט־פערט.

— ענטשולדיגט, מיר האָט זיך עס אַזוי אויסגעדאַכט לויט אייער פראַגע. איך בין אַמאָל געוועזן זיין אַפּעקון... זעהר א וואוילער יונגערמאַן... פון די היינטיגע... און איך האָב זעהר ליעב צו טרעפען זיך מיט דער יוגענד: ביי איהר ווערסטו געוואהר, וואָס עס הערט זיך עפּעס נייעס.

און פּיאָטר פּעטראָוויטש האָט א קוק געטאָן אויף אַלע מיט אוי־גען, אין וועלכע ס'האָט געשיינט א שטיקעל האָפנונג.

— אין וועלכען זין? — האָט ראַזומיכין א פרעג געגעבען.

— אין דעם וויכטיגסטען זין, איך מיין טאַקי דעם עיקר, — האָט פּיאָטר פּעטראָוויטש אונטערגעכאַפּט, גלייך ווי די פראַגע וואָלט איהם דערפרעהט. — איך בין שוין, דאַרפט איהר וויסען, צעהן יאָהר ניט געוועזן אין פּעטערבורג. אַט די אַלע אונזערע נייעס, די רעפאָר־מען, אידעען, דאָס אַלעס האָט אונז אין דער פּראָווינץ אויך אָנגע־ריהרט; אָבער כדי בעסער דאָס צו פאַרשטעהן, און כדי אַלץ צו זעהן, מוז מען זיין אין פּעטערבורג. אַלזאָ איז מיין מיינונג, אַז זעהר פיעל קען מען באַמערקען און געוואהר ווערען, האָבענדיג אַן אויפּטראַג מיט דעם יונגען דור אונזערן. און איך בין זיך מודה: איך האָב מיך באמת דערפרעהט...

— מיט וואָס דהיינו?

— אייער פראַגע איז זעהר ברייט. מעגליך, אַז איך האָב א טעות, איך געפין אָבער, דאַכט זיך, א מעהר ניכטערען בליק, מעהר קריטיק, אַזוי צו זאָגען, מעהר פּראַקטישקייט...

— דאָס איז אמת, — האָט זאָסימאָוו אַרויסגערעדט פון צווישען די צייהן.

— דו ליגסט, קיין פּראַקטישקייט איז נישטאָ, — האָט זיך ראַ־זומיכין אָנגעכאַפּט ווי אַן א הייסען שטיין. — פּראַקטישקייט קומט אַן זעהר שווער, עס פאַלט ניט אומזיסט פון הימעל אַראָפּ. און מיר זיינען שוין באַלד צוויי הונדערט יאָהר אָפּגעוועהנט פון יעטווידער אַר־בייט... אידעען זיינען אפשר יאָ פאַרהאַן, — האָט ער זיך געווענדט צו

איהר זענט ניט געזונט וואָלט איך פריהער אריין. נאָר איהר ווייסט דאָך, געוועז פארנומען, פארדרעהט... און אויסערדעם האָב איך נאָך א וויכטיגען פראָצעס אין סענאט. איך רעד שוין ניט וועגען די זאָר־גען און דאגות, איהר דארפט דאָך אליין פארשטעהן... איצט ערוואַרט איך אייער מוטער און שוועסטער פון שעה אויף שעה.

ראסקאָלניקאָוו האָט זיך געגעבען א הויב און געוואָלט עפּעס זאָגען. אויף זיין געזיכט האָט זיך באוויזען א מין אויפרעגונג. פּיאָטר פּעטראָוויטש האָט אָפּגעוואַרט. נאָר אזוי ווי יענער האָט גאָרנישט גע־זאָגט, האָט ער ווייטער גענומען רעדען:

—...פון שעה אויף שעה. שוין געקראָגען זיי א דירה אויף דעם ערשטען פאַל...

— וואו? — האָט ראסקאָלניקאָוו שוואַך ארויסגערעדט.

— זעהר נאָהנט פון דאַנען, באקאַלייעווס הויז...

— דאָס איז אויף וואָזנעסקאָ, — איז ראזומיכין אריינגעפאַלען אין די רעד, — דאָרט איז צוויי שטאָק פארנומען מיט נומערן: דער בעל־הבית איז איינער א סוחר יושין: כ'בין געוועזן ניט איינמאָל.

— יאָ, נומערן...

— שרעקליך מיאוסע נומערן: א שמוץ, אַן עיפּוש און גלאַט א פארדעכטיגער אָרט: ס'איז געוועזן מעשיות: ווער וואוינט דאָרטען ניט... איך בין דאָרט אמאָל גראָד געוועזן ביי א סקאנדאַל, נאָר וואָלוועל איז דאָרטען...

— נאַטירליך האָב א י ך ניט געקענט צונויפזאַמלען אזוי פיעל ידיעות, איך בין דאָך ניט קיין הגער, — האָט פּיאָטר פּעטראָוויטש געענטפערט, — נאָר דאָך האָבען זיי דאָרט צוויי זעהר און זעהר ריי־נינקע צימערלעך, ס'איז דאָך ניט מעהר ווי אויף דערווייל... איך האָב שוין געדונגען א דירה פאַר אונז, — האָט ער זיך געווענדעט צו ראס־קאָלניקאָוו'ן — איצט רעמאָנטירט מען זי, דערווייל מאַטער איך זיך אליין ווי ער איז אין א נומער, צוויי טריט פון דאַנען, ביי מאַדאַם ליפּעוועקסעל אין דער וואָהנונג פון מיינעם א יונגען פריינד אנדריי סעמיאָניטש לעבעזיאַטניקאָוו: ער האָט דאָס מיר טאַקי רעקאָמענדירט די נומערען ביי באקאַלייעוו'ן אין הויז...

— לעבעזיאַטניקאָוו? — האָט ראסקאָלניקאָוו לאַנגזאַם ארויס־גערעדט, גליך ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָהנען.

אויך עדות געזאגט װעגען דער דאָזיגער בונה: פיאָטר פעטראָוויטש איז זיך מיט איהם באַגאַנגען שוין מיט צופיעל רעספעקט און האָט איהם צו פארזיכטיג געהאַלטען אין די הענט. אפילו דאָס װאונדער־ליכע פאר האַנדשוהּ, פון בעז־קאָליר, עכטע זשואוועניווס האַנדשוה, האָט אויך באוויזען דאָס אייגענע, שוין דערמיט אליין, װאָס ער האָט זיי ניט אַנגעטאָן אויף די פינגער און זיי נאָר געהאַלטען אין די הענט צוליעב מעהר שיק. און װאָס עס אַנבאַלאַנגט צו פיאָטר פעטראָ־װיטשעס קליידונג, איז זי מעהרסטענטיילס באשטאַנען פון העלע און יוגענדליכע פארבען. ער האָט געטראָגען א פיינעם זומערראָק, מיט א העל־ברוינעם אפשלאָג, העלע לייכטע הויזען, און פונקט אזא װעסט, נאָר־װאָס געקויפטע דינע װעש, א באַטיסטען שניפּסעלע מיט ראָזע פּאַסקעלעך. — און דער עיקר איז: אלץ האָט זעהר געפּאַסט פיאָטר פעטראָװיטש׳ן. זיין פּנים, נאָך זעהר פריש און אפילו שעהן, האָט אַזוי אויך אויסגעזעהן יונגער פאר זיינע פינף און פיערציג יאָהר. די שװאַרצע באַקען־באָרדען האָבען חנ׳עװדיג אפגעשלאָגען פון ביידע זייטען, װי א פּאָר קאָטלעטען, און דאָס, װאָס זיי האָבען זעהר גע־דיכט באװאַקסען זיין ריין געראַזירטע גלאַנציגע גאָמבע, האָט זיי צו־געגעבען נאָר א באַזונדער מין חן. אפילו די האָר, שוין ערטערװייז עט־װאָס גרויע, פאַרקאַמטע און אַנגעפּריזירט ביי א פריזירער, האָבען ניט אויסגעזעהן לעכערליך און נאַריש, װי דער שטייגער איז מיט אַנגעפּריזירטע האָר, װייל זייער אייגענטהימער האָט דאָן א פּנים פון א דייטש, װאָס געהט צו דער חופּה. און אויב אין דעם דאָזיגען גאַנץ שעהנעם און סאָלידען פּנים איז יאָ געװען עטװאָס אונאַנגע־נעהמעס און אפּשטויסענדעס, איז אין דעם שולדיג געװען גאָר עפּעס אַנדערש. באַטראַכט אָהן צערעמאָניעס דעם הערר לוזשינען, האָט ראַסקאָלניקאָװ א גיפטיגען שמייכעל געטאָן איז װיעדער געפאַלען אויפ׳ן קישען און גענומען װי פריהער קוקען אין סטעליע אריין.

נאָר דער הערר לוזשין האָט זיך געשטאַרקט און קענטיג באַ־שלאָסען ביז א צייט מאַכען זיך ניט זעהענדיג דעם דאָזיגען אונער־װאַרטעטען ברוך־הבא.

— איך באַדויער זעהר און זעהר, װאָס איך געפין אייך אין אזא צושטאַנד, — האָט ער װיעדער אַנגעהויבען, איבעררייסענדיג מיט אַנ־שטרענגונג דאָס שטילשװייגען. — װען איך זאָל געװען װיסען, אז

— ...אייער מוטער האט אייך אנגעהויבען שרייבען א בריעף. נאך דאמאלס, ווען איך בין ביי איהר געווען. געקומען צו פאהרען אהער, האב איך מיט א כוון דורכגעלאזט עטליכע טעג און האב אייך ניט באזוכט, 'כדי צו זיין פאלקאם זיכער אז איהר ווייסט שוין פון אלץ: איצט אבער, צו מיין גרויס וואונדער...

— איך ווייס, איך ווייס! — האט ראסקאלניקאוו פלוצלונג ארויסגערעדט מיט אן אויסדרוק פון דעם אונגעדולדיגסטען פארדרוס.

— דאס זענט איהר? דער חתן? נו, איך ווייס!... און גענוג!

פיאטר פעטראוויטש איז ברוגז געווארען אויף אן אמת, נאר ער האט פארשוויגען. איהם האט זיך געוואלט וואס גיכער באגרייפען, וואס ס'טוט זיך דא. ביי א מינוט האט געהערשט א שטילשווייגען.

דערווייל׳ע האט ראסקאלניקאוו זיך ווידער אפגעקעהרט פון וואנד און ווידער איהם געגומען פלוצלונג אויפמערקזאם צו באטראכטען עפעס מיט א מאדנער נייגיריגקייט, גלייך ווי ער האט איהם פריהער ניט גוט באטראכט, אדער גלייך ווי איהם האט איבערראשט עטוואס נייעס אין איהם: ער האט זיך אזש אויפגעהויבען פון קישען עקסטרא צוליעב דעם, און ווירקליך האט אין דער גאנצער מראה פון פיאטר פעטראוויטש'ן געשטעקט עטוואס איבערראשענדעס. באזונדערס, עט־וואס אזוינס, וואס האט ווי פארדיענט דעם נאמען „חתן“, מיט וועל־כען מען האט איהם נאר־וואס אזוי אהן צערעמאניעס געקרוינט. ערש־טענס איז געווען קענטיג, און אפילו שוין צופיעל קענטיג, אז פיאטר פעטראוויטש האט געזעהן מיט אלע כחות אויסצוניצען די עטליכע טעג אין דער הויפט־שטאדט, כדי זיך אויסצוקליידען און אויסצופו־צען ביז דער כלה'ס קומען: איבריגענס איז דאס געווען ניט זעהר קיין גרויסער חטא און מען האט איהם עס געקענט מוחל זיין. אפילו דאס, וואס ער האט אליין געפיהלט, און אפשר שוין מיט צופיעל זעלבסט־צופריעדענהייט געפיהלט, אז ער זעהט איצט אויס גאר ניט אין ענ'ערד שעהנער, האט מען איהם אויך געקענט מוחל זיין. צוליעב אזא זאך, מחמת פיאטר פעטראוויטש האט זיך גערעכענט פאר א חתן. זיין גאנצער אנצוג איז געווען ערשט פון נאדעל ארויס, און אלץ איז געווען זעהר שעהן, אויב מען זאל ניט רעכענען דאס, וואס אלץ איז שוין געווען צו ניי און האט דערצעהלט וועגען א געוויסער כונה. אפילו דער פראנטישער שפאגעל־נייער קיילעכדיגער הוט האט

סעלע ארט צווישען טיש און זיינע קניע און האט געזאגט, א ביסעל אנגעשטרענגט, דער גאסט זאל „דורכקריכען“ דורך דעם דאזיגען לע־דיגען ארט. דער מאמענט איז געווען אזא, אז מען האט זיך פאר קיין פאל ניט געקענט ענטזאגען, און דער גאסט האט זיך גענומען רוקען דורך דעם שמאלען דורכגאנג, ער האט דערגרייכט ביז צום טיש, זיך געזעצט און מיט חשד א קוק געטאן אויף ראזומיכינען.

— שעמט זיך ניט, נישקשה, — האט יענער א בראק געטאן.— ראדיא איז שוין קראנק דעם פינפטען טאג, דריי טעג אפגעלעגען אין היץ, און איצט איז ער געקומען צו זיך און האט אפילו געגעסען מיט אפעטיט. אט דאס זיצט זיין דאקטאר, נאר־וואס האט ער איהם בא־טראכט, און איך בין ראדקעס א חבר, אויך א געוועזענער סטודענט. און זעה איהם איצט צו; אלזא האט איהר זיך פאר אונז ניט וואס צו שעמען. איהר קענט אייך דערצעהלען ווייטער וואס איהר האט נוי־טיג.

— שעהנעם דאנק. איך וועל אבער אפשר באאונרוהיגען דעם חולה מיט מיין אנוועזענהייט און שמועס? — האט פיאטר פעטרא־וויטש זיך געווענדט צו זאסימאוו'ן.

— נ־ניין, — האט זאסימאוו ארויסגערעדט פון צווישען די צייהן, — פארקעהרט, איהר וועט איהם נאך צושטרייען. — און ער האט זיך ווידער צוגענעצט.

— געוויס, ער איז שוין לאנג ביים זינען, פון אין דער פריה!— האט ראזומיכין ווידער גענומען האקען. זיין פאמיליאריטעט האט גע־האט אין זיך אזוי פיעל אויפריכטיגעס אפענהערציגקייט, אז פיאטר פעטראוויטש האט א טראכט געטאן און זיך גענומען פאסען מוט, און ס'קען זיין אביסעל דערפאר, ווייל דער דאזיגער שלעפער האט פארט באוויזען ארייינצובראקען אז ער איז א סטודענט.

— אייער מוטער... — האט לוזשין אנגעהויבען.

— המ! — האט ראזומיכין א מאך געטאן אויפ'ן קול.

לוזשין האט אויף איהם פרעגענדיג א קוק געטאן.

— ס'האט צו אייך ניט! דערצעהלט ווייטער...

לוזשין האט אויף איהם פרעגענדיג א קוק געטאן.

— ס'האט צו אייך ניט! דערצעהלט ווייטער...

לוזשין האט א קוועטש געטאן מיט די אקסלען.

וויזעו אויף איהם און געזאָגט: „אַט איז ראַסקאָלניקאָוו“, האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען, גלייך ווי אויפגעשפּרונגען. זיך צוגעזעצט אויפ׳ן געלעגער און האָט עפּעס מיט אַ מין אויסרוף, אבער מיט אַן אפּגעהאַקטער און שוואַכער שטים, אַרויסגערעדט:

— יאָ! איך בין ראַסקאָלניקאָוו! וואָס דאַרפט איהר האָבען?

דער גאַסט האָט איהם אויפמערקזאַם באַטראַכט און האָט מיט שטאָלץ געזאָגט:

— פּיאָטר פּעטראָוויטש לוזשין. איך בין איבערצייגט, אַז מיין נאָמען איז שוין אייך ניט גאָר אינגאַנצען אונבאַקאַנט.

נאָר ראַסקאָלניקאָוו, וואָס האָט זיך געריכט אויף עפּעס אַנדערש, האָט אויף איהם תמ׳עוואַטע און פאַרטראַכט אַ קוק געגעבען און גאָר־נישט געענטפערט, גלייך ווי פּיאָטר פּעטראָוויטשעס נאָמען וואָלט ער הערען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען.

— וואָס הייסט עס, האָבען זיי דען נאָך עד היום ניט ערהאַל־טען קיינע ידיעות? — האָט פּיאָטר פּעטראָוויטש געפרעגט, מיט אַ מין ווידער־געפיהל.

אַנשטאָט אַז ענטפער האָט ראַסקאָלניקאָוו זיך לאַנגזאַם אַראָפּ־געלאָזט אויפ׳ן קישען, האָט פאַרוואָרפען די הענט איבער׳ן קאָפּ און גענומען קוקען אויף דער סטעליע. אַן אומעט האָט אַרויסגעקוקט פון לושינס געזיכט. זאַסימאָוו און ראַזומיכין האָבען איהם גענומען באַטראַכטען נאָך מיט מעהר נייגיריגקייט און ער האָט זיך קענטיג, ענדליך, פאַרשעמט.

— איך האָב געמיינט און גערעכנעט, — האָט ער גענומען שטאַמלען, — אַז דער בריעף, וואָס מען האָט אוועקגעשיקט שוין מיט העכער צעהן טאָג צוריק, און אפשר טאַקי מיט גאַנצע צוויי וואָ־כען...

— הערט אבער, צו וואָס זאָלט איהר שטעהן ניט אַנדערש ווי ביים טהיר? — האָט איהם ראַזומיכין פּלוצלונג איבערגעשלאָגען. — אויב איהר זענט געקומען וועגען עפּעס אַן עניין, טאָ זעצט זיך, ווייל אייך מיט נאַסטאַסיאַ׳ן, ביידען, איז דאָרט צו ענג. נאַסטאַסינקע, מאַך אַ וואָרע, לאָז דורכגעהן! קומט אַהער, אַט האָט איהר אַ שטוהל! קריכט זשע ווייטער!

ער האָט אָפּגערוקט זיין שטוהל פון טיש, האָט געמאַכט אַ בי־

— הערר ראדיאָן ראָמאַניטש ראַסקאָלניקאָוו, אַ סטודענט אָדער אַ געוועזענער סטודענט?

זאַסמיאָוו האָט זיך לאַנגזאַם אַ ריהר געגעבען און ס'קען זיין, אַז ער וואָלט איהם געענטפערט, ווען ראַזומיכין, צו וועלכען מען האָט זיך גאָר נישט געווענדט, וואָלט גלייך ניט פאַרכאַפּט אַ פריהער:

— אָדאָ אַ ליעגט ער אויפ'ן דיוואַן! וואָס איז, וואָס דאַרפט איהר האָבען?

דאָס דאָזיגע פאַמיליאַרע „וואָס איז, וואָס דאַרפט איהר האָבען?" האָט געטראָפען ווי אַ דונער דעם אָנגעלאָדענעם הערר; ער האָט זיך זאָגאַר שיער ניט אַ קעהר געטאָן צו ראַזומיכינען, נאָר דאָך האָט ער פאַרט אָנגעטאָן זיך אַ כח און האָט זיך גלייך, צו דער רעכטער צייט, ווידער געווענדט צו זאַסימאָוו'ן.

— אָט איז ראַסקאָלניקאָוו! — האָט זאַסימאָוו קוים אַרויסגעברומט, אַ שאָקעל טוענדיג מיט'ן קאָפּ אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן, דערנאָך האָט ער זיך צוגעגעצט און דערביי אונגעוועהנליך ברייט פונאַנדערגעעפּענט דאָס מויל און אונגעוועהנליך לאַנג עס אַזוי געהאַלטען. נאָך דעם האָט ער פּאַמעלעך אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער וועסטקעשענע, אַרויסגענומען אַ מורא'דיג־גרויסען גילדערנעם פאַרמאַכטען זייגער מיט האַלב קיילעכדיגע דעקלעך, איהם געעפענט, אַ קוק געטאָן און פונקט אַזוי לאַנגזאַם און פויל האָט ער איהם ווידער אַריינגעלעגט אין טאַש.

ראַסקאָלניקאָוו אַליין איז די גאַנצע צייט געלעגען און געשוויגען, מיט'ן פּנים אַראָפּ, און האָט ניט אַראָפּגענומען זיין שטאַרען בליק, וועלכער האָט איבריגענס ניט אויסגעדריקט קיין שום געדאַנק, פון דעם אַריינגעקומענעם. זיין פּנים, וואָס איז איצט געווען אָפּגעקעהרט פון דעם אינטערעסאַנטען בלימעל אויף די טאַפּעטען איז געווען שרעקליך בלאַס און האָט אויסגעדריקט אונגעוועהנליכע ליידען, גלייך ווי ער וואָלט ערשט געווען איבערגעטראָגען אַ שווערע אָפּעראַציע אָדער גלייך ווי מען וואָלט איהם נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגעלאָזען פון די שרעקליכסטע ענוים. נאָר דער אַריינקומענער הערר האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר און מעהר צוגעצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט, דערנאָך האָט ער איהם פראַגענד אָנגעקוקט, דערנאָך מיט חשד, און זאָגאַר עפּעס אַזוי ווי מיט שרעק. און ווען זאַסימאָוו האָט אָנגע-

אין דער רגע האָט זיך אויפגעעפענט די טהיר און ס׳איז אריין עפּעס א נייער פארשוין. וואָס קיינער פון די ביינעוועזענע האָבען איהם ניט געקענט.

---

## פינפטעס קאַפּיטעל.

דער מענש וואָס איז אריינגעקומען, איז געוועזן שוין ניט קיין יונגער, אַן אַנגעבלאָזענער, מיט א שטאָלצער פאַרזיכטיגע האַלטונג, מיט א מינע פון א גרויסען צוכט און איבערקלויבער. ער האָט אַנגעהויבען דערפון, וואָס ער איז געבליבען שטעהן אין טהיר, ארומקוקענדיג זיך אויף אלע זייטען מיט א ברוגז׳דיגער ניט־באַהאַלטענער איבערראשונג, גלייך ווי זיינע בליקען וואָלטען פרעגען: „וואוהין בין איך דאָס אריינגעפאלען?“ מיט א חשד און זאָגאר מיט אַן אַנשטעל פון א מין שרעק. עפּעס גלייך ווי מען וואָלט איהם שטארק באַליידיגט, האָט ער ארומגעקוקט דאָס ראסקאָלניקאָוו׳ס ענגע און נידעריגע קבר׳ל. מיט דער זעלבער איבערראשונג האָט ער דערנאָך אָפּגעווענדט און אַנגעשטעלט זיין בליק אויף ראסקאָלניקאָוו׳ן אליין, וועלכער איז געלעגען אויף זיין קלאָגעדיגען שמוציגען דיוואַן, אַן אויסגעהונגערטער, א צושויבערטער, א ניט־געוואַשענער און האָט אויך באַטראַכט דעם גאַסט מיט שטאַרקע בליקען. דערנאָך האָט ער מיט דערזעלבער געלאַסענקייט גענומען באַטראַכטען די צושויבערטע, ניט־ראַזירטע און ניט־געקאַמטע פיגור פון ראַזומיכינען, וועלכער האָט פון זיין זייט איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אריין מיט עזות׳דיג־פרעגענדע בליקען, זיך ניט א ריהר צו געבען. דאָס אַנגעשטרענגטע שטיל־שווייגעניש האָט גע־דויערט ביי א מינוט און ענדליך. ווי מען האָט עס געקענט ערוואַרטען, איז פארגעקומען א קליינע פאַרענדערונג אין דער פאַנטאָמינע. דער אריינגעקומענער הערר האָט פון אייניגע, אפילו זעהר שאַרפע סימנים פארשטאַנען א פנים, אַז מיט אַן אַנגעבלאָזענער און צו שטרענגער האַלטונג וועט ער דאָ, אין דעם דאָזיגען קבר, גאָרנישט מאַכען, איז ער געוואָרען אביסעל ווייכער און האָט ארויסגערעדט העפליך, אבער דאָך גאַנץ שטרענג, זיך ווענדענדיג צו זאָסימאָוו׳ן און ארויסזאָגענ־דיג שאַרף יעדען אות פון זיין פראַגע:

דעם גאַנצען פאַקט? דעם פאַקט מיט די אוירינגלעך ווי אַזוי ער־קלערסטו, אויב ער האָט זיי מיט אַן אמת געפונען, אַזוי ווי ער דער־צעהלט?

— ווי אַזוי ערקלער איך? וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו ערקלערען: די זאַך איז קלאָר! ווענינסטענס איז קלאָר און דערוויזען דער וועג, מיט וועלכען מען דאַרף געהן ביים פיהרען דעם דאָזיגען ענין, און טאַקי דאָס קעסטעל האָט ענטדעקט דעם דאָזיגען וועג. דער אמת'ער מער־דער האָט די אוירינגלעך אַנגעוואָרען. דער מערדער איז געווען אוי־בען, בשעת קאָך און פעסטריאַקאָוו האָבען געקלאַפּט אין טהיר, און איז געזעסען פאַרשפּאַרט. קאָך האָט געטאָן אַ גרויסע נאַרישקייט און איז אַראָפּ אונטען: דאָ איז ארויסגעשפּרונגען דער מערדער און איז אויך אַראָפּגעלאָפען אונטען, ווייל קיין אַנדער ברירה האָט ער ניט גע־האַט. אויף די טרעפּ האָט ער זיך באַהאַלטען פון קאָך'ן, פון פעסט־ריאַקאָוו'ן און פון סטרוזש אין דער לעדיגער דירה פונקט אין דער רגע, ווען פון איהר זיינען ארויסגעלאָפען דמיטרי און ניקאָלאַי: ער איז געשטאַנען הינטער'ן טהיר, בשעת דער סטרוזש מיט די איבריגע זיי־נען געגאַנגען ארויף אויבען, האָט איבערגעוואַרט, ביז זייערע טריט זיינען שטיל געוואָרען, און איז זיך רוהיג אַראָפּ אונטען פונקט אין דער רגע, ווען פון איהר זיינען ארויסגעלאָפען דמיטרי און ניקאָל. אויפ'ן גאַס און ווען אַלע זיינען זיך צוגאַנגען און ס'איז קיינער ניט געבליבען אין טויער. מען האָט איהם אפשר יאָ געזעהן, נאָר מען האָט ניט אכטונג געגעבען: מאַלע וועער עס געהט! און דאָס קעסטעלע האָט ער אַנגע־וואָרען פון קעשענע, ווען ער איז געשטאַנען הינטער'ן טהיר: ער האָט ניט באַמערקט, אַז ער האָט אַנגעוואָרען, ווייל ס'איז איהם ניט געווען אין קאָפּ. דאָס קעסטעלע איז דאַך אַ קלאָהרער באַווייז, אַז ער איז דאָרט טאַקי געשטאַנען. אָט האָסטו די גאַנצע מעשה!

— ס'איינפאַל! ניין, ברודער־לעבען, דאָס איז אַן איינפאַל! דאָס איז אַן איינפאַל! אבער טאַקי נאָר אויף חידושים!

— וואָס איז עפּעס, וואָס איז?

— ווייל ער געהט זיך עפּעס אַלץ צוזאַמען שוין צו גוט... און ס'פּאַסט זיך צו... פונקט ווי אין אַ טעאַטער.

— ע־עך! — האָט ראַזומיכין שוין געוועזט אויסגעשריען, נאָר

זיינען באשיינפערליכע פאקטען. און ווי מיינסטו, זיינען זיי עפּעס פּעהיג, לויט דעם כאראקטער פון אונזער יוריספּרודעניז, אנצונעה־מען אזא פאקט, — וואס מאכט צו ניט אלע מאטעריעלע און באשול־דיגענדע פאקטען? ניין, זיי וועלען ניט אננעהמען, פאר קיין פאל וועלען זיי ניט אננעהמען: מען האט דאך געפונען א קעסטעלע און דער מענש האט זיך געוואלט הענגען „און דאס וואלט געווען אן אונמעג־ליכע זאך, ווען ער וואלט זיך ניט געפיהלט שולדיג!" אט דאס איז ביי זיי די הארבסטע קשיא. אט פאר וואס איך קאך זיך אזוי! פאר־שטהעסט!

— יא, איך זעה, אז דו קאכסט זיך. ווארט איך האב פארגעסען צו פרעגען: פון וואנען איז עס געדרונגען, אז דאס קעסטעלע מיט די אוירינגלער איז טאקי פון דער אלטערס רענצעל?

— ס'איז יא געדרונגען, — האט ראזומיכין געענטפערט, פאר־קנייטשענדיג זיך און עפּעס אזוי ווי ניט גערן. — קאך האט דערקענט די זאך און אנגעוויזען דעם פארזעצער און יענער האט אויף זיכער אויפגעוויזען, אז ס'איז טאקי זיינע.

— שלעכט! איצט נאך איין זאך: האט קיינער ניט געזעהן ני־קאלאיען, בשעת קאך און פּעסטריאקאוו זיינען ארויף אויבען, און צי קען מען עס אפשר דערווייזען מיט עפּעס?

— אט דאס איז דאך די מעשה, וואס קיינער האט ניט געזעהן. — האט ראזומיכין פארדראסיג געענטפערט. — אט דאס איז דאך טאקי די צרה: זאגאר קאך מיט פּעסטריאקאוו'ן האבען זיי אויך ניט געזעהן, ווען זיי זיינען ארויף אויבען, אפילו אויף זייער עדות זאגען וואלט מען איצט ניט קיין סך געקענט בויען. „מיר האבען געזעהן, זא־גען זיי, אז די דירה איז אפען, אז מען ארבייט אפנים דארטען, נאר געהענדיג פארביי האבען מיר זיך ניט צוגעקוקט און מיר געדענקען ניט אויף קלאר, צי זיינען דארט אין יענער ווייל! געווען ארבייטער, צי ניט".

— הם!... אלזא, הייסט עס, אז דער איינציגער זכות זייערער איז וואס זיי האבען זיך איינער דעם אנדערן געבויקערט די ביינער און געלאכט הויך אויפ'ן קול; לאמיר שוין זאגען אפילו, אז דאס איז א שטארקע ראיה, אבער דאך.. .ווארט זשע: ווי אזוי ערקלערסטו אליין

יענער האָט זיך איהם איינגעדרעהט אין די האָר און איהם אויך גע־בראָכען די ביינער. ליעגען זיי אַזוי סאַמע אויפ'ן וועג און לאָזען ניט דורכגעהן: מען זידעלט זיי פון אַלע זייטען, און זיי ליגען זיך איינער אויפ'ן צווייטען, ווי „קליינע קינדער" (ממש מיט די ווערטער דערצעהלען עס די עדות), קוויטשען, שלאָגען זיך, קייכען פאַר געלעכ־טער, ביידע צוזאַמען, מיט די משונה'דיגסטע תנועות און העויות: דערנאָך זיינען זיי ארויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס יאָגען זיך איינער נאָכ'ן אנדערען. פונקט ווי קינדער. האָסט געהערט? באַנעהם עס מיט קאָפּ: די קערפּער זיינען אויבען נאָך ניט אָפּגעקיהלט געוואָרען, אַזוי האָט מען זיי נאָך געטראָפען! אויב דאָס האָבען זיי גע'הרג'עט, אָדער אפילו ני־קאָלאַי אַליין, דערצו נאָך אויפגעבראָכען די שלעסער און בארויבט די קאַסטענס, אָדער אויב זיי האָבען גענומען וואָסערן ניט איז אנטייל אין דער רויבעריי, טאָ ערלויבט מיר צו שטעלען דיר נאָר איין פראַ־פראַגע: שיקט זיך אַזאַ מין גייסטיגע שטימונג. ד. ה. אַ קוויטשעריי, אַ הילכיג געלעכטער, אַ קינדערשע־געשלעג אונטער'ן טויער, — שיקט זיך עס מיט העק, מיט בלוט, מיט מערדערישע איינפאַלען, מיט פאַר־זיכטינקייט, מיט רויבעריי? אַט ערשט גע'הרג'ט, מיט וואָסערע פינף אָדער צעהן מינוט צוריק, מחמת אַזוי קומט דאָך עס אויס, — די קערפּער זיינען נאָך ניט אָפּגעקיהלט — און פּלוצלונג, געלאָזט די ניט־אָפּגעקיהלטע קערפּער און די דירה אָפען, ווייסענדיג אַ פריהער, אַז נאָר וואָס זיינען אהין אוועק מענשען, און געלאָזט די רויב, האָבען זיי זיך גענומען קייקלען ווי קליינע קינדער איבער'ן וועג, לאַכען הויך אויפ'ן קול, ציהען צו אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, און דאָס פאַרזוי־כערען אין איין קול צעהן עדות!

— געוויס איז עס מערקווירדיג! נאַטירליך איז עס אונמעגליך, אבער...

— ניין, ברודער־לעבען, קיינע אַ ב ע ר ס! און אויב די אוי־רינגלער וועלכע זיינען אין יענעם טאָג און יענער שעה אריינגעפאַלען צו ניקאָלאַיען אין די הענט, קענען ווירקליך דיענען פאַר אַ וויכטיגען פאַקטישען באַוויז געגען איהם, — הגם ער ווייזט דאָך יאָ אויף, ווי אַזוי זיי קומען צו איהם. אַלזאָ איז דער דאָזיגער באַוויז נאָך אויך אַ צ ווייפעלהאַפטער. — דאַרף מען דאָך אבער נעהמען אין אכט אויך יענע פאַקטען, וואָס זיינען פאַר איהם, בפרט נאָך, אַז זיי

— וואָס איז דאָ צו טראַכטען אַ סך. עפּעס אַ שפּור איז דאָך פאַרט פאַרהאַן. ס'איז דאָך אַ פאַקט. וואָס האָסטו געוואָלט, מען זאָל דיין פאַרבעטער אַרויסלאָזען אויף דער פריי?

— זיי האָבען דאָך איהם אָבער איצט גלייך פאַרשריבען פאַר אַ מערדער! ביי זיי איז שוין דאָ נישטאָ קיין שום צווייפעל.

— ס'אַ ליגען, קאָכסט זיך צופיעל. און וואָס איז מיט די אוירינג־לעך? מוזט דאָך אַליין מודה זיין, אַז וויבאַלד צו ניקאָלאַיען פאַלען אַריין אין דעמזעלבינען טאָג און אין דערזעלביגער שעה אוירינגלעך פון דער אַלטערס קאַסטען, — מוזטו דאָך אַליין מודה זיין, אַז דאָס האָט זיי איהם ניט קיין מלאך אונטערגעוואָרפען? און ביי אַזאַ מין אויספאָרשונג האָט עס אַ סך צו זאָגען.

— אַ מלאך אונטערגעוואָרפען! אַ מלאך אונטערגעוואָרפען! — האָט ראַזומיכין אויסגעשריען. — מיר איז טאַקי אַ גרויסער חידוש. אויף דיר, פאַרט עפּעס אַ דאָקטאָר, דו, וואָס דו ביסט פריהער פאַר אַלעמען מחויב צו שטודירען דעם מענשען, און דו האָסט טאַקי די געלעגענהייט צו שטודירען די מענשליכע נאַטור גיכער ווי אַן אַנדערער, — איז מיר אַ גרויסער חידוש, וואָס נאָך אַלעם דעם זעהסטו ניט, וואָס פאַר אַ נאַטור אַט דער דאָזיגער ניקאָלאַי האָט? זעהסט דען ניט פון דעם ערשטען אויגענבליק אָן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט אויף דער אויספאָרשונג, איז דער ריינער הייליגער אמת? פּונקט טאַקי אַזוי זיינען זיי איהם אַריינגעפאַלען אין די הענד אַריין, ווי ער האָט דערצעהלט. אַרויפגעטראָטען אויף אַ קעסטעלע און אויפגעהויבען!

— דער ריינער הייליגער אמת! זעהסט דאָך אָבער, אַז ער האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז דאָס ערשטע מאָל האָט ער געזאָגט אַ ליגען.

— הער זשע מיך אויס. אָבער מיט קאָפּ הער מיך אויס: דער סטרוזש, און קאָך, און פּעסטריאַקאָוו, און דער צווייטער סטרוזש, און דעם ערשטען סטרוזשס ווייב, און די גויה וואָס איז ביי איהר דאַמאָלס געזעסען, און דער „נאַדוואָרני" קריוקאָוו, וואָס האָט פּונקט אין דער מינוט אויסגעשטיינט פון אַ דראָזשקע און איז אַריין אין טויער געאַרמט מיט אַ דאַמע, — זיי אַלע, ד. ה. אַ מאַן אַכט אָדער צעהן עדות, טענה'ן אין איין קול, אַז ניקאָלאַי האָט צוגעשטיקט דמיטרי'ן צו דער ערד, איז אויף איהם געלעגען און האָט איהם געבויקערט די ביינער, און

אונטער. ערשט ביי דער טהיר איז פאר־הויז אריין נעבען וואנד אין א ווינקעל האב איך ארויפגעטראטען אויף א קעסטעלע. איך גיב א קוק, עפּעס איינגעוויקעלט אין פּאפּיר. האב איך אראפּגענומען דאס פּאַ־פּיר, ערשט עפּעס העקעלעך, אזוינע פּיטשענקע, האב איך אראפּגע־נומען אט די דאזיגע העקעלעך! — ערשט איך גיב א קוק — אין קעסטעלע איז אוירינגלעך..."

— הינטער'ן טהיר? הינטער'ן טהיר געלעגען? הינטער'ן טהיר?!

— האט ראסקאלניקאוו פּלוצלונג א געשריי געטאן, קוקענדיג מיט א טריבען צושראקענעם בליק אויף ראזומיכינען, און האט זיך גלייך אויפגעזעצט אויפ'ן דיוואן, זיך אנשפּארענדיג מיט דער האנט.

ראזומיכין האט זיך אויך א הויב געטאן פון ארט.

— יא. וואס איז דען? וואס איז מיט דיר? — זעה, ווי דו ביסט געווארען?...

— גאר ניט!... — האט ראסקאלניקאוו שטיל ארויסגערעדט, פאלענדיג ווידער אויפ'ן קישען און אפּקעהרענדיג זיך ווידער צו דער וואנט.

— אנדרעמעלט געווארען, פון שלאף א פּנים, — האט ראזומיכין ענדליך געזאגט און פרעגענדיג א קוק געגעבען אויף זאסימאוו'ן.

יענער האט א לייכטען שאקעל געטאן מיט'ן קאפּ אויף ניין.

— נו, דערצעהל, וואס ווייטער איז געווען — האט זאסימאוו גע־זאגט.

— וואס זאל זיין ווייטער? ווי נאר ער האט דערזעהן די אוי־רינגלעך, האט ער גלייך פארגעסען אין דעם צוקלייבען, איז מיטקען, א כאפּ געטאן דאס היטעל און איז אוועקגעלאָפען צו דושקינען און, ווי געזאגט, האט ער ביי איהם געקריגען א רובל, און האט איהם אפּגע־נארט, אז ער האט עס געפונען אויפ'ן טראטואר, און האט גלייך גע־נומען שכור'ן. און וועגען דער רציחה האלט ער אין איין טענה'ן: „איך ווייס ניט פון וואס צו זאגען, ערשט אויפ'ן דריטען טאג זיך דער־וואוסט". — און „פאר וואס ביסטו ביז אהער ניט געקומען?" — „פאר מורא" — „און פאר וואס האסטו זיך געוואלט אויפהענגען?" — „פון טראכטען". — „וועגען וואס האסטו געטראכט?" — „אז מען וועט מיך פאר'משפּט'ן". — נו, אט האסטו די גאנצע געשיכטע, וואס מיינסטו, האבען זיי איצט דערפון ארויסגעדרונגען?

הלשון. איך ווייס עס אויף זיכער. מען האָט עס מיר ריכטיג איבערגעגעבען. וואָס זאָגסטו! — הא? וואָס זאָגסטו?

— די באַווייזע געגען איהם קען מען דאָך אבער מיט דער האַנט ניט אוועקמאַכען.

— אַז איך בין דאָ איצט גאָר ניט אויסען די באַווייזען געגען איהם. ווי געפעלט דיר אבער די פראַגע אַליין. ווי געפעלט עס דיר, ווי אַזוי זיי פאַרשטעהען דאָס אביסעל דעם תוך! נאָר מילא כאַפּט זיי דער רוח!... הקיצור האָט מען איהם צוגעשפּאַרט, צוגעשפּאַרט, אזוי לאַנג, ביז ער נעהמט און איז זיך מודה: — „געפונען, זאָגט ער, ניט אויפ'ן טראַטואַר, געפונען און איז זיך מודה: — „געפונען, זאָגט ער, ניט אויפ'ן טראַטואַר, געפונען גאָר דאָרט, וואו מיר האָבען געאַרבייט מיט מיטרייען.“ — „סטייטש, ווי אזוי?“ — „גאַנץ פּשוט, מיר האָבען דאָרט מיט מיטרייען געמאָלט דעם גאַנצען טאָג, ביז אַכט דעם זייגער און זיך שוין געקליבען אַוועקצוגעהן. נעהמט מיטריי דאָס פּענזעל און גיט עס מיר אַזוי אַ שמיר איבער'ן צורה מיט פאַרב, און געמאַכט פליטה,—איך נאָך איהם. לויף איך אַזוי נאָך איהם און שריי אויף וואָס די וועלט שטעהט; און דאָרט וואו מען דאַרף זיך פאַרנעהמען פון די טרעפּ צום טויער צו, ביז איך אַנגעפלויגען אין איםפּעט אויפ'ן סטרוזש און אויף עפּעס יונגע לייט, און זאָלבע וויפיעלט זיינען זיי געווען, געדענק איך ניט, האָט מיך דער סטרוזש גענומען זידלען, און דער צווייטער סטרוזש האָט מיך אויך גענומען זידלען, איז אַרויס דעם סטרוזשס ווייב און מיך אויך גענומען זידלען און איינער אַ העררר איז אַריינגעקומען אין טויער מיט אַ דאַמע, האָט ער אונז אויך גענומען זידלען, ווייל איך מיט מיטקען האָבען מיר זיך אויסגעצויגען אַקוראַט זיי אויפ'ן וועג: איך האָב מיטקען אַ נעהם געטאָן פאַר די האָר, אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד און אַנגעהויבען בויקערן איהם די ביינער, און מיטקע האָט מיך פון אונטען אויך אַנגעכאַפּט פאַר די האָר און אויך אַנגעהויבען בויקערן מיר די ביינער, און מיר האָבען דאָס געטאָן ניט מחמת כעס, נאָר אין גוטען מוט, געשפּיעלט זיך דערנאָך האָט זיך מיטקא אַרויסגעריסען און איז אַנטלאָפען אויפ'ן גאַס, איך נאָך איהם.

— האָב איך איהם ניט געקענט דעריאָגען און זיך אומגעקעהרט צוריק אַליין, — ווייל מען האָט געדאַרפט דאָרט מאַכען אַן אָרדנונג. איך האָב גענומען צוקלויבען און וואַרט אויף מיטרייען, טאָמער קומט ער

צימבעל. — ערשט אייערנעכטען ברענגט מען צופיהרען ניקאָלאַיען אליין: מען האָט איהם פאַרהאַלטען ניט ווייט פון דער ראַגאָטקע, אויף אַנ'אַכסניא. געקומען אהינצו, אויסגעטאָן פון זיך א צלם א זעלבערנעם און געבעטען, מען זאָל איהם געבען פאַר'ן צלם א קוואַטירעל. מען האָט איהם געגעבען אין א ווײַלע ארום האָט א גוי'ה געדראָפּט עפּעס האָבען אין שטאָל, ערשט זי זעהט דורך א שפּאַלט, ווי ער האָט אָנגעבונדען אין שייער דעם פּאַס צו א באַלקען, האָט געמאַכט א שלייף, זיך גע־שטעלט אויף א קלעצעל און וויל ארײַנטאָן דעם קאָפּ אין שלייף אריין; די גויה האָט געמאַכט א גוואַלד, איז מען זיך צונויפגעלאָפען: „אַזוי, ביזטו, גאָר אזא מין חפץ!" — „טאָ פיהרט מיך, זאָגט ער, אין דעם און דעם צירקעל, וועל איך זיך אין אַלצדינג מודה זיין", נו, האָט מען זיך מיט איהם גוט באַוואָרענט און געבראַכט איהם צו פיהרען א הערצו אין צירקעל אריין נו, דאָס, יענעס. ווער, אַזוינער, פון וואַנען, וויפיעל אַלט. — צוויי און צוואַנציג", א. אז. וו. א. אז. וו. פרעגט מען איהם: „בעת איהר האָט געאַרבייט מיט מיטרייען, האָט איהר ניט געזעהן קיינעם אַט אין דער און דער שעה"? ענטפערט ער: „ווער ווייס. עס זענען אפשר דורכגעגאַנגען א סך מענשען, נאָר ווער קען זיי און ווער ווייס זיי". — „האָט איהר גאָר ניט געהערט קיין טומעל, קיין געשרייען?" — „ניין, ניט געהערט. — „און דאָס האָסטו, ניקאָ־לאַי, אין דעמזעלבינען טאָג געוואוסט, אז די און די אַלמנה מיט א שוועסטער איהרער האָט מען גע'הרג'עט און בארויבט אין דעם און דעם טאָג אין דער און דער שעה?" — „זאָל איך אַזוי וויסען בייז. ערשט אויפ'ן דריטען טאָג האָב איך עס צום ערשטען מאָל דערהערט פון אַפאַנאַסי פּאַוולִיטש'ן." — „און די אויריננגלעך וואו'סטו גענו־מען?" — „געפונען אויפ'ן טראָטואַר" — פאַר וואָס ביזטו אויף מאָרגען ניט געקומען מיט מיטרייען צו דער ארבייט?" — מחמת איך האָב געשכור'ט. — „און וואו'סטו געשכור'ט?" — „דאָרטען און דאָר־טען". — „פאַר וואָס ביזטו אַנטלאָפען פון דושקינען?" — „ווייל איך האָב זיך זעהר דערשראָקען". — „פאַר וואָס האָסטו זיך דער־שראָקען?" — „אז מען וועט מיך פאַר'משפּט'ן". — „ווי אַזוי אָבער האָסטו זיך געקענט דערפאַר דערשראָקען, ווייבאַלד, אז דו פיהלסט, אז דו ביזט קיין זאַך ניט שולדיג"?... נו, זאָסימאָוו, מעגסט גלויבען אָדער ניט, די דאָזיגע פראַגע איז געשטעלט געוואָרען און פונקט כזה

דושקין. — און זענען דערגאַנגען אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקענט ווענען דער רציחה און זיך אויסגעקעהרט אהיים אַלץ נאָך מיט דעמ־זעלבינען חשד. און היינט אין דער פריה, אַכט דעם זייגער, — דאָס הייסט אויפ'ן דריטען טאָג ערשט, פאַרשטעהסט? — „זעה איך, עס קומט צו מיר אריין ניקאָלאַי, ניט קיין ניכטערער, אפילו ניט גאָר אויך שכור, פאַרשטעהט וואָס מען רעדט צו איהם, געזעצט זיך אויף דער באַנק און שווייגט און חוץ איהם איז דעמאָלט געוועזען אין שענק נאָר איין זייטיגער מענש, און איינער אַ באַקאַנטער האָט געשלאָפען אויף דער באַנק, און נאָך אונזערע צוויי אינגלעך. האָסט געזעהן — פרעג איך איהם — מיטרייען? — ניין זאָגט ער, ניט געזעהן. — און דאָ געוועזן? — ניט געווען — זאָגט ער — פון אייערנעכטען אָן. — און וואו'סטו היינט גענעכטיגט? — אויף די „פעסקי" זאָגט ער — און וואו, — זאָג איך — האָסט דעמאָלט גענומען די אויררינגלעך? — געפונען אויפ'ן טראָטואַר, — און ער זאָגט עס אזוי ווי ניט־זיכער מיט אראַבגעלאָזטע אויגען. — און דאָס האָסטו געהערט — זאָג איך — וואָס ס'האָט זיך געטראָפען דאָרט אויף די טרעפ אין דעמ־זעלבינען אָבענד און אין דערזעלביגער שעה? — ניין, זאָגט ער, ניט געהערט, — און אַליין הערט ער זיך צו מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, און איז בלייך געוואָרען ווי קאַלך. האָב איך איהם דערצעהלט, ערשט ער נעהמט זיך פאַר דאָס היטעל און וויל אויפשטעהן פון אָרט. האָב איך איהם געוואָלט פאַרהאַלטען דאָ טאַקע אויפ'ן אָרט: וואַרט, זאָג איך, אַ ווײַלע, סט'אפשר נעהמען אביסעל בראַנפען? און אַליין האָב איך אַ וואונק געטאָן דעם אינגעל, ער זאָל צוהאַלטען די טהיר, און נעהם ארויסגעהן פון הינטערן שענק־טישעל: ערשט מיינער גיט זיך אַ לאָז, און מאַרש אויפ'ן גאָס, לויפט ווי אַ פאַר'סמ'טער, און גלייך אין אַ הינטערגעסעל, — און איז נעלם געוואָרען. דאָ איז ביי מיר שוין קיין שום ספק ניט געבליבען ווייל מען זעהט דאָך באַשיינ־פערליך, אַז ס'איז זיין ארבייט..."

— אַ שאלה!... האָט זיך זאַסימאָוו אָפגערופען.

— וואַרט! הער אויס דעם סוף! האָט מען זיך, פאַרשטעהסט זיך אַ לאָז געטאָן זוכען ניקאָלאַיען, אָבער אזוי ווי עס דאַרף צו זיין: דושקינען האָט מען פאַרהאַלטען און געמאַכט ביי איהם אַ רעוויזיע, מיטרייען אויך; די קאַלאָמנער האָט מען אויך אַ נעהם געטאָן אויפ'ן

6

רובל פרעג איך איהם: וואו'סטו גענומען? — זאָגט ער — געפונען אויפ'ן טראָטואר. מעהר האָב איך איהם וועגען דעם ניט פונאַנדער־געפרעגט, — דאָס זאָגט, הייסט עס, דושקין. — און האָב איהם ארויסגעטראָגען א „בילעטעל" — ד. ה. א רובל, — ווייל איך האָב געמיינט, אז ניט מיר, איז אנ'אנדערן, ער וועט עס סיי ווי סיי פארשכור'ן, זאָל עס שוין בעסער בלייבען ביי מיר, טאָמער וועט זיך געפינען דער אייגענטימער, וועל איך עס איהם אומקעהרען". פאר־שטעהט זיך, אז ס'איז ניט מעהר ווי א באָבע־מעשה, ליינט ווי א דבר־אחר, מחמת איך קען איהם, דעם דושקינען, ער נעהמט אליין משכנות, באהאלט גנבות, און געווים האָט ער ביי ניקאָלאַיען אויסגענאַרט א דרייסיג־רובלדיגען הפּץ ניט צוליעב מצות השבת אבידה. ער האָט זיך גלאָט דערשראָקען נאָר כאָפּט איהם דער רוח. הער ווייטער דושקינס מעשה: — „און דעם דאָזיגען פויער, ניקאָלאַי דעמענטיעוו'ן, קען איך פון קינדרוויז אויף, פון איין גובערניע און איין אויעזד און ניקאָלאַי איז אפילו ניט קיין שכור! נאָר האָט זיך ליעב צו מאַכען א כוסה, און מיר האָבען געוואוסט, אז ער ארבייט אין דעמזועלביגען הויז, ער פארבט דאָרט און מאַלט צוזאַמען מיט מיטרייען, זיי זענען ביידע פון איין דאָרף: באַקומען דאָס בילעטעל, האָט ער איהם צובּיטען, פאר אמאָל אויסגעטרונקען א פּאָר גלעזלעך, גענומען אויסגעבן און איז אוועק. מיטרייען האָב איך דעמאָלט ניט געזעהן מיט איהם צוזאַמען. און אויף מאָרגען האָב איך דערהערט, אז מען האָט גע'הרג'עט אלענאַ איוואַנאָוונאַ און זייער שוועסטער ליזאַוועטאַ'ן מיט א האַק, און מיר האָבען זיי געקענט, דאָ איז מיר איינגעפאַלען א חשד אויף די אויריננ־לעך, — מחמת מיר האָבען געוואוסט, אז די גע'הרג'עטע פלעגט לייהען געלט אויף משכנות. בין איך אוועק צו זיי אהיים און האָב הינטער ארום גענומען טאָפּען אין וואָגען אריין: קודם כל האָב איך א פרעג געטאָן: ניקאָלאַי איז אין דער היים? זאָגט מיטריי, אז ניקאָלאַי האָט זיך פארהוליעט, געקומען אהיים באַגינען א שכור'ער, אָבגעוועזען אנ־ערך א מינוט צעהן און איז ווידער אוועק, און מיטריי האָט איהם שוין מעהר ניט געזעהן און ענדיגט אליין די ארבייט. און די ארבייט זייערע איז אויף דיזעלבע טרעפּ וואו ס'איז געווען די רציחה, אויפ'ן צווייטען שטאָק. אז מיר זענען דאָס אלצדינג געוואָהר געוואָרען, האָבען מיר קיינעם ניט דערצעהלט קיין מעשיות, — אזוי דערצעהלט

— שאַ, קאָך זיך ניט, מען האָט זיי גלאַט פאַרהאַלטען: מען קען דאָך אַנדעריש ניט.. יאָ, מיט דעם דאָזיגען קאַכ'ן האָב איך מיך אַמאָל געטראָפען; עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט אויפגע־קויפט ביי דער אַלטער די זאַכען, וואָס ס'איז אויסגעגאַנגען זייער טערמין! וואָס זאָגסטו דערצו!

— געוויס, שוין איינמאָל אַ שווינדלער! וועקסלען קויפט ער אויך אויף. אַ סוחר, נאָר כאַפּט איהם דער רוח! ווייל אויף וואָס, מיינסטו, בין איך אַזוי אין כעס. פאַרשטעהסט אויף וואָס? זייער אַלטע פאַר־שימעלטע באַנאַלע מיאוסע קליינקעפּעלדיגקייט מאַכט מיך בייז... און דאָ קען מען ענטדעקען אַ נייעם וועג אין דער זאַך אַליין. נעהמענדיג אין אַכט בלויז פּסיכאָלאָגישע ראיות קען מען דערוויזען, ווי אַזוי אַנצוטרעפען אויף דעם אמת'ן וועג. „מיר האָבען פאַקטען!" — האַלטען זיי אין איין טענה'ן. פאַקטען זיינען דאָך אָבער ניט אַלין: אַלענפאַלס באַשטעהט אַ העלפט פון דער זאַך אין דער קונסט זיך צו באַנעהן מיט פאַקטען!

— און דו קענסט זיך באַנעהן מיט פאַקטען?

— מען קען דאָך אָבער ניט שווייגען, ווען דו פיהלסט, פיהלסט בחוש, אַז דו וואָלסט טאַקע געקענט העלפען, ווען... עך!... דו ביסט קלאָר אין דעם גאַנצען ענין?

— אַט איך וואַרט אַלץ זאָלסט מיר דערצעהלען וועגען פאַרבער.

אויף דעם דריטען טאָג נאָך דער רציחה, אין דערפריה, בשעת זיי האָבען זיך נאָך דאָרטען געצאַצקעט מיט קאָכ'ן און פעסטריאַקאָוו'ן, — הגם יענע האָבען מיט אותות ומופתים דערוויזען, אַז זיי זענען דאָ גאָט די נשמה שולדיג, — דאַרף זיך פּלוצלונג טרעפען אַזאַ מין געשיכטע. איינער אַ פויער דושקין, וואָס האַלט אַ שענק פונקט געגענ־איבער יענעם הויז, קומט צו געהן אין קאַנצעלאַריע און ברענגט אַ יובעלירען־שיידעל מיט גאָלדענע אוירנגלעך, און דערצעהלט אַ גאַנצע מעשה: „געקומען צו מיר צו לויפען, זאָגט ער אייער־נעכטען, אַנ־ערך נאָך אַכט דעם זייגער פאַרנאַכטלעך" — דו באַנוקמסט אין וועל־כען טאָג און שעה? — איינער אַנ'אַרבייטער אַ פאַרבער, וועלכער איז נאָך פריהער ביי טאָג ביי מיר אויך געוועזען, ניקאָלאַי הייסט ער, און האָט מיר געבראַכט דאָס דאָזיגע קעסטעלע מיט גילדערנע אויר־רינגלעך און מיט שטיינדלעך, און געוואָלט זיי פאַרמשכונען פאַר צוויי

— נו, איז וואָס איז מיט'ן פאַרבער געווען? — האָט זאַסימאָוו עפּעס מיט א מאָדנעם כעס איבערגעשלאָגען נאַסטאַסיאַס פּלוידעריי.

יענע האָט א זיפץ געטאָן און איז אנשוויגען געוואָרען.

— נו, האָט מען איהם אויך פאַרשריבען אין צעטעל פון די מער־דער!

— וואָס, ס'איז דען עפּעס דאָ באַווייזען?

— ווייס איך וואָס! יאָ, ס'איז אייגענטליך פאַראַן א באַ־ווייז, נאָר דער באַווייז איז קיין באַווייז ניט, אָט דאָס מוז דערוויזען ווערען! דאָס איז פונקט זאָל פּעהלען א האָר, ווי זיי האָבען צוגע־נומען און חושד געווען יענע... ווי הייסען זיי... קאָכ'ן און פּעסטרי־אַקאָוו'ן. פע! ווי נאַריש דאָ פיהרט זיך אַלץ, פון דערווייטען אפילו נעהמט אַן אנ'עקעל! פּעסטריאַקאָוו וועט נאָך אפשר צו מיר היינט אריינקומען...

— שאַ, ראָדיאַ, דו דאַרפסט דאָך וויסען די דאָזיגע געשיכטע, זי איז געשעהן נאָך פאַר דיין קראַנק ווערען, פונקט מיט א טאָג פריהער, ווי דו ביזט געפאַלען אין חלשות אין קאַנצעלאַריע. ווען מען האָט דאָרט דערצעהלט וועגען דעם...

זאַסימאָוו האָט נייגעריג א קוק געטאָן אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן; יענער האָט זיך א ריהר ניט געגעבען.

— דו ווייסט גאָר וואָס איך וועל דיר זאָגען, ראַזומיכין? איך קוק אויף דיר און מיר איז א גרויסער חדוש: דו ביזט דאָך עפּעס גאָר א גאַנצער מאַכער, — האָט זאַסימאָוו געזאָגט.

— זאָל זיין א מאַכער, מיר'ן איהם אָבער ארויסנעהמען! — האָט ראַזומיכין א געשריי געטאָן, א קלאַפּ טוענדיג מיט דער פויסט איבער'ן טיש. — וואָס, מיינסטו, פאַרדריסט מיך דאָ אזוי? ניט דאָס, וואָס זיי זאָגען ליגען, א ליגען קען מען שטענדיג מוחל זיין; ליגען איז א גאַנץ וואוילע זאַך, ווייל עס פיהרט צום אמת. ניין, מיר פאַרדריסט דאָס, וואָס זיי זאָגען ליגען, און גיבען נאָך אָב כבוד זייער אייגענעם ליגען. פאַרפיר'ן האָב איך גאַנץ ליעב, אָבער... ווייל וואָס, מיינסטו, א שטייגער, האָט זיי איבערהויפּט אראָבגעפיהרט פון וועג? די טהיר איז געווען פאַרשפּאַרט, און ווי זיי זענען געקומען מיט'ן סטרוזש — אָפען: אַלזאָ, וואָס איז דאָ צו קלערען א סך, קאָך און פּעסטריאַקאָוו האָבען גע'הרג'עט! אָט דאָס איז דאָך זייער לאָגיק.

פארשטעהסט דאך ניט פון דאנען אהין! איהר אכט ניט דעם מענשען — באַליידיגט איהר זיך אַליין... און אויב דו ווילסט וויסען, איז ביי אונז אפשר דאַ איצט אַ געמיינזאמעס געשעפט.

— איך וואלט טאקע זיין אַ בעלן צו וויסען.

— דאס איז אַלץ וועגען דעם מאַליער, ד. ה. וועגען דעם פאר־בער... נישקשה, מיר וועלען איהם שוין ארויסנעהמען! און צוריק־גערעדט, איז שוין איצט קיין שום אומגליק ניט. די זאך איז זעהר און זעהר קלאַר! מיר וועלען נאָר אונטערגעבען היץ.

— וואס איז נאך דארט פאר אַ פארבער אזעלכער?

— וואס הייסט, איך האב אייך דען ניט דערצעהלט? ווארט! אהאַ, איך האב דיר נאר דעם אָנהויב דערצעהלט... אָט וועגען דעם, וואס מען האט געה'רג'עט דער אַלטער פּראצענטניצע די טשינאָווניצע... נו, איז דאַ פארמישט אַ פארבער אויך...

— יאַ, יאַ, וועגען דעם האב איך שוין געהאט געהערט נאך פריהער פאר דיר, איך אינטערעסיר זיך זאגאר דערמיט... אביסעל... צוליעב עפּעס אַ זאך... און אין די צייטונגען געלעזען! אהאַ, יאַ...

— ליזאַוועטאַ'ן האט מען דאך אויך געה'רג'עט! — האט נאס־טאסיא אין מיטען דערינען אויסגעשאסען, זיך ווענדענדיג צו ראס־קאלניקאָוו'ן.

זי איז די גאנצע צייט געווען אין צימער אנגעשפּארט אן טיר און האט זיך איינגעהערט.

— ליזאַוועטאַ'ן? — האט ראסקאלניקאָוו קוים געקענט ארויס־שטאַמלען מיט אַ שוואַכער שטים.

— יאַ, ליזאַוועטאַ'ן, אַ הענדלערין געווען, געדענקסט ניט, וואס? זי פלעגט קומען אהערצו אונטען. האט דיר אפילו אַ העמד פאררירכט.

ראסקאלניקאָוו האט זיך אבגעקעהרט צום וואַנט, האט אויסגע־קליבען אויף די שמוציגע געלע טאַפּעטען מיט ווייסע בלומען אַנ'־אומגעלומפּערטע ווייסע קווייט מיט עפּעס אזעלכע ברוינע פּאסיקלאך און האט זיך גענומען באטראכטען: וויפיעל בלעטעלעך איז אין איהר, וואס פאר אַ קארבען איז אויף די בלעטעלעך און וויפיעל פאסיקלעך? ער האט געפיהלט, אז איהם האבען אבגעג'הליש'ט הענט און פיס, גלייך ווי אבגענומען, נאר ער האט זיך אפילו ניט געפּרובט אַ ריהר טאן און האט שטארק געקוקט אויף דאס קווייטעל.

— יאָ, אַבער גאָר אַ ווייטער: נאָר וואָס קרימסטו זיך עפּעס? טאָמער האָט איהר זיך אַמאָל צוֹאַוועטעלט, ווילסטו שוין אודאי גאָר ניט געהן?

— ווער באַשטעהט אַן איהם...

— וואָס רעו, די גלייכסטע זאַך. דאַרטען וועלען זיין סטודענ־טען, אַ לעהרער, איינער אַ טשינאָווניק, איינער אַ מוזיקאַנט, אַנ־אָפיצער, זאַמעטאָוו...

— זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס קענסטו אָדער ער. — ער האָט אַנגעוויזען מיט׳ן קאָפּ אויף ראַסקאָלניקאָוו׳ן, — האָבען פאַר אַ שייכות צו עפּעס אַ זאַמעטאָוו׳ן?

— אָ, עס הויבט זיך שוין אַן — איבערקלויבער! פּרינציפּען!... ביסט אויף דיינע פּרינציפּען, פּונקט ווי אויף ספּרונזשינעס; אַ קעהר טאָן זיך טאַרסטו ניט ווי דו וואָלסט וועלען; און מיין מיינונג איז, אַז יעדער מענש איז אַ מענש — איז דאָס ביי מיר דער בעסטער פּרינ־ציפּ. און איך וויל פון גאָרניט וויסען. זאַמעטאָוו איז אַ וואונדערלי־כער מענש.

— מיט פאַרשטאָכענע הענט.

— און אויב מיט פאַרשטאָכענע הענט, בין איך בדלות: וואָס איז דאָרט אַזוי, אַז ער האָט פאַרשטאָכענע הענט! — האָט ראַזומי־כין פּלוצלונג אַרויסגערונערט, ווערענדיג עפּעס אונגאַטירליך צוקאָכט. — איך האָב דיר דען אַנגעגעבען פאַר אַ מעלה, וואָס ער האָט פאַר־שטאָכענע הענט? איך האָב געזאָגט, אַז אין זיין אופן נאָר איז ער גוט! אַבער אין כלל גענומען ווען מען זאָל דעם מענשען באַטראַכטען אין אַלע אופנים, וועט עפּעס בלייבען אַ סך גוטע מענשען? איך בין זיכער, אַז פאַר מיר אינגאַנצען, מיט האַק און פּאַק, וועט מען דאָ־מאָלס געבען ניט מעהר ווי איין ציבעלע! איז אויך מיט דיר נאָך אַלס צוגאָב!...

— דאָס איז ווינציג: איך וועל פאַר דיר געבען צוויי...

— און איך פאַר דיר נאָר איינע! חכמ׳ע זיך נאָך! זאַמעטאָוו איז נאָך אַ אינגעל, איך וועל נאָך איהם פאַר די אויערן אַנדרעהן. מען דאַרף איהם אַבער צוציהען, נ י ט אַבשטויסען. דערמיט וואָס דו וועסט אַ מענשען אַבשטויסען, — וועסט איהם ניט מאַכען בעסער, בפרט נאָך אַ אינגעל. מיט אַ אינגעל דאַרף מען זיין פאָרזיכטיג צוויי מאָל אַזוי פיעל. עך, איהר פאַרשטאָפּטע קעפּ, איהר אויפגעקלערטע, איהר

אויך ניט און... נאר וואס איז דא פארהאן צו פלוידערן!... ער האט זיך איבערגעקוקט מיט ראזומיכינען. — און קיין רעצעפטען דארף מען ניט, מען דארף גארניט, און מארגען וועל איך זעהן... מען וואלט אפילו היינט אויך... נאר, מילא...

— מארגען פאר נאכט שלעפ איך איהם שפאצירען — האט ראזומיכען באשלאסען — צו יוסופאוו'ן אין גארטען און דערנאך נעהען מיר אין „פאלע־דע־קריסטאל“.

— מארגען וואלט מען איהם איינגענטליך ניט געדארפט ריה־רען פון ארט, נאר א ביסעלע אפשר שאדט ניט... מיר'ן שוין אבער שפעטער זעהן.

— ע־עך, ס'א הארצוועהטאג, גראד היינט פראווע איך א יום־טוב לכבוד מיין ייעער דירה צוויי טריט פון דאנען; וואלט ער אויך גע־נומען אנ'אנטייל, וואלט ער כאטש ליעגען אביסעל אויפ'ן דיוואן צווי־שען אונז! און דו וועסט זיין — האט ער זיך פלוצלונג א קעהר געטאן צו זאסימאוו'ן. — זעה ניט פארגעסען, דו האסט צוגעזאגט.

— איך וועל אפשר אונטערקומען. אבער שפעטער. וואס האסטו דארט צוגעגרייט?

— גארנישט מיט גארנישט: טיי, בראנפען, הערינג. מען וועט דערלאנגען א טארט; עס וועלען זיין איינענע מענשען.

— ווער טהיינו?

— אליץ פון די געגענטען און כמעט אלע נייע, כ'לעבען, — סיידען מען זאל רעכענען מיין אלטען פעטער, איז ער אפילו אויך א נייער: ערשט נעכטען געקומען צו פאהרען קיין פעטערבורג, עפעס האט ער דא געשעפטלעך; מיר זעהען זיך איינמאל אין פינף יאהר.

— ווער איז ער דאס אזוינער?

— האט זיך אבגעוואלגערט זיין גאנץ לעבען אלס פאסט־מייס־טער אין א אויעזד־שטאדט... קריגט א קלאגעדיגע פענסיע, אלט אקע־גען פינף און זעכציג יאהר, עס איז אפילו ניט כדאי צו רעדען דער־פון... הגם צוריקגערעדט האב איך איהם גאנץ ליעב. פארפירי פעט־ראוויטש וועט אויך קומען: דאס איז דער פריסטאוו פון דעם ז'אזיגען ראיאן איבער די ענינים, וואס פאדערן אנ'אויספארשונג... א יוריסט.

— דו קענסט דאך איהם...

— ער איז אויך עפעס דיינער א קרוב?

מען מאַנטעל; העלע זומערדיגע הויזען. און בכלל זענען אַלע זיינע קליידער געווען ברייט, פראַנטיש און שפּאַגעל־ניי. ערשט פון דער גאַרעל אַרויס; דאָס וועש גרויסאַרטיג. די קייט פון זייגער מאַסיוו. זיין אַרט האַלטען זיך איז געווען געלאַסען, עפּעס אַזוי ווי פויל און צו גלייכער צייט מיט אַ מין געמאַכטער אויסגעבונדענקייט מיט איטליכען; אין זיין גאַנצען האַלטען זיך איז געווען קענטיג אַ פּרע־טענזיע. וועלכע ער האָט איבריגענס געזוכט מיט אַלע כחות צו פאַר־באַרגען. אַלע, וואָס האָבען איהם געקענט, האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ שווערען מענשען. האָבען אָבער מודה געווען, אַז קענען די מלאכה זיינע קען ער.

— איך בין ביי דיר, ברודער־לעבען, צוויי מאָל געווען... זעהסט, ער איז שוין צו זיך געקומען! — האָט ראַזומיכין אַ געשריי געטאָן.

— איך זעה, איך זעה; איז ווי האַלט עס מיט אונז איצט, האַ? — האָט זאָסימאָוו זיך געווענדעט צו ראַסקאָלניקאָוו'ן אויפמערק־זאַם באַטראַכטענדיג איהם. און האָט זיך איהם אוועקגעזעצט צופוסענס אויפ'ן דיוואַן, וואו ער האָט זיך צושפּרייט גאַנץ ברייטלעך, אויף ווי־פיעל דאָס איז געווען מעגליך.

— אַלץ פאַר'מרה־שחורה'ט, — האָט ראַזומיכין ווייטער דער־צעהלט. נאָר־וואָס האָבען מיר איהם דאָס וועש איבערגעטאָן, האָט ער זיך שיער ניט צוואָוויינט.

— נעוויס אַזוי; דאָס וועש וואָלט זיין רעכט שפּעטער אויך, וויבאַלד ער וויל אַליין ניט... דער דופּק איז אין אָרדנונג. דער קאָפּ טוט נאָך אַלץ אַביסעל וועה, האַ?

— איך בין געזונט, פאָלקאָם געזונט! — האָט ראַסקאָלניקאָוו דרינגלעך און אויפרענט געזאָגט, זיך פּלוצלונג עטוואָס אויפהויבענדיג פון דיוואַן און אַ בליץ געבענדיג מיט די אויגען, אָבער גלייך איז ער ווידער געפאַלען אויפ'ן קישען און זיך אומגעקעהרט צום וואַנט.

זאָסימאָוו האָט איהם באַטראַכט מיט דורכדרינגענדע בליקען.

— זעהר גוט... אַלץ ווי געהעריג איז, — האָט ער פויל אַרויס־געריעדט. — ער האָט עפּעס געגעסען?

מען האָט איהם דערצעהלט און געפרעגט, וואָס מעג מען איהם געבען.

— אַלץ מעג מען איהם געבען... זופּ, טיי... שוואָמען מיט אוגער־קעס טאָר מען איהם נאַטירליך ניט געבען, נו, און פלייש דאַרף מען

— נו, ברודער־לעבען. דאָס איז אונמעגליך: ווייבאַלד אַזוי. צוליעב וואָס־זשע האָב איך געדאַרפט רייסען די שיך! — האָט ראַזו־מיכין פּראָטעסטירט. — נאַסטאַסינקע, שעמט זיך ניט און העלפט אונטער, — אַט אַזוי!

און ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך ניט געלאָזען, האָט ער איהם דאָך איבערגעטאָן דאָס וועש. יענער האָט אַ פאַל געטאָן אויפ'ן קישען און אַקעגען צוויי מינוט, אַ וואָרט ניט גערעדט.

„וואָס האָבען זיי זיך אַנגעזעצט אויף מיר?" האָט ער געטראַכט.

— פון וואָסערע געלט האָט מען דאָס אַלץ איינגעקויפט? — האָט ער ענדליך אַ פרעג געטאָן, קוקענדיג אין וואַנט אַריין.

— געלט? נאָ דיר גאָר אַ נייס! טאַקע פון דיינע אייגענע פריי־הער געוועזען דאָ דער אַרטעלשטשיק, פון וואַכרושינען, די מאַמע גע־שיקט: דאָס אויך פאַרגעסען, וואָס?

— איצט געדענק איך... האָט ראַסקאָלניקאָוו אַרויסגערעדט, נאָך אַ לאַנגען און בעס'דיגען פאַרטראַכט זיין.

ראַזומיכין איז געוואָרען ערנסט און האָט געוואָרפען אויף איהם אומרוהיגע בליקען.

די טהיר האָט זיך געעפענט און ס'איז אַריין געקומען אַ הויכער פעסטער מאַן. וואָס איז אויך עפּעס אַזוי ווי געווען ראַסקאָלניקאָוו'ן באַקאַנט.

— זאָסימאָוו! פאַרט זיך דערוואַרט! — האָט ראַזומיכין מיט פרייד אויסגעשריען.

---

## פערטער קאַפּיטעל.

זאָסימאָוו איז געווען אַ הויכער און אַ דיקער מאַן, מיט אַנ'אויפ־געבלאָזענעם, פאַרבלאַז־בלאַסען, גלאַט־אָבגעראַזירטען פּנים, מיט פאַרב־לאָזע גלייכע האָר, אין ברילען און מיט אַ גרויסען גאָלדענעם רונג אויף דעם פון פעטקייט אָנגעשוואָלענעם פינגער. געווען איז איהם אַ יאָהר זיבען און צוואַנציג, ער האָט געטראָגען אַ ברייטען, פראַנטישען, לייכ־

רעטער פון דער ענגלישער באַטשאַפט האָט זיי יענע וואָך פאַר'סחר'ט אויפ'ן מאַרק, געטראָגען ניט מעהר ווי זעקס טעג, האָט אָבער נויטיג געדאַרפט האָבען געלט. באַצאָהלט א רובל מיט פופציג קאָפּיקעס. א מציאה, ניט אמת?

— אפשר גאַר ניט די מאָס? — האָט נאַסטאַסיא א זאָג געטאָן

— ניט די מאָס! און דאָס איז א הונט? — און ער האָט אַרויס־געשלעפּט פון קעשענע ראַסקאָלניקאָוום אנ'אַלטען פאַרשמאָדערטען, פאַרבלאָטיגטען, צולעכערטען שוך, — איך בין געוועזען גרייט צו אלץ און א דאַנק דעם דאָזיגען טייערן חפץ האָט מען מיר צוגעפּאַסט די מאָס. דאָס גאַנצע געשעפט איז צוגעגאַנגען זעהר פּאַטריאַרכאַליש. און וואָס עס אַנבעלאַנגט צו וועש, בין איך דורכגעקומען מיט דער בעל־הבית'טע. אָט האָסטו קודם כל דריי לייווענטענע העמדער, מיט א מאָדערנעם הערצעל... אלזא: אכציג קאָפּיקעס דאָס היטעל, צוויי רובל מיט פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס די איבריגע מלבושים, איז צוזאַמען אזוי גרויס ווי דריי רובל מיט פינף קאָפּיקעס; א רובל פופציג קאָפּיקעס די שיך, — מחמת זיי זענען עפּעס אנ'אַנטיקעל — איז א סך־הכל פון פיער רובל מיט פינף און פופציג קאָפּיקעס. היינט פינף רובל פאַר דאָס גאַנצע ביסעל וועש, — שוין סולם אהולאָם — האָסטו א חשבון פון ניין רובל מיט פינף און פופציג קאָפּיקעס. פינף און פערציג קאָפּיקעס, דורך קופּערנע צעהנער, באַקומען זיי אויסגאַב, — און אויף אזאנ'אופן, ראָדיא, ביזטו איצט באַקליידט ווי א גראַף, ווייל דיין מאַנטעל, קען מען נאָך, לויט מיין מיינונג, ניט נאָר טראָגען, נאָר ער איז נאָך אפילו זעהר פיין: אָט דאָס הייסט נעהמען ביי א רעכטען שניידער! און וואָס עס אַנבעלאַנגט צו זאָקען און צו איבע־ריגע קליינקייטען גיב איך דאָס איבער אין דיין רשות; אונז בלייבט נאָך א סומע פון פינף און צוואַנציג קאַרבען. וועגען פּאַשענקען און וועגען באַצאָהלען דירה־געלט זיי רוהיג; איך האָב שוין וועגען דעם גערעט און דו קריגסט קרעדיט וויפיעל דו ווילסט נאָר אליין! און איצט, ברודער־לעבען! לאָז אָקאַרשט איבערטאָן דיר אין ריינע וועש, ווייל די קרענק מוז ביי דיר איצט שטעקען ניט מעהר ווי אין העמד...

— לאָז! כ'וויל ניט! — האָט געשריען ראַסקאָלניקאָוו, וועלכער האָט מיט א געפיהל פון עקעל צוגעהערט ראַזומיכינ'ס מליצות וועגען די מציאות, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט.

— א פערציגער אודאי געגעבען, — האָט נאַסטאַסיאַ געענטפערט.

— א פערציגער, שוטה איינע! האָט ער אויסגעשריען מיט א ברוגז, — היינטיגע צייטען ווען מען דיך אויך ניט קויפען פאַר א פערציגער. — אכציג קאָפּיקעס מזומנים! איז אויך מחמת אביסעל א געניצטס. אמת, איך האָב אויסגעגומען א תנאי: דער ווען אַלט ווערען, קריגסטו איבער א יאָהר נאָך איינעם כחנם, זאָל איך אזוי לעבען! נו. און איצט ווען מיר זיך נעמען פאַר די פלודערן. איך זאָג דיר א פריהער, — מיט די פּלודערן שטאָלציר איך! און ער האָט פונאנדערגעלעגט פאַר ראַסקאָלניקאָוו'ן א גרויע פאַר הויזען פון לייכטען זומערדיגען געוואַנד, — א גאַנצע פאַר הויזען אהן א שפּרינקעלע אפילו, און כאָטש שוין צוגעניצט, דאָך אבער נאָך גאַנץ נישקשה'דיגע; אין דערצו א וועסטעל פון דעם אייגענעם קאָליר, אלין נאָך דער מאָדע נאָך! אי, וואָס, אביסעל צוגעניצט, איז דאָס דאָך, דעם אמת זאָגענדיג, א מעלה: ווייכער, איידעלער... פערשטעהסט, ראָדיאַ, אויב מע'ז וויל ווערען א מענש, דאַרף מען, נאָך מיין מיינונג נאָך, שטענדיג האַלטען פון סעזאָן; ווען דו וועסט ניט ניצען קיין גרינס אין חדש שבט, וועסטו טאַקע איינשפּאָרען עטליכע קערבלעך. די אייגענע מעשה איז מיט די קליידער, וואָס איך האָב דיר איינגעקויפט. איצט איז דער זומער־סעזאָן, האָב איך דיר איינגעקויפט אלין זומערדיגס, ווייל צו הערבסט צו וועט דער סעזאָן סיי ווי סיי פאָדערן א וואַרעמערע סחורה, וועט מען דאָס זומערדיגע דאָך מוזען אוועקוואַרפען... בפרט אז ביז יענער צייט וועט דאָס במילא צופאַלען ווערען, אויב ניט פון וואוילטאָג, איז פון אנדערע סבות. נו, שאַץ! וויפיעל מיינסטו? צוויי רובל מיט פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס! און ניט פארגעס, אז איך האָב אייסגערעדט: טאָמער ווערען זיי אַלט, קריגסטו איבער א יאָהר אנ'אנדער פּאָר בחנם! ביי פעדיאַיעוו'ן אין געוועלב איז שוין אזוי איינגעפיהרט; האָסטו באַצאָהלט איינמאָל, וועט דיר שוין קלעקען אויף דיין גאַנץ לעבען. מחמת א צווייטען מאָל וועסטו שוין פארזאָרגען א צעהנטען צו געהן אהינצו, איצט ווען מיר זיך אלזאָ נעהמען צו די שיך, — וואָס זאָגסטו, ביזט א מבין אויף זיי? ס'איז דאָך גלייך קענטיג, אז זיי זענען שוין געטראָגען. דאָך וועלען זיי נאָך דינען א חדשים צוויי, ווייל די ארבייט איז אנ'אויסלענדישע און דאָס לעדער איז אנ'אויסלענדישעס: דער סעק־

האטנ זיך נאך פריהער געדאכט, אז דו ביזט נאך אלץ ניט ביים זי־נען... איצט ביסטו פון דעם שלאף געגעזען געווארען... אויף מיינע נאמנות, ווי דו זעהסט בעסער אויס. ביסט א העלד א יונג! נאר צייט צו דער ארבייט! אט וועסטו זיך באלד דערמאהנען. גיעב נאר א קוק אהערצו, מיין טייערער.

ער האט גענומען פונאנדערפאקען דעם פאק, וועלכער האט איהם קענטיג שטארק אינטערעסירט.

— דאס, ברודער־לעבען, האט מיך מעהר פאר אלץ געארט, עה־רען־ווארט, ווייל מען דארף דאך עפעס מאכען דיך פאר א לייט. אל־זא צו דער ארבייט: מיר'ן אנהייבען פון אויבען, זעהסט אט דאס קאשקעטעל? — האט ער אנגעהויבען, ארויסנעהמענדיג פון פאק א גאנץ פיין, אבער אין דערזעלבער צייט אויך זעהר א געוועהנליך און ביליג היטעל. — גיב נאר א מעסט אן אויף ציקאוועשטש!

— שפעטער א ווײלע, — האט ראסקאלניקאוו ארויסגערעדט, אפשטויסענדיג איהם מיט א ווידערגעפיהל.

— נו, ברודער־לעבען, זיי א מענש, דערנאך וועט זיין שפעט: איך וועל א גאנצע נאכט ניט אנטשלאפען ווערען צוליעב דעם, ווייל איך האב געקויפט אהן א מאס, אויף גאטס־באראט. זאל פעהלען א האר! — האט ער מיט נצחון אויסגעשריען, אנמעסטענדיג, — פונקט דיין מאס! ווייל זאלסט וויסען זיין, ברודער־לעבען, אז א הוט איז די ערשטע זאך צווישען קליידער, עס איז א מין רעקאמענדאציע. טאלסטיאקאוו, א פריינד מיינער, מוז איטליכס מאל אויסטאן זיין צודעק, ווען ער קומט אריין ערגיץ אין אן אנשטאלט, וואו אלע שטע־הען אין קאפעליושען און היטלען. אלע מיינען, אז ער טוט עס אויס קנעכטישע געפיהלען, און ער נעבעך טוט עס, פשוט דערפאר, ווייל ער שעמט זיך פאר זיין ספאדיק, — פארט א שעמעוודיגער מענש! אלזא, נאסטינקע, אט האט איהר צוויי היט: דעם דאזיגען פאלמערס־טאן (ער האט ארויסגעשלעפט פון ערגעץ א ווינקעל ראסקאלניקאווס צודרעהטען קיילעכדיגען הוט, וועלכען ער האט א נאמען געגעבען פאל־מערסטאן, איין גאט וויים פאר וואס), אדער אט דעם דאזיגען פיי־נעם חפץ? שאץ ראדיא, וויפיעל האב איך נאך דיין מיינונג געדארפט באצאהלען? נאסטינקע? — האט ער זיך געווענדט צו איהר, זע־הענדיג, אז יענער שווייגט.

און געקוקט אויף איהם, גלייך ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט אין עפּעס צו דערמאָהנען זיך.

— אהא, שלאָפסט ניט, נו, און אָט בין איך אויך! נאסטאסיא, שלעפּ אהער דעם פּאַק! — האָט ראזומיכין א געשריי געטאָן אראָפּצו צו די טרעפּ. — שוין קריגסטו א רעכענונג.

— וויפיעל א זייגער? — האָט ראסקאָלניקאָוו געפרעגט, וואָר־פענדיג אומרוהיגע בליקען אויף אלע זייטען.

— האָסט נישקשה'דיג, ברודער־לעבען, אריינגעשלאָפען; שוין נאכט אין דרויסען, שוין א זייגער זעקס. געשלאָפען שטארקע זעקס שעה.

— רבונו של עולם! וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר!...

— שאַ! שאַ, מה רעש: צו רפואה דיר! וואָס האָסטו אזוי קיין צייט ניט? איילסט אויף א ראנדעוואו צי וואָס? די גאנצע צייט איז איצט אונזערע. איך וואַרט אויף דיר שוין א שעה דריי; אמאָל צוויי געווען, האָסטו געשלאָפען. צוויי מאָל געוואָהר געווען צו זאסי־מאָוו'ן: ניטאָ אין דער היים, און טו זיך עפּעס! נאר נישקשה, ער וועט קומען!... ער איז אויך אוועק וועגען עפּעס געשעפטען זיינע. איך האָב זיך דאָך היינט איבערגעצויגען, שוין גאר איינגאנצען, מיט א פעטער. איך האָב דאָך איצט א פעטער... נאר געהט עס צום טייוועל, צו דער ארבייט!... נאסטינקע, גיב אהער דעם פּאַק, אָט שוין ווערען מיר פאַרטיג. נו, און ווי פיהלסטו זיך עפּעס! ברודער־לעבען?

— איך בין געזונד; איך בין ניט קראנק... ראזומיכין דו ביסט דאָ שוין לאנג?

—איך זאָג דאָך דיר — שוין דריי שעה אז איך וואַרט.

— ניין, פריהער אבער?

— וואָס פריהער?

— פון ווען אָן געהסטו אהער?

— איך האָב דיר דאָך פריהער דערצעהלט; געדענקסט גאר ניט, וואָס?

ראסקאָלניקאָוו האָט זיך פארטראכט. ווי אין א חלום איז איהם דאָס פריהערדיגע פאָרגעקומען. איינער אליין האָט ער זיך ניט גע־קענט דערמאָהנען און האָט פרעגענדיג געקוקט אויף ראזומיכינען.

— הם!... — האָט יענער געזאָגט, — האָסט פאַרגעסען. מיר

האבען זיי גראד פארזעהן! און אט איז דאס געלט אויך אויפ'ן טיש. דאנקען גאט! און אט איז דער וועקסעל... איך וועל נעהמען דאס געלט און וועל אוועקגעהן, וועל זיך דינגען אן אנדער וואוינונג, זיי וועלען מיך נימ געפינען!... יא, אבער דאס אדרעסען־ביורא? זיי וועלען געפינען! ראזומיכין וועט געפינען. בעסער גאר איינגאנצען אנטלויפען... ווייט־ווייט... אין אמעריקא, און א שפיי טאן אויף זיי אלעמען! דעם וועקסעל אויך מיטנעהמען... ער וועט דארט צוניץ קומען... וואס נעהמט מען עפעס נאך? זיי מיינען, איך בין קראנק. זיי פאלט גאר ניט איין אפילו, אז איך קען געהן, חע—חע—חע—!... איך האב דערקענט נאך די אויגען, אז זיי ווייסען אלצדינג! נאר פון טרעפ אראפגעהן! און ווי איז, אז זיי האבען דארט צושטעלט שומרים, פאליציאנטען! וואס איז דאס, טיי גאר? און אט איז איבערגעבליבען ביער אויך, א האלב פלעשעל, קאלטס!

ער האט געכאפט דאס פלעשעל, אין וועלכען ס'איז נאך פארבליבען ביי א גאנץ גלאז ביער, און האט עס מיט א מאדנעם תענוג אויסגעטרונקען אין איין אטהעם, גלייך ווי ער וואלט א פייער אין הארצען געלאשען! עס איז אבער קיין מינוט ניט אריבער, ווי דאס ביער האט איהם א זעץ געטאן אין קאפ, און איבער'ן רוקען איז איהם דורך א לייכטער און זאגאר אנגענעהמער פראסטיגער שוידער. ער האט זיך געלעגט און זיך איבערגעדעקט מיט דער קאלדרע. די געדאנקען, אזוי אויך קראנקע און פארפלאנטערטע, האבען זיך איהם אלץ מעהר און מעהר גענומען טומלען, און באלד האט איהם דורכגענומען א לייכטער און אנגענעהמער שלאף. מיט א מאדנעם פארגניגען האט ער אויסגעפונען מיט'ן קאפ אן ארט אויף דעם קישען, האט זיך גוט איינגעדעקט מיט דער ווייכער וואטע־קאלדרע, וואס איז אויף איהם איצט געווען אנשטאט דעם פריהערדיגען צופליקטען שינעל, האט שטיל אפגעעטעמט און איז אריינגעפאלען אין א טיעפען שטארקען, געזונדען שלאף.

ער האט זיך אויפגעכאפט, ווען ער האט דערהערט עמיצען אריינגעהן צו איהם אין צימער, האט געעפענט די אויגען און דערזעהן ראזומיכינען, וואס האט ברייט פונאנדערגעעפענט די טהיר און איז געשטאנען אויף דער שוועל, ניט וויסענדיג וואס צו טאן: אריין צי ניט? ראסקאלניקאוו האט זיך געשווינד אויפגעשטעלט אויפ'ן דיוואן

ניט מעהר זיי מאכען זיך כלא ידע, רייצען זיך, כל זמן איך ליעג אין בעט, און דערנאך וועלען זיי פּלוצלונג אריינקומען און וועלען זאגען, אז אלץ איז שוין לאנג באוואוסט, און זיי האבען נאר אזוי... וואס זשע טוט מען איצט? אט האב איך פארגעסען, ווי אויף צו להכעיס פארגעסען: מיט אמאל פארגעסען, אט ערשט נאך געדענקט!"

ער איז געשטאנען אין מיטען צימער און האט אין פּיינליכער פארלעגענהייט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען; איז צוגעגאנגען צום טהיר, אויפגעעפענט, זיך צוגעהערט; נאר דאס איז ניט געווען דאס, וואס מען האט געדארפט טאן. פּלוצלונג, גלייך ווי זיך דער־מאהנט, האט ער זיך א לאז געטאן צום ווינקעל, וואו ס'איז געווען א לאך אין די טאפּעטען, האט גענומען אלץ ארומקוקען; האט אריינ־געשטעקט אין לאך די האנט, א שאר געטאן, ס'איז אבער אויך ניט דאס. ער איז צוגעגאנגען צום אויוועלע, האט זי געעפענט און גענו־מען זוכען אין איש: שטיקלעך אויסגעפרענזעלטע ברעגען פון די הויזען און פון דער צוריסענער קעשענע האבען זיך נאך אלץ אזוי גע־וואלגערט, פונקט ווי ער האט זיי געלאזען, אלזא, האט עם קיינער ניט געזעהן! דא האט ער זיך דערמאהנט אן דעם זאק, וועגען וועלכען ראזומיכין האט נאר־וואס דערצעהלט. אמת טאקי, אט ליעגט ער אויפ'ן דיוואן, אונטער דער קאלדרע, ער איז שוין אבער אויף אזוי פיעל גראב און פארשמוצט געווארען פון דאמאלס אן, אז זאמעטאָוו האט שוין געוויס גארנישט דערזעהן אין איהם.

— בא, זאמעטאָוו!... קאנצעלאריע!... און צוליעב וואס רופט מען מיך אין קאנצעלאריע? וואו איז ערגעץ די פּאָוויעסטקא? בא! איך האב א טעות: דאס האט מען מיך דאמאלס געפאדערט! דא־מאלס האב איך אויך באטראכט דעם זאק, און איצט... איצט בין איך קראנק געווען. און נאך וואס איז זאמעטאָוו געקומען? נאך וואס האט איהם ראזומיכין געבראכט צו פיהרען?... — האט ער געשטאמעלט און זיך מאכטלאז ווידער אוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואן! — וואס זשע איז עס? בין איך דאס נאך אלץ אין א קאשמאר, אדער דאס איז אויפ'ן וואהר. דאכט זיך, אויפ'ן וואהר... אהא, איך האב זיך דער־מאהנט: אנטלויפען! וואס גיכער אנטלויפען, יא... וואוהין אבער? און וואו זיינען מייני זאכען? קיין שטיוועל האב איך ניט! מען האט זיי צוגענומען! באהאלטען! איך פארשטעה! דאס מאנטעל אבער

פומען און באפוצטע מיט רינגען, האט ער דיר דערלאנגט די טייערע מציאה. ערשט דאן האסטו זיך בארוהיגט, און א גאנץ מעת־לעת פון דער האנט ניט ארויסגעלאזט: מען האט עס ניט געקענט ביי דיר ארויסרייסען. עס ליגט נאך מסתמא איצטער אויך ביי דיר אונטער דער קאלדרע. און אויך האסטו געבעטען עפעס פרענזעלעך צו הוי־זען! אלץ הייסט געבעטען, מיט טרעהרען אין די אויגען! מיר האבען זיך אלץ נאכגעפרעגט, וואס פאר א פרענזעלעך מאהנט ער נאך דארט? האט מען אבער גארנישט געקענט פארשטעהן... אלזא, צו דער אר־בייט! אט דא האסטו פינף און דרייסיג רובל; נעהם איך פון זיי א צעהן־רובלדיגע און אין א צוויי שעה ארום וועל איך דיר אפגעבען א חשבון פון דעם געלט. דערווייל וועל איך געבען צו וויסען זאסי־מאוו'ן, ער האט שוין אפילו אזוי אויך געדארפט דא זיין, ס'איז שוין די צוועלפטע שעה. און איהר, נאסטינקע, ווערט איהם געוואהר, וואס אפטער, גיט אויף איהם אכטונג, א טרונק וואסער צי גלאט עפעס אין מויל אריין, וואס ער וועט וועלען. און פאשענקאן וועל איך שוין אליין זאגען, וואס מען דארף. אדיע.

— פאשענקא רופט ער זי שוין, אנדערש לוינט איהם ניט! אך, דו טרפה'נער פרצוף איינער! — האט איהם נאסטאסיא א ווארף געטאן: דערנאך האט זי אויפגעמאכט די טהיר און זיך גענומען צו־הערען, — האט אבער ניט אויסגעהאלטען און איז אליין אראפ אונ־טען.

איהר האט זיך שרעקליך געוואלט וויסען, וועגען וואס רעדט ער דארט מיט דער בעל־הבית'טע; און ס'איז גלאט געווען צו דערקענען, אז ראזומיכין האט זי גאר באצויבערט.

קוים האט זיך די טהיר פארמאכט הינטער נאסטאסיא'ן, האט דער קראנקער אראפגעשליידערט פון זיך די קאלדרע און איז ווי א פארריקטער אויפגעשפרונגען פון געלעגער. מיט א ברענענדיגער, פי־בערהאפטער אונגעדולד האט ער געווארט, זיי זאלען וואס גיכער אוועקגעהן, כדי תיכף זיך נעהמען צו דער ארבייט, בעת זיי וועלען ניט זיין. נאר צו וואס זיך נעהמען. צו וואס פאר אן ארבייט? — האט ער איצט עפעס אזוי ווי אויף צו להכעיס פארגעסען.

„רבונו של עולם! זאג מיר נאר איין זאך: ווייסען זיי שוין פון אלץ אדער זיי ווייסען נאך ניט? און ווי אזוי, אז זיי ווייסען שוין,

ראסקאָלניקאָוו האָט זיך געשווינד אָפּגעקעהרט און האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין ראזומיכינען.

— זעה, זעה, וואָס איז דאָס מיט דיר... וואָס האָסטו זיך דער־שראָקען? ער האָט געוואָלט מיט דיר באַקאַנט ווערען; ער האָט זיך אליין געבעטען, ווייל מיר האָבען זעהר פיעל וועגען דיר געשמועסט. א ניט פון וואַנען וואָלט איך עס געוואָהר געוואָרען אזא גוזמא וועגען דיר. א טייערער בחור, א זעלטענער... אויף זיין שטייגער, נאַטירליך. איצט זיינען מיר די בעסטע גוטע פריינד; מיר זעהען זיך כמעט טאָג־טעגליך. איך האָב זיך דאָך אריבערגעצויגען אין דעם דאָזיגען ציר־קעל אריין. דו ווייסט נאָך ניט דערפון? אָט ערשט זיך איבערגעצוי־גען. מיר זיינען שוין א פּאָר מאָל געווען מיט איהם ביי לאַוויזאַ'ן. לאַוויזאַ'ן געדענקסטו, לאַוויזאַ איוואַנאָוונאַ?

— איך האָב עפּעס גערעדט פון היץ?

— א שאלה! ניט געוואוסט אפילו, אויף וואָסער וועלט דו ביסט.

— וועגען וואָס האָב איך גערעדט?

— האָסטו געזעהן! וועגען וואָס האָט ער פון היץ גערעדט? אדרבה, וואָס האָסטו געקענט טאָקי רעדען פון היץ... נו, ברודער־לעבען און עבירה די צייט. צו דער ארבייט.

ער איז אויפגעשטאַנען פון שטוהל, און זיך גענומען פאַר דאָס היטעל.

— וועגען וואָס האָב איך גערעדט?

— וואָס אינטערעסירט עס דיך אזוי? האָסט א פּנים מורא פאַר דיינע סודות? זיי רוהיג: וועגען דער בת־מלכה האָסט א וואָרט ניט געזאָגט. זעהסטו, וועגען א הונד עפּעס, און וועגען אוירינגלעך, און וועגען קייטעלעך, און וועגען קרעסטאָווער אינזעל, און וועגען א סטרוזש עפּעס. און וועגען ניקאָדים פּאָמיטש'ן, און וועגען איליא פּעט־ראָוויטש'ן, דעם געהילף פון צירקעל־אויפזעהער, האָסטו זעהר א סך גערעדט. און אויסערדעם האָסטו זיך זעהר אינטערעסירט מיט א זאָק. זעהר זיך אינטערעסירט! האָסט געבאָך געהאַלטען אין איין בעטען רחמים מען זאָל דיר דיין זאָק געבען, זאָק, — און גאָר. זאמעטאָוו האָט אליין בכבודו ובעצמו געזוכט דיר דיינע זאָקען אין אלע ווינקע־לעך און מיט זיינע אייגענע הענדטעלעך, אויסגעוואַשענע אין פּאַר־

צעהל איך דיר עס על פּי גוטע פריינדשאַפט... דאָס איז דאָך טאַקי די מעשה: דער אַרעגנטליכער און געפּיהלפאָלער מאַן דערצעהלט אויס אַלע זיינע סודות און דער פּראַקטיישער מאַן הערט זיך צו און האָט זיך זיינס אין זינען. דערנאָך לעקט ער טאַקי אָפּ א ביינדעל. האָט זי איבערגעגעבען, הייסט עס, דעם וועקסעל דעם דאָזיגען טשעבאַ־רעוו׳ן, פאַר געלט כלומר׳שט, און יענער האָט זיך ניט געשעמט אָנ־צוגעבען אויף דיר. אז איך בין דערפון געוואָהר געוואָרען, האָב איך, דעם אמת זאָגענדיג, אפילו זעהר געוואָלט איהם אָוועקגעבען א גאָב אבער טאַקי אזוי ווי עס דאַרף צו זיין, ווי ער האָט עס נאָר פאַרדיענט. נאָר דאָ בין איך גאָר געוואָרען מיט פאַשענקאָן ווי אנדערע צוויי. האָב איך געהייסען דעם גאַנצען עסק מאַכען צו ניט, און האָב איהר געזאָגט, אז דו וועסט באַצאָהלען. איך בין פאַר דיר, ברודער־לעבען, ערב געוועז דו הערסט? האָט מען געגרופען טשעבאַרעוו׳ן, פאַרשטאָפּט איהם דאָס מויל מיט א צעהן־רובלדיגע, און דעם וועקסעל צוריק אָפּגענומען, און אָט האָב איך די עהרע איהם אייך פאַרצושטעלען, — מען געטרויט אייך איצט אויף׳ן וואָרט, — אָט האָט איהר עס! נאָט אייך, איך האָב עס שוין אפילו אָנגעריסען עטוואָס ווי דער שטייגער איז.

ראַזומיכין האָט אַרויסגעלעגט אויף׳ן טיש דעם וועקסעל: ראַס־קאָלניקאָוו האָט אויף איהם א קוק געטאָן און זיך אָפּגעקעהרט צום וואַנד, ניט רעדענדיג א וואָרט: אפילו ראַזומיכין האָט זיך פאַר־קרימט.

— איך זעה, ברודער־לעבען, — האָט ער אין א ווײַלע אַרום גע־זאָגט, — אז דו האָסט ווידער גענומען מאַכען הינטישע שטיק. איך האָב דיך געוואָלט צושטרייען און אויפמונטערן אביסעל מיט מיין פלוידעריי, און האָב אויף דיר גאָר אָנגעוואָרפען א מרה־שחורה.

— דאָס האָב איך דיך ניט דערקענט פון היץ? — האָט ראַס־קאָלניקאָוו געפרעגט, אויך נאָך א קליינעם שווייגען און אלץ ניט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ.

— מיך טאַקע, און איך האָב דיך אזש אין א רציחה אַריינגע־בראַכט, איבערהויפּט איינמאָל, ווען איך בין געקומען מיט זאַמע־טאָוו׳ן.

— מיט זאַמעטאָוו׳ן?... דעם שרייבער?... נאָך וואָס?

אונז האָט זיך דאָ, ברודער־לעבען, פארקניפּט אזא מין קניפּעל, אזוי ווי דיין אלגעבּרא, למשל. איך פארשטעה גארנישט. נו, יאָ, דאָס איז אפילו אלין ווערטה א ביטערע ציבעלע. נאָר די געשיכטע דערפון איז אזוי: זי זעהט, דו ביסט שוין אוים סטודענט, האָסט ניט קיין לעק־ציעס, ניט קיין אנצוג און וויבאלד איהר מיידעל האָט געמאכט א שטארב, איז שוין א סוף צו איהרע האָפנונגען וועגען מתחתן זיין זיך מיט דיר, — האָט זי זיך פּלוצלונג דערשראָקען; און ווייל דו, פון דיין זייט, האָסט זיך פארקליבען אין דיין לאָך און האָסט אפילו ניט גע־טראכט אונטערצואווארעמען פריהערדיגע נאָהנטשאַפט, איז ביי איהר געבליבען דיך ארויסצויאָגען פון דער דירה. זי האָט עס שוין לאנג געהאַט חשק צו טאָן, איז איהר אבער געווען א הארצוועהטאָג, דער וועקסעל זאָל פארלאָרען געהן. דערצו ונאָך האָסטו איהר אלין פארזי־כערט, אז די מאמע וועט באצאָהלען...

— דאָס האָב איך איהר אזוי געזאָגט, ווייל איך בין א מיאוסער מענש... די מוטער מיינע, שיער וואָס אליין בעט זי ניט נדבות... און איך האָב געליגט, מען זאָל מיך האַלטען אין צימער... און מען זאָל מיר עסען געבען — האָט ראסקאָלניקאָוו הויך און דייטליך ארויס־גערעדט.

— יאָ, יאָ, דאָס האָסטו דוקא געטאָן ווי א מענש. דאָרף זיך אבער גראד אנדרעהען עפּעס איינער א שווארץ־יאָהר ה׳ טשעבאראָוו, א „נאַדוואָרני סאָוועטניק" און א פּראקטישער מאַן; אָהן איהם וואָלט פּאשענקא גארנישט געקענט אָחקלערען, ווייל זי איז שוין צו שעמעוו־דיג; דער פּראקטישער מאַן אבער איז ניט שעמעוודיג, און נאַטירליך האָט ער קודם כל אוועקגעשטעלט די פראגע: צי איז פאַרהאַן א האָפ־נונג, דער וועקסעל זאָל באַצאָהלט ווערען? ענטפער: פארהאַן, מחמת ס׳איז דאָ אזא מוטער, וואָס וועט כאָטש אליין אויסגעהן פאר הונגער, אבער ראַדינקען וועט זי ארויסהעלפען מיט איהר יעהרליכער הונדערט־און־צוואנציג־רובל׳דיגער פענסיע; און א שוועסטער׳ל איז פאַרהאַן, וועט זיך צוליעב׳ן ברודער פארקויפען פאר א קנעכט אפילו. און דער־רויף, האָט ער טאקע געדרונגען... וואָס קענסטו ניט איינליגען, הא? איך בין איצט, ברודער־לעבען, דערגאַנגען אלע דיינע סודות, ניט אומ־זיסט ביסטו געווען אזוי אָפענהערציג מיט פּאשענקאָ, נאָך דאַמאָלס ווען דו האָסט זיך מיט איהר געהאַלטען ווי א קרוב, און איצט דער־

גלייך ווי ער וואָלט באקומען אַן ענטפער, האָט ער ווידער געהאַקט:
— אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג, אין אַלע פּרטים.
— ס'איז אַ סחורה! — האָט נאַסטאַסיאַ ווידער אויסגעשריען:
זי האָט אַפּנים געפּיהלט אַ גרויסען תענוג אין דעם דאָזיגען שמועס.
— ס'איז ברודער־לעבען, געווען אַ גרויסער חסרון, וואָס דו האָסט פון דער ערשטער מינוט אָן ניט געקענט נעהמען זיך צו דער זאַך ווי עס דאַרף צו זיין. מיט איהר האָט מען געדאַרפט אַנדערש פיהרען. דאָס איז דאָך אַ מענש מיט אַ עקסצענטרישען כאַראַקטער, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען! נאָר וועגען דעם כאַראַקטער איז שוין אַ שפּעטעריגע דאגה... ווי אַזוי האָסטו עס גאָר געקענט ברענגען דער־צו, זי זאָל האָבען אַ העזה דיר קיין מיטאָגען ניט אַרויפצושיקען? אָדער, אַ שטייגער, די מעשה מיט'ן וועקסעל? דו ביסט משוגע צי וואָס, — גאָר וועקסלען אונטערשרייבען. אָדער, אַ שטייגער, דיין וואָרט, וואָס דו האָסט געגעבען חתונה צו האָבען מיט איהר טאָכ־טערל, נאַטאַליאַ יעגאָראָוונאַ, בעת יענע האָט נאָך געלעבט... איך ווייס פון אַלץ. נאָר איך זעה, אַז דאָס איז אַ צו איידעלע סטרונע און אַז איך בין אַ פערד; דו זיי אויף מיר ניט ברוגז. נאָר יאָ, אַנטקעגען דעם וואָס מען זאָגט נאַרישקייט: ווי מיינסטו? פּיאַסקאָוויאַ פּאָוו־לאָוונאַ איז אין דער אמת'ן גאָר ניט אַזאַ שוטה, ווי עס דאַכט זיך פון ערשטען קוק. וואָס זאָגסטו?
— יאָ... האָט ראַסקאָלניקאָוו אַרויסגערעדט פון צווישען די ציינער, קוקענדיג אין אַ זייט, נאָר פאַרשטעהענדיג, אַז ס'איז גלייכער אונטערצוהאַלטען דעם שמועס.
— וואָס, ניט אמת אפשר? — האָט ראַזומיכין אויסגעשריען:
ער איז אַפּנים געווען העכסט צופרידען, וואָס מען האָט איהם גע־ענטפערט. — קיין חכמה אָבער איז זי אויך ניט, אַ יאָ? זעהר און זעהר אַן אומגעריכטער כאַראַקטער! מעגסט מיר גלויבען, ברודער־לעבען, אַז איך ווער שיער ניט צוטומעלט... וועגען פיערציג יאָהר איז אָפּגערעדט. זי זאָגט אַפילו זעקס און דרייסיג און זי איז פאַר זיך זעהר גערעכט. איבריגענס, ברודער־לעבען, קען איך דיר שווערען, אַז איך באַגרייף זי מעהר בדרך חקירה, מיט מעטאַפיזיק, הייסט עס. ביי אונז האָט זיך דאָ, ברודער־לעבען, קען איך דיר שווערען, אַז איך באַגרייף זי מעהר בדרך חקירה, מיט מעטאַפיזיק, הייסט עס. ביי

אין דאָס אדרעסען־ביוראָ. און שטעל זיך פאָר: צייט איינע צוויי מי־
נוט האָט מען דיך דאָרט אויפגעזוכט. דו ביסט דאָרט פאַרשריבען.

— פאַרשריבען?

— אוודאי! און הער נאָר אַ המצאה: איינעם קאָבעלעוו, דוקא
אַ גענעראַל, האָט מען בשום אופן ניט געקענט געפינען. איך בין דער־
ביי גראָד געווען. ס'איז אָבער לאַנג צו דערצעהלען. קוים בין איך
אָבער אַריינגעפאַלען אהער, בין איך גלייך באַקאַנט געוואָרען מיט אַלע
דיינע געשעפטען; מיט אַלע, גוטער ברודער; מיט אַלע, אַלץ ווייס
איך; זי איז אַן עדות: און מיט ניקאָדים פאָמיטש'ן זיך באַקאַנט, און
איליאַ פעטראָוויטש'ן האָט מען מיר אַנגעוויזען, און מיט.ן סטרוזש,
און מיט'ן הערר זאַמעטאָוו, אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטש, אַ שרייבער
אין דער דערבייאיגער קאַנצעלאַריע, און צום סוף מיט פאַשענקאַ'ן,—
דאָס איז שוין געווען דאָס העכסטע; זי ווייס אויך אפילו...

— ווי ער האָט עס פאַרצוקערט אביסעל — האָט נאַסטאַסיאַ
אַרויסגעשטאַמעלט, גנב'יש שמייכלענדיג.

— מאַכט בעסער זיסע, נאַסטאַסיאַ ניקיפאָראָוונאַ.

— נעה צו אַלדי שוואַרץ־יאָהר, וואָס זאָגסטו צו זיינע יאָהרען!

— האָט נאַסטאַסיאַ פלוצלונג אויסגעשריען און אַרויסגעזעצט אין אַ
שטורמישען געלעכטער. — מען רופט מיך גאָר פעטראָוונאַ, ניט ניקי־
פאָראָוונאַ, — האָט פלוצלונג צוגעגעבען, אַז זי האָט אויפגעהערט
צו לאַכען.

— נו, נו, מיר'ן שוין דאָס האָבען אין זינען. אַלזאָ, ברודער־
לעבען, וואָס זאָל איך דיר דאָ אַ סך בריען; לכתחלה האָב איך דאָ גע־
וואָלט אַרויסלאָזען אַזאַ מין עלעקטרישען שטראָם, אַז עס זאָל אַלע
ווינקעלער דורכנעהמען און זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען אַ סוף
צו אַלע זאַבאָבאָנעס אין דער דאָזיגער געגענד; האָט אָבער פאַשענקאַ
אויסגעפיהרט. איך האָב, ברודער־לעבען, אין מיין זינען אפילו ניט
געהאַט, אַז זי איז אַזאַ... סחורה, האַ? ווי מיינסטו?

ראַסקאָלניקאָוו האָט געשוויגען. כאָטש ער האָט אפילו אויף איין
רגע ניט אַראָפּגענומען פון איהם זיין אונרוהיגען בליק, און האָט
אויך איצט געקוקט איהם גלייך אין די אויגען אַריין.

— מיר איז עס גאָר אין זינען ניט געלעגען, — איז ראַזומיכין
אפילו אַ האָר ניט נתפעל געוואָרען פון ראַסקאָלניקאָווס שווייגען און

צו פאַרבאַרגען ביז א צייט זיינע קרעפטען, זיך צונויפקנייטשען, מאַ־כען זיך אפילו, אויב ס'וועט נויטיג זיין, אז ניט אליין פאַרשטעהט ער נאַר, און דערווייל אויסהערען און אויספּילצעווען אלין. וואָס דאָ קומט פאַר. איבריגענס האָט ער ניט געקענט באַהערשען דאָס געפיהל פון עקעל: דערשלונגען א לעפעלעך צעהן טיי, האָט ער פלוצלונג אַרויסגעמאַכט דעם קאָפּ פון ראַזומיכינס האַנט, האָט קאַפּריז אָפּגע־שטויסען דעם לעפעל און איז ווידער אנידערגעפאַלען אויף דאָס קישען.. צוקאָפּענס זיינען איהם איצט ווירקליך געלעגען אמת'ע פוכאָווע קי־שענס, מיט קלאָרע ציכלעך, דאָס האָט ער גלייך באַמערקט און גענומען עס אין זינען.

— מען דאַרף זעהן, אז פּאשענקא זאָל אונז נאָך היינט אַרויפ־שיקען מאַלינעס־סאַק, מאַכען איהם א געטראַנק, — האָט ראַזומיכין געזאָגט, זיך זעצענדיג אויף זיין אָרט און זיך ווידער נעהמענדיג פאַר די זופּ און פאַר דאָס ביער.

— וואו וועט זי דיר דאָס נעהמען מאַלינעס? — האָט נאַסטאַ־סיא געפרעגט, האַלטענדיג די שאַל אויף די פונאַנדער־געשפּרייטע פינף פינגער און דורכזייענדיג צווישען די צייהן טיי „דורך דעם צוקער.“

— מאַלינעס, נשמה מיינע, וועט זי נעהמען אין קלייטעל. דו זעהסט, ראָדיאַ, אהן דיר איז דאָ געווען א גאַנצע חתונה. ווען דו האָסט פון מיר אַזוי קונציג געמאַכט די פּליטה און ניט איבערגעלאָזט דיין אַדרעס אפילו, בין איך אַריינגעקומען אין אַזאַ גרימצאָרן, אז ביי מיר איז פעסט געבליבען אויפצוזוכען דיך און באַשטראָפען דיך, ווי דו האָסט עס כשר פאַרדיענט. און דעמזעלבען טאָג טאַקי האָב איך זיך גענומען צו דער אַרבייט. איך בין געגאַנגען און געגאַנגען, געפרעגט און געפרעגט! אָט די איצטיגע קוואַרטיר דיינע האָב איך פאַרגעסען: און אייגענטליך האָב איך זי גאָר קיינמאָל ניט געדענקט אפילו, ווייל איך האָב פון איהר קיינמאָל ניט געוואוסט. נו, און די פריהערדיגע קוואַרטיר, — געדענק איך נאָר, אז ביי די „פינף ראָגען“, חאַרלאַמאָווס הויף. האָב איך געזוכט און געזוכט דעם דאָזיגען חאַרלאַמאָווס הויף, לאָזט זיך גאָר אויס דערנאָך, אז ס'הויבט ניט אָן אפילו צו זיין חאַר־לאַמאָווס הויף, ס'איז גאָר בוכס, — אַזוי האָט מען דאָס אמאָל א טעות אין א נאָמען! נו, בין איך שוין נאַטירליך אין כעס געוואָרען און זיך געלאָזט געהן, — אַ ברירה האָב איך געהאַט — אויף מאָרגען

— איך וויל.

— גיכער שלעפ אהער טיי אויך, נאסטאסיא, ווייל וואס עס אנבאלאנגט צו טיי, איז א סברה, אז מען טעג עס ניצען אהן אן ערלויבניש פון א פראפעסאר. נאר אט איז ביער אויך! — ער האט זיך איבערגעזעצט אויף זיין שטוהל, האט צוגערוקט די זופ, דאס פלייש און גענומען עסען מיט אזא מין אפעטיט, גלייך ווי ער האט דריי טעג ניט געגעסען.

— אט אזוי רייב איך ביי אייך אריין, ברודער־לעבען, אלע טאג, — האט ער ארויסגעשטאמעלט, אויף וויפיעל עס האט איהם ער־לויבט דאס פול מיט פלייש אנגעפאקטע מויל, — דאס איז מיך אלץ אזוי מכבד פאשענקא, די בעל־הבית׳טישע דיינע. — „זאל אייך וואויל באקומען!“ נאטירליך קוואפע איך זיך ניט אויף דעם. נאר וויבאלד זי דערלאנגט שוין, איז מהיכי תיתי. אט איז שוין נאסטאסיא דא מיט טיי. דאס איז א בריה! נאסטינקע, ביער ווילסטו?

— וואס זאגסטו צו זיינע יאהרען, האסט געזעהן אביסעל!

— און א גלעזעל וואריםס?

— נו, א גלעזעל ווארימס קען מען אויסטרינקען.

— גיסט אן. ניין, ווארט צו א רגע, איך וועל דיר אליין אנגיסען; זעץ זיך צום טיש.

ער האט גלייך געמכאט אן ארט, האט אנגעגאסען איין גלאז, דער־נאך דאס אנדערע, האט געלאזען זיין פריהשטיק און זיך ווידער אי־בערגעזעצט אויפ׳ן דיוואן. ער האט ווי פריהער ארומגענומען מיט דער לינקער האנד דעם קראנקען, האט איהם עטוואס אויפגעהויבען און אנ־געהויבען געבען איהם טיי לעפעלעכווייז, ווידער אהן אן אויפהער בלא־זענדיג אויפ׳ן טיי מיט א באזונדער מין התמדה, גלייך ווי אין דעם דאזיגען בלאזען האט געשטעקט די וויכטיגסטע און די ראדיקאלסטע סגולה צו זיין קרענק. ראסקאלניקאוו האט געשוויגען און ניט פרא־טעסטירט, כאטש ער האט געפיהלט אין זיך גענוג קרעפטען אויפ־צוהויבען זיך און זיך אוועקזעצען אויפ׳ן דיוואן אהן קיינעמס הילף, און ניט נאר געהאט אזוי פיעל כח אין די הענט, וויפיעל ס׳איז נויטיג אויף איינצוהאלטען דעם לעפעל אדער דאס גלאז, נאר ער איז אפשר אימשטאנד געווען צו געהן אפילו. אבער צוליעב עפעס א מאדנער שלויהייט, א שלויהייט פון א חיה, איז איהם פלוצלונג איינגעפאלען

— איך ווייס שוין אויף אויסנווענינ. שלעפּ אהער די זופּ. און טײַ גיב אויך אהער.

— איכ'ל ברייננען.

ראַסקאַלניקאָוו האָט אויף איהר געקוקט טיעף פאַרוואונדערט מיט תמ'עוואַטער אונזיניגער שרעק. ער האָט באַשלאָסען צו שווייגען און וואַרטען: וואָס וועט ווייטער זיין? „איך בין, דאַכט זיך, ביים זי־נען", האָט ער געטראַכט, „עס איז, דאַכט זיך, אויפ'ן וואָהר"...

אין צוויי מינוט אַרום האָט נאַסטאַסיא זיך צוריקגעקעהרט מיט זופּ און האָט אַנגעזאָגט, אַז באַלד וועט זיין טיי אויך. צו דער זופּ איז דערלאַנגט געוואָרען צוויי לעפעל, צוויי טעלער און דאָס גאַנצע קלאַפּערגעציינ: אַ זאַלצמעסטעלע, אַ פּעפּערמעסטעלע, זענעף צו פליייש און דאַסגלייכען: מיט אַזאַ סדר איז שוין דאָ לאַנג ניט צוגע־גאַנגען. דאָס טישטוך איז געווען אַ ריינס.

— עס וואָלט געווען ניט שלעכט, נאַסטאַסיא, אַז פּראַסקאָוויא פּאַוולאָוונא וואָלט צושיקען אַ פּאָר פלעשלעך ביער. מיר וואָלטען גע־מאַכט אַ שנאַפּס.

— וואָס זאָגסטו צו דיינע יאָהרען, ווי ער האָט זיך עס צוהוליעט! אביסעל! — האָט נאַסטאַסיא אַרויסגעברומט און איז אַוועק ערפילען דעם באַפעהל.

ראַסקאַלניקאָוו האָט ניט אויפגעהערט זיך צוצוקוקען ווילד און אַנגעשטרענגט. דערווייל האָט ראַזומיכין זיך איבערגעזעצט צו איהם אויפ'ן דיוואַן, אומגעלומפּערט, ווי אַ בער. אַרומגענומען מיט דער לינ־קער האַנט זיין קאָפּ, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער וואָלט זיך אַליין אויך געקענט אויפהויבען, און מיט דער רעכטער האָט ער איהם צוגע־טראַגען צום מויל אַ לעפעל זופּ, וועלכע ער האָט אַפריהער אייניגע מאָל אויסגעבלאָזען, ער זאָל זיך ניט אָפּבריהען. נאָר די זופּ איז בלויז געווען לעבלעך. ראַסקאַלניקאָוו האָט הונגעריג אַ שלונג געטאָן איין לעפעל, דערנאָך דעם אַנדערען, דעם דריטען. נאָר צוגעטראָגען עטליכע לעפעל, איז ראַזומיכין פּלוצלונג שטעהן געבליבען און האָט ערקלערט, אַז מעהר קען ער אויף זיך ניט שטעלען, ער מוז זיך אַפּרי־הער אָן עצה האַלטען מיט זאַסימאָוו'ן.

ס'איז אַריינגעקומען נאַסטאַסיא מיט צוויי פלעשלעך ביער.

— און טיי ווילסטו?

פעז, ווייל געלט, ברודער־לעבען, דארפען מיר איצט האָבען נויטיג ווי לעבען.

— מען דארף ניט, — האט ראסקאלניקאוו געזאגט, אפּשטוי־סענדיג מיט דער האנט די פּעז.

— וואָס הייסט, מען דארף ניט?

— איך וועל ניט חתמ׳ענען.

— צו אלדי טייוועל, וואָס הייסט דו וועסט ניט חתמ׳ענען?

— מען דארף ניט... קיין געלט...

— אזוי קיין געלט, הייסט עס, דארף מען ניט! דאָס האָסטו, ברודער־לעבען, א גרויסען טעות, איך בין אן עדות! נעהמט זיך ניט צום הארצען, איך בעט אייך, דאָס איז ביי איהם נאָר גלאט אזוי... ווידער עפּעס אן אָנשטעל. איבריגענס טרעפט דאָס מיט איהם אין נוטען מוח אויך... איהר זענט א מענש מיט פארשטאנד, און מיר וועלען זיין זיין האנטפיהרער, ד. ה. מיר וועלען פשוט פיהרען די האנט זיינע, וועט ער חתמ׳ענען. אלזא צו דער ארבייט.

— ווייסט איהר נאָר וואָס, איך וועל אריינקומען א צווייטען מאָל.

— ניין, ניין; צו וואָס זאָלט איהר זיך מטריח זיין. איהר זענט א מענש מיט פארשטאנד... נו, ראדיא, ניט האלב אָפּ דעם גאסט... דו זעהסט דאָך, ער וואַרט, — און ער איז מיט אן אמת שוין גרייט געוועזן צו פיהרען ראסקאלניקאָווס האנט.

— לאָז, איכ׳ל אליין... האט יענער ארויסגערעדט, און האט גע־נומען די פּעז און האט זיך אונטערגעשריבען אין בוך.

דער ארטעלשטשיק האט ארויסגעלעגט דאָס געלט און איז אוועק.

— בראוואָ! און איצט, ברודער־לעבען, זאָג דעם אמת, עסען ווילסטו?

— איך וויל, — האט ראסקאלניקאוו געענטפערט.

— איהר האָט זופּ?

— נעכטיגע, — האט נאסטאסיא געענטפערט: זי איז דאָ די גאנצע צייט געשטאנען.

— מיט קארטאָפעל און מיט רייזענע גרויפּען?

— מיט קארטאָפּעל און מיט גרויפּען.

— איהר האָט געוויס געמוזט פון איהם הערען ניט איינמאָל — אַנגעקומען אין אונזער קאַנטאָר אַן אָנווייזונג: אייער מוטער האָט דאָס ביי איהם גע'פועל'ט, — האָט דער ארטעלשטשיק אָנגעהויבען, זיך ווענדענדיג גלייך צו ראסקאָלניקאָוו'ן. — אין פאַל אויב זיי זיינען שוין ביים קלאָרען פארשטאַנד, — דאַרף איך זיי איבערגעבען פינף און דרייסיג קארבען, ווייל סעמיאָן סעמיאָנאָוויטש האָט וועגען דעם באַקומען א ידיעה פון אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש'ן. וועלכען די מוטער אייערע האָט געבעטען. ווי דער שטייגער איהרער איז. זיי ווייסען דערפון?

— יאָ... איך געדענק... וואכרושין... — האָט ראסקאָלניקאָוו פארטראַכט ארויסגערעדט.

— איהר הערט: ער קען דעם סוחר וואכרושין! — האָט ראזומיכין אויסגעשריען. — היינט וואָס זשע קען דאָ זיין פאַר א קלער, צי ער איז ביים קלאָרען פארשטאַנד? איבריגענס זעה איך איצט ארויס, אז מיט אייך קען מען אויך האָבען א געשעפט. נו—ס! קלוגע רייד איז א פארגניגען צו הערען.

— דאָס איז טאַקע דערזעלבער וואַרכושין, און ווייל די מוטער אייערע, וואָס האָט אייך שוין אַמאָל איבערגעשיקט אויף אַזא שטייגער געלט, האָט איהם געבעטען, האָט ער איהר איצט אויך ניט אָפּגעזאָגט און געגעבען צו וויסען סעמיאָן סעמיאָנאָוויטש'ן פון זיינע געגענטען, מען זאָל אייך איבערגעבען פינף און דרייסיג קארבען, ביז וואַנען עס וועלען קומען בעסערע צייטען.

— יאָ, יאָ, „ביז וואַנען עס וועלען קומען בעסערע צייטען.“ — דאָס איז ביי אייך ארויסגעקומען בעסער פון אלץ. אלזאָ, ווי מיינט איהר, איז ער פאַלקאָם ביים זינען, צי ניט פאַלקאָם. — האָ?

— וואָס קען איך וויסען. אָט ווען זיי זאָלען א קוויטעל ארויסגעבען, זיך אונטער'חתמ'ענען!

— עט, ער וועט אַנדראַפּען! וואָס איז דאָס ביי אייך, א בוך צי וואָס?

— א בוך, נעהמען זיי.

— גיט עס אהער. נו, ראַדיאָ, טו זיך א הויב. איך וועל דיך צוהאַלטען. צאַצקע איהם אקאַרשט אָפּ א „ראסקאָלניקאָוו“. נעהם א

פרעג געגעבען. — איך א שטייגער, ווי איהר קוקט מיך אזוי אָן, הייס ווראזומיכין. ניט ראזומיכין, ווי אלע רופען מיך, נאָר בפירוש ווראַ־זומיכין, א סטודענט, א דוואַריאנין; און דאָס איז מיינער א גוטער ברודער. נו, און איהר זענט ווער?

— איך בין אין דער קאָנטאָר אונזערער אַן ארטעלשטשיק, ביי דעם סוחר שעלאָפּאַיעוו. און אהער בין איך געקומען מכח געשעפט.

— זעצען זיי זיך צו אויפ'ן שטוהל! — ראזומיכין אליין האָט זיך געזעצט אויף אַן אנדער שטוהל, פון דעם אנדער זייט טישעל.— דאָס איז פון דיר, ברודער־לעבען, גראָד א שכל, וואָס דו ביסט צו זיך געקומען. — האָט ער פאָרטגעזעצט, זיך ווענדענדיג צו ראסקאָלני־קאָוו'ן. — שוין דעם פיערטען טאָג, אז דו האָסט אין דיין מויל ניט געהאַט. אפילו טיי האָט מען דיר געגעבען לעפעלעכווייז. איך האָב צו דיר צוויי מאָל געבראַכט זאָסימאָוו'ן. געדענקסט זאָסימאָוו'ן? ער האָט דיך גוט באַטראַכט און האָט גלייך געזאָגט, אז דאָס איז אַלץ ווערט א שפּיי, — ניט מעהר אין קאָפּ האָט עפּעס א זעץ געטאָן, ציי וואָס. עפּעס א נערוועזישע מעשה. די קעסט, זאָגט ער, איז געווען ניט איבריגעס, מען האָט דיר צו ווענינ ביער און חריין געגעבען, דערפון האָט זיך די קרענק גענומען. נאָר דאָס איז ווערט א ציבע־לע, זאָגט ער, ס'וועט אריבער, ס'וועט קיין זכר ניט בלייבען. א קוואַט א יונג דער זאָסימאָוו! קורירט אויסגעצייכענט! אלזאָ פאַרהאַלט איך אייך ניט מעהר, — האָט ער זיך געווענדט צום ארטעלשטשיק. — זענט מוחל, איהר קענט אונז אפשר זאָגען, וועגען וואָס פאַר א געשעפט איהר זענט געקומען? זיי ווייסען, ראָדיאַ, אז פון זייער קאָנטאָר קומט מען שוין אהער א צווייטען מאָל; פריהער אבער איז עפּעס אַן אנדערער געווען, און מיר האָבען זיך מיט יענעם דורכגעשמועסט. ווער איז דאָס געווען יענער, וואָס איז געקומען פאַר אייך?

— זיי מוזען געווים מיינען דעה, וואָס איז דאָ געווען אייערנעכ־טען? דאָס איז ה. אלעקסיי סעמיאָנאָוויטש; אויך ביי אונז אין קאָנטאָר אויף א שטעלע.

— ער איז, דאַכט זיך, מעהר מענש פון אייך, ווי מיינט איהר?

— יאָ, זיי זיינען ווירקליך אביסעל מעהר סאָליד.

— זעהר פיין פון אייער זייט; נו, דערצעהלט וואָס ווייטער.

— אלזאָ, הייסט עס, איז פון אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש וואַכרושיי

נאָך עפּעס איינער, איהם אינגאַנצען אונבאַקאַנט, וואָס האָט איהר זעהר נייגיריג באַטראַכט. דאָס איז געווען א יונגער בחור אין א קאַפּטאַן, מיט א קליין בערדעל; ער האָט אויסגעזעהן ווי אן אַר־טעלשטשיק. פון דער האַלב־אויפגעמאַכטער טהיר האָט ארויסגעקוקט די בעל־הבית'טע. — ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך עטוואָס אויפגעהוי־בען.

— ווער איז דאָס אַזוינער, נאַסטאַסיאַ? — האָט ער א פרעג געטאָן און אָנגעוויזען אויפ'ן בחור.

— וואָס זאָגסטו דערצו, פאַרט געקומען צו זיך! — האָט זי גע־זאָגט.

— זיי זיינען געקומען צו זיך! — האָט זיך דער אַרטעלשטשיק אָפּגערופען.

די בעל־הבית'טע, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון הניטער דער טהיר, האָט פארשטאַנען, אז ער איז געקומען צו זיך, האָט זי גלייך זי צו־געמאַכט און זיך באַהאַלטען. זי איז שטענדיג געווען אזא שעמעוו־דיגע און אלע רייד און ערקלערונגען זיינען איהר געווען שווער; איהר איז געווען א יאָהר פיערציג, און זי איז געווען דיק און גראָב, מיט שוואַרצע ברעמען און שוואַרצע אויגען, זעהר א גוטע פון דיקהייט און פוילקייט; אויפ'ן געזיכט א גאַנץ באַ'חנ'טע און שעמעוודיג נאָך מעהר, ווי מען האָט עס באַדאַרפט.

— איהר... זענט ווער? — האָט ער ווידער גענומען פונאַנ־דערפרעגען, זיך ווענדענדיג צום אַרטעלשטשיק אליין.

נאָר אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט זי דיך די טהיר ווידער אויפגעפּראַלט און, עטוואָס זיך צוגעבויגען, צוליעב זיין הויכער וואוקס, איז אריין ראַזומיכין.

— ס'אַ מין קבר'ל דאָס איז — האָט ער אויסגעשריען, אריינ־קומענדיג, — שטענדיג צוקלאַפּ איך דעם שטערן: אָט דאָס הייסט אויך א דירה, אימשטיינס געזאָגט! און דו, גוטער ברודער, ביסט שוין צו זיך געקומען? אָט ערשט האָט מיר פּאַשינקע דערצעהלט.

— נאָר־וואָס געקומען צו זיך, — האָט נאַסטאַסיאַ געזאָגט.

— נאָר־וואָס זיינען זיי צו זיך געקומען, — האָט דער אַרטעל־שטשיק ווידער אונטערגעהאַלטען מיט א שמייכעלע.

— און ווער זענט איהר? — האָט ראַזומיכין פלוצלונג איהם א

## דריטעס קאַפּיטעל.

דאך קען מען נים זאגען, אז ער איז שוין גאר אינגאנצען נים געווען ביים זינען פאר דער גאנצער צייט פון דער קרענק: דאס איז געווען א פיבערהאפטער צושטאנד מיט רייד פון היין און מיט האלב־באוואוסטזיין. ווענען א סך האט ער זיך שפעטער דערמאָהנט. דא האט זיך איהם געדאכט, אז ארום איהם קלייבט זיך צונויף א גרויסער עולם מענשען, זיי ווילען איהם נעהמען און ערגעץ־וואו ארויסטראָגען, זיי שפארען זיך וועגען עפּעס און קריגען זיך. דא איז ער איינער אליין אין שטוב, אלע זיינען אוועק און האבען פאר איהם מורא, און נאר צייטענווייז מאכען זיי עטוואס אויף די טהיר, א קוק צו טאָן אויף איהם. זיי דראהען איהם, זיי שמועסען וועגען עפּעס אַפּ צווישען זיך, לאכען און רייצען זיך מיט איהם. נאסטאסיא — האט ער גע־דענקט — איז כמעט פון איהם נים אַפּגעטראָטען; איהם האָט זיך גע־טומעלט נאך איינער, עפּעס אזוי ווי זיינער א באקאנטער, נאר ווער פּאָרט איז דאס געווען, האט ער בשום אופן נים געקענט דערמאָהנען זיך, האָט געהאט דערפון גרויס צער און האט אפילו געוויינט. מאנכ־מאָל פלעגט איהם פארקומען, אז ער ליעגט אזוי שוין ביי א חודש צייט; און מאנכמאָל — אז דאס ציהט זיך נאך אלץ דער אייגענער טאָג. וועגען י ע נ ע ר ז א ך אָבער, — וועגען י ע נ ע ר ז א ך האט ער גאר אינגאנצען פארגעסען; נאר דערפאר האט ער זיך אלע ווייל דערמאָהנט, אז ער האט אין עפּעס פארגעסען, אין וואָס מען טאָר נים פארגעסען, — האָט געהאט דערפון גרויסע יסורים, זיך געפּייניגט, דערמאָהנענדיג זיך, געקרעכצט, פלעגט ארייננפאלען אין א רציחה אָדער אין א שרעקליכע, אונערטרעגליכע אימה. דאמאָלס פלעגט ער זיך רייסען פון אָרט, געוואָלט אנטלויפען, נאר שטענדיג פלעגט איהם עמיצער מיט געוואַלט אפּהאלטען, און ער פלעגט ווי־דער ארייננפאלען אין א מאכטלאָזען און באוואוסטלאָזען צושטאנד. ענדליך איז ער אינגאנצען געקומען צו זיך.

דאס איז געשעהן אין דער פריה, צעהן א זייגער. אין דער דאָ־זיגער פריהמאָרגענדיגער שעה פלעגט די זון, אין לויטערע טעג, שטענ־דיג לאָזען איבער זיין רעכטער וואנט א לאנגען פּאַס און באלייכטען דעם ווינקעל ביים טהיר. ביים בעט איז געשטאנען נאסטאסיא און

געוואָרען זעהר ניט אנגענעהם פון דעם דאָזיגען קוקען איהרען, זאַגאר שרעקליך.

— נאַסטאַסיא, וואָס זשע שווייגסטו? — האָט ער ענדליך ניט־זיכער ארויסגערעדט מיט א שוואכער שטים.

— דאָס איז בלוט, — האָט זי ענדליך געענטפערט שטיל און עפּעס אזוי ווי פאר זיך.

— בלוט!... וואָס פאר א בלוט?... — האָט ער געשטאַמעלט, באלם ווערענדיג און אָפּגערוקט זיך צום וואנד.

נאַסטאַסיא האָט פון איהם ניט אראָפּגענומען איהר דורכדרינגענדען בליק, ניט א וואָרט צו ריידען.

— קיינער האָט די בעל־הבית'טע ניט געשלאָגען, — האָט זי געזאָגט ווידער מיט א שטרענגער ענטשלאָסענער שטים.

ער האָט אויף איהר געקוקט קוים אָטעמענדיג.

— איך האָב אליין געהערט... איך האָב ניט געשלאָפען... איך בין געזעסען, — האָט ער ארויסגערעדט נאָך מעהר פארלאָרען. — איך האָב לאנג זיך צוגעהערט... ס'איז געקומען דער געהילף פון דעם ציר־קעל־אויפזעהער... אלע זיינען זיך צונויפגעלאָפען אויף די טרעפּ, פון אלע וואוינונגען...

— קיינער איז ניט געקומען. דאָס שרייט אין דיר דאָס בלוט. דאָס טרעפט, ווען דאָס בלוט האָט ניט קיין ארויסגאנג און ווערט פארטריקענט אין דער לעבער, דאן הויבט זיך אָן צו דאכטען, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. וועסט עסען צי ניט?

ער האָט ניט געענטפערט. נאַסטאַסיא איז אלץ געשטאַנען איבער איהם, האָט איהם דורכגעדרונגען מיט איהר בליק און איז ניט אוועקגעגאנגען.

— דערלאַנג א טרונק... נאַסטאַסינקע.

זי איז אראָפּ אונטען און אין א צוויי מינוט ארום האָט זי זיך אומגעקעהרט מיט וואסער אין א ווייסען לייהמענעם קריגעלע; ער האָט שוין אָבער ניט געדענקט, וואָס ווייטער איז געווען. ער האָט נאָר געדענקט, ווי ער האָט א שלונג געטאָן עטוואס קאלט וואסער און פאר־גאָסען עס אויפ'ן הארצען. דערנאָך איז ער ארייינגעפאלען אין א באַ־וואוסטלאָזען צושטאַנד.

געקרעכצט און געאויקעט. איליא פעטראָוויטש האָט איהר נאָך אַלײ געשאָלטען און זיך געזידעלט... אָט איז ער ענדליך. דאכט זיך, אויך אנטשווינגען געוואָרען; אָט הערט מען איהם שוין ניט מעהר; איז ער דען אוועק? רבונו של עולם!" און אָט געהט די בעל־הבית'טע אויך אוועק. נאָך אַלץ מיט קרעכצען און יללות... אָט האָט זיך שוין ביי איהר די טהיר פארמאַכט. אָט ציגעהט זיך דער עולם פון די טרעפּ אהיים. — מען אויקעט, מען שפּארט זיך, מען רופט איינער דעם אַנדערען; דאָ ריידען זיי הויך אויפ'ן קול, אז ס'הילכט אזש אין די אויערן. און דאָ ריידען זיי שטיל מורמלענדיג. אפּנים ס'איז געווען זעהר פיעל מענשען; כמעט דער גאנצער הויף איז זיך צונויפגעלאָפען. „אָבער גאָט מיינער, איז עס דען אַלץ מעגליך! און נאָך וואָס, נאָך וואָס איז ער געקומען אהערצו!"

ראסקאָלניקאָוו איז אָהנמעכטיג אנידערגעפאלען אויפ'ן דיוואן, האָט שוין אָבער מיט אַן אויג ניט געקענט צומאַכען; ער איז אָפּגעלעגען ביי א האַלבע שעה אין אזוינע יסורים, אין אזא אונערטרעגליכען געפיהל פון אונענדליכער אימה, וועלכען ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט איבערגעלעבט. פּלוצלונג האָט א העלער שיין באלויכטען זיין צימער: ס'איז אריינגעקומען נאַסטאַסיא מיט א ליכט און א טעלער זופּ. דורכגעדרונגען איהם מיט איהר בליק און דערזעהן, אז ער שלאָפט ניט, האָט זי אוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויפ'ן טיש און גענומען ארויסלעגען דאָס וואָס זי האָט געבראַכט: ברויט, זאַלץ, דעם טעלער, דעם לעפעל...

— פון נעכטען אָן אין מויל אידאי ניט געהאַט. א גאַנצען טאָג זיך ארומגעשלעפּט; דיך וואַרפט דאָך ווי אין קחחת.

— נאַסטאַסיא... פארוואָס האָט מען עפּעס געשלאָגען די בעל־הבית'טע?

זי האָט איהם דורכגענומען מיט איהר בליק.

— ווער האָט געשלאָגען די בעל־הבית'טע?

— ערשט—אַ... מיט א האַלבער שעה צוריק. איליאַ פעטראָוויטש, דער געהילף פון דעם פּאָליציי־אויפזעהער, אויף די טרעפּ... פארוואָס האָט ער דאָס איהר אזוי צו'מזיק'ט און נאָך וואָס איז ער געקומען?

נאַסטאַסיא האָט איהם שווייגענדיג באַטראַכט מיט א טריבען בליק און האָט א לאַנגע צייט אויף איהם אזוי געקוקט. איהם איז

געלעגער, אָפּשטאַרבענדיג איטליכע ווײלע מיט אַלע זײַנע אברים און אויסגעהענדיג פאַר שרעק. נאָר דאָס געשלעג, די גוואַלדען און די זיד־לערייען זײַנען געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. און אָט האָט ער, צו זײַן גרויס וואונדער, פּלוצלונג דערהערט זײַן בעל־הבית'טעס קול. זי האָט געוואָיעט, געקוויטשעט, געקלאָגט, אײַלענדיג, אויף דער גיך ארויסרײדענדיג די ווערטער, אַזוי אַז מען האָט גאָרנישט געקענט פאַרשטעהן, און האָט וועגען עפּעס געבעטען רחמים, — גע־וויס וועגען דעם, מען זאָל זי אויפהערען צו שלאָגען, ווײַל מען האָט זי געשלאָגען אָהן רחמנות אויף די טרעפּ. דאָס קול פון דעם שלעגער איז געוואָרען אויף אַזוי פיעל שרקעליך פון כעס און רציחה, אַז ער האָט שוין נאָר געכריפּעט. דאָך אָבער האָט דער שלעגער אויך עפּעס געדרעהט, און אויך גיך־גיך, מיט'ן אויער ניט צו כאַפּען, אײַלענדיג און זיך פאַרכלינענדיג. פּלוצלונג האָט ראַסקאָלניקאָוו אויפגעציטערט ווי אַ בלאַט: ער האָט דערקענט דאָס דאָזיגע קול: דאָס איז געווען איליא פּעטראָוויטשעס קול. איליא פּעטראָוויטש איז דאָ און שלאָגט די בעל־הבית'טע! ער טרעט זי מיט די פיס, קלאַפּט איהר דעם קאָפּ אָן די שטיגען, — דאָס איז קלאָר, דאָס דערקענט מען פון די קולות, פון די גוואַלדען, פון די קלעפּ. וואָס איז עס געשעהן? האָט זיך דען די וועלט איבערגעקעהרט, צי וואָס? עס האָט זיך געלאָזט הערען, ווי אויף אַלע עטאַזשען, אויף אַלע טרעפּ האָט זיך צונויפגע־קליבען אַן עולם, עס האָבען זיך געהערט שטימען, אויסגעשרייען, מען איז געגאַנגען אויף די טרעפּ ארויף, געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיט די טהירען, זיך צונויפגעלאָפען. „אָבער פאַרוואָס, און ווי אַזוי איז עס מעגליך!" האָט ער גע'חזר'ט און געגלויבט אויף אַן אמת, אַז ער איז גאָר פון זינען אַראָפּ. אָבער ניין, ער הערט שוין צו דײַטליך! הייסט עס אָבער אַז מען וועט צו איהם אויך באַלד קומען, אויב אַזוי, „ווײַל ס'איז דאָך... מסתמא אַלץ צוליעב י ע נע ר ז א ך... צוליעב דער נ ע כ ט י ג ע ר ז א ך... רבונו של עולם!" ער האָט שוין געוואָלט פאַרקײטלען די טהיר, האָט זיך איהם אָבער די האַנט ניט אויפגעהויבען... און ס'וועט דען העלפען! אַ פּחד האָט איהם ווי מיט אײַז דאָס האַרץ באַשלאָגען, און איהם פאַרמאַטערט, פאַרגליווערט... נאָר אָט האָט דאָס גאַנצע געפּילדער, וואָס האָט געדויערט גוטע צעהן מינוט, ביסלעכווײַז גענומען שטיל ווערען. די בעל־הבית'טע האָט

וואָס ער איז געבליבען שטעהן פּונקט אויף דעמזעלבען אָרט, ווי פריי־הער, גלייך ווי ער וואָלט אין דער אמת'ן מיינען, אז ער קען איצט וועגען דעם טראַכטען פּונקט אזוי, ווי פריהער, און אז ער קען זיך אינטערעסירען מיט די זעלבע טעמעס און בילדער, מיט וועלכע ער האָט זיך אינטערעסירט... נאָך דאָ ערשט ניט־לאַנג. ער האָט זיך אזש שיער ניט צולאַכט, און אין דערזעלבער צייט האָט איהם שמערצ־ליך פאַרקלעמט דאָס האַרץ. ערגעץ טיעף־טיעף, אונטען, עפּעס גלייך ווי אונטער די פיס, האָט זיך איהם איצט אויסגעדאַכט די דאָזיגע פריהעריגע פאַרגאַנגענהייט, און די פריהעריגע געדאַנקען, און די פריי־העריגע אויפגאַבען, און די פריהעריגע טעמען, און די פריהעריגע איינדריקען, און דאָס גאַנצע בילד דאָס דאָזיגע, און ער אליין, און אלעס, אלעס... ס'האָט אויסגעוויזען, אז ער איז געפלויגען ערגעץ אין דער הויך און אלץ איז פאַרשוואונדען פון זיינע אויגען... ער האָט עפּעס אומגערן א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האָט פּלוצלונג דערפיהלט אין דער צונויפגעדריקטער האַנט דעם פאַרקוועטשטען פיערציגער. ער האָט אויפגעעפענט די האַנט, האָט דורכגעדרונגען די מטבע מיט זיין בליק און האָט זי א שליידער געטאָן אין וואַסער אריין; דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעקערט און איז אוועק אהיים. איהם האָט זיך אויסגע־דאַכט, גלייך ווי ער האָט זיך אליין איצט מיט א שער אָפּגעשניטען פון אלץ און פון אלעמען.

ער איז געקומען אהיים שוין פאַרנאַכטליך, אלזאָ איז ער דורכ־געגאַנגען א שעה זעקס. דורך וואַנען און ווי אזוי ער איז געגאַנגען צוריק — דאָס האָט ער ניט אָנגעהויבען צו געדענקען. זיך אויסגעטאָן און טרייסלענדיג זיך, אזוי ווי אן איבערגעטריבען פערד, האָט ער זיך געלעגט אויפ'ן דיוואַן, זיך צוגעדעקט מיט'ן שינעל און איז גלייך אריינגעפאַלען אין א שווערען שלאָף.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען עס איז שוין געווען רעכט פינס־טער, פון א שרעקליכען געשריי גאָט אין הימעל! וואָס איז דאָס פאַר א געשריי? אזעלכע אוננאַטירליכע קולות, אזאָ געשריי, יאָמער און קריצען מיט די ציינער, אזעלכע טרערען, קלעפּ און זידלעריי האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהערט און ניט געזעהן. ער האָט אפילו זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אזאָ ווילדקייט, אזאָ רציחה. טויט־דערשראָקען האָט ער זיך עטוואָס אויפגעהויבען און זיך צוגעזעצט אויף זיין

געעגבען א פיערציגער, האָט ער מסתמא געהאט צו פארדאנקען דעם שמיץ מיט'ן בייטש, וואָס האָט אין זיי ערוועקט א רחמנות צו איהם.

ער האָט פארקוועטשט דעם פיערציגער אין דער האנט, איז אַפּ א טריט צעהן און זיך אָפּגעקעהרט מיט'ן פּנים צו דער נעווא, צום פּאַלאַץ צו. אויף דעם הימעל איז ניט געווען קיין ברעקעל וואָלקענ־דעל, און דאָס וואסער איז געווען כמעט הימעל־בלוי, וואָס דאָס טרעפט אזוי זעלטען אויף דער נעווא. דאָס געוועלבט פון דעם סאָבאָר, וואָס מען זעהט איהם אין ערגעץ ניט בעסער ווי דאָ אויפ'ן בריק, ביי א טריט צוואַנציג פון א קליין קלויסטערל, האָט געשעמערירט און געפונקעלט, און דורך דער לויטערער לופט האָט מען געקענט דייטליך זעהן אפילו די קלענסטע באַפּוצונג פון סאָבאָר. דער וועהטאָג פון דעם בייטש האָט אויפגעהערט, און ראַסקאָלניקאָוו האָט פארגעסען אָן דעם קלאַפּ. אַן אונרוהיגער און ניט גאָר דייטליכער געדאנק האָט איהם איצט זעהר פאראינטערעסירט. ער איז געשטאַנען און האָט ניט אראָפּגענומען זיין לאַנגען שארפען בליק פון דער ווייטעניש; דער דאָזיגער אָרט איז איהם געווען באזונדערס באַקאַנט. בשעת ער איז נאָך געגאַנגען אין אוניווערזיטעט, פלעגט איהם געוועהנליך אויסקומען — איבערהויפּט צוריקוועגס אהיים — אפשר אמאָל הונדערט צו אָפּשטעלען זיך פּונקט אויף דעמזעלביגען אָרט; ער פלעגט איינשפּיזען זיין בליק אין דער דאָזיגער הערליכער פּאַנאָראַמע, און איטליכס מאָל פלעגט איהם זעהר וואונדערן איינער אַן איינדרוק זיינער, א טונקעלער און ניט־דייטלי־כער. מיט א מאָדנער קעלט האָט עס אויף איהם שטענדיג געהויכט פון דער דאָזיגער הערליכער פּאַנאָראַמע; מיט א שטומען און טויבען גייסט האָט אויף איהם געוועהט דאָס דאָזיגע וואונדערליך־שענע בילד... געוואונדערט האָט ער זיך איטליכס מאָל איבער זיין טונקע־לען געהיימניספולען איינדרוק און ניט גלויבענדיג זיך אליין, האָט ער אָפּגעלעגט אויף שפּעטער צו אָפּגעבען זיך א רעכענונג, וואָס איז דאָס פאר אַן איינדרוק. איצט האָט ער פּלוצלונג דייטליך זיך דערמאָהנט אין זיינע אלע פריהעריגע פראגען און ספקות, און ס'האָט זיך איהם אויסגעדאכט, אז ניט גלאט אזוי זיך האָט ער זיך איצט דערמאָנט אין זיינע אלע פריהעריגע פראגען און ספקות, און ס'האָט זיך איהם אויסגעדאכט, אז ניט גלאט אזוי זיך האָט ער זיך איצט דערמאָהנט אין זיי. שוין דאָס אליין איז איהם אויסגעקומען מאָדנע און ווילד,

— הער נאַר, דו, וואו וואוינסטו?
— קיין ענטפער איז ניט געקומען.
—נו, טאַ כאַפּט דיך דער רוח—ח—ח!..
ראַסקאָלניקאָוו איז שוין אָבער ארויס אויף דער גאַס. אויף דעם ניקאָלאַי־בריק איז איהם ווידעראַמאָל אויסגעקומען איינגאַנצען צו זיך צו קומען צוליעב זעהר אַן אונאַנגענעהמען צופאַל. ער האָט גע־כאַפּט אַ נישקישה'דיגען שמיץ איבער'ן רוקען פון אַ קוטשער, דערפאַר וואָס ער איז שיער ניט אונטער'געפאַלען אונטער דער קאַרעטע, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דער קוטשער האָט צו איהר אַמאָל דריי צו פיער געשריען. דער שמיץ מיט'ן בייטש האָט איהם אַזוי בייז גע־מאַכט, אַז ער איז אַפּגעשפּרונגען צו די פאַרענצען (איין גאָט ווייס, פאַרוואָס איז ער עפּעס געגאַנגען איבער'ן רעכטען מיטען בריק, וואו מען פאַהרט, ניט מען געהט), האָט מיט בעס צונויפגעקריצט מיט די ציינער, וועלכע האָבען איהם גענומען קלאַפּען איינער אָן דעם אנדערן. ארום האָט מען נאַטירליך געלאַכט אויפ'ן קול.
— אַ מצוה אויף איהם!
— עפּעס אַ מין שנאָרער!
— מען קיין זיי די דאָזיגע פייגע בריות. מאַכען זיך פאַר שכור און קריכען מיט אַ ביון אונטער די רעדער, און נאָכדעם גיט האָב מיט איהם אַ געשעפט.
— דאָס איז זייער מלאכה, מיין טייערער, זייער מלאכה...
נאָר אין דעמזעלבען אויגענבליק, וואָס ער איז אַזוי געשטאַ־נען ביים פאַרענץ און האָט נאָך אַלץ באַגלייט די פאַרשוואונדענע קאַ־רעטע מיט אומזיניגע און בייזע, פיינדליכע בליקען, האַלטענדיג זיך ביים רוקען, האָט ער פּלוצלינג דערפיהלט, אַז עמיצער שטופּט איהם געלט אין האַנט אריין. ער האָט אַ קוק געטאָן: אַ באַיאָהרענטע „קופּטשיכע" אין אַ הייבעל און אין שיך פון ציגען־פעל, מיט איהרס אַ מיידעל, אין אַ היטעלע, און מיט אַ גרינעם שירם „קענטיג אַ טאָכ־טער. „דיין זכות זאָל אונז בייש<br>טעהן." ער האָט צוגענומען די נדבה, און זיי זיינען אוועק. ס'איז געווען אַ פיערציגער. נאָך די קליידער זיינע און נאָך זיין גאַנצען אויסזעהן האָבען זיי איהם זעהר לייכט געקענט אָננעהמען פאַר אַן אָרימאַן, פאַר אַן אמת'ן שלעפּער, וואָס בעטעלט גראָשענס אויף דער גאַס; און דאָס וואָס זיי האָבען איהם

טירליך לייקען איך עס איהם ניט, כאפט איהם דער רוח! נו, ווילסט דו איבערזעצען דעם צווייטען בויגען פון דעם ווערק „א י ז ד י פ ר ו י א מ ע נ ש?“ אויב דו ווילסט, נעהם גלייך טעקסט, נעהם פענעס, פאפיר — דאס איז אלץ „קאזיאָנע“ — און נעהם דריי רובל: אזוי ווי איך האב גענומען אן אוואנס פאר דער גאנצער איבערזעצונג, קומט טאקע אויס אויף דיין חלק דריי רובל. וועסט מאכען דעם בוי־גען, כאפסטו נאך דריי קארבען. יא, אט וואס איך וועל דיר נאך זא־גען, זאלסט עס נאר ניט האלטען פאר א טובה פון מיין זייט. אדרבה, ווי נאר דו ביסט אריינגעקומען, האב איך גלייך בארעכענט, מיט וואס דו וועסט מיר נוצען ברענגען. ערשטענס הינקט ביי מיר שטארק צו דאס אויסלעגעכטס, און צווייטענס בין איך טאקע שוואכליך אין דער דייטשער עברי, און איך טראכט אויס מעהר פון קאפ. מיין איינצי־גער טרייסט איז נאר דאס, וואס דערפאר קומט עס אויס נאך בע־סער. און צוריקריידענדיג קומט אפשר אויס ניט בעסער, נאר טאקע ערגער א קשיא אויף א מעשה... אלזא נעהמסטו צי נישט?

ראסקאלניקאוו האט שווייגענדיג גענומען די דייטשע בלעטלעך פון דער איבערזעצונג, האט גענומען די דריי רובל און איז ארויס, א ווארט ניט צו ריידען. ראזומיכין האט איהם פארוואונדערט נאכגע־קוקט. נאר צוקומענדיג שוין צו דער „ערשטער ליניע“, האט ראס־קאלניקאוו זיך פלוצלונג אומגעקעהרט, איז ווידער ארויף צו ראזו־מיכינען, אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש אי די דייטשע בלעטלעך אי די דריי רובל און איז ארויס, ווידער אהן א ווארט צו זאגען.

— דו האסט דאך דאס ווייסע פיבער, צי וואס? — האט פלוצ־לונג ארויסגעדונערט ראזומיכין, וואס איז ענדליך אריינגעקומען אין רציחה. — וואס פר א שטיק פראוועסטו דאס! אפילו מיר האסטו צומישט די געדאנקען... וואס זשע ביסטו אויף אזא אופן געקומען, משוגע'נער הונד!

— מען דארף ניט... קיין איבערזעצונגען.. — האט ראסקאלני־קאוו ארויסגעשטאמעלט, שוין געהענדיג פון די טרעפ אראפ.

— טא וועלכען שווארציאהר דארפסטו יא האבען, צו אלדי טיי־וועל? — האט ראזומיכין א געשריי געטאן פון אויבען.

ראסקאלניקאוו האט ניט געענטפערט און איז געגאנגען וויי־טער.

ביסט בעסער פאר זיי אלעמען, ד. ה. קליגער, און קענסט זיך איבער־לעגען... און איצט זעה איך, אז איך דארף גארנישט, דו הערסט, אבער טאקע גארנישט... קיינעמס טובות ניט, קיינעמס מיטגעפיהל... איך בין פאר זיך... אליין... נו, און דאס גאר! און לאזט מיך צורוה!

—ווארט א ווײלע, דו קוימענקעהרער איינער! דו ביסט דאך גאר משוגע! פון מיינטוועגען קענסט זיך טאן ווי דו ווילסט. פארשטעהסט, קיין לעקציעס האב איך אויך ניט, נאר דאס ארט מיך גראד ווי די וואנד: אויפ'ן אלטען מארק איז דא איינער א בוכהענדלער, חערואווי־מאוו, איז דאס ביי מיר אן אמת'ע שמאלצגרוב... איך וועל איהם איצט ניט פארבייטען אויף פינף לעקציעס ביי סוחרים אין די הייזער. ער מאכט עפעס אזעלכע אויסגאבען און גיט ארויס נאטורוויסענשאפטלי־כע ביכלאך, — וואלסט וויסען, ווי מען צוכאפט זיי! די נעמען אליין זיינען טאקע נאר אויף חדושים! זעהסט, פלעגסט שטענדיג טענה'ן, אז איך בין א שוטה! און איצט איז ער גאר געווארען א געהויבענער מענש און וויל ארויסגעבען ביכלעך מיט א געוויסער ריכטונג! אליין איז דאס אן עם־הארץ איינער אין דער וועלט, נו, און איך, פארשטעהט זיך, גיב איהם נאך אונטער חשק. אט האסטו דא מעהר ווי פון צוויי בויגען א דייטש ביכעל; — לויט מיין מיינונג איז דאס ניט מעהר ווי נארישע פלוידעריי: מיט אייןווארט, — דא ווערט באטראכט די פראגע, צי איז די פרוי א מענש אדער ניט קיין מענש? נו, פאר־שטעהט זיך, עס ווערט באשיינפערלעך דערוויזען, אז יא א מענש. חע־רואווימאוו איז דערויף א בעלן, ווייל ס'האט צו טאן מיט דער פרויען־פראגע; איך זעץ עס איבער: ער וועט צושמירען די דאזיגע דריט־האלבע בויגען אויף א בויגען זעקס, מיר וועלען צוטראכטען עפעס א קנאקענדיגען נאמען, אויף א האלבער זייט, און מיר'ן עס ארויסלא־זען צו האלבע קערבלעך א שטיק. ס'וועט געהן! פאר דער איבער־זעצונג צאהלט ער מיר זעקס קארבען פון בויגען, אלזא וועט פאר דאס גאנצע ווערק זיין א רובל פופצעהן, און זעקס רובל האב איך גע־נומען אן אוואנס. מיר וועלען דערמיט פארטיג ווערען, וועלען מיר נעהמען איבערזעצען וועגען פיפערנאטערס, דערנאך האבען מיר פאר־צייכענט עפעס זעהר לאנגווייליגע פלוידעריי פון דעם צווייטען טייל „קאנפעססיאנס“, — אויך צום איבערזעצען: חערואווימאוו'ן האט איינער געזאגט, אז רוססא איז דאס א מין ראדישטשעוו להבדיל. נא־

און ווען יענער איז אנידערגעפאלען אויף זיין טערקישען סארא־טענעם דיוואן, וואס איז נאך געווען ערגער פון זיין אייגענעם, האט ראזומיכין פלוצלונג דערזעהן, אז דער גאסט זיינער איז קראנק.

— דו ביזט דאך טאקע אויף אן אמת קראנק, ווייסטו עס צי ניט?

ער האט גענומען טאפען דעם דופק; ראסקאלניקאוו האט ארויס־געריסען די האנט.

— מען דארף ניט, — האט ער געזאגט, — איך בין געקומען... אט וואס: איך האב קיין איין לעקציע ניט... איך האב געוואלט... איב־ריגענס דארף איך גאר ניט האבען קיין לעקציעס...

— דו ווייסט וואס איך וועל דיר זאגען? דו רעדסט דאך פון היץ! — האט געזאגט ראזומיכין, וואס האט פון איהם די גאנצע צייט קיין אויג ניט אראפגענומען.

— ניין, ניט פון היץ...

ראסקאלניקאוו איז אויפגעשטאנען פון דיוואן. ארויפגעהענדיג צו ראזומיכינען, האט ער אפנים ניט א קלער געטאן וועגען דעם, אז ער וועט זיך מוזען מיט איהם טרעפען פנים אל פנים. איצט אבער, אז ער האט זיך מיט איהם יא געטראפען, האט ער אין איין אויגענבליק פארשטאנען, אז וועניגער ווי אלץ איז ער איצט געשטימט צו באגע־גענען זיך מיט וועמען עס זאל ניט זיין פנים אל פנים. די גאנצע גאל האט זיך אין איהם אויפגעהייבען. ער האט אזש דעם אטעם ניט געקענט כאפען אין דעם ווילדען כעס אויף זיך אליין, ווי נאר ער האט איבערגעטרעטען ראזומיכינס שוועל.

— זיי געזונד! — האט ער פלוצלונג געזאגט און זיך געלאזט צו דער טהיר צו.

— הער נאר, ווארט א ווייל, ווארט, משוגע'נער!

— מען דארף ניט!... — האט יענער איבערגע'חזר'ט, ווידער ארויסרייסענדיג די האנט.

— אויב אזוי, טא וואסער שווארציאהר האט דיך אנגעטראגען אהער? ביסט פון זינען אראפ, צי וואס? דאס איז דאך... כמעט ווי א באליידיגונג איך וועל דיך אזוי ניט לאזען.

— נו, הער זשע: איך בין צו דיר געקומען דערפאר, ווייל אויסער דיר קען איך קיינעם ניט, וואס זאל מיר העלפען... אנהויבען... ווייל דו

רגע געגומען אַלין מעהר און מעהר צו באַהערשען: דאָס איז געווען עפּעס אַן אונענדליכער, כמעט פיזישער עקל צו אַלעם און אַלעמען, וואָס ער האָט באַגעגענט, — אַ פאַרביסענער, בייזער און פיינדליכער. איהם האָט געעקעלט פון אַלע פאַרבייגעהער, — געעקעלט פון זייערע פּנים׳ער, פון זייער גאַנג, פון זייערע באַוועגונגען. ווען איינער הויבט מיט איהם אָן צו ריידען, וואָלט ער איהם, דאַכט זיך, אַ שפּיי געטאָן אין פּנים אַריין, וואָלט אהים בייסען גענומען...

אַרויסגעקומען אויפ׳ן גראַניט־ברעג פון דער קליינער נעווא, אויף דעם וואַסילי־אינזעל, נעבען בריק, איז ער פּלוצלונג שטעהן געבליבען. „אָט דאָ וואוינט ער, אין דעם מויער“, — איז איהם איינגעפאַלען, — „וואָס איז דאָס, כ׳לעבען, איך בין ווידער געקומען צו ראַזומיכינען! ווידער די אייגענע געשיכטע, אַזוי ווי דאַמאָלס... פונדעסטוועגען וואָלט איך זיין אַ בעלן צו וויסען: בין איך אַליין געקומען, אָדער איך בין זיך גלאַט אַזוי געגאַנגען און פאַרגאַנגען אַהערצו? סיי ווי סיי, האָב איך געזאָגט... אייערנעכטען... אַז איך וועל צו איהם געהן אויף מאָר־גען נאָך י ע נ ע ר ז א ך; נו, איז וואָס איז דאָרט אַזוי, איך וועל טאַקע געהן! אַ טייערע זאַך, אַזוי ווי מען וואָלט גאָר איצט ניט געקענט אַריינגעהן...“

ער איז אַרויף צו ראַזומיכינען אויפ׳ן פינפטען שטאָק.

ראַזומיכין איז געווען אין דער היים, אין זיין חדר׳ל. ער איז אין דער דאָזיגער ווייל׳ע געווען פאַרנומען, האָט געשריבען, און ער האָט איהם אַליין געעפענט די טהיר. ראַזומיכין איז געזעסען ביי זיך אין אַן אָפּגעטראָגענעם טראַנטעוואַטען כאַלאַט, אין פּאַנטאָפּעל אויף באָר־פוסע פיס, אַ צושויבערטער, אַ פאַרוואַקסענער און ניט קיין איינגע־וואַשענער. אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזען אַן אויסדרוק פון איבער־ראַשונג.

— וואָס איז דאָס מיט דיר? — האָט ער אויסגעשריען, באַ־טראַכטענדיג פון קאָפּ ביז די פיס דעם אַריינגעקומענעם חבר; ער איז אויף אַ קליינע ווייל׳ע אַנטשוויגען געוואָר׳ען און אַ פייף געטאָן.

— האָלט עס דען שוין טאַקע אַזוי שמאָל? דו האָסט אָבער ברו־דער־לעבען, אַריבערגעיאָגט אפילו אַ נאָש־בראַט, — האָט ער צוגע־געבען, באַטראַכטענדיג ראַסקאָלניקאָוו׳ס טראַנטעס. — אָבער וואָס שטעהסטו, זעץ זיך, ביסט אַפּנים גוט מיעד, איאָ?

אויף זיי אויף אַלעמען און אויך אויף מיין לעקען זיך און חנפ'ענען! ס'איז גאָר ניט דאָס, גאָר ניט דאָס!"

פּלוצלונג איז ער שטעהן געבליבען: א נייע, גאָר אן אומגעריכטע און זעהר אן איינפאַכע פראַגע האָט איהם פּלוצלונג איינגאַנצען צו־טומעלט און אין איהם ערוועקט א פאַרביטערטע פאַרוואונדערונג:

„אויב דער גאַנצער ענין איז אין דער אמת'ן געמאַכט געווען מיט שכל, ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, משוגע'נערווייז, אויב דו האָסט ווירקליך געהאַט א באַשטימטעם און פעסטעם ציעל, טאָ ווי אַזוי זשע האָסטו נאָך ביז איצט אפילו ניט א קוק געטאָן אין בייטעל אריין, און דו ווייסט ניט, וואָס דיר איז אָנגעקומען און צוליעב וואָס האָסטו זיך אָנגענומען מיט אַזוי פיעל יסורים און באַוואוסטזיניג געגאַנגען אויף אַזאַ מיאוס'ע, שענדליכע, נידערטרעכטיגע זאַך? דו האָסט דאָך גאָר געוואָלט אין וואַסער אריינוואַרפען, דעם בייטעל, הייסט עס, צו־זאַמען מיט אַלע איבריגע זאַכען, וועלכע דו האָסט אויך ניט אָנגעקוקט אפילו... איז וואָס זשע באַטייט עס?"

יאָ, ס'איז אַזוי, ס'איז אַלצדינג אַזוי. איבריגענס האָט ער עס אויך פריהער געוואוסט און ס'איז גאָר פאַר איהם קיין נייע פראַגע ניט, און ווען ביינאַכט איז עס באַשלאָסען געוואָרען אָהן קיינע קווענקלע־ניש און ספקות, גלאַט אַזוי, גלייך ווי אַזוי דאַרף עס זיין, גלייך ווי אַנ־דערש קען עס גאָר ניט זיין... יאָ, ער האָט עס אַלץ געוואוסט און אַלץ פאַרשטאַנען. שוין כמעט נעכטען נאָך איז אַזוי געווען באַשלאָסען, אין יענער ווייל, ווען ער איז געזעסען איבער'ן קעסטעל און האָט פון דאָרט שיידליך געשלעפּט... ס'איז דאָך אַזוי!...

„דאָס נעהמט זיך דערפון, ווייל איך בין קראַנק", האָט ער ענדליך באַשלאָסען מיט א מין פאַרביטערטקייט, — „און איך האָב מיך אַליין פאַרמאַטערט און געפּייניגט, און ווייס אַליין ניט וואָס איך טו... אי נעכטען, אי אייערנעכטען, אי די גאַנצע צייט האָב איך זיך געפּייניגט... איך וועל געזונד ווערען... וועל איך זיך מעהר ניט פּייניגען... און ווי וועט זיין, אז איך וועל גאָר ניט געזונד ווערען! גאָט מיינער, ווי דאָס איז מיר אַלץ דערעסען געוואָרען!..." ער איז געגאַנגען, זיך ניט אָפּ־שטעלענדיג, איהם האָט זיך שרעקליך געוואָלט, ווי עס איז, זיך צו צו־שטרייען, נאָר ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס אָנהויבען צו טאָן. עפּעס א נייעס מעכטיגעס געפיהל האָט איהם מיט יעדער

איין אויגענבליק באהערשט א שטארקע קוים ערטרעגליכע פרייד. „פארבארגען אליז, וואס קען אויף א חשד ארויפברייננגען! און ווען, ווען קען עס גאר ארויספקומען אויפ'ן זינען צו זוכען אונטער דעם דאָזיגען שטיין? ער ליעגט דאָ אפשר פון זינט דאס הויז איז אויסגע־בויט געוואָרען און וועט נאכמאל אזוי פיעל אפליעגען. און ווען מען זאל אפילו געפינען: ווער וועט אויף מיר קלערען? א סוף! נישטא מעהר קיין באווייזען געגען מיר!" און ער האט זיך צולאכט. יא, ער האט שפּעטער גערענקט, אז ער האט זיך צולאכט מיט א נערווע־זען, דראבנעם, שטילען לאנגען געלעכטער און האט געהאלטען אין איין לאכען די גאנצע צייט, וואס ער איז געגאנגען דורך דעם פּלאץ. ווען ער איז אבער ארויפגעקומען אויפ'ן בולוואר, וואו ער האט זיך אייער־נעכטען געטראָפען מיט יענעם מיידעלע, איז איהם דאס געלעכטער גלייך פאריבער. אנדערע געדאנקען האבען איהם אנגעהויבען קריכען אין קאָפּ אריין. איהם איז פּלוצלונג אויך אויסגעקומען, אז עס עקעלט איהם שרעקליך פארבייצוגעהן יענע באנק, אויף וועלכער ער איז דאַ־מאלס געזעסען, נאך דעם מיידעלעס אוועקגעהן, געזעסען און געטראכט, און אז איהם וועט זיין שרעקליך שווער ווידער צו טרעפען זיך מיט יענעם פאליציאנט, וועלכען ער האט דאמאלס געגעבען א פיערציגער: „געהט ער צום טייוועל!"

ער איז געגאנגען, ווארפענדיג ארום זיך צושטרייטע און בייזע בליקען. אלע געדאנקען זיינע האבען זיך איצט געדרעהט ארום עפּעס איינעם א הויפּט־פּונקט, — און ער האט אליין געפיהלט, אז ס'איז פארהאן דאָ אזא הויפּט־פּונקט, און אז איצט, גראד איצט, איז ער גע־בליבען אויג אויף אויג מיט דעם דאָזיגען הויפּט־פּונקט, — און אז דאס טרעפט מיט איהם זאָגאר דאס ערשטע מאל פאר די גאנצע צוויי חדשים.

„געהט עס אלעם צום טייוועל!" האט ער פּלוצלונג א טראכט גע־טאָן, געכאפּט פון אן אומענדליכען ווילדען צאָרן. „נו, מילא, אנגע־הויבען זיך איז אנגעהויבען זיך, צו אלדי טייוועל מעג עס געהן, דאס נייע לעבען אויך אפילו! א, גאָט מיינער, ווי נאריש דאס איז!... וואס מיאוס'ע ליגענס איך האָב עס היינט אָנדערצעהלט! ווי שענדליך איך האָב זיך דאס פריהער געלעקט און גע'חנ'עט דעם נידריגען איליא פּעטראָוויטש'ן! איבריגענס איז עס אויך ווערט א ציבעלע! איך שפּיי

פען, וואו ס'איז דאָ א סך פאַבריק־אַרבייטער, אַרטעל־בעלי־מלאכות, פוהרמאַנעס א. ד. גל.) : איבער דער רינע דאָ טאַקע אויפ'ן פאַרקאַן איז געווען אָנגעשריבען מיט קרייד, ווי דער שטייגער איז אין אַזוינע ערטער : „דאָ צו שטיין איז פאַרבאָטון". אַלזאָ איז דאָך דאָס א מעלה, ווייל עס ערוועקט ניט קיין שום חשד, ווּאָס ער איז אַריין און איז שטעהן געבליבען. „דאָ טאַקע אַלץ מיט אַמאָל אַראָפּוואַרפען ערגעץ אין א קופּע און אַוועקגעהן !"

ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט און האָט שוין געווען אַריינ־געשטעקט די האַנט אין קעשענע אַריין, — נאָר פּלוצלונג האָט ער דער־זעהר האַרט נעבען דער דרויסענדיגער וואַנט, צווישען דעם טויער און דער רינע, וואָס צווישען זיי איז די ברייט געווען ניט מעהר ווי אַן אַרשין, א גרויסען ניט־אַרומגעהאַקטען שטיין, אַן ערך אַנדערטהאַלבען פּוד די וואָג, וואָס איז אַזוי ווי צוגעוואַקסען צו דער געמויערטער וואַנד, וועלכע איז אַרויסגעקומען צו דער גאַס צו. הינטער דער דאָזיגער וואַנט איז געווען א גאַס, א טראָטואַר. מען האָט געהערט, ווי עס האָבען זיך אַרומגעדרעהט פוסגעהער, וואָס זיינען דאָ שטענדיג פאַרהאַן א היבש ביסעל : נאָר פון הינטער'ן טויער האָט איהם קיינער ניט געקענט דער־זעהן, סיידען עמיצער וואָלט אַהער אַריינקומען פון גאַס, וואָס דאָס איז אייגענטליך געווען זעהר מעגליך. דעריבער האָט מען זיך געמוזט צו־איילען.

ער האָט זיך איינגעבויגען צום שטיין, זיך פעסט מיט ביידע הענט, א נעהם געטאָן פאַר זיין שפּיץ און האָט קוים מיט אַלע כחות איהם איבערגעקעהרט. אונטער'ן שטיין האָט זיך געפּעפענט א קליין גריבעל : ער האָט גלייך גענומען שליידערן אַהינצו אַלצדינג פון די קעשענעס. די בייטעל האָט ער אַוועקגעלעגט שוין גאָר אויבען, דאָך איז אין דעם גריבעל געבליבען נאָך אָרט. דערנאָך האָט ער זיך ווידער א נעם געטאָן פאַר'ן שטיין, מיט איין קעהר איהם ווידער איבערגע־דרעהט אויף די פריהערדיגע זייט, און ער איז צוגעקומען פונקט ווי געווען, ניט מעהר ער האָט אפשר א האָהרעלע אויסגעוויזען העכער. נאָר ער האָט אונטערגעשאַרט אַביסעל ערד און צוגעטראָטען ביי די זייטען מיט'ן פוס. ס'איז גאָר ניט געווען קענטיג.

דאַן איז ער אַרויס און האָט זיך געלאָזט געהן צום פּלאַץ צו. פונקט ווי פריהער אין דער קאַנצעלאַריע, האָט איהם איצט ווירער זיר־

מאָל אזוי געהאט באשלאָסען שלאָפענדיגערהייד, אין א קאָשמאר! ער איז געוואָרען אונגעוועהנליך צוטראָגען און צושטרייט, און ער האָט עס געוואוסט. מען האָט זיך געדראָפּט צואיילען ווי געהעריג איז!

ער האָט זיך געלאָזט געהן צו דער נעווא איבער דעם וו—ער פּראָספּעקט; נאָר אין וועג איז איהם פּלוצלונג איינגעפאלען נאָך א געדאנק! „וואָס עפּעס אויף דער נעווא? וואָס עפּעס אין וואסער אריין? איז אפשר אמאָל ניט גלייכער אוועקצולאָזען זיך ערגעץ ווייט־ווייט, כאָטש ווידער אויף די „אינזלען", און דאָרט ערגעץ פאַרגראָבען דאָס אין א פאַרוואָרפענעם ווינקעל, אין וואַלד, אונטער א קוסט, און מאכען א סימן אויף דעם בוים?" און כאָטש ער האָט געפיהלט, אז ער איז איצט ניט אימשטאַנד צו באטראכטען די זאַך ווי געהעריג איז, דאָך איז איהם דער געדאנק אויסגעקומען פאַר זעהר ריכטיג.

נאָר איהם איז ניט באַשערט געווען אפילו צוצוקומען צו די „אינזלען": עס האָט זיך אויסגעלאָזט גאָר עפּעס אנדערש: ארויסגעקומען פון וו—ער פּראָספּעקט אויפ'ן פּלאַץ, האָט ער פּלוצלונג דערזעהן לינקס אן אריינגאַנג אין א הויף, ארומגעשטעלט פון אלע זייטען מיט הויכע ווענט. רעכטס, פון טויער אָן, האָט זיך ווייט אין הויף אריין געצויגען א געמויערטע ניט־געקאַלכטע וואַנד פון דעם דערבייאיגען פיערשטאָקיגען הויז. לינקס אויך פון טויער אָן און פּונקט אנטקעגען דער געמויערטער וואַנד איז געווען א הילצערנער פּאַרקאַן, וואָס האָט זיך געצויגען אויף א טריט צוואַנציג אין הויף אריין און האָט זיך דערנאָך מיט אמאָל פאַרנומען אויף לינקס. דאָס איז געווען א פאַרוואָרפענער אָפּגעצאַמטער אָרט, וואו ס'איז געווען אָנגעלעגט פאַרשידענע מאַטעריאַלען. ווייטער, טיעף אין הויף אריין, האָט ארויסגעקוקט פון אונטער'ן פּאַרקאַן א ראָג פון א נידעריגען, פאַררויכערטען געמויערטען שייער, אפּנים עפּעס א ווערקשטאָט. דאָ איז קענטיג געווען א פאַבּריקעל פון קאַרעטען, צי א שלאָסער־ווערקשטאַט, צי עפּעס אנדערש פון דעם מין; אומעטום, פון דעם טויער אָן, האָט זיך געזעהן זעהר פיעל שוואַרצער קויהלען־שטויב. „אָט אהערצו אונטערוואַרפען און אוועקגעהן!" איז איהם פּלוצלונג איינגעפאלען. ניט זעהענדיג קיינעם אין הויף, האָט ער זיך דורכגעגנב'עט דורכ'ן טויער און האָט גלייך באמערקט, דאָ טאַקע נעבען טויער, א רינע וואָס איז געווען דורכגעלעגט ביים פּאַרקאַן, ווי עס ווערט געוועהנליך געמאַכט אין אזוינע הויר־

נאך פארהאן כאטש א טראפען כח און א שטיקעל פארשטאנד... וואו־היז אבער געהט מען?

דאס איז שוין לאנג געווען באשלאסען: „אלץ אריינגווארפען אין וואסער אריין, און א סוף מיט אן עק“. אזוי האט ער באשלאסען ביי־נאכט נאך, איז היץ, אין יענע מאמענטען ווען ער האט זיך איניגע מאל — ער געדענקט עס — געפרובט אויפשטעהן און זיך לאזען געהן: „שנעלער, און אלץ ארויסווארפען“. נאר עס האט זיך אויסגעלאזט, אז ארויסווארפען איז ניט פון די גרינגע זאכען.

ער האט זיך געבלאנקעט אויפ׳ן ברעג פון יעקאטערינא־קאנאל שוין ביי א האלבע שעה, און אפשר נאך מעהר, און האט איניגע מאל אראפגעקוקט אויף די שטיגען צום רינשטאק אראפ, וואו ער פלעגט זיי נאר טרעפען אבער ווענען אויספיהרען זייז באשלוס האט אפילו קיין קלער ניט געקענט זיין: סאמע ביי די שטיגען זיינען אדער געווען בריקלעד, וואו וועשערנים האבען וועש געוואשען, אדער עס זיינען גע־שטאנען צוגעבונדענע שיפלעך, און אומעטום האט געשוויבעלט און גע־גריבעלט נאך מיט מענשען, און פון אומעטום, פון ברעג, פון אלע זיי־טען קען מען נאך דערזעהן: עס איז דאך זעהר פארדעכטיג, וואס איי־נער א מענש געהט בכיון אראפ, בלייבט שטעהן און הויבט עפעס אן צו ווארפען אין וואסער אריין און ווי וועט זיין, אז די שיידלעך וועלען ניט אראפ צום גרונד, און וועלען נעהמען שווימען? געוויס אזוי, איט־ליכער קען דערזעהן, אלע קוקען שוין אזוי אויך אויף איהם, ווען מען באגעגענט זיך מיט איהם, זיי באטראכטען איהם, גלייך ווי זיי וואלטען אויסער איהם קיינע געשעפטען ניט געהאט. — „וואס קען דאס זיין. אדער אפשר דאכט זיך דאס מיר נאר“, האט ער געטראכט.

ענדליך איז איהם איינגעפאלען, צי ס׳וועט ניט זיין פיעל גלייי־כער אוועקגעהן ערגעץ אויף דער נעווא? דארט איז ניט אזא גרויסער עולם, ניט אזוי קענטיג, אלענפאלס איז דארט א סך באקוועמער, און דער עיקר איז, וואס ס׳איז ווייטער פון זיינע גאסען. און פלוצלונג איז איהם געווארען א גרויסער חדוש: ווי אזוי האט ער זיך עס ארומגע־שלעפט א גאנצע האלבע שעה אזוי פאר׳יאוש׳ט און צוטראגען און נאך אין אזעלכע געפעהרליכע ערטער, און ס׳איז איהם גארניט איינ־געפאלען אזא געדאנק. און נאך דערפאר האט ער גע׳פטר׳ט א גאנצע האלבע שעה אויף אן ארויסגעווארפענע זאך, ווייל ער האט שוין איינ־

גע'חזר'ט, איילענדיג וואס גיכער אהיים צו קומען. — „מערדער! זיי האבען א חשד!" דער פריהערדיגער פחד האט איהם ווידער איינגאנ־צען דורכגענומען, פון קאפ ביז די פיס.

---

## צווייטעס קאפיטעל.

„און ווי וועט זיין, אז די רעוויזיע איז שוין געווען? ווי איז, אז איך וועל זיי פונקט איצט טרעפען ביי זיך?"

נאר אט איז זיין צימער. אלץ ווי געווען; קיינער האט אהער ניט אריינגעשמעקט. אפילו נאסטאסיא האט זיך צו גארנישט צוגע־ריהרט. אבער אום גאטעס ווילען! ווי אזוי גאר האט ער עס געקענט לאזען די אלע זאכען אין דעם לאך?

מיט אן אימפעט האט ער זיך א לאז געטאן צום ווינקעל, אריינ־געשטעקט די האנט הינטער די טאפעטען און גענומען ארויסשלעפען די זאכען און פאקען זיי אין די קעשענעס. אכט שטיק איז געווען: צוויי קליינע שאכטלען מיט אויהרינגלעך, צי מיט עפעס אנדערש פון דעם מין, — ער האט זיך גוט ניט צוגעקוקט; דערנאך פיער קליינע סאפיאן־שיידלעך. איין קייטעלע איז געווען בלויז פארוויקעלט אין אן אלטע צייטונג. אין אן אלטע צייטונג איז אויך געווען איינגעוויקעלט נאך עפעס, דאכט זיך אן ארדען...

ער האט עס צולעגט אין אלע קעשענעס, אין מאנטעל און אין דער איבערגעבליבענער רעכטער קעשענע פון די הויזען, און געזעהן, עס זאל ניט קענטיג זיין. דאס בייטעל האט ער אויך מיטגענומען צוזאמען מיט די זאכען. דערנאך איז ער ארויס פון צימער, און האט אפילו דאסמאל די טהיר ניט פארמאכט.

ער איז געגאנגען מיט שנעלע, פעסטע טריט און כאטש ער האט געפיהלט אז ער איז אינגאנצען צובראכען, איז ער דאך געווען ביים קלארען זינען. ער האט מורא געהאט, מען זאל איהם ניט נאכיאגען, האט מורא געהאט, אז אין א פיערטעל שעה ארום וועט אודאי ארויס א פאראָרדנונג נאכצושפירען איהם; דעריבער איז געווען קלאר, אז מען דארף בייצייטענס פארניכטען אלץ, וואס קען ארויסברייגגען אויף א חשד. מען האט עס געדארפט וואס גיכער באזארגען. כל זמן עס איז

געפאַלען אין אונמאַכט; ווי יענער איז אבער צו זיך געקומען, איז ער גלייך אוועקגעגאַנגען.

— פון נעכטען אָן... האָט ראַסקאָלניקאָוו שטאַמלענדיג געענטפערט.

— און נעכטען זענט איהר ארויסגעגאַנגען אין גאַס?

— ארויסגעגאַנגען.

— קראַנקערהייד?

— קראַנקערהייד.

— וויפיעל אזייגער?

— אכט א זייגער אָווענט.

— און וואוהין זענט איהר געגאַנגען, נעהמט ניט פאַר אומגוט, וואָס איך פרעג אייך?

— אין גאַס.

— קורץ און שאַרף.

ראַסקאָלניקאָוו האָט געענטפערט שאַרף, אָפּגעהאַקט, אינגאַנצען בלאַס ווי א טוד און ניט אראָפּלאָזענדיג די שוואַרצע צוהיצטע אויגען פאַר איליא פּעטראָוויטשעס בליק

— קוים וואָס ער שטעהט איין אויף די פיס, און דו... האָט ני־קאָדים פאָמיטש א זאָג געטאָן.

— ניש—ק—שה! — האָט איליא פּעטראָוויטש עפּעס זעהר מאָד־נע ארויסגערעדט.

ניקאָדים פאָמיטש האָט געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבען, נאָר א קוק געבענדיג אויפ'ן שרייבער, וועלכער האָט פון איהם אויך קיין אויג ניט אראָפּגענומען, איז ער אנטשוויגען געוואָרען. אַלע זיינען מיט אמאָל אנטשוויגען געוואָרען. עס איז געוועזען מאָדנע.

— נו, גוט, — האָט ענדליך געזאָגט איליא פּעטראָוויטש, — מיר פאַרהאַלטען אייך ניט.

ראַסקאָלניקאָוו איז ארויס. ער האָט נאָך געקענט כאַפּען מיט'ן אויער, ווי עס האָט זיך פּלוצלונג אָנגעהויבען גלייך נאָך זיין אוועק־געהן א לעבהאַפטער שמועס, אין וועלכען עס האָט זיך מעהר פאַר אַלע געהערט די פרעגענדע שטים פון ניקאָדים פאָמיטש'ן... אויפ'ן גאַס איז ער אינגאַנצען צו זיך געקומען.

„א רעוויזיע, א רעוויזיע, באַלד א רעוויזיע!" האָט ער פאַר זיך

פעל, דאָרט געזעסען פארשפּארט; און מען וואָלט איהם געווים דאָרט געפּאקט, ווען קאָך וואָלט זיך אזוי ניט באנארישט און וואָלט אליין אויך ניט אוועק נאָכ'ן סטרוזש. פּונקט אין דער רגע האָט ער באַוויזען אראָפּצוגעהן פון די טרעפּ און זיך ווי עס איז דורכגע'גנב'עט פארביי זיי. קאָך שווערט זיך מיט טויטע שבועות: „ווען איך זאָל געווען דאָרט בלייבען, זאָגט ער, וואָלט ער ארויסגעשפּרונגען און מיך גע'הרג'עט מיט דער האַק". ער בענשט פּשוט גומל.

— און דעם מערדער האָט גאָר קיינער ניט געזעהן?

— ווי אזוי וועסטו דאָרט דערזעהן, דער הויף איז גרוים ווי נח'ס תיבה, — האָט געזאָגט דער שרייבער, וואָס האָט זיך צוגעהערט פון זיין אָרט.

— די זאַך איז קלאָר, די זאַך איז קלאָר! — האָט ניקאָדים פאָמיטש איבערגע'חזר'ט מיט היץ.

— ניין, די זאַך איז זעהר ניט קלאָר, — האָט גע'פּסק'ענט איליא פּעטראָוויטש.

ראַסקאָלניקאָוו האָט אויפגעהויבען זיין הוט און זיך געלאָזט געהן צום טהיר, נאָר ביז צו דער טהיר איז ער ניט דערגאנגען.

ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער דערזעהן, אז ער זיצט אויף א שטוהל, אז איהם האַלט אונטער פון דער רעכטער האַנט עפּעס איינער א מענש, אז ביי דער לינקער האַנט שטעהט נאָך איינער, מיט א גלעזעל גלאָז, אָנגעפּילט מיט געל וואסער, און ניקאָדים פאָמיטש שטעהט פאַר איהם און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין; ער איז אויפגעשטאַנען פון שטוהל.

— וואָס איז דאָס מיט אייך, איהר זענט קראַנק? — האָט גאַנץ שטרענג ניקאָדים פאָמיטש א פרעג געטאָן.

— בשעת זיי האָבען זיך אונטערגעשריבען, האָבען זיי אויך קוים געהאַלטען די פעדער אין האַנט, — האָט געזאָגט דער שרייבער, אוועקזעצענדיג זיך אויף זיין פריהערדיגען אָרט און נעהמענדיג זיך ווידער צו די פּאַפּירען.

— און לאַנג שוין זענט איהר קראַנק? — האָט איליא פּעטראָוויטש א געשריי געטאָן פון זיין אָרט און זיך אויך גענומען ריהרען אין די פּאַפּירען.

נאַטירליך האָט ער אויך באַטראַכט דעם קראַנקען, ווען יענער איז

אויפ'ן טיש און האט צונויפגעדריקט דעם קאפ מיט די הענט, גלייך ווי מען וואלט איהם צוועקעס אין קאפ שלאגען. א מאדנער געדאנק איז איהם פלוצלונג איינגעפאלען: גלייך אויפשטעהן, צוגעהן צו ניקאדים פאמיטש'ן און דערצעהלען איהם אלץ, וואס נעכטען איז געשעהן, מיט אלע פרטים, דערנאך אוועקגעהן צוזאמען מיט איהם צו זיך אהיים און ווייזען זיי די זאכען אין ווינקעל, אין לאך. דער געדאנק האט איהם אזוי שטארק א נעהם געטאן, אז ער איז שוין אויפגעשטאנען פון ארט אויסצופיהרען עס. — „אפשר באטראכטען זיך כאטש נאך א רגע?" האט זיך איהם דורכגעטראגען אין מוח. — ,ניין, בעסער ניט־באטראכטערהייד, און אראפ פון מארק!" פלוצלונג אבער איז ער געבליבען שטעהן ווי א פארגליווערטער: ניקאדים פאמיטש האט מיט היץ עפעס דערצעהלט איליא פעטראוויטש'ן, און ער האט דערהערט די לעצטע ווערטער.

— עס קען ניט זיין, מען וועט זיי ביידען ארויסלאזען. ערשטענס שיקט זיך עס גלאט ניט; בארעכענט אליין: צו וואס האבען זיי נאך געדארפט רופען דעם סטרוזש, אויב ס'איז זייער ארבייט? זיך אליין פאר'מסר'ן, וואס? צי אפשר איז עס זייערס א שפיצעל? ניין, דאס וואלט שוין זיי צו שפיצעלדיג! היינט דעם סטודענט פעסטריאקאוו'ן האבען געזעהן סאמע ביים טויער ביידע סטרוזשען און איינע א גויע פונקט אין דער ווייל, ווען ער איז אהינצו אריינגעגאנגען; ער איז געגאנגען מיט דריי חברים און האט זיך מיט זיי געזעגענט סאמע ביים טויער און נאך פאר די דריי חברים אין די אויגען האט ער געפרעגט ביים סטרוזש דעם אדרעס. נו, וועט זיך אזוינער נעהמען פונאנדערפרעגען וועגען אדרעס, ווען ער איז געגאנגען מיט אזא כונה? און קאך איז פריהער פאר'ן אריינגעהן צו דער אלטער אויך אפגעזעסען ביי א האלבע שעה אונטען ביים גאלדמאכער און פונקט דריי פיערטעל אויף אכט איז ער אוועק פון איהם צו דער אלטער. איצט בארעכענט אליין...

— ענטשולדיגט אבער, ווי זשע קומט ביי זיי אויס אזא ווידערשפרוך: טענה'ן אליין, אז זיי האבען געקלאפט און אז די טהיר איז געווען פארבאכט, און אין דריי מינוט ארום, ווען זיי זיינען געקומען מיט'ן סטרוזש, קומט אויס, אז די טהיר איז געווען אפען?

— אט דאס איז דאך די מעשה: דער מערדער איז, אהן צוויי־

איצט אָרעז זיין אייגענע נידערטרעכטיגקייט, די אַלע אמביציעס, אַפּי־צירען, דייטשקעס, וועקסלען, צאָהלונגען, קאָנצעלאַריעס א. אַז. וו. א. אַז. וו. ווען מען וואָלט איהם פאַר'משפט צו פאַרברענען אין דער דאָזיגער ווײַלע, וואָלט ער זיך דאַן אפילו אויך ניט א ריהר געגעבען. ס'איז זאָגאר א גרויסער ספק, צי ער וואָלט אויסגעהערט דעם אור־טייל. מיט איהם איז פאָרגעקומען עטוואָס איננאַנצען איהם אונבאַ־קאַנטעס, נייעס, אומגעריכטעס א׳ן קיינמאָל ניט געוועזענעס. ניט וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, ער האָט אבער געשפּירט בחוש, מיט דער גאַנצער שפּירונגס־קראַפט, אַז ניט נאָר מיט ריהרענדע מעשיות, ווי פריהער, נאָר אפילו מיט קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט ער זיך ניט קענען ווענדען צו די דאָזיגע מענשען, אין דער פּאָליציי־קאַנ־צעלאַריע, און ווען דאָס וואָלטען אפילו געווען זיינע לייבליכע ברידער און שוועסטער, ניט קיין פּאָליציי־אַפּיצירען, וואָלט ער אפילו דאַן אויך ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו ווענדען צו זיי פאַר קיין פאַל אין לעבען ניט: ער האָט נאָך קיינמאָל ניט איבערגעלעבט אַזאַ מין מערק־ווירדיג און שרעקליך געפיהל. און דאָס האָט איבערהויפּט דערפאַר אַזוי וועה געטאָן — ווייל דאָס איז געווען מעהר געפיהל, ווי באַוואוסטזיין, ווי פאַרשטאַנד: אַן אונמיטעלבאַר געפיהל, דאָס פּייַנליכסטע געפיהל, וואָס ער האָט ווען עס איז אין זיין לעבען געהאַט איבערגעלעבט.

דער שרייבער האָט איהם גענומען דיקטירען די פאָרם פון אַזאַ מין תשובה, ווי דער שטייגער איז אין אַזוינע פאַלען. דאָס הייסט, באַצאָהלען קען איך ניט, איך זאָג צו אויף דאַמאָלס און דאַמאָלס (ווען עס איז). פון שטאָדט וועל איך ניט אַרויספאָהרען; דאָס האָב־און־גוטס וועל איך ניט פאַרקויפען און ניט אַוועקשענקען א. ד. גל.

— איהר קענט דאָך גאַרנישט שרייבען, אייך פאַלט דאָך די פען פון דער האַנט אַרויס, — האָט באַמערקט דער שרייבער, קוקענדיג נייַ־גיריג אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן. — איהר זענט קראַנק?

— יאָ... ס'שווינדעלט אין קאָפּ... זאָגט ווייטער!

— מעהר גאַרנישט; שרייבט זיך אונטער.

דער שרייבער האָט צוגענומען דאָס פּאַפּיר און זיך גענומען צו אַנדערע.

ראַסקאָלניקאָוו האָט אָפּגעגעבען די פען, נאָר אַנשטאָט אויפצו־שטעהן און אַוועקצוגעהן, האָט ער אַרויפגעלעגט ביידע איילענבויגענס

— די אַלע ריהרענדע פּרטים האָבען צו אונז קיין שייכות ניט, מיין הערר, — האָט איהם איליא פּעטראָוויטש אָפּגעהאַקט מיט חוצפּה, — איהר דאַרפט געבען אַ תשובה און אַ התחייבות, און דאָס וואָס איהר זענט געווען פאַרליעבט און נאָך אַזוינע טראַגישע מעשיות האָבען צו אונז קיין שום שייכות ניט.

— נו, דו הויבסט שוין אָן צו אכזריות'דיג... — האָט ניקאָדים פאָמיטש ארויסגעשטאַמעלט, זיך צוגעזעצט צום טיש, און אויך גענו־מען אונטערצושרייבען פּאַפּירען. ער האָט זיך עפּעס אַזוי ווי פאַר־שעמט.

— נו, טאַ שרייבט, — האָט דער שרייבער געזאָגט צו ראַס־קאָלניקאָוו'ן.

— וואָס שרייבען ? — האָט יענער אַ פרעג געגעבען מיט עפּעס אַ מאָרנער גראָבקייט.

— אָט איך וועל אייך זאָגען.

ראַסקאָלניקאָוו'ן האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער שרייבער האָט זיך מיט איהם גענומען באַגעהן מיט מעהר גאוה און פאַראַכטונג נאָך זיין ודוי, — אָבער אַ מערקווירדיגע זאַך, — ער איז פּלוצלונג אליין געוואָרען איינגאַנצען גלייכגילטיגע צו וואָס פאַר אַ מיינונג עס זאָל ניט זיין, און די דאָזיגע פאַרענדערונג איז אין איהם פאָרגעקומען אין איין אויגענבליק. אין איין רגע. ווען ער זאָל געווען וועלען עטוואָס אַ טראַכט טאָן, וואָלט איהם געווים געווען אַ גרויס וואונדער, ווי האָט ער עס געקענט אַזוי ריידען מיט זיי, מיט אַ ווייל פריהער, און זאָ־גאָר אויסגיסען פאַר זיי זיינע געפיהלען ? און פון וואַנען האָבען זיך דאָס גענומען די דאָזיגע געפיהלען ? פאַרקעהרט, ווען איצט וואָלט דאָס גאַנצע צימער פול געוואָרען ניט מיט פּאָליציי־אויפזעהער, נאָר אפילו מיט זיינע בעסטע פריינד, וואָלט ער, דאַכט זיך, דאַמאָלס אפילו אויך ניט געפונען פאַר זיי קיין איין מענשליך וואָרט, אַזוי איז אילם מיט אַמאָל פּוסט געוואָרען דאָס האַרץ. אַ מרה־שחורה'דיג גע־פיהל פון פיינליכער, אונענדליכער איינזאַמקייט און פאַרפרעמדקייט יאָז פּלוצלונג באוואוסטזיניג געבאָרען געוואָרען אין זיין נשמה. ניט די געמיינהייט פון זיין קלאָגען זיך פאַר איליא פּעטראָוויטש'ן, און אויך ניט די געמיינהייט פון דעם אָפּיצירס טריאומפירען איבער איהם האָבען פּלוצלונג אַנגעמאַכט אַ חורבן אין זיין האַרץ. אַ, וואָס קען איהם

אויך צו ערקלערען פון מיין זייט, אז איך וואוין ביי איהר שוין דריי יאהר, זינט איך בין געקומען אהער פון דער פּראָווינץ, און פריהער, פריהער... פאַרוואָס זאָל איך זיך טאַקע ניט מודה זיין, אז פון אָנהויב אָן האָב איך איהר געגעבען א וואָרט חתונה צו האָבען מיט איהר טאָכ־טער... ניט מעהר ווי א וואָרט... איך בין מיט גאָרניט געווען פאַר־בונדען... דאָס איז געווען א מיידעל... איבריגענס איז זי מיר זאָגאר געווען געפעלען... פאַרליעבט בין איך אפילו ניט געווען... מיט איין וואָרט, יונגעלייט, ווי דער שטייגער איז... ד. ה. איך מיין צו זאָגען, אז איך האָב געהאט ביי דער בעל־הבית׳טע זעהר גרויסען קרעדיט און איך האָב אביסעל געפיהרט אזא מין לעבען... איך בין געווען זעהר לייכטזיניג...

— מען פאָדערט פון אייך גאָר ניט אזעלכע אינטימע זאכען, מיין הערר, און ס׳איז קיין צייט אויך ניטאָ, — האָט איהם ליליא פּעטראָוויט׳ש געוועזט איבערגעשלאָגען גראָב און טריאומפירענדיג, נאָר ראַסקאָלניקאָוו האָט איהם מיט היץ אָבגעשטעלט, הגם איהם איז מיט אמאָל זעהר שווער געוואָרען צו ריידען.

— אָבער ערלויבען זיי מיר, ערלויבען זיי מיר עטוואָס דער־צעהלען... ווי דאָס איז צוגעגאַנגען און... פון מיין זייט... כאָטש איהר זענט אפשר געדעכט און ס׳איז איבריג צו דערצעהלען, — נאָר מיט א יאהר צוריק איז דאָס פרייליין געשטאָרבען פון א טיפוס, און איך בין ביי דער בעל־הבית׳טע געבליבען אויף ווייטער, ווי געווען; האָט זי מיר געזאָגט. ווען זי האָט זיך איבערגעצויגען אין די איצטיגע וואוינונג אריין, אין גוטען מוטה געזאָגט... אז איך בין ביי איהר זעהר באַגלויבט אין אלצדינג... נאָר צי וועל איך איהר ניט געבען דעם דאָ־זיגען וועקסעל אויף הונדערט מיט פופצעהן רובל, — דאָס איז די גאַנ־צע סומע, וואָס איך האָב איהר געקומט, נאָך איהר רעכענונג: זי האָט מיר בפירוש אזוי געזאָגט, אז ווי נאָר איך וועל איהר געבען דעם דאָ־זיגען פּאַפּיער, וועל איך ביי איהר ווידער האָבען קרעדיט וויפיעל איך וועל אליין וועלען, און זי וועט פון איהר זייט זיך קיינמאָל אין לעבען דאָס זיינען איהרע אייגענע ווערטער — ניט באַנוצען זיך מיט דעם דאָזיגען פּאַפּיר, ביז איך וועל איהר אליין באַצאָהלען... און דוקא איצט, ווען איך האָב די שטונדען פאַרלאָרען און האָב ניט וואָס צו עסען, גיט זי אָן אויף מיר דעם וועקסעל. איז וואָס קען איך איצט זאָגען?

ברענט געוואָרען — און שוין! אַלץ פאַריבער! און ווידער געבליבען א גאַלדען האַרץ! אפילו אין פּאַלק האט מען איהם א נאָמען געגעבען: „פּולווער־אַפּיציר"...

— און שוין איינמאַל א פּ—פּ—פּאַ—אַלק! — האט איליא פּעטראָוויטש אויסגעשריען, זעהר צופריעדען, וואָס מען האט איהם אזוי פיין פאַרגעשטעלט, אָבער דאָך נאָך אַלץ ברוגז׳דיג.

ראַסקאָלניקאָוו׳ן האט זיך פּלוצלונג פאַרוואָלט זאָגען זיי אַלעמען עפּעס אזוינס, וואָס זאָל זיי זיין זעהר אנגענעהם.

— וואָס רעדט איהר, קאַפּיטאַן, — האט ער אָנגעהויבען זעהר אויפגערוימט, זיך ווענדענדיג פּלוצלונג צו ניקאָדים פּאָמיטש׳ן, — געהט אריין אין מיין לאַגע אויך... איך בין זאָגאר גרייט צו בעטען ביי זיי פאַרצייהונג, אויב איך האָב זיי פון מיין זייט עפּעס פּוגע בכבוד געווען. איך בין אַן אָרימער קראַנקער סטודענט, פאַראוּמערט (ער האט אזוי טאַקע געזאָגט: „פאַראוּמערט") פון אָרימקייט. איך בין א געוועזענער סטודענט, ווייל איצט בין איך ניט אימשטאַנד אויסצוהאַלטען זיך, נאָר איך וועל באַקומען געלט... איך האָב א מוטער און א שוועסטער אין ד—ער גובערניע... מען וועט מיר שיקען און איך וועל... באַצאָהלען. מיין בעל־הבית׳טע איז א גוטע פרוי, נאָר זי איז אזוי בייז געוואָרען, וואָס איך האָב פאַרלאָרען מיינע שטונדען און צאָהל איהר שוין דעם פערטען חודש ניט, אז זי שיקט מיר ניט ארויף אפילו קיין מיטאָגעז... און איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס איז דאָס פאַר א וועקסעל. מאָהנט זי ביי מיר איצט, איך זאָל איהר באַצאָהלען פאַר דעם דאָזיגען וועקסעל! אָבער וואָס קען איך איהר באַצאָהלען, זאָגט אליין!...

— ס׳איז דאָך אָבער ניט אונזער געשעפט... האט ווידער א זאָג געטאָן דער שרייבער.

— ענטשולדיגט, ענטשולדיגט, איך בין מיט אייך פּאָלקאָם איינשטימיג, אָבער ערלויבען זיי מיר אויך צו ערקלערען די זאַך, — האט ראַסקאָלניקאָוו ווידער אונטערגעכאַפּט, זיך ווענדענדיג ניט צום שרייבער, נאָר אַלץ צו ניקאָדים פּאָמיטש׳ן, אָבער בעמיהענדיג זיך מיט אַלע כחות צו ווענדען זיך אויך צו איליא פּעטראָוויטש׳ן, כאָטש יענער האט זיך געמאַכט, אז ער איז פאַרטאָן אין די פּאַפּירען און איהם שטעהט אפילו ניט אָן צו קוקען אין זיין זייט, — ערלויבען זיי מיר

לואיזא איוואנאוונא האט זיך מיט א זיסער מינע געלאזט צום טיר, נייגענדיג זיך אויף אלע זייטען; נאר אין טיר איז זי אנגעשפרונגען מיט'ן הינטען אויף א שענעם אפיציר, מיט אנ'אפענעם פרישען געזיכט און מיט הערליכע מורא'דיג-געדיכטע בלאנדע באקענבארדען. דאס איז געווען ניקאדים פאמיטש אליין, דער צירקעל-אויפזעהער. לואיזא איוואנאוונא האט זיך מיט אמאל א זעץ געטאן כמעט ביז צו דער ערד און מיט גיכע דראבנע טריט האט זי אונטערשפרינגענדיג זיך זיך ארויסגעקייקעלט פון קאנצעלאריע

— ווידער א געוויטער, ווידער דונערן און בליצען, שטורמווינדען און אוראגאנען! — האט זיך ניקאדים פאמיטש העפליך און פריינדליך געווענדט צו איליא פעטראוויטש'ן, — ווידער אבגעגעסען זיך דאס הארץ, ווידער אויפגעזאדען ווי א קעסעל! איך האב נאר אויף די טרעפ געהערט!

— כ'ווייי'! — האט עס איליא פעטראוויטש מבטל געווען מיט א מין אריסטאקראטישען שטאלץ, איבערגעהענדיג מיט עפעס פאפירען צו אנ' אנדער טיש און זעהר קאקעטיש ציהענדיג מיט די אקסלען, וואוהין דער טריט, אהין דער אקסעל. — אט האב איך די עהרע אייך פארצושטעלען: הערר ליטעראט, וואס רייד איך, הערר סטודענט, מיין איך, א געוועזענער, הייסט עס, צאהלט ניט קיין געלט, צוטיילט וועקסלען מאכט ניט ליידיג די דירה, מען גיט אויף זיי אן פאפירען אהן א שיעור, — און דא, פארשטעהט איהר מיך, האב איך חוטא בעגל נעווען, וואס איז, — איך האב פאר איהם אין די אויגען פאררויכערט א פאפיראס! אליין טוען זיי אב די ש—ש—שענדליכסטע זאכען, און אט קוקט איהם נאר אן: ער האט דאך איצט דעם זיבענטען חן אין זיין גאנצער ליעבער מראה!

— ארימקייט איז קיין שאנד, מיין פריינד, נאר נישטא פון וואס צו מאכען א ווענען! ציגנרט זיך אן ווי פולווער, ניט געקענט פארטראגען, וואס מען האט איהם דעם האנאר אנגעריהרט. איהר זענט אפנים אויף זיי פאר עפעס ברוגז געווארען און זיך אליין ניט געקענט איינהאלטען, — האט זיך ניקאדים פאמיטש פריינדליך געווענדעט צו ראסקאלניקאוו'ן, — נאר אומזיסט זענט איהר אויף זיי ברוגז: איך זאג אייך, ער איז זע—הר און זע—הר א פיי—נער מאן, נאר פולווער, אמת'ער פולווער! זיך אנגעצונדען, א זאד געטאן, פאר-

ראָק צוריסען. דאַמאָלס האָט ער געגומען שרייען, אַז מען וועט איהם באַצאָהלען פּופּצעהן רובל שטראָף פֿאַר'ן ראָק, האָט זי איהם אַליין באַצאָהלט פֿינף קאַרבען פֿאַר זיין ראָק. דאָס איז ניט קיין אָרטיגער גאַסט, וויבאַלד ער מאַכט סקאַנדאַלען. זאָגט ער, אַז ער וועט אונז באַשרייבען אויפ'ן בלאַט און וועט אויף אונז מאַכען אַ סאַטירע, ווייל ער שרייבט אין אַלע בלעטער.

— ער איז אַ שרייבער, הייסט עס?

— יאָ, הערר קאַפּיטאַן, אונד וואָס פֿיר איין אונאָרטיגער גאַסט איזט עס...

— נו, נו, נו! גענוג! איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, געזאָגט, איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט...

— איליא פּעטראָוויטש! — האָט דער שרייבער ווידער אַ רוף געטאָן דעם אָפיציר.

דער אָפיציר האָט אויף איהם אַ קוק געגעבען: דער שרייבער האָט צו איהם אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

—...אַלזאָ, זאָלסטו דיר פֿאַרשרייבען אויפ'ן שטערן, אַז דאָס איז דיר אַ לעצטעס מאָל, — האָט דער אָפיציר ווידער אָנגעהויבען, — אויב עס וועט נאָך איינמאָל פֿאַרקומען אין דיין איידעלען הויז אַ סקאַנדאַל, וועל איך דיר שוין ווייזען, וואו פּעפּער וואַקסט. פֿאַרשטעהסט? הייסט עס, האָט אַ ליטעראַט, אַ שרייבער, אין אַנ'איידעל הויז, גענומען פֿינף רובל פֿאַר אַ גוואַלד־רים אין ראָק? אָט האָסטו דיר אַ חברה? און ער האָט אַ בליץ געטאָן מיט פֿאַראַכטונג אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן. אייערנעכטען איז אין שיינק אויך געוועזען אַ שענע מעשה: אָבגעגעסען — אַהאַ, צאָהלען — ניט פֿון אָרט; וואָס הייסט, — אַניט וועט ער אין בלאַט באַשרייבען. נאָך אַזאַ מין געשיכטע האָט זיך געטראָפֿען יענע וואָך אויף אַ שפּאַציר־שיף: עס איז געפֿאָהרען אַ סטאַטס־ראַט מיט זיין פֿרוי און אַ טאָכטער, און מיט זיי צוזאַמען אַ שרייבערל, האָט ער זיי געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך. פֿון אַ קאָנדיטערייַ האָט מען אַנומעלט אויך איינעם אַזאַ חברה־מאַן אַרויסגעוואָרפֿען פֿאַר'ן קאַרק. אָט האָסטו דיר די גאַנצע שענע חברה: ליטעראַטען, שרייבער, סטודענטען, אויפֿגערייצענע מיילער! טפֿוי! און דו נעהם וועג! איך וועל שוין אַליין צו דיר אונטערקומען... דאַמאָלס היט דייגע בייגער! ס'ט'געהערט?

רונג, אז דעם צוקאַ זען אַפּיציר קען מען ניט אנדערש איינהאַלטען, סיידען ווי פאר די הענט.

וואס עס אַנבעלאַנגט צו דער פּאַרפּוצטער דאַמע, איז זי לכתחלה געוואַרען פאַרציטערט פון די דונערן און בליצען; אָבער אַ מערקוויר־דיגע זאַך: וואס מעהר און שטאַרקער ער האָט זי געזידעלט, אַלץ העפליכער און צוגעלאַזטער איז געוואַרען איהר פּנים, און אַלץ חנ׳־עוודיגער דער שמייכעל, מיט וועלכען זי האָט געקוקט אויף דעם גרוי־זאַמען אַפּיציר. זי האָט זיך עפּעס מאָדנע לעכערליך געדרעהט אויף איין אָרט און זיך אַלע ווייַלע צוגעזעצט, וואַרטענדיג מיט אונגעדולד, אַז מען זאָל שוין איהר אויך לאָזען זיך אויס׳טענהן. און זי האָט זיך דערוואַרט.

„ביי איהר איז גאָר קיין שום טומעל ניט געווען — האָט זי גע־נומען שיטען, ווי אַרבעס פון אַ לעכערדיגען זאַק, מיט אַנ׳עכט דייט־שען אַקצענט, — ביי איהר איז קיין שום סקאַנדאַל ניט געווען. זי וועט דערצעהלען דעם הערר קאַפּיטאַן דעם ריינעם אמת. ער איז גע־קומען טויט־שכור. זי איז אין דעם גאָר ניט שולדיג. ביי איהר איז אַנ׳־איידעל הויז, און אַנ׳איידעלע אויפפיהרונג, און סקאַנדאַלען האָט זי פיינט פון אימער און פון שטענדיג. איז ער געקומען טויט־שכור און האָט נאָך ווידער געהייסען דערלאַנגען דריי פּלאַש. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבען די פיס און גענומען קלאַפּען מיט אַ פוס איבער די ביינדלעך פון פּאַרטעפּיאַן. און דאָס פּאַסט ניט אין אַנ׳איידעל הויז, ס׳איז ניט אָרטיג, זי האָט איהם דאָס געזאָגט. האָט ער געכאַפּט אַ פּלאַש און גענומען מיט איהר שלאָגען אַלעמען אין רוקען. איז זי גלייך אוועק נאָכ׳ן סטרוזש און קאַרל איז געקומען, האָט ער גענומען קאַרל׳ען און איהם אויסגעזעצט אַנ׳אויג, און הענריעטען האָט ער אויך אויס־געזעצט אַנ׳אויג און איהר אַליין האָט ער אויך געגעבען פינף פּעטש אין באַק אריין. און דאָס איז דאָך אַזוי ניט איידעל אין אַנ׳איידעל הויז. וואָס האָט זי געקענט מאַכען? האָט זי געשריען. האָט ער זיך געשטעלט אויפ׳ן פענסטער, דאָס אויפגעעפענט און גענומען קוויטשען צום גאַס ווי אַ שוויין. ס׳איז דאָך אַ שאַנדע ווי קען מען דאָס אין פענסטער איבערן גאַס קוויטש׳ען ווי אַ שוויין! פּע! פּע! איז קאַרל צוגעפּאַלען צום פענסטער, האָט איהם פון הינטען אַ נעהם גע־טאָן פאַר׳ן ראָק, איהם גענומען שלעפּען פון פענסטער און איהם זיין

שטאַנען, גֿעלייענט, געהערט, געענטפערט, אפילו אליין אויך גע־שטעלט פראַגען. נאָר דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרען מאַשינאַל. דאָס פריידיגע געפיהל פון זעלבסטפערהיטונג, דאָס אויסגעלייזט ווערען פון א דריקענדער געפאהר, — אָט וואָס האָט אין דער רגע אָנגע־פילט זיין גאַנץ וועזען, אָהן פאַראויסזעהעניש, אָהן אַנאַליז, אָהן צו טרעפען וואָס שפּעטער וועט זיין, אָהן ספקות און אָהן פראַגען. דאָס איז געוועזן א רגע פון פולער אונמיטעלבאַרער ריין־טיערישער פרייד. נאָר אין דעם אייגענעם אויגענבליק איז אין קאַנצעלאַריע פאַרגעקומען עפּעס א מין שטורם מיט דונערן און בליצען. דער אָפיציר, נאָך ניט גע־קומען צו זיך פון ראַסקאָלניקאָוו׳ס עזות־פּנים׳קייט, צוקאָכט און אויסער זיך, וועלענדיג אָפּנים צוריקשטעלען זיין געפאַלענעם אויטאָ־ריטעט, האָט גענומען שיטען פּעך און שוועבעל אויף דער אומגליק־ליכער פאַרפּוצטער דאַמע, וואָס האָט אויף איהם די גאַנצע צייט, זינט ער איז אריין, געקוקט מיט א נאַרישען תמ׳עוואַטען שמייכעל.

—א דו אַזוינע און אַזוינע, — האָט ער זיך פּלוצלונג צושריען אויף דער העכסטער אָקטאַווע (די טרויער־דאַמע איז שוין ארויסגע־גאַנגען), — וואָס איז דאָרט ביי דיר געוועזן נעכטען ביינאַכט? האַ? ווידער א חרפּה און א שאַנדע, א סקאַנדאַל אויף דער גאַנצער גאַס געמאַכט, ווידער שכרות און געשלעג. ווילסט אָפּנים אין אָסטראָג צי וואָס? איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, איך האָב דיך דאָך שוין מתרה געוועזן צעהן מאָל, אז צום עלפטען וועל איך דיר ניט שווייגען! און דו איבעראַניים, האַ, דו אַזוינע און אַזוינע און נאָכאַמאָל אַזוינע!

דאָס פּאַפּיר איז אַזש ארויסגעפאַלען ראַסקאָלניקאָוו׳ן פון די הענט, און ער האָט ווילד געקוקט אויף דער פאַרפּוצטער דאַמע, מיט וועלכער מען האָט אויף אַזוי פיעל קיין מחזקות ניט געמאַכט; באַלד אָבער האָט ער פאַרשטאַנען, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און גלייך האָט איהם די דאָזיגע געשיכטע אפילו אָנגעהויבען צו געפעלען ווע־רען. ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַזאַ מין פאַרגניגען, אז איהם האָט אַזש זיך פאַרוואָלט הויך לאַכען, לאַכען, לאַכען... אַלע נערווען זענען איהם פּשוט צושפּרונגען געוואָרען.

— איליאַ פּעטראָוויטש! — האָט דער שרייבער געוועזט אָנ־געהויבען מיט רעספּעקט. ער איז אָבער שטעהן געבליבען איבער־וואַרטען דעם שטורם, ווייל ער האָט געוואוסט פון אייגענער ערפאַה־

גאריעוויטש, מען האט אויף אייך אנגעגעבען! איהר צאהלט ניט קיין געלט!

ראסקאלניקאוו האט שוין מעהר ניט געהערט ער האט נייגעריג א כאפ געטאן דאס פאפיר, צו געוואהר ווערען וואס גיכער דעם עיקר. איבערגעלייענט איינמאל און נאכאמאל, און ניט בארשטאנען.

— וואס זשע איז דאס אזוינס? — האט ער געפרי ט דעם שרייבער.

— דאס מאהנט מען ביי אייך געלט מיט א וועקסעל, א חוב. איהר דארפט אדער באצאהלען מיט אלע קאסטען, שטראף־געלט א. ד. ג. אדער ארויסגעבען א פאפיר, ווען איהר קענט באצאהלען; אויסערדעם דארפט איהר ארויסגעבען א התחייבות ניט ארויסצופאהרען פון שטאדט, ביז איהר וועט איינצאהלען, און ניט צו פארקויפען און ניט צו באהאלטען אייער האב־און־גוטס. און דער מלוה האט רעכט צו פארקויפען אייער האב־און־גוטס. און באהאנדלען אייך לויט די געזעצען.

— איך בין... אבער קיינעם ניט קיין בעל־חוב!

— דאס איז ניט אונזער געשעפט. אונז איז אנגעקומען צום אויפמאהנען אנ'אויסגעגאנגענער פראטעסטירטער וועקסעל אויף הונדערט און פופציג רובל, וואס איהר האט ארויסגעגעבען דער אלמנה פון דעם קאלעגיענאסעסאר זארניצין, מיט ניין מאנאטען צוריק, און וועלכער איז איבערגעגאנגען פון דער אלמנה זארניצין צו דעם „נאדווארני סאוועטניק“ טשעבאראוו, — דארום לעגען מיר אייך פאר, איהר זאלט אונז ענטפערען...

— זי איז דאך אבער מיין בעל'הבית'טע?

— און אז זי איז אייער בעל־הבית'טע, בכן איז וואס?

דער שרייבער האט מיט א פריינדליך־פון־אויבען־אראביגען באדויערענדען שמייכעל, און וועלכען עס האט צו גלייכער צייט נעשטעקט אויך עפעס א מין נצחון־פרייד, געקוקט אויף ראסקאלניקאוו'ן, ווי אויף א נאר, א נעבעכ'ל, וועלכען מען נעהמט ערשט אויפ'ן צימבעל, גלייך ווי איינער רעדט: „נו, ווי פיהלסטו זיך עפעס איצט?“ נאר וואס האט איהם איצט געקאנט ארען עפעס א וועקסעל, עפעס א צאהלונג! האט ער דען איצט געקאנט נעהמען עטוואס אזוינס צום הארצען, צי אפילו ניט מעהר ווי א טראכט געבען וועגען דעם! ער איז גע־

געטאַן פאר פרייד. איהם איז פּלוצלונג געוואָרען אזוי שרעקליך מאָד־נע לייכט, א באַרג איז אראָב פון זיינע פּלייצעס.

— און וויפיעל א זייגער האָט איהר געדארפט קומען, מיין הערר? — האָט דער אָפיציר אויסגעשריען; ער איז וואָס ווייטער אלץ מעהר געווארען צוקאָכט און אליין ניט געוואוסט פארוואָס. — מען שרייבט אייך, איהר זאָלט קומען ניין, און איצט איז שוין נאָך עלף!

— מען האָט מיר געבראַכט די אָנווייזונג ערשט מיט א פערר־טעל שעה צוריק, — האָט ראַסקאָלניקאָוו הויך געענטפערט; ער איז פּלוצלונג און אונערווארטעט פאר זיך אליין אויך געווארען אין כעס און האָט אין דעם זאַגאר געפונען א מין פארגניגען. — דאָס איז שוין אויך גענוג, וואָס איך בין געקומען אהער א קראנקער.

— זענט אזוי גוט און שרייט ניט אזוי.

— איך שריי גאָר ניט, איך רייד גאנץ געלאַסען, דאָס שרייט איהר גאָר; איך בין א סטודענט און וועל ניט ערלויבען, מען זאָל אויף מיר שרייען.

דער געהילף איז געוואָרען אזוי צוקאָכט, אז די ערשטע ווייל־עהאָט ער א וואָרט ניט געקענט ארויסברייינגען, און האָט נאָר געשפּריצט און געשפּייט מיט׳ן מויל. ער איז פון אָרט אויפגעשפּרונגען.

— שוויי—יי—גען, מיין הערר! איהר זענט אין א רעגירונגס־אנשטאַלט. ניט באווייזט אייער חוצפּה, מיין הערר!

— איהר זענט אויך אין א רעגירונגס־אַנשטאַלט, — האָט ראַס־קאָלניקאָוו אויסגעשריען, —- און אויסערדעם, וואָס איהר שרייט, רויי־כערט איהר נאָך א פּאַפּיראָס, דאָס הייסט, אז אונז אַלעמען זענט איהר גאָר אינגאַנצען מבטל.

ארויסגעזאָגט די ווערטער, האָט ראַסקאָלניקאָוו דערפיהלט אַנ׳־אונגעהויערן פארגניגען.

דער שרייבער האָט אויף זיי געקוקט מיט א שמייכעל. דער היי־ציגער אָפיציר איז קענטיג געוואָרען גאָר מטושטש.

— דאָס איז ניט אייער עסק! — האָט ער ענדליך א געשריי געטאָן עפּעס אונגאַטירליך הויך, — זענט בעסער אזוי גוט און ענט־פערט, וואָס מען פרעגט ביי אייך באווייזט איהם, אלעקסאנדער גריי־

אפילו געשמייכעלט פייג און פרעך צוזאמען, מיט א דייטליכען אויס־דרוק פון אומרוהיגקייט.

די טרויער־דאַמע האט ענדליך געענדיגט און גענומען אויפשטעהן. פלוצלונג איז אריינגעקומען אנ׳אָפיציר, מיט א ליארם און געפילדער, זעהר העלדיש און עפּעס מאָדנע דרעהענדיג ביי יעדען טריט מיט די אַקסלען; עס האט א שליידער געטאן דאס היטעל מיט דער קאָקאַרדע אויפ׳ן טיש און זיך אוועקגעזעצט אין שטול אריין. דערזעהן דעם אָפי־ציר, איז די אויסגעפּוצטע דאַמע אזש פון אָרט אויפגעשפּרונגען, און מיט עפּעס א מאָדנער באגייסטערונג האט זי גענומען אלע ווײלע הויבען זיך פון אָרט; דער אָפיציר האט זיך אבער אויף איהר אפילו ניט אומגעקוקט און זי האט שוין מעהר די העזה ניט געהאט זיך צו זעצען אין זיין אנוועזענהייט דאס איז געווען דער געהילף פון צירקעל־אויפזעהער, מיט א פּאָר געלע וואָנסען, און מיט זעהר דראָבנע גע־זיכטס־אברים, וואס האבען איבריגענס גאָרניט אויסגעדריקט אויסער אביסעל גראָבהייט. ער האט קרום, זאגאר מיט פאראכטונג א קוק געטאן אויף ראסקאָלניקאָוו׳ן: שוין צו שרעקליך האבען אויסגעזעהן זיינע מלבושים, און ניט קוקענדיג אויף זיין גאנצע ערנידערונג, האט ער זיך דאך אלץ געהאלטען ניט נאך די מלבושים נאך; ראסקאָלניקאָוו האט זיך גאר פארגעסען און איהם באטראכט שוין מיט א צופיעל גלייכען און לאנגען בליק, אזוי אז יענער האט זיך אזש באליידיגט.

— וואס דארפסטו דא? — האט ער א געשריי געטאן. איהם איז קענטיג געווען א גרויסער חידוש, וואס אזא שלעפּער קלערט אפילו ניט בטל צו ווערען פון זיין בליק, וואס שפּריצט מיט פייער און בליץ.

— גערופען... אנגעקומען א פּאָוויעסטקע... האט ראסקאָלניקאָוו ארויסגעשטאמעלט.

— דאס איז וועגען אויפמאָהנען פון זיי געלט, פון א סטודענט, אויב איהר געדענקט, — האט זיך דער שרייבער ארויסגעכאַפּט, אָפּ־רייסענדיג זיך פון דעם פּאַפּיר.—אָט איז עס! — און ער האט דער־לאנגט איבערן טיש ראסקאָלניקאָוו׳ן א העפט, אנווייזענדיג אין איהם אויף א געוויסע שטעלע, — לייענט דורך!

„געלט? וואסערע געלט?" האט ראסקאָלניקאָוו געטראכט, — „אבער... אלזא איז עס געוויס ניט יענע זאך!" און ער האט א ציטער

ביסלעכווייז איז ער געוואָרען שטייפער ביי זיך, האָט זיך אליין צו־געגעבען מוטה און מיט אלע כחות זיך אַנגעשטרענגט קומען צו זיך.

„די קלענסטע נארישקייט, די מינדסטע אונפאָרזיכטיגקייט קען דאָך מיך איצט אומגליקליך מאכען! המ!... א שאָד, וואָס ס'איז נישטאָ דאָ מיט וואָס צו אָטעמען", האָט ער צוגעגעבען. — „א דער־שטיקעניש... דער קאָפּ דרעהט זיך נאָך מעהר... און דער פארשטאנד אויך"...

ער האָט אין זיין גאַנצען וועזען געפיהלט א שרעקליכע אונאָרד־נונג. ער האָט אליין מורא געהאט, אז ער וועט זיך זעלבסט ניט גובר זיין. ער האָט זיך אַנגעשטרענגט צוצובינדען זיך מיט'ן געדאנק צו עפּעס אנדערש, צו גאָר א זייטיגען ענין, נאָר דאָס האָט זיך איהם בשום אופן ניט איינגעגעבען. איבריגענס האָט איהם זעהר אינטערע־סירט דער שרייבער: ער האָט אלץ געוואָלט עפּעס דערגעהן פון זיין פּנים, דערשמעקען עפּעס. דאָס איז געווען זעהר א יונגער מאַן, פון א יאָהר צוויי און צוואנציג, מיט א שוואַרץ ריהרעוודיג געזיכט, וואָס האָט אויסגעוויזען עלטער, ווי אין דער ווירקליכקייט, מאָדיש און פּאַ־צעטיש געקליידט, מיט א טיעפען טייל אין די האָר, פארקאַמט און אָנ־געשמירט, מיט א גוזמא פינגערלעך און רונגען אויף די ווייסע פינ־גער, מיט א בערשטעל געוואַשען, און א גאָלדערנער קייט אויפ'ן וועסט. צו אן אויסלענדער, וואָס איז דאָ אויך געווען צווישען פּובליקום, האָט ער אפילו א זאָג געטאָן א פּאָר ווערטער אויף פראנצויזיש און גאַנץ נישקשה'דיג.

— לואיזאַ איוואַנאָוונאַ, פּארוואָס זעצען זיי זיך ניט, — האָט ער איילענדיג א זאָג געטאָן דער אויסגעפּוצטער רויטער מאַדאַם, וועל־כע איז נאָך אלץ געשטאַנען, גלייך ווי זי האָט די העזה ניט געהאט צו זעצען זיך, ווייל א שטוהל איז געשטאַנען דערנעבען.

— איך דאנקע, — האָט יענע געענטפערט און שטיל, מיט א זייד־דענעם גערויש זיך אַראָפּגעלאָזט אויפ'ן שטוהל. איהר העלבלויעס קלייד מיט ווייסע שפּיצען האָט זיך ווי א לופט־באַלאָן אויסגעשפּרייט ארום טיש און האָט פארנומען באַלד א האלב צימער. עס האָט א האַק געטאָן מיט א ריח פון פּאַרפומען. די מאַדאַם איז אבער קענטיג גע־ווען עטוואָס אַראָפּגעפאַלען ביי זיך, וואָס זי פארנעהמט א האלב צי־מער און וואָס פון איהר האַקט אזוי מיט פּאַרפומען, כאָטש זי האָט

געוועז קליינטשיקע און נידעריגע צימערלעך. א שרעקליכע אונגעדולד האט איהם געשלעפּט אלץ ווייטער און ווייטער. קיינער האט איהם ניט באמערקט. אין דעם צווייטען צימער זיינען געזעסען און געשריבען עפּעס שרייבער אזעלכע, אנגעטאָן קוים אויף א האָהר בעסער ווי ער. אלץ עפּעס אזעלכע מאָדנע פארשוינען. ער האט זיך געווענדט צו איינעם פון זיי.

— וואס דארפסטו?

ער האט באוויזען די מעלדונג פון דער קאנצעלאריע.

— איהר זענט א סטודענט? — האט יענער געפרעגט, אריינקוקענדיג אין דער מעלדונג.

— יא, א געוועזענער סטודענט.

איבריגענס האט דער שרייבער אויף איהם געקוקט אהן דער מינדסטער נייגיריגקייט. דאס איז געוועזן עפּעס א מאָדנער צושויבערטער נפש מיט א פארגליווערטען געדאנק אין זיין בליק.

„פון איהם וועסטו גאָרנישט דערגעהן, ווייל איהם איז אלץ איינס", האט ראסקאלניקאָוו א טראכט געטאָן.

— געהט אריין אהינצו, צום הויפּט־שרייבער, — האט דער שרייבער געזאגט און האט אנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף דאס לעצטע צימער

ער איז אריינגעקומען אין דאס צימער (דאס פיערטע צימער). דא איז געוועזן פול געפּאקט מיט מענשען, שוין אביסעל רייכער געקליידט, ווי אין יענע צימערן. צווישען די באזוכער זיינען געוועזן צוויי דאַמען. איינע, אין טרויער, ארים געקליידט, איז געזעסען ביים טיש אנטקעגען דעם שרייבער און האט עפּעס געשריבען, וואס ער האט איהר דיקטירט. די אנדערע דאמע, זעהר א דיקע, רויט ווי צונטער, מיט קלייען אויף'ן פּנים, א יוסטע מאַדאַם און עפּעס שוין צופיעל אויסגעפּוצט, מיט א משונה'דיג־גרויסער בראָש אויף'ן הארצען, איז געשטאַנען אַן א זייט און אויף עפּעס געוואַרט. ראסקאלניקאָוו האט אריינגעשטעקט דעם שרייבער די מעלדונג זיינע. יענער האט זי נאָר א כאַפּ געטאָן מיט'ן אויג, האט איהם געהייסען אויפוואַרטען און ווידער גענומען דיקטירען דער טרויער־דאמע.

ער האט אין זיין גאַנצען וועזען געפיהלט א שרעקליכע אונארד־

א פיבערקראנקער, וואס געהט פלוצלונג ארויס אין דרויסען אין א העלען זוניגען טאָג.

צוגעקומען צום ראָג פון דער נ ע כ ט י ג ע ר גאַס, האָט ער מיט א פיינליכער צוטראָגענקייט אהין ארייגעקוקט, אויף י ע נ ע ם הויז... און האָט גלייך אפּגעקעהרט די אויגען.

„אויב מען וועט פרעגען, וועל איך אפשר דערצעהלען“, האָט ער א טראכט געטאָן, צוקומענדיג צו דער קאנצעלאריע.

די קאנצעלאַריע איז געווען פון איהם ביי א פיערטעל וויאָרסט ווייט. זי האָט זיך נאָר וואס אריבערגעצויגען אין א נייע דירה, אין א נייעם הויז, אויפ'ן פיערטען שטאָק. אין דער אלטער דירה איז ער אמאָל געווען נאָר איין ווײלע, און דאָס אויך שוין זעהר לאנג. ארייגעקומען אין טויער, האָט ער דערזעהן אין דער רעכטער האנט טרעפּ, פון וועלכע ס'איז אראָפּגעגאנגען א פויער מיט א ביכעל אין די הענט. — „א סטרוזש אפּנים; אלזאָ איז דאָ טאקע די קאנצע־לאריע“, און ער האָט גענומען ארויפגעהן אין דער הויך, ניט וויסענ־דיג אפילו וואוהין. נאָר פונאנדערפרעגען האָט ער קיינעם און וועגען קיין זאך ניט געוואָלט.

„איך וועל אריין. וועל פאלען אויף די קניה און וועל אלץ דער־צעהלען“... האָט ער א טראכט געטאָן, ארויפקומענדיג אויפ'ן פיער־טען שטאָק.

די טרעפּ זיינען געווען איינג און קרום־געדרעהט, פארגאָסען און פארשמוצט. אלע קיכען פון אלע דירות אין אלע פיער עטאַזשען זיי־נען ארויסגעקומען אויף די טרעפּ און זיינען כמעט א גאנצען טאָג געשטאַנען מיט אָפענע טהירען. דערפאר איז דאָ די לופט געווען צום דערשטיקט ווערען. עס זיינען געגאַנגען ארויף און אראָפּ סטרוזשען מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס, און סתם אָפּטע איינגעהער, באזוכער אלערליי — סיי מאנסבילען סיי ווייבער — וועגען פארשיעדענע ענינים. די טהיר אין קאנצעלאַריע אריין איז אויך געווען ברייט פונאַנדערגעעפענט. ער איז אריין און שטעהן געבליבען אין פאָרהויז. דאָ זיינען אלץ געשטאַנען און געוואַרט עפּעס פּויערים. די לופט איז דאָ אויך געווען אונערטרעגליך פארשטיקט און אויסערדעם האָט ביז צום נישט־גוט ווערען געהאקט א ריח פון פרישער, נאָך נישט־אויסגע־ווענטער פארב פון די ערשט־אויסגעמאָלטע צימערן. דאָס זיינען אלץ

גאָרניט קענטיג זיין", ווי נאָר ער האָט אבער אָנגעטאָן, האָט ער זי ווידער גלייך אראָפּגעריסען, מיט א געפיהל פון עקעל און אימה. אראָפּגעריסען האָט ער זיך אבער גלייך דערמאָהנט, אז קיין אנדערע איז נישטאָ, און ער האָט זיך געמוזט ווידער אָנטאָן — און זיך ווידער צולאכט. „דאָס אליז האָט קיין ווערט ניט אז און פאר זיך, אלץ איז נאָר פארהעלטניסמעסיג, דאָס איז ניט מעהר ווי יפּוסטע פאָרמען". האָט ער א טראכט געטאָן פון אויבען־אויף, נאָר ווי מיט א ברעג מוח, שווידערנדיג מיט'ן גאנצען קערפּער. — „אַט האָב איך דאָך פּאָרט אָנגעטאָן! פּאָרט האָט זיך עס געענדיגט דערמיט, אז איך האָב עס אָנגעטאָן!" דאָס געלעכטער איז אבער גלייך אריבער אין א פארצווייפלונג. — „ניין, ס'איז ניט פאר מיינע כחות"... איז איהם איינגעפאלען. די פיס האָבען איהם געציטערט. — „פאר שרעק", האָט ער ארויסגעשטאָמעלט פאר זיך. דער קאָפּ האָט איהם געשווינדעלט און וועה געטאָן פון היץ. — „דאָ שטעקט עפּעס א שפּיצעל! דאָס ווילען זיי מיך אריינגנארען מיט א שפּיצעל און דערנאָך פּלוצלונג פארפלאָנטערן מיך אין מיינע אייגענע רייד", האָט ער ווידער גענומען טראכטען, ארויסגעהענדיג אויף די טרעפּ. — „די צרה איז, וואָס איך האָב היץ... איך קען זיך נאָך ארויסכאַפּען מיט א נארישקייט"...

אויף די טרעפּ האָט ער זיך דערמאָהנט, אז ער לאָזט אלע זאַכען איבער, אין לאָך אונטער די טאַפּעטען, — „און דאָ קען מען גראָד אויף זיין מזל מאכען א רעוויזיע, בעת ער וועט ניט זיין". — זיך דערמאָהנט און שטעהן געבליבען. נאָר פּלוצלונג האָט איהם באַהערשט אזא מין פארצווייפלונג אזא מין יאוש, אזא מין גלייכגילטיגקייט צו זיין שיקזאל, אז ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האַנט און איז אוועק ווייטער.

„זאָל עס כאָטש גיכער געשעהן!..."

אויף דער גאַס איז די היץ ווידער געווען ניט אויסצוהאַלטען; קיין טראָפּען רעגען האָט ניט אָפּגעפרישט די ערד פאר דער גאנצער צייט. ווידער שטויב, ציגעל, וואַפּנע, ווידער אָן עיפּוש פון די קלייטלער און שיינקען, ווידער שכור'ע אויף יעדען טריט, גאַסען־הענדלער און אָרימע פוהרמאַנעס. די זון האָט איהם די אויגען פארבלענדט מיט איהר העלען שיין, ער האָט ניט געקענט קוקען און דער קאָפּ האָט זיך איהם שרעקליך פארדרעהט; אזוי פיהלט זיך שטענדיג

מאַנטעל און האָט זיך שטאַר איינגעגעסען אין איהר מיט די אויגען. ער איז אפילו זעהר ווייניג פעהיג געווען אין יענער ווײַלע צו אָפּ־געבען זיך אַ קלאָרען חשבון אין אַלץ, וואָס איז אַרום איהם פאָרגע־קומען. דאָך האָט ער געפיהלט, אַז ווען מען קומט צונעהמען אַ מענ־שען, באַגעהט מען זיך מיט איהם ניט אַזוי. — אָבער... די פּאָלי־צייַ?"

— ווערסט אפשר טרינקען אַ גלעזעל טיי? ווילסט, — וועל איך ברײַנגען... ס'איז געבליבען...

— ניין... איך דאַרף אוועקגעהן; איך דאַרף שוין אוועקגעהן.— האָט ער געשטאַמעלט, זיך אויפשטעלענדיג אויף די פיס.

— זעה אָקאָרשט, דו האָסט, דאַכט זיך, קיין כח ניט פון די טרעפּ אַראָפּצוגעהן.

— איך דאַרף געהן...

— ווי דו פאַרשטעהסט.

זי איז אַרויס באַלד נאָך דעם סטרוזשס אוועקגעהן. ער האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צום פענסטער צו באַטראַכטען די זאַק און די פרענזלעך פון די הויזען. — „פלעקען זיינען אפילו יאָ פאַרהאַן, נאָר ניט גאָר קענטיגע; אַלץ האָט זיך פאַרשמירט, אָפּגעריבען און שוין אָפּגעקראַכען. ווער עס ווייס לכתחלה ניט — וועט ער גאָרנישט באַ־מערקען. אַלזאָ האָט נאַסטאַסיא פון ווייטען גאָרניט געקענט דערזעהן. דאַנקען גאָט!" דאַן האָט ער מיט ציטערדיגע הענט אויפגעעפענט די פּאַוויעסטקע און געגומען לייענען; לאַנג האָט ער געלייענט און ענדליך האָט ער עס פאַרשטאַנען. דאָס איז געווען אַ געוועהנליכע מעלדונג פון צירקעל צו קומען היינט האַלב צעהן דעם זייגער אין דער קאַנצעלאַריע פון צירקעל־אויפזעהער.

„וואָס טוט זיך דאָ? איך האָב דאָך פערזענליך קיינע געשעפ־טען ניט מיט דער פּאָליציי! און וואָס עפּעס גראָד היינט?" — האָט ער געטראַכט אין פיינליכער פאַרלעגענהייט. — „גאָט מיינער, כאָטש גיכער שוין!" ער איז אויף די קניה געפאַלען מתפלל צו זיין, האָט זיך אָבער באַלד אַליין צולאַכט, — ניט פון דער תפילה, נאָר פון זיך אַליין. ער האָט זיך אויף גיך גענומען אָנטאָן. — „אַ סוף איז אַ סוף, מילא! מען דאַרף די זאַק אָנטאָן!" — איז איהם פּלוצלונג איינ־געפאַלען — אין שטויב וועט זיך עס נאָך מעהר אַנרייבען, און ס'וועט

איהם שווייגענדיג דערלאנגט א גרוי פאפירל, צונויפגעלעגט אין צווייען און פאר׳חתמ׳עט מיט פלאש־טריפוואקס.

— פוואיעסטקע, פון קאנצעלאריע, — האט ער געזאגט, דערלאנגענדיג דאס פאפיר.

— וואס פאר א קאנצעלאריע?...

— מען רופט. הייסט עס, אין פאליציע, אין קאנצעלאריע. וואס פארשטעהסטו דא ניט. וואסער קאנצעלאריע.

אין פאליציי?... וואס איז עפעס?...

פון וואנען זאל איך וויסען. מען רופט, דארפסטו געהן!

האט אויף איהם אויפמערקזאם א קוק געגעבען, זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען און האט זיך געלאזט צום טהיר.

— ביסט טאקע אויף אן אמת קראנק געווארען! — האט געזאגט נאסטאסיא, וועלכע האט פון איהם די אויגען ניט אראפגענומען. דער סטרוזש האט אויך אפגעקעהרט אויף א רגע דעם קאפ.

— פון נעכטען אן אין היץ. — האט זי צוגעגעבען.

ער האט ניט געענטפערט, געהאלטען אין האנט דאס פאפיר און עס ניט געעפענט.

— שטעה שוין טאקע ניט אויף, — האט נאסטאסיא ווייטער גערעדט, קריגענדיג איבער איהם רחמנות און זעהענדיג, אז ער לאזט שוין די פיס פון דיוואן אראפ. — ביסט קראנק, טא געה טאקע ניט: נישקשה, עס ברענט ניט. וואס האלסטו דאס אין די הענט?

ער האט א קוק געטאן: אין דער רעכטער האנט האלט ער אפגעשניטענע ברעגען פון די הויזען, א זאק און שטיקלעך אויסגעריסענע קעשענעס. איזוי איז ער געשלאפען דערמיט. אז ער האט שפעטער געטראכט וועגען דעם, האט ער זיך דערמאהנט, אז ער פלעגט עס אלעס האלטען פעסט, זעהר פעסט פארדריקט אין האנט, אפילו האלב־אויפכאפענדיג זיך אין היץ, און דערמיט פלעגט ער ווידער אנטשלאפען ווערען.

— וואס טראגטעס ער האט עס אביסעל אנגעקליבען און שלאפט מיט זיי, ווי מיט עפעס רעכטס...

און נאסטאסיא איז זיך פארגאנגען מיט איהר קרענקליך־נערוועזען געלעכטער.

אין איין אויגענבליק האט ער עס אלץ א שפאר געטאן אונטער׳ן

אבער אנשטאַט דעם איז איהם דער קאָפּ ווידער געזונקען אויף דעם קישעלע; ווידער האָט איהם גענומען וואַרפען א פּראַסטיגע קעלט; ווידער האָט ער אויף זיך ארויפגעשטעלט דעם שינעל. און לאנג, זעהר לאנג, עטליכע שעה נאכאנאנד האָט זיך איהם ווייטעגווייז געדאכט, אז „אָט איצט דאַרף מען ניט אָפּלעגען מעהר, א געה טאָן ערגעץ און דאָס אלץ ארויסוואַרפען, און פּטור ווערען דערפון, וואָס גיכער, וואָס גיכער!“ עטליכע מאָל האָט ער זיך געהויבען פון דיוואַן, געוואָלט שוין אויפשטעהן, האָט שוין אבער ניט געקענט. א שטאַרק קלאַפּען אין טהיר אריין האָט איהם ענדליך אינגאנצען אויפגעוועקט.

— עפען שוין, דו לעבסט צי געשטאָרבען? נאָר געטוכניעט, נאָר געטוכניעט! — האָט נאסטאסיא געשריען, קלאַפּענדיג מיט דער פויסט אין טהיר. — גאנצענע טעג טוכניעט ער, אקוראַט ווי א הונד! און אליין טאַקע אויך א הונד. דו וועסט עפענען צי ניט? די עלפטע שעה.

— אפשר איז ער גאָר נישטאָ אין דער היים. — האָט געזאָגט א מאנסבילשער קול.

בא! דאָס איז דעם סטרוזשס קול. וואָס קען ער דאַרפען?“

ער איז אויפגעשפּרונגען און זיך געזעצט אויפ'ן דיוואַן. דאָס האַרץ האָט אזוי געקלאַפּט, אז עס האָט אזש אנגעהויבען וועה טאָן.

— און ווער האָט פאַרקייטעלט די טהיר אויפ'ן קייטעל? — האָט נאסטאסיא געענטפערט. — וואָס זאָגסטו צו זיינע יאָהרען, זיך נאָר גענומען פאַרשפּאַרען! האָט אפּנים מורא, מען זאָל איהם חלילה ניט ארויס'גנב'ענען! עפען אָב תכשיט איינער, שטעה אויף!

„וואָס קענען זיי דאַרפען? ווי קומט אהער דער סטרוזש? מען וויים שוין אלצדינג. ארויסווייזען א ווידערשטאַנד אָדער עפענען? מילא, פאַרלאָרען איז פאַרלאָרען“...

ער האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אויסגעצויגען צו דער טהיר און זי אָפּגעקייטעלט.

דאָס גאנצע צימער זיינס איז געווען אזוי גרויס, אז מען האָט געקענט אָפּקייטלען די טהיר, ניט אויפשטעהענדיג פון געלעגער.

אודאי אזוי: דער סטרוזש מיט נאסטאסיא'ן.

נאסטאסיא האָט איהם עפּעס מאָדנע באטראכט. ער האָט מיט עזות און פאַרצווייפלונג א קוק געגעבען אויפ'ן סטרוזש. יענער האָט

טוט זיך דאס מיט מיר!" האט ער ווידער א געשריי געטאן ווי א צר־טומעלטער.

דא איז איהם איינגעפאלען א מאדנער ועדאנק: אפשר זיינען אלע זיינע קליידער אין בלוט, אפשר איז פארהאן א סך פלעקען, נאר ער זעהט זיי ניט, ער באמערקט ניט, ווייל זיין אויפפאסונגס־קראפט איז שוואך געווארען, צוברעקעלט... דער פארשטאנד פארדונקעלט... פלוצלונג האט ער זיך דערמאהנט, אז אויפ'ן בייטעל איז אויך געווען בלוט. — „בא! אלזא, הייסט עס ,דארף אין קעשענע אויך זיין בלוט, ווייל איך האב נאך דאן אריינגערוקט אין קעשענע א נאסען בייטעל!" געשווינד האט ער אויסגעקעהרט די קעשענע און — כך הוה — אויפ'ן אונטערשלאג פון דער קעשענע איז דא סימנים. פלעקען! „הייסט עס. דער פארשטאנד האט מיך נאך ניט גאר איינגאנצען פארלאזען, הייסט עס, ס'איז נאך יא פארהאן אויפפאסונגס־קראפט און זכרון. וויבאלד איך האב זיך אליין געכאפט און פארשטאנען!" האט ער מיט נצחון א טראכט געטאן. טיעף און פריידיג אפעטעמענדיג מיט'ן גאנצען אטעם; — „ניט מעהר ווי א פיבער־האפטע שוואכקייט, א קאשמאר אויף איין ווייל"און ער האט ארויס־געריסען דאס גאנצע אונטערשלאג פון דער לינקער הויזען־קעשענע. אין דעמזעלבען אויגענבליק איז א זונען־שטראהל געפאלען אויף זיין לינקען שוך: אויף דער זאק. וואס האט זיך ארויסגעזעהן פון דעם שוך. זיינען עפעס אזוי ווי סימנים קענטיג! ער האט זיך אויסגעטאן. — „אודאי סימנים פארהאן! די גאנצע פינגער פון דער זאק זיינען דורכגעזאפט מיט בלוט"; ער האט זיך אפנים ניט איינגעהיט און איז דאמאלס אריינגעטראטען אין דעם טייך בלוט... „וואס טוט מען אבער איצט דערמיט? וואו טוט מען אהין די זאק, די ברעגען הויזען, די קעשענע?"

ער האט עס אלצדינג פארדריקט אין די הענט און איז געשטאנען אין מיטען צימער. — „אין אייוועלע? אבער אין אייוועלע וועט מען נעהמען זוכען פריהער, ווי ערגעץ אנדערש. פארברענען? מיט וואס אבער פארברענען? קיין שוועבעלעך אפילו נישטא. ניין, גלייכער ערגעץ ארויסגעהן און דאס אלץ ארויסווארפען. יא! די גלייכסטע זאך איז ארויסווארפען", האט ער איבערגע'חזר'ט, זיך ווידער זעצענדיג אויפ'ן דיוואן, — „און טאקע גלייך די מינוט, ניט אפלייגען..."

שטאַמעלט. — „וואָס איז דאָס מיט מיר? הייסט עס דען באַהאַלטען? צי דען אַזוי באַהאַלט מען עס?"

אמת, פריהער האָט ער ניט גערעכענט גאָר, אַז ס'וועלען זיין זאַכען; ער האָט געמיינט, אַז ס'וועט זיין בלויז געלט, דעריבער האָט ער ניט אָנגעגרייט בייצייטענס קיין אָרט, אויף צו באַהאַלטען. — „אָבער איצטער, איצטער וואָס איז מיט מיר אַזוי די שמחה?" האָט ער געטראַכט. — „צי דען אַזוי באַהאַלט מען עס? איך בין שוין טאַקע אויף אַן אמת פון זינען אַראָפּ!" אין אָפּגע'חלש'טער האָט ער זיך גע־זעצט אויפ'ן דיוואַן, און ווידער האָט איהם אָנגעהויבען וואַרפען אין אונערטרעגליכע שוידערליכע קעלט. מאַשינאַל האָט ער גענומען זיין אַלטען סטודענטישען וואַרימען צופליקטען ווינטער־מאַנטעל, וואָס איז געלעגען אויף אַ שטוהל, האָט זיך איינגעדעקט, און ווידער איז ער אַריינגעפאַלען אין שלאָף און קאַשמאַר.

ס'איז אָבער אַפילו קיין פינף מינוט ניט פאַריבער, איז ער שוין ווידער אויפגעשפרונגען און תיכף משוגע'נערווייז זיך ווידער אַ וואָרף געטיאָן צו זיינע קליידער. — „ווי אַזוי האָב איך עס גאָר געקענט אַנטשלאָפען ווערען, אין דער צייט ווען איך האָב נאָך גאָרנישט אויפגעטאָן! געוויס, געוויס: די שלייף פון אונטער'ן אָרים האָב איך נאָך ביז איצט ניט אַראָפּגענומען! פאַרגעסען, וועגען אַזאַ זאַך פאַר־געסען! אַזאַ באַווייז געגען מיר!" ער האָט אַראָפּגעריסען די שלייף און גענומען זי וואָס גיכער צו רייסען אויף שטיקלעך און שפּאַרען זיי אונטער'ן קישען אין דאָס וועש. — „שטיקלעך צוריסענע לייווענט וועלען באַין אופן קיין חשד ניט ערוועקען; דאַכט זיך אַזוי, דאַכט זיך אַזוי!" האָט ער גע'חזר'ט, שטעהענדיג אין מיטען צימער, און ווידער גענומען מיט אַ שמערצליך־געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט אויסצוקו־קען אַלץ אַרום, אויף דער פּאָדלאָגע און אומעטום, צי האָט ער אפשר נאָך עפּעס פאַרזעהן? אַן איבערצייגונג, אַז אַלצדינג, אַפילו דער זכרון, אַפילו די איינפאַכע באַרעכענונג, פאַרלאָזט איהם — האָט איהם גענומען פּייניגען ביז צום ניט אויסהאַלטען. „וואָס איז עס, צי דען הויבט זיך דאָך שוין אָן. צי דען קומט שוין דאָס די שטראָף? געוויס, געוויס, אָט דאָרטען, דאָרטען!" און ווירקליך האָבען זיך די אָפּגע־שניטענע ברעגען פון די הויזען געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע אין מיטען צימער, כדי איטליכער זאָל זיי קענען דערזעהן! — „וואָס

פארקייטעלט און זיך א ווארף טאָן אויפ'ן דיוואן אין די זאכען. דעם הוט אפילו ניט אויסגעטאָן: ער האָט זיך אראָפּגעקייקעלט פון קאָפּ און איז געלעגען אויף דער ערד, ניט ווייט פון דעם קישעלע. — „ווען עמיצער וואָלט אריינקומען, וואָס וואָלט ער געמיינט? אז איך בין שכור, אבער..." ער האָט זיך א לאָז געטאָן צום פענסטער. ס'איז שוין געווען גענוג ליכטיג, און ער האָט גענומען אויף־דער־גיך זיך באַטראַכטען אינגאנצען, פון קאָפּ ביז די פיס, אלע זיינע זאכען: צי זיינען אמאָל קיין סימנים ניט געבליבען? נאָר אויף זיך איז עס געווען אונמעגליך: ציטערנדיג פאר קעלט, האָט ער פון זיך אלץ גענומען אויסטאָן און ווידער עס באַטראַכט. ער האָט איבערגעקעהרט אלץ, ביז איטליכס פעדימעל, ביז איטליכס ברעקעלע, און ניט גלויבענדיג זיך אליין, האָט ער איבערגע'חזר'ט די רעוויזיע דריי מאָל. נאָר ס'איז, דאכט זיך, גארנישט געווען קענטיג, קיינע סימנים; נאָר אונטען אויף די הויזען, וואו זיי האָבען זיך צוהאַקט און געווען אויסגעפּרענזעלט, זיינען געבליבען געדיכטע פלעקען פארטריקענט בלוט. ער האָט געכאַפּט א צונויפגעלעגט גרויס מעסערל און אָפּגעשניטען די פרענזלער. מעהר איז, דאכט זיך, גארנישט געווען. פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָהנט, אז דער בייטעל און די זאכען, וואָס ער האָט ארויסגענומען ביי דער אלטער פון קעסטעל, ליגען נאָך אלע ביז איצט ביי איהם אין די קעשענעס. ער האָט זיך אָן זיי ניט דערמאָהנט אפילו איצט, ווען ער האָט ארומגעקוקט די קליידער! — וואָס איז דאָס אזוינס? — בליצשנעל האָט ער זיך א ווארף געטאָן זיי ארויסצונעהמען און ארויסשליידערן אויפ'ן טיש. ארויסגענומען אלצדינג, די קעשענעס אפילו אויסגעקעהרט, צו איבערצייגען זיך, אז דאָרטען איז גארנישט געבליבען, האָט ער זיי אוועקגעטראָגען אין א ווינקעל. דאָרט אין רעכטען ווינקעל, אונטען, זיינען די פון וואנד־אָפּגעשטאַנענע טאַפּעטען געווען אין איין אָרט צוריסען: ניט לאנג געטראַכט, האָט ער זיי גענומען שפּארען אהינצו אין לאָך אריין, אונטער'ן פּאַפּיר: — „אריינגעגאנגען! פון אלץ פּטור געוואָרען, פון בייטעל אויך!" האָט ער מיט פרייד געטראַכט, זיך אויפשטעלענדיג און קוקענדיג תמ'ע־וואַטע צום ווינקעל, אין לאָך אריין, פון וועלכער די טאַפּעטען זיינען נאָך מעהר אָפּגעשטאַנען. פּלוצלונג איז ער א פארציטערטער געוואָרען פון שרעק: — „מיין גאָט". האָט ער אין פארצווייפלונג גע־

# צווייטע אפטיילונג.

## ערשטעס קאפיטעל.

אזוי איז ער אפגעלעגען זעהר לאנג. עס האט זיך געטראפען, אז ער האט זיך עפעס אזוי ווי אויפגעכאפט אין דאן האט ער באמערקט. אז ס'איז שוין לאנג נאכט נאר אויפשטעהן איז איהם אפילו אויפ'ן זינען ניט ארויפגעקומען. ענדליך, האט ער דערזעהן, אי עס איז שוין טאג. ער איז געלעגען אויפ'ן דיוואן, מיט'ן פנים אראפ, נאך אלץ פארגליווערט ווי א האלץ פון דער פריהערדיגער אפגע'חלש'טקייט. פון דער גאס האבען זיך צו איהם פארטראגען שרעקליכע, פארצוויי־פעלטע גוואלדען, וועלכע ער פלעגט איבריגענס אויסהערען יעדע נאכט אונטער זיין פענסטער צווישען צוויי און דריי דעם זייגער. דאס האט איהם טאקע אויך איצט אויפגעוועקט: „א! דאס געהען שוין די שכורים פון די שיינקען ארויס", — האט ער א טראכט געטאן, — „שוין די דריטע שעה" — און איז פלוצלונג אויפגעשפרונגען, גלייך ווי עמיצער וואלט איהם פון דיוואן א ריס געטאן. — „סטייטש! שוין די דריטע שעה!" ער האט זיך אויפגעזעצט אויפ'ן דיוואן, — און דא האט ער זיך אן אלץ דערמאהנט! פלוצלונג, אין איין אויגנעבליק זיך אן אלץ דערמאהנט!

אין דער ערשטער ווייל האט ער געמיינט, אז ער וועט משוגע ווערען. א שוידערליכע קעלט האט איהם דורכגענומען; נאר די קעלט איז אויך געווען פון דעם פיבער, וואס האט זיך מיט איהם אנגעהויבען נאך אין שלאף. איצט אבער האט איהם פלוצלונג באשלאגען אזא פראסטיגער שוידער, אז די צייהן זיינען איהם שיער פון מויל ניט ארויסגעשפרונגען, און ס'האבען איהם גענומען ווארפען אלע גליע־דער. ער האט אויפגעמאכט די טהיר און זיך גענומען צוהערען: אין שטוב איז אלץ געווען פארזונקען אין א שלאף. פארוואונדערט האט ער זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען און אויף זיך און האט ניט פארשטאנען: ווי האט ער עס נעכטען געקענט לאזען די טהיר ניט־

זיך צוריקקעהרען ווידער אין געסעל אריין. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער איז שיער פון די פיס ניט געפאלען, האט ער דאך אנגעלעגט א שטיק וועג און איז געקומען אהיים גאר פון אן אנדער זייט.

ניט פאלקאם ביים זינען איז ער אריינגעקומען אין טויער פון זיין וואוינונג, ווייל ערשט אויף די טרעפ האט ער זיך דערמאהנט אן דער האק און ס'איז איהם פארגעשטאנען זעהר א שווערע אויפגאבע: זי אוועקלעגען צוריק אויפ'ן ארט און אזוי, אז מען זאל עס ניט דערזעהן. געוויס איז ער שוין ניט געווען אימשטאנד צו באַרעכענען, אז ס'וואלט אפשר געווען א סך גלייכער גארנישט אוועקלעגען די האק אויפ'ן זעלביגען ארט, בעסער פארשליידערן זי ערגעץ, כאטש שפעטער א ווייליע, ערגעץ אויף א פרעמדען הויף.

נאר אלץ איז אראפ בשלום. די טהיר צום סטרוזש אין וואוינונג אריין איז געווען צוגעמאכט, אבער ניט פארשלאסען, הייסט עס, ס'איז זעהר מעגליך, אז דער סטרוזש איז אין דער היים. ער האט שוין אויף אזוי ווייט פארלארען די פעהיגקייט צו באטראכטען עפעס, אז ער איז גלייך צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט זי געעפענט. ווען דער סטרוזש וואלט איהם א פרעג געגעבען: „וואס דארפט איהר?“ קען זיין, אז ער וואלט איהם גלייך אהן קונצען דערלאנגט די האק. נאר דער סטרוזש איז דאסמאל אויך ניט געווען, און ער האט באַוויזען אוועקצולעגען די האק אויף דעמזעלבען ארט אונטער דער באנק, אפילו מיט א שייט האלץ פארדעקט, ווי געווען. קיינעם ניט, א נפש ניט, האט ער ניט באגעגענט ביז צו זיין צימער. די טהיר צו דער בעל-הבית'טע אזוי געווען פארמאכט. אריינגעקומען צו זיך, האט ער זיך גלייך אווארף געטאן אויפ'ן דיוואן. ער איז ניט געשלאפען, נאר געלעגען ווי אהן זינען. ווען עמיצער וואלט אריין צו איהם אין צימער, וואלט ער גלייך אויפגעשפרונגען און אויפגעהייבע א געשריי. שטיקלעך און ברעקלעך פון עפעס געדאנקען האבען געשוויבעלט און געגריבעלט ביי איהם אין קאפ; נאר קיין איינעם פון זיי האט ער ניט געקענט באגרייפען, אויף קיין איינעם האט ער זיך ניט געקענט אפשטעלען, ווי שטארק ער האט זיך ניט אנגעשטרענגט דאס צו טאן.

(ענדע ערשטער טייל)

האט ער זיך ארויסגעמאכט דורכ'ן טויער און האט זיך פארנומען אויף דער גאס לינקס.

ער האט זעהר גוט געוואוסט, ער האט אויסגעצייכענט גוט גע־וואוסט, אז אין דעם אויגענבליק זיינען זיי שוין אין דער וואוינונג, אז זיי זיינען שטארק פאר'חדוש'ט געווארען, טרעפענדיג זי אפען, אין דער צייט, ווען זיי האבען זי מיט א ווײלע פריהער איבערגע לאזט פארמאכט, אז זיי קוקען שוין אויף די טויטע קערפערס, און ס'וועט נאר קיין מינוט ניט אריבער, ווי זיי וועלען זיך כאפען און גלייך פארשטעהן, אז דא איז ערשט געווען דער מערדער און האט שוין באוויזען ערגעץ צו באהאלטען זיך, דורכ'גנב'ענען זיך פארביי זיי, אנטלויפען; וועלען אודאי פארשטעהן אפילו, אז ער איז געזע־סען אין דער ליידיגער דירה, ביז וואנען זיי זיינען ארויפגעגאנגען אויבען. און דערווײלע האט ער נאך פאר קיין אופן ניט געטארט מאכען שנעלערע טריט, כאטש ביז דעם ערשטען ראג איז געבליבען ביי א הונדערט טריט. „סיידען זיך אריינכאפען ערגעץ אין א טויער און איבערווארטען אויף אן אונבאקאנטער גאס? ניין, עס טויג ניט! אן אומגליק! אפשר גאר פארשליידערן ערגעץ די האק? אפשר גאר נעהמען א דראזשקע? אן אומגליק! אן אומגליק!

נאר אט איז שוין א געסעל; ער האט זיך פארקערעוועט אהין גישט־טויט נישט־לעבעדיג; דא איז ער שוין געווען האלב־זיכער און ער האט עס פארשטאנען: ווייניגער חשד, אויסערדעם האט זיך דא ארומגעדרעהט א גרויסער עולם מענשען און ער האט זיך צווישען זיי פארלארען ווי א טראפען אין ים. נאר די אלע צרות האבען איהם אזוי אפגעשוואכט, אז ער האט קוים געפלאנטעט מיט די פיס. דער שווייס האט איהם געגאסען טראפענווייז; דער האלז איז געווען אינ־גאנצען נאס. „וואס ער האט דאס אביסעל אריינגעגאסען!“ האט איהם איינער נאכגעשריען, אז ער איז ארויסגעקומען צו א רינשטאק צו.

ער האט איצט שוואך פארשטאנען, וואס מיט איהם טוט זיך; וואס ווייטער איז איהם געווארען אלץ ערגער. דאך האט ער געדענקט, ווי ער האט זיך פלוצלונג דערשראקען, בעת ער איז ארויסגעקומע־צום רינשטאק צו: דא איז געווען א קליינער עולם און מען האט זיך מעהר געווארפען אין די אויגען. ער האט שוין געוועזט געוואלט

— היי, א רוח אין דיין טאטענס טאטען אריין! האלט!

מיט א געשריי האט זיך איינער ארויסגעריסען אונטען פון ער־נעץ א וואוינונג ארויס און האט זיך עפעס מאדנע געלאזט לויפען. גלייך ווי ער וואלט א פאל טאן אראפ פון די טרעפ, זיך רייסענדיג אויף אלע כחות:

— מיטקא! מיטקא! מיטקא! מיטקא! מיטקא! א, דער רוח זאל דיך נעה—עהמע—ען!

דאס געשריי האט זיך אויסגעלאזט מיט א קוויטש; די לעצטע קלאנגען האבען שוין אפגעקלונגען אויפ'ן הויף; ס'איז ווידער שטיל געווארען. נאר אין דעמזעלבען אויגענבליק האבען זיך אויף די טרעפ באוויזען עטליכע מענשען מיט א געפילדער, ריידענדיג אפט און הויך אויפ'ן קול. ער האט דערקענט די הילכיגע שטימע פון דעם יונגען־מאן. „זיי!"

אויסער זיך פאר פארצווייפלונג איז ער זיי אוועק גלייך אנט־קעגען: עס מעג זיין וואס עס וויל! וועט מען אפשטעלען — איז אלץ פארפאלען, וועט מען דורכלאזען — איז אויך אלץ פארפאלען: זיי וועלען איהם דערקענען. זיי זיינען שוין כמעט אנגעננאגען איינע אויף די אנדערע, צווישען זיי איז געבליבען נאר איין רייהע טרעפ. — פלוצלונג, א, וואס פאר א גליק! אין איינינע טרעפ ווייט פון איהם, צו דער רעכטער האנט, א ליידיגע דירה מיט ברייט־געעפענטע טהי־רען, דיזעלבע דירה אויפ'ן צווייטען שטאק, וואו די ארבייטער האבען פריהער געארבייט. און איצט זיינען זיי גראד, אויף זיין מזל, אוועק. דאס זיינען זיי עס מסתמא נאר־וואס ארויסגעלאפען מיט אזא געפיל־דער. די פאדלאגעס פריש אפגעמאלט, אין מיטען צימער שטעהט אן עמער און א שערבעל מיט פארב און מיט א פענזעל. אין איין אויגענבליק האט ער זיך דורכגעג'גנב'עט אין דער אויפגעמאכטער טהיר און האט זיך באהאלטען הינטער דער וואנד, — און צו דער רעכטער צייט טאקע: זיי זיינען שוין געשטאנען פונקט אנטקעגען אויף די טרעפ. דערנאך האבען זיי זיך פארנומען ארויף צו, זיינען פארביי־געגאנגען אויפ'ן פיערטען שטאק, ריידענדיג הויך אויפ'ן קול. ער האט אפגעווארט, ביז זיי זיינען אוועק, איז ארויס אויף די שפיץ פינגער און האט זיך געלאזט לויפען אראפ.

נישטא קיינער אויף די טרעפ! אין בראם אויך ניט! שנעל

גלעקעל, און ס'האָט זיך דערהערט א שוואַכער קלונג; דערנאָך האָט ער שטיל, מיט א מין איבערלעגונג און יישוב־הדעת, גענומען דוקען די קליאַמקע פון טהיר, שלעפּען זי צו זיך און אַפּלאָזען; ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, צי זי איז ניט מעהר ווי פאַררינגעלט אויפ'ן פאַררוקער. דערנאָך האָט ער זיך איינגעבויגען, שווער אָטעמענ־דיג, ווי א לאָקאָמאָטיוו, און גענומען קוקען אין דאָס שלאָס־לעכעל; נאָר דאָרט האָט פון אינווענינ געשטעקט דער שליסעל, דערפאַר האָט מען גאָרנישט געקענט געזעהן.

ראַסקאָלניקאָוו איז געשטאַנען, די האַק פאַרקוועטשט אין דער האַנט. ער איז געווען אַזוי ווי ניט ביים זינען און האָט זיך גרייט געמאַכט מיט זיי זיך אַפילו צו שלאָגען, ווען זיי וועלען אַריין. בשעת זיי האָבען געקלאַפּט אין טהיר און געזעצט צווישען זיך, איז איהם איינינגע מאָל פלוצלונג איינגעפאַלען א געדאַנק מאַכען א סוף איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל און א געשריי טאָן צו זיי פון הינטער דער טהיר. מינוטענווייז האָט זיך איהם געגלוסט זיך נעהמען זידלען מיט זיי, רייצען זיך מיט זיי, כל זמן זיי האָבען ניט אויפגעעפענט! „וואָלט שוין דאָס א סוף גענומען", האָט איהם דורכגעבליצט אין מוח.

— צו אַלדי טייוועל, ווי ער זאַמט זיך דאָס...

די צייט איז געגאַנגען, א מינוט, די אַנדערע, — קיינער איז ניט געקומען. קאָך איז געוואָרען אומרוהיג.

— צו אַלדי טייוועל!... — האָט ער פלוצלונג אויסגעשריען, האָט אומגעדולדיג באַרלאָזען זיין פּאָסט און איז אויך אַראָפּ אונטען, מיט שנעלע טריט, קלאַפּענדיג מיט די שיך איבער די טרעפּ. די טריט זיינען שטיל געוואָרען.

— גאָט מיינער, וואָס טוט מען?

ראַסקאָלניקאָוו האָט אַראָפּגענומען דעם פאַררוקער, האָט עפּ־וואָס אויפגעמאַכט די טהיר, — מען הערט א פּיפּס ניט, און פלוצ־לונג, שיין גאָרניט געטראַכט אַפילו, איז ער אַרויס, האָט וואָס פעס־טער צוגעמאַכט הינטער זיך די טהיר און איז אַראָפּ אונטען.

ער איז שוין אַראָפּ דריי רייהען טרעפּ, נאָר פלוצלונג האָט זיך געלאָזט הערען א שטאַרקער רעש אונטען. — וואו טוט מען זיך אהין! ס'איז ניט געווען וואו צו באַהאַלטען זיך. ער האָט זיך ווידער געלאָזט לויפען צוריק אין דער וואוינונג.

א פאררוקער !איהר הערט ווי דער פאררוקער קלאפט זיך אן טהיר?

— נו, איז וואס?

— וו יפארשטעהט איהר דאס ניט? הייסט עס. עמיצער איז יא דא אין שטוב. ווען זיי וואלטען געווען אוועקגעגאנגען, וואלטען זיי דאך די טהיר פארשלאסען פון דרויסען מיט א שליסעל, ניט פאר־ריגעלט מיט א פאררוקער פון אינוועניג. און דא, — איהר הערט, ווי דער פאררוקער קלאפט אן טהיר? און כדי צו פארשפארען זיך פון אינוועניג מיט א פאררוקער, מוז מען זיין אינוועניג, איהר פאר־שטעהט? אלזא, הייסט עס ,אז זיי זיינען יא דא אין דער היים, נאר זיי עפענען ניט!

— כ׳לעבען, איהר זענט גערעכט! — האט קאך פארוואונ־דערט אויסגעשריען. — היינט וואס איז דארט מיט זיי פאר א צרה?...

און ער האט מיט רציחה גנעומיין רייסען די טהיר.

—ווארט נאר! — האט דער יונגער מאן ווידער אויסגע־שריען, — ניט רייסט! דא איז עפעס ניט קיין גלאטע מעשה... איהר האט דאך געקלונגען, געריסען די טהיר און מען עפענט אלץ ניט; הייסט עס. האבען זיי אדער גע׳חלש׳ט, אדער...

— אדער וואס?

— אט וואס איך וועל אייך זאגען! קומט אראפ צום סטרוזש; זאל ער זיי אליין אויפוועקען

— א גלייכע זאך!

זיי האבען זיך געלאזט פון די טרעפ אראפ.

—ווארט נאר! איהר בלייבט טאקע דא, און איך וועל אראפ־לויפען אונטען נאכ׳ן סטרוזש.

— וואס עפעס בלייבען?

— מאלע וואס עס מאכט זיך!

— נו, זאל זיין אזוי...

— איך גרייט זיך דאך עפעס פאר א „סודעבנעם סליעדאוואַ־טעל“! ס׳איז קלאר, ווי דער טאג, קלאר — ווי — דער — טאג, אז דא איז ניט קיין גלאטע מעשה! — האט זיך דער יונגער מאן צו־קאכט און זיך געלאזט לויפען אראפ פון די טרעפ.

קאך איז געבליבען, האט נאכאמאל עטוואס א ציה געטאן דאס

גאר א יונגער מאן", איז ארסקאלניקאוו'ן פלוצלונג איינגעפאלען.

— דער רוח ווייסט זיי, שיער דאס ש'אס ניט צובראכען, — האט קאך געענטפערט. — פון וואנען קענט איהר דאס מיך?

— א שעהנע מעשה, כ'לעבען! און אייערנעכטען אין גאמברינוס האט ווער ביי אייך אויסגעשפיעלט דריי פארטיעס ביליארד נאכ־אנאנד?

— א—א—א...

— זיינען זיי, הייסט עס, נישטא אין דער היים? א מאדנע זאך. גאר מישונה־ווילד, וואוהין האט דאס די אלטע געקענט אוועקגעהן? איך האב צו איהר א געשעפט.

— איך האב אויך צו איהר א געשעפט.

— אלזא וואס טוט מען? גיעהן צוריק? ע—עך! איך האב גע־רעכענט קריגען א ביסעל געלט! — האט דער יונגער מאן אויסגע־שריען.

— מען מוז גיעהן צוריק, אבער וואס הייסט זי קומען? וואס א אלטע מכשפה קען, האט דאך מיר אליין באשטימט א שעה. איך דארף דאך אנלויפן א שטיק וועג. און איך פארשטעה גארניט, וואוהין האט איהר דאס דער שווארציאהר אוועקגעטראגען? א קיילעכדיג יאהר האלט זי אין איין זיצען, די אלטע מכשפה, געהט פון שטוב ניט ארויס, די פיס טוען איהר וועה, און דא האט זיך איהר פלוצלונג שפא־צירען גאר פארגלוסט!

— אפשר א פרעג טאן ביים סטרוזש?

— וואס?

— וואוהין זי איז אוועק און ווען וועט זי קומען?

— הם!... צו אלדי טייוועל... א פרעג טאן... זי געהט דאך אבער פון שטוב ניט ארויס... און ער האט נאכאמאל א ריס געטאן די קליאמקע פון דער טהיר.

— צו אלדי טייוועל, מען מוז געהן, א ברירה האבען מיר.

— ווארט נאר! — האט פלוצלונג דער יונגער מאן אויסגע־שריען. — גיט א קוק: איהר זעהט, ווי די טהיר שטעהט אפ, אז מען רייסט?

— איז וואס?

— הייסט עס, אז זי איז ניט פארשלאסען, נאר פארריגעלט, מיט

טאן פאר'ן גלעקעל און האט א שטארקען ציה געטאן.

ווי נאר עס האט אפגעקלונגען דער בלעכענער קלאנג פון דעם גלעקעל, האט זיך איהם עפעס אזוי ווי אויסגעוויזען, אז אין צימער האט זיך עמיצער א ריהר געטאן. א קליינע ווייל'ע האט ער אפילו געמוזען ערנסט זיך צו צוהערען. דער אונבאקאנטער האט אנגעקלונגען נאכאמאל, אפגעווארט א ביסעל, און פלוצלונג האט ער אונגעדולדיג גענומען רייסען מיט'ן גאנצען כח די קליאמקע פון דער טהיר. מיט אימה האט ראסקאלניקאוו געקוקט אויף דעם פארדוקער וואס איז געשפרונגען אין די אייזענדלעך, און מיט א תמ'עוואטער שרעק האט ער געווארט, אז אט־אט באלד שפרינגט דער פאררוקער ארויס. און דאס איז ווירקליך געווען צו ערווארטען: אזוי שטארק האט מען גע־ריסען פאר'ן גלעקעל. איהם איז איינגעפאלען צוצוהאלטען דעם פאר־רוקער מיט דער האנט. האט אבער י ע נ ע ר זיך געקענט כאפען. דער קאפ האט איהם ווידער אזוי ווי אנגעהויבען שווינדלען. „אט פאל איך!" — האט דורכגעבליצט א געדאנק, נאר דער אונבאקאנטער האט גענומען ריידען, און ער איז געקומען צו זיך.

— וואס טוכניען זיי דארטען אזוי, אדער עמיצער האט זיי צוגע־שטיקט, צי וואס? א, דער רוח זאל זיי נעהמען! — האט ער ארויסגע־ברומט ווי פון א פאס. — היי, אלענא איוואנאוונא, דו אלטע מכשפה! היי, ליזאוועטא איוואנאוונא, דו בילד־שענהייט! עפענט! א, דער רוח זאל זיי נעהמען, זיי פאפען דאס אזוי, צי וואס?

און האט ווידער מיט א מין רציחה א מאל צעהן א ריס געטאן מיט'ן גאנצען כח דאס גלעקעל. דאס איז שוין געווים געווען אן אפ־טער איינגעהער אין שטוב, וואס האט דא געהאט א גרויסע דעה.

אין דעמזעלבען אויגענבליק האבען זיך פלוצלונג געלאזט הערען ניט־ווייט אויף די טרעפ קליינע געאיילטע טריט. ס'איז צוגעקומען נאך עמיצער. ראסקאלניקאוו האט לכתחלה אפילו גארניט דערהערט

— איז דען קיינער נישטא? — האט דער פריש־אנגעקומענער הילכיג און לוסטיג אויסגעשריען, זיך ווענדענדיג גלייך צו דעם ערש־טען באזוכער, וואס האט נאך אלץ ניט אויפגעהערט צו רייסען פאר'ן גלעקעל.

— א, שלום עליכם, קאך!

„נאך דער שטים נאך איז צו דערקענען, אז ער איז נאך אפנים

שוין געמאַכט א טריט אויף די טרעפּ ארויס, נאָר פּלוצלונג האָבען זיך ווידער גלעאָזט הערען עמיצענס נייע טריט.

די דאָזיגע טריט האָבען זיך געטראָגען פון זעהר ווייט, נאָך גאָר אונטען אויף די טרעפּ. ער האָט אבער זעהר גוט און דייטליך געדענקט, אז פון דעם ערשטען קלאַנג אָן האָט ער דאַמאָלס עפּעס גלייך גענומען חושד זיין, אז דאָס געהט מען אהן א ספק א ה ע ר, אויפ'ן פיערטען שטאָק ארויף, צו דער אַלטער, פאַרוואָס? זיינען דען די קלאַנגען געווען באַזונדערע, אונגעוועהנליכע? די טריט זיינען געווען שווערע, גלייכע, ניט־געאיילטע. אָט איז ע ר שוין דורכגעגאַנגען דעם ערשטען שטאָק, אָט האָט ער זיך אויפגעהויבען נאָך העכער; די טריט קלינגען אַפּ אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער! עס האָט זיך דערהערט א שווער אָפּעטעמען פון דעם ארויפגעקומענעם. אָט האַלט ער שוין ביים דריטען שטאָק. אהער! און פּלוצלונג האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער איז גלייך ווי פאַרשטיינערט געוואָרען, אז ער איז גלייך ווי אין א חלום, ווען עס חלומ'ט זיך, אז מען יאָגט, מען איז שוין נאָהנט, מען וויל הרג'ענען, און אליין איז ער גלייך ווי צום אָרט צוגעוואקסען און קען מיט די הענט ניט א ריהר טאָן.

און ענדליך, ווען דער גאַסט האָט זיך גענומען אויפהויבען אויפ'ן פיערטען שטאָק, דאַן ערשט האָט ער זיך פּלוצלונג א צאַפּעל געטאָן און האָט פאָרט באַוויזען שנעל און געשיקט דורכצוגנב'ענען זיך צוריק פון פאַרהויז אין וואוינונג אריין און צומאַכען הינטער זיך די טהיר. דערנאָך האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם פאַרריגעל און האָט שטיל, קוים מיט'ן אויער צו כאַפּען, פאַרריגעלט די טהיר. דער אינסטינקט האָט צוגעהאָלפען. פאַרטיג געוואָרען דערמיט, האָט ער זיך באהאַלטען מיט אָן איינגעהאַלטענעם אָטעם אונטער'ן טהיר. דער אונבאַקאַנטער גאַסט איז שוין אויך געווען ביי דער טהיר. זיי זיינען איצט געשטאַנען איינער אנטקעגען דעם אנדערן, פונקט ווי פריהער ער מיט דער אלטער, בעת די טהיר האָט זיי פונאַנדערגעטיילט און ער האָט זיך צוגעהערט.

דער גאַסט האָט איינינע מאָל שווער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. „וויזט אויס, א דיקער און א גרויסער", — האָט ראַסקאָלניקאָוו אַ טראַכט געטאָן, פאַרקוועטשענדיג די האַק אין דער האַנט. עס איז טאַקע געווען פונקט ווי אין א חלום. דער גאַסט האָט זיך א נעהם געט-

ניט אימשטאנד צו אפגעבען זיך א רעכענונג, ניט אימשטאנד צו פארטיידיגען זיך, אז מען דארף אפשר גארניט טאן דאס, וואס ער טוט איצט... „גאט מיינער! מען דארף אנטלויפען, אנטלויפען!“ האט ער ארויסגעשטאמעלט און זיך א לאז געטאן אין פארהויז אריין. נאר דא האט אויף איהם געווארט אזא אימה, אז ער האט נאך געוויס קיינמאל אויף זיין לעבען אזעלכעס ניט איבערגעלעבט.

ער איז געשטאנען, געקוקט און ניט געגלויבט זיינע אויגען: די טהיר, די דרויסענדיגע טהיר פון פארהויז צו די טרעפ ארויס, דיזעלבע טהיר, אין וועלכער ער האט פריהער געקלונגען און דורך וועלכער ער איז אריין, איז געווען אפען, אויף אזוי פיעל אפען, אז מען האט געקענט די גאנצע האנט אהין אריינשפארען: ניט פארשלאסען, ניט פאררויגעלט, די גאנצע צייט אזוי, די גאנצע צייט! די אלטע האט זי ניט פארמאכט נאך איהם אפשר אויס פארזיכטיגקייט. אבער גאט מיינער! ער האט דאך דערנאך געזעהן ליזאוועטא'ן! און ווי האט ער דאס ניט געקענט כאפען זיך, און האט דאך געדארפט פון ערגעץ אריינגעהן. ניט דורך דער וואנט איז זי דאך אריין!

ער האט זיך א וואָרף געטאן צו דער טהיר און האט זי פאררייגעלט.

— אבער ניין. ניט דאס, ווידער ניט דאס! ער דארף געהן, געהן...

ער האט אפגעריגעלט, געעפענט די טהיר און זיך גענומען צוהערען צו די טרעפ אראפ.

לאנג האט ער זיך צוגעהערט. ערגעץ־וואו אין דער ווייטענס, אונטען, אפנים אין הויף, האבען צוויי שטימען געשריען, געקריעגט זיך, גערזידעלט זיך הויך אויפ'ן קול און מיט א קוויטש. „וואס איז דאס אזוינס?“... ער האט געדולדיג געווארט. ענדליך איז מיט אמאל שטיל געווארען, גלייך ווי אפגעהאקט; מ'איז זיך צוגאנגען. ער האט שוין געוואלט ארויסגעהן, נאר פלוצלונג האט זיך מיט א שטאק נידעריגער האסטיג א טהיר אויפגעפראלט אויף די טרעפ ארויס און עמיצער האט גענומען אראפגעהן פון די טרעפ, אונטערברומענדיג עפעס א ניגון. „ווי זיי טומלען דאס אביסעל!“ האט זיך איהם אין קאפ דורכגעטראגען. ער האט ווידער פארמאכט די טהיר און איבערגעווארט. ענדליך איז אלץ שטיל געווארען, א נפש ניט. ער האט

בערהויפט האט זיך אין איהם אויפגעהויבען און געוואקסען מיט יעדער רגע דאס געפיהל פון עקעל. פאר קיין זאך אין דער וועלט וואלט ער איצט ניט צוגעגאנגען צום קעסטעל און אפילו אין צימער אריין.

נאר עפעס א מין צוטראגענקייט, זאגאר א מין פארטראכטקייט האט איהם ביסלעכווייז גענומען באהערשען: צייטענווייז האט ער זיך אזוי ווי פארגעסען אדער, בעסער געזאגט, ער האט פארגעסען דעם עיקר און האט זיך צובינדען צו קלייניגקייטען. דאך, אז ער האט אריינגעקוקט אין קיך אריין און דערזעהן אויף דער באנק א האלבען עמער וואסער, האט ער זיך דערמאהנט אויסצואוואשען די הענט און האק. די הענט זיינען געווען פארשמוצט אין בלוט און האבען זיך געקלעפט. די האק האט ער גלייך אראפגעלאזט מיט דער שארפער זייט אין וואסער אריין, האט געכאפט אויפ'ן פענסטער פון א צושפאלטענעם טעלערל א שטיקעל זייף און האט גענומען אפוואשען זיך די הענט טאקע אין עמער גופא. אפגעוואשען די הענט, האט ער ארויסגעשלעפט די האק, אויסגעוואשען דאס אייזען, און האט ביי א דריי מינוטען לאנג געוואשען דאס האלץ, וואו ס'איז געווען פארטריקענט בלוט, וועלכעס ער האט געפרובט מיט זייף אפילו אפרייבען. דערנאך האט ער עס אלץ אפגעווישט מיט א העמד, וואס האט זיך געטריקענט אויף א שטריק, איבערגעצויגען איבער דער קיך, און נאכדעם האט ער לאנג און אויפמערקזאם באטראכט די האק ביים פענסטער. קיין בלוט־פלעקען איז ניט געבליבען, נאר דער שטיל איז נאך געווען נאס. געלאסען האט ער אריינגעלעגט די האק אין שלייף אונטער'ן מאנטעל. דערנאך האט ער באקוקט דעם מאנטעל, די הויזען און די שיך, אויף וויפיעל דאס איז מעגליך געווען ביים שיין אין דער פינסטערער קיך. פון אויסען איז פון דעם ערשטען קוק אזוי ווי גארנישט געווען קענטיג, נאר אויף די שיך זיינען געווען פלעקען. ער האט איינגענעצט א טוך און אפגעווישט די שיך. אייגענטליך האט ער געוואוסט, אז ער קוקט זיך ניט גוט צו, אז ס'איז אפשר נאך עפעס געבליבען, וואס קען זיך ווארפען אין די אויגען, און וואס ער באמערקט ניט. פארטראכט איז ער געבליבען שטעהן אין מיטען צימער. א פיינליכער, פינסטערער געדאנק האט זיך אין איהם אויפגעהויבען, — א געדאנק, אז ער געהט אראפ פון זינען און אז אין דער ווייל איז ער

צו טאן. דערזעהן איהם, ווי ער איז ארויסגעלאפען, האט זי גענומען ציטערן ווי א בלאט, דאס גאנצע געזיכט איהרס האט זיך קראמפפ־האפט פארקרימט; זי האט אויפגעהויבען די האנט, האט געווען פו־נאנדערגעעפענט דאס מויל, דאך האט זי קיין געשריי ניט ארויסגע־לאזט און האט זיך לאנגזאם פון איהם גענומען אפרוקען אויף הינ־טערוויילכס אין א ווינקעל, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אריין, אבער געשריען האט זי נאך אלץ ניט, גלייך ווי איהר וואלט פעהלען אטעם אויף א געשריי. און אויף אזוי פיעל איז די דאזיגע אומגליקליכע ליזאוועטא געווען פון שטענדיג תמ'עוואטע, דערשלא־גען און אנגעשראקען, אז אפילו די האנט האט זי ניט אויפגעהויבען צו פארשטעלען זיך דאס פנים, כאטש דאס איז געווען די נאטיר־ליכסטע באוועגונג, וואס זי האט אין דעם מאמענט געמוזט מאכען, ווייל די האק האט זיך אויפגעהויבען פונקט איהר איבער'ן פנים. זי האט נאר קוים־קוים עטוואס אויפגעהויבען איהר פרייע לניקע האנט, ווייט נאך צום פנים צו, און האט זי לאנגזאם אויסגעשטרעקט איהם אנטקעגען, גלייך ווי זי וואלט איהם וועלען אפטרייבען. דער קלאפ האט איהר געטראפען פונקט איבער'ן שארבען, מיט דער שארפער זייט, און האט מיט איינמאל צוהאקט דעם גאנצען אויבערשטען טייל פון שטערן, כמעט ביז צו דער פאטיליצע. זי האט גלייך א פאל געטאן, ווי א שטיק האלץ. ראסקאלניקאוו האט זיך צוטומעלט אינגאנצען, געכאפט איהר פאק. איהם ווידער א שליידער געטאן און איז ארויסגעלאפען אין פארהויז ארויס.

א שרעק האט איהם דורכגענומען אלץ שטארקער און שטארקער, איבערהויפט נאך דעם דאזיגען צווייטען, גאר אומגעריכטען מארד. איהם האט זיך געוואלט וואס שנעלער אנטלויפען פון דאנען. און ווען ער וואלט אין יענעם מאמענט זיין אימשטאנד איבערלעגען זיך און באטראכטען זיך, ווען ער וואלט נאר געקענט בארעכענען די אלע שוויריגקייטען פון זיין לאגע, די גאנצע פארצווייפלונג, די גאנצע מאוסקייט און אונזיניגקייט פון איהר, ווען ער וואלט דערביי גע־קענט פארשטעהן, כדי זיך פון דאנען ארויסצורייסען און קומען אהיים, קען זעהר זיין, אז ער וואלט אלץ געלאזט און וואלט גלייך אוועק זיך אליין מודה זיין, און ניט אפילו אוים מורא פאר זיין אייגענעם גורל, נאר בלויז אוים גרויל און עקעל צו דעם, וואס ער האט אפגעטאן. אי־

לענען א האזען־פוטערל, באצויגען מיט רויטען צייג: אונטער'ן פר־
טערל איז געלעגען א זיידענע קלייד, דערנאָך א שאל, און דאָרטען טיע־
פער זיינען, דאכט זיך, געלעגען נאָר שמאטעס. פריהער פאר אלץ
האָט ער גענומען ווישען זיינע אויסגעשמירטע הענט אין בלוט אָן דעם
רויטען צייג. „עס איז רויט, נו, און אויף רויטען איז דאָס בלוט
ניט קענטיג", האָט ער זיך איבערגעלעגט אין געדאנק, און פלוצלונג
איז ער צו זיך געקומען: „מיין גאָט! איך ווער משוגע, צי וואָס?"
האָט ער אָן אויפגעציטערטער א טראכט געטאָן.

נאָר ווי ער האָט זיך צוגעריהרט צו די דאָזיגע שמאטעס, איז
גלייך פון אונטער'ן פוטערל ארויסגעפאלען א גאָלדענער זייגער. ער
האָט גענומען אלץ איבערקעהרען. צווישען די שמאטעס זיינען ווירק־
ליך געווען פארשטעקט פארשידענע גאָלדענע זאכען, — קענטיג דורכ־
אויס משכנות, אויסגעקויפטע און ניט־אויסגעקויפטע, — בראסלע־
טען, קייטעלעך, אויהרינגלעך, שפילקעס א ד. ג. איניגע זיינען געווען
אין שיידלעך, אנדערע נאָר איינגעוויקעלט אין אלטע צייטונגען, אבער
פלייסיג און פארזיכטיג, אין צווייענדיגע בויגענס, און איינגעבונדען
ארום און ארום מיט שנירלעך. ניט געמאכט קיין שהיות, האָט ער זיי
גענומען פאקען אין די קעשענעס פון די הויזען און פון מאנטעל, ניט־
איבערקלייבענדיג און ניט פונאנדערבינענדיג די פעקלעך און די שייד־
לעך: קיין סך אבער האָט ער ניט באוויזען אנצופאקען...

פלוצלונג האָבען זיך דערהערט טריט אין דעם צימער, וואו די
אלטע איז געלעגען. ער איז שטעהן געבליבען און איז שטיל געוואָרען
ווי א געשטאָרבענער. נאָר אלץ איז געווען אזוי שטיל, ס'האָט זיך
אלזאָ אפגעדאכט. נאָר באלד האָט זיך דייטליך דערהערט א לייכט
אויסגעשריי, אָדער אזוי ווי עמיצער וואָלט שטיל און אפגעהאקט א
קרעכץ געטאָן און אנטשוויגען געוואָרען. דערנאָך ווידער א טויטע
שטילקייט, ביי א מינוט אָדער צוויי. ער איז געזעסען אויף די קניה
ביים קעסטעל און געוואַרט מיט אָן איינגעהאלטענעם אָטעם. נאָר מיט
אמאָל איז ער אויפגעשפרונגען, א חאפ געטאָן די האַק און איז ארויס־
געלאָפען פון שלאָפצימער.

אין מיטען צימער איז געשטאַנען ליזאַוועטא מיט א גרויסען פאַק
אין די הענט האָט שטאַר געקוקט אויף די דער'הרג'עטע שוועס־
טער, ווייס ווי א טוך און אזוי ווי ניט האָבענדיג קיין כח א געשריי

דאָס געפּרובט אזוי ארויסשלעפּן פון אונטער׳ן בוזים, נאָר עפּעס האָט
ניט געלאָזען און זיך פאַרהאַקט. אונגעדולדיג האָט ער זיך ווידער פאַר־
מאָסטען מיט דער האַק, איבערצוהאַקען דאָס שנירעל דאָ טאַקע אויפ׳ן
האַלז, האָט עס אבער ניט געוואָגט צו טאָן, און מיט גרויס מיה אָפּ־
געׂסק׳ט זיך אַ מינוט צוויי און איינגעשמירט די הענט און די האַק
אין בלוט, האָט ער איבערגעשניטען דאָס שנירעל, ניט אָנריהרענדיג
מיט דער האַק דאָס לייב, און האָט עס אַראָפּגענומען; ער האָט קיין
טעות ניט געהאַט — אַ בייטעל. אויפ׳ן שנירעל זיינען געווען צוויי
צלמים, פון ציפּרעסען־האָלץ און פון מעש. אויסערדעם אַ הייליג ביל־
דעל; און דערמיט צוזאַמען איז געהאַנגען אַ קליינער פאַרשמאָלצע־
נער זאַמשענער בייטעל, מיט טאַ שטאָהלען רייפעל און מיט אַ רינגע־
לע. דער בייטעל איז געווען פול אָנגעשטאָפּט; ראַסקאָלניקאָוו האָט
איהם אריינגערוקט אין קעשענע, ניט ארומגעקוקט אפילו, די צלמים
האָט ער אַ וואָרף געטאָן דער אַלטער אויפ׳ן האַרצען, און זיך צור־
יקגעקעהרט אין שלאָפצימער, דאָסמאָל די האַק אויך מיטגענומען.

ער האָט מורא׳דיג געאיילט, זיך געכאַפּט פאַר די שליסלען און
זיך ווידער מיט זיי גענומען עסק׳ן. נאָר עפּעס אַלין אזוי שלימ׳מזל׳־
דיג: זיי זיינען ניט צוגעקומען צו די שלעסער. ניט ווייל די הענט
האָבען איהם געציטערט, נאָר ער פלעגט אַלין אַ טעות האָבען: ער
זעהט, דאַכט זיך, למשל, אַז ס׳איז ניט דער שליסעל, ער קומט ניט צו,
און שטופּט פאָרט ווייטער. פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָהנט און
פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיגער גרויסער שליסעל, מיט די צייהנדלעך,
וואָס האָט זיך דאָ געבאָמבעלט מיט אַלע קלענערע שליסלען צוזאַ־
מען, מוז געוויס זיין גאָרניט פון קאָמאָד (ווי ס׳איז איהם נאָך אייער־
נעכטען איינגעפאַלען), נאָר פון עפּעס אַ רענצעל און אין דעם דאָזי־
גען רענצעל איז אודאי אַלין באַהאַלטען. ער האָט געלאָזט דעם קאָ־
מאָד און איז גלייך אונטערגעקראָכען אונטער׳ן בעט, — ער האָט גע־
וואוסט, אַז אַלטע פרויען שטעלען געוועהנליך זייערע רענצלעך אונ־
טער׳ן בעט. און עס איז טאַקע געווען אזוי: ער האָט געפונען אַ היבש
רענצעל, מעהר ווי אַן אַרשין די לענג, מיט אַ האַלבקיילעכדיגען דע־
קעל, באַשלאָגען מיט רויטען סאַפּיאַן, אויסגעזועצט מיט שטאָהלענע
טשוועקלעך. דער שליסעל מיט די צייהנדלעך איז פונקט צוגעקומען
און געעפענט דאָס רענצעל. אויבען, אונטער אַ ווייסען ליילעך, איז גע־

זיך היטענדיג, דערבײ ניט אויסצושמירען זיך אין בלוט, — אין דערזעלבער רעכטער קעשענע, פון וועלכער זי האָט פאַריגען מאָל ארויסגענומען די שליסלען. ער איז געווען פאַלקאָם בײם זינען, האָט שוין מעהר ניט געפיהלט קיין קאָפּדרעהעניש, נאָר די הענט האָבען איהם נאָך אלץ געציטערט. שפּעטער האָט ער זיך דערמאָהנט, אז ער איז זאָגאר געווען זעהר אויפמערקזאַם, פאָרזיכטיג, זיך אלץ געהיט, ער זאָל זיך ניט איינריכטען אין בלוט... די שליסלען האָט ער באַלד ארויסגענומען; אלע זיינען זײ געווען אין איין קרענצעל, אויף א שטאָהלערן רײפעל. ער איז מיט זײ גלייך אוועקגעלאָפען אין שלאָפ־צימער. דאָס איז געווען זעהר א קליין צימער, מיט א גרויסען גלאָז־שראַנק הייליגע בילדער. בײ דער אנדערער וואַנט איז געשטאַנען א גרויס בעט, זויבער פארבעט מיט א זיידענער קאָלדרע אויף וואַטע, צונויפגעשטוקעוועט פון כל המינים שטיקלעך. בײ דער דריטער וואַנט איז געשטאַנען א קאָמאָד. און א מערקווירדיגע זאַך, ווי נאָר ער האָט גענומען צופּאַסען די שליסלען צום קאָמאָד, ווי נאָר ער האָט דערהערט זייער קלינגען, איז איהם ווי א שוידער דורך איבער'ן לייב. איהם האָט זיך פּלוצלונג פארוואָלט וואַרפען דאָס אלץ און אוועקגעהן. אָבער ס'האָט געדויערט נאָר איין אויגענבליק; אוועקגעהן איז שוין שפּעט געווען. ער האָט אפילו א שמייכעל געטאָן פון זיך אליין, און פּלוצלונג האָט איהם א צווייטער שוידערליכען געדאַנק א זעץ געטאָן אין קאָפּ. איהם האָט זיך מיט אמאָל אויסגעדאַכט, אז די אלטע לעבט נאָך אודאי און קען נאָך צו זיך קומען. געלאָזט די שליסלען און דעם קאָמאָד, איז ער אוועקגעלאָפען צוריק צום קערפּער, געכאַפּט די האַק און האָט זיך ווידער פארמאַסטען איבער דער אלטער, האָט אָבער די האַק ניט אראָפּגעלאָזט. ס'איז קיין צווייפעל ניט געווען, אז זי איז טויט. ער האָט זיך איינגעבויגען, און זי באַטראַכט פון דער נאָהנט. און האָט דערזעהן, אז דער שאַרבען איז געווען צושמעטערט און אפילו אראָפּגעזעצט עטוואָס אויף א זייט. ער האָט געוואָלט אַנטאַפּען מיט'ן פינגער, האָט אָבער צוגעכאַפּט די האַנט; מען האָט אזוי אויך געזעהן. דערווײלע איז אָנגעלאָפען א גאַנצער טייך בלוט. פּלוצלונג האָט ער דערזעהן בײ איהר אויפ'ן האַלז א שנירעל; ער האָט עס א ריס געטאָן, עס איז אָבער געווען זעהר פעסט און האָט זיך ניט אָפּ־געריסען. אויסערדעם איז עס געווען אָנגענעצט אין בלוט. ער האָט

ווי זיי ווערען מיט רגע אלץ מע יווערט און אפגע־
חלש'ט. ער האט מורא געהאט, אז ער וועט די האק ניט איינהאל־
טען און וועט זי ארויסלאזען... פלוצלונג האט זיך איהם אזוי ווי דער
קאפ גענומען דרעהען.

— וואס האט ער עס דא אנגעוויקעלט ! — האט די אלטע אויס־
געשריען מיט פארדראס און זיך א ריהר געטאן צו זיין זייט צו.

קיין איין אויגענבליק מעהר האט מען ניט געטארט פארלירען.
ער האט אינגאנצען ארויסגעצויגען די האק, האט זי מיטביידע הענט
אויפגעהויבען אין דער הויך, און ניט פיהלענדיג וואס ער טוט, אהן
דער מינדסטער אנשטרענגונג, עפעס אזוי ווי מאשינאל, האט ער זי
אראפגעלאזט אויפ'ן קאפ מיט דער טעמפער זייט, אזוי ווי זיין כח
איז דערביי ניט געווען. ווי נאר ער האט אבער איינמאל אראפגע־
לאזט די האק, איז אין איהם גלייך געבוירען געווארען כח.

די אלטע איז, ווי שטענדיג, געגאנגען מיט א בלויזען קאפ. די
בלאנדע, ערטערווייז גרוי־געווארענע, שיטערע האהר איהרע, פעט אנ־
געשמירט, ווי געוועהנליך, זיינען געווען פארפלאכטען אין א מייזעל־
שען צעפעל און ארונטערגעמאכט אונטער א שטיקעל קעמעל, וואס
האט איהר געשטעקט אויף דער פאטיליצע. דער קלאפ האט איהר גע־
טראפען אין רעכטען מיטען קאפ, ווייל זי איז געווען זעהר נידעריג.
זי האט א געשריי געטאן, אבער זעהר שוואך, און האט זיך פלוצלונג
א זעץ אראפ געטאן צו דער פאדלאגע, כאטש זי האט נאך אפילו בא־
וויזען אויפצוהויבען ביידע הענט צום קאפ. אין איין האנט האט זי
נאך אלץ געהאלטען דעם „משכון". דא האט ער מיט'ן גאנצען כח
א קלאפ געטאן איינמאל און דעם אנדערן, אלץ מיט דער טעמפער זייט
און אלץ אין רעכטען מיטען קאפ. דאס בלוט האט א פלייץ געטאן ווי
פון אן איבערגעקעהרט גלאז, און זי איז אנידערגעפאלען „פלאזאם"
אן דער ערד. ער איז אפגעטראטען אויף הינטען, האט איהר געלאזט
פאלען און זיך גלייך איינגעבויגען צו איהר פנים; זי איז שוין גע־
ווען טויט. די אויגען זיינען געווען צוגלאצט, גלייך ווי זיי וואלטען
וועלען ארויסשפרינגען, דער שטערן און דאס גאנצע געזיכט — צו־
קנייטשט און קראמפפהאפט צוקרימט.

ער האט אוועקגעלעגט די האק אויף דער פאדלאגע, נעבען דער
טויטער און האט גלייך אריינגעשטעקט די האנט אין איהר קעשענע,

איהר ווילט. נעהמט, אניט וועל איך אוועקטראָגען צו אן אנדערן. איך האָב ניט קיין צייט.

ער האָט דאָס גאָר ניט געמיינט צו זאָגען. נאָר ס'האָט זיך עפּעס אזוי, גלייך ווי פון זיך, אויסגערעדט.

די אַלטע איז געקומען צו זיך. דער ענטשלאָסענער טאָן פון דעם גאַסט האָט איהר אפּנים צוגעגעבען מוטה.

— טאָ וואָס ביסטו אריין מיט אזא איטפּעט, יונגערמאַן... וואָס איז דאָס אזעלכעס? — האָט זי געפרעגט, קוקענדיג אויפ'ן משכון.

— א זילבערנער פּאַרט־טאַבאַק: איך האָב דאָך אייך דאַמאָלס געזאָגט.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט.

— וואָס זענט איהר עפּעס אזוי בלאַס? זעהט. די הענט ציטערן ביי אייך אפילו! זיך אודאי געבאָדען, איאָ, יונגערמאַן?

נייז, א פיבער, — האָט ער געענטפערט מיט אן אפּגעהאַקטער שטים. — ממילא וועסטו בלאַס ווערען... ס'איז נישטאָ וואָס צו עסען, — האָט ער צוגעגעבען, קוים ארויסברייענגענדיג די ווערטער פון מויל. די קרעפטען האָבען איהם ווידער פאַרלאָזען. דער ענטפער איז אבער געלונגען: די אלטע האָט גענומען דעם משכן.

— וואָס איז דאָס אזוינס? — האָט זי געפרעגט, נאָך אמאָל באטראַכטענדיג ראַסקאַלניקאָוו'ן פון קאָפּ ביז די פיס, און זיך משער געווען אויף דער האַנט וויפיעל עס קען װעגען.

— א זאַך... א פּאַרט־טאַבאַק... פון זילבער... גיט א קוק.

— עפּעס אזוי ווי גאָרניט קיין זילבער... וואָס ער האָט עס א ביסעל אנגעוויקעלט.

זיך מאַטערנדיג פונאַנדערצובינדען דאָס שנירעל און זיך אפּקעהרענדיג צום פענסטער, צו דער ליכטיגקייט (אַלע פענסטער זיינען ביי איהר געווען פאַרמאַכט, כאָטש עס איז געווען צום דערשטיקט ווערען), האָט זי איהם אויף א קליינע ווײַלע איינגאַנצען געלאָזען און איז געבליבען שטעהן מיט'ן הינטען צו איהם. ער האָט פונאַנדערגעשפּיליעט דעם מאַנטעל און האָט ארויסגעצויגען די האַק פון שלייף, אבער נאָך ניט גאָר איינגאַנצען ארויסגענומען, — ער האָט זי בלויז צוגעהאַלטען מיט דער רעכטער האַנט אונטער'ן מאַנטעל. די הענט זיינען איהם געוואָרען שרעקליך אפּגעשוואַכט. ער האָט ממש געהערט,

זעהען דאָס, האָט זי ניט א ריס געטאָן די טהיר צו זיך צוריק, האָט אָבער אויך ניט ארויסגעלאָזט די קליאמקע, און ער האָט זי שיער ניט ארויסגעשלעפּט צוזאמען מיט דער טהיר אויף די טרעפּ ארויס. זע־הענדיג אבער, אז זי שטעהט אין דער גאנצער ברייט פון דער טהיר און לאָזט איהם ניט דורכגעהן, האָט ער זיך געלאָזט געהן גלייך אויף איהר. יענע איז א דערשראָקענע אָפּגעשפּרונגען, האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, נאָר גלייך ווי דאָס לשון האָט איהר אָפּגענומען, האָט זי אויף איהם אויסגעשטעלט א פּאָר צוגלאָצטע אויגען.

— גוט מארגען, אלענא איוואַנאָוונא, — האָט ער אָנגעהויבען מיט א געמאכטער דרייסטער שטים, דער קול האָט אבער ניט אויס־געהאלטען, זיך איבערגעריסען און געגומען ציטערן, — איך האָב אייך... א זאך געבראכט... נאָר קומט בעסער צו אהערצו... צו דער ליכטיגקייט...

און ניט ווארטענדיג אויף אן ענטפער, האָט ער זיך אָהן אן איינ־לאדונג געלאָזט געהן גלייך אין צימער אריין. די אלטע האָט זיך א ווארף געטאָן נאָך איהם; זי האָט ווידער באקומען לשון.

— רבונו של עולם! וואָס דארפט איהר דאָ?... ווער זענט איהר אזעלכער? וואָס ווילט איהר?

— וואָס רעדט איהר, אלענא איוואַנאָוונא... א באקאנטער אייע־רער... ראָסקאָלניקאָוו... אָט האָב איך אייך א משכון געבראכט, וואָס איך האָב אייך אנומעלט צוגעזאָגט...

און ער האָט איהר געשטעקט דעם משכון אין האנט אריין.

די אלטע האָט א קוק געטאָן אויף דעם משכון, אבער גלייך האָט זי זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דעם אומגעבעטענעם גאַסט. זי האָט געקוקט שארף, בייז און מיט חשד. עס איז אריבער ביי א מי־נוט; איהם האָט זיך אפילו אויסגעוויזען ביי איהר אין די אויגען עפּעס א מין שפּאָטישער שמייכעל, גלייך ווי זי האָט שוין אלץ פארשטאַ־נען. ער האָט געפיהלט, אז ער פארלירט זיך, אז ס'איז איהם כמעט ווי שרעקליך, אויף אזוי פיעל שרעקליך, אז ווען זי קוקט, דאכט זיך, אויף איהם נאָך א האלבע מינוט, אָהן א וואָרט ארויסצורייד, וואָלט ער אנטלאָפען פון איהר.

— וואָס קוקט איהר מיך עפּעס אזוי אָן, איהר דערקענט מיך ניט? — האָט ער פּלוצלונג ארויסגערעדט אויך מיט א כעס. — אז

הײם, זי איז אבער פארדעכטיג און אײנע אלײן. ער האָט אביסעל געקענט איהרע געוואוינהײטען... און ער האָט נאָכאַמאָל צוגעלעגט דאָס אויער צום טהיר. צי זײנען די נעפּיהלען זײנע געװען אזוי אויס־געשאַרפט (וואָס ס'איז שווער צו גלויבען). אָדער ס'איז באמת געװען ליכט צו דערהערען, ער האָט אבער פּלוצלונג דערהערט עפּעס אזוי ווי א מין פאָרזיכטיגען שאָרך מיט דער האַנט בײם טהיר־שלאָס און א מין גערויש פון קלײדער סאַמע בײ דער טהיר. עמיצער איז באַהאַלטע־נערהײד געשטאַנען בײם שלאָס און פּונקט ווי ער האָט זיך דאָרט צוגעהערט, באַהאַלטען פון אינוועניג, אין אויך, דאכט זיך, צוגעלעגט דאָס אויער צום טהיר...

ער האָט זיך מיט א כיון א ריהר געטאָן און עפּעס ארויסגעשטאַ־מעלט, כדי צו באווייזען, אז איהם פאַלט אפילו ניט אײן זיך צו באַ־האַלטען; דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען א דריטען מאָל, שוין אבער שטיל, מיושב'דיג, אָהן דער מינדסטער אונגעדולד. דערמאָהנענדיג דאָס אין א צײט ארום, דײטליך, קלאָר, איז איהם די גאַנצע מינוט געבליבען אײנגעקריצט אין מוח אויף אײביג; ער האָט ניט געקענט פאַרשטעהן, פון וואַנען האָט זיך עס בײ איהר גענומען אזוי פיעל שלויקײט, בפרט נאָך, אז דער מוח איז איהם אלע ווײלע אזוי ווי טונ־קעל געוואָרען, און דעם קערפּער זײנעם האָט ער כמעט ווי גאָר ניט גע־פיהלט אויף זיך... אין א רגע ארום האָט זיך געלאָזט הערען, אז מען ריגעלט אָפּ די טהיר.

---

## זיעבענטעס קאַפּיטעל.

די טהיר האָט זיך, אזוי ווי דאַמאָלס, עטוואָס אויפגעעפנט אויף א קלײן שפּעלטעלע, און ווידער האָבען אויף איהם ארויסגעקוקט פון דער פינסטערניש צוויי שאַרפע אויגען מיט א באַהאַלטענעם חשד. דאָ האָט ראַסקאָלניקאָוו זיך צוטומעלט און איז באַגאַנגען זעהר א גרויסען פעהלער:

מורא האָבענדיג, אז די אלטע זאָל זיך ניט דערשרעקען צו בלײ־בען מיט איהם אײנע אלײן, און ניט האָפענדיג, אז זײן אויסזעהן וועט אין איהר ערוועקען א צוטרוי צו איהם, האָט ער זיך א נעהם געטאָן פאַר דער טהיר און זי א ציה געטאָן צו זיך, כדי דער אלטער זאָל ווי עס איז ווידער ניט אײנפאַלען צו פאַרשפּאַרען זיך פון איהם. דער־

קלאַפּענדע האַרץ, אַנגעטאַפּט די האַק און נאָכאַמאָל זי צורעכט געמאַכט, האָט ער פאַרזיכטיג און שטיל גענומען שטייגען אויף די טרעפּ ארויף, זיך צוהערענדיג אַלע רגע. נאָר אויף די טרעפּ איז איצט אויך קיינער ניט געווען; אַלע טירען זיינען געווען פאַרמאַכט; ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געטראָפען. אמת, אויפ'ן צווייטען שטאָק איז אַ ליידיגע דירה יאָ געשטאַנען אינגאַנצען אָפען און ס'האָבען דאָרט געארבייט מאַליארעס, זיי האָבען זיך אבער אפילו ניט אומגעקוקט. ער איז אַ ווײַלע שטעהן געבליבען, זיך באַטראַכט, און איז אַוועק ווייטער. געוויס וואָלט זיין גלייכער, ווען זיי וואָלטען דאָ ניט געווען, נאָר... ס'איז דאָך מיט צוויי שטאָק העכער".

אָט איז שוין דער פיערטער שטאָק, אָט איז די טהיר, אָט איז אנטקעגען די דירה, וואָס איז ליידיג. אין דריטען שטאָק איז די דירה וואָס אונטער דער אַלטערס, אויך קענטיג ליידיג: די וויזיט־קאַרטע, וואָס איז געווען צוגעשלאָגען צום טהיר מיט טשוועקלעך, איז אראָפּגענומען, — ארויסגעצויגען זיך!... ער האָט דעם אָטעם ניט געקענט אָפּכאַפּען. אויף איין אויגענבליק האָט זיך איהם אין מוח דורכגעטראָגען אַ געדאַנק: „אפשר גאָר אוועקגעהן?" ער האָט אבער אויף דעם געדאַנק ניט געענטפערט און זיך גענומען צוהערען צו דער אַלטערס טהיר: שטיל ווי אין אַ קבר. דערנאָך האָט ער זיך ווידער צוגעהערט צו די טרעפּ אַראָפּ, האָט געהערט לאַנג, מיט אָנשטרענגונג... דערנאָך האָט ער זיך אַ לעצטען מאָל ארומגעקוקט, האָט זיך געבראַכט אין אָרדנונג, זיך צוגעגרייט, און האָט ווידעראַמאָל באַטראַכט די האַק אין דער שלייף. „איך מוז איצט זיין זעהר בלאַס... — האָט איהם געעקבערט אַ געדאַנק, — בין איך ניט אַמאָל צופיעל אויפגערעגט? זי איז אַלעמען חושד... אפשר נאָך אָפּוואַרטען אביסעלע, ביז דאָס האַרץ וועט זיך איינשטילען?...

דאָס האַרץ האָט אבער ניט אויפגעהערט. פאַרקעהרט, עפּעס אַזוי ווי אויף להבעים, האָט עס געקלאַפּט שמאַרקער, שטאַרקער... ער האָט ניט אויסגעהאַלטען, האָט לאַנגזאַם אויסגעשטרעקט די האַנט צום גלעקעל און אָנגעקלונגען. אין אַ האַלבער מינוט ארום נאָכאַמאָל אַ קלונג געטאָן, שוין שטאַרקער.

נאָר מען ענטפערט ניט. גלאַט קלינגען, איז געווען איבריג. און ס'האָט ניט געטויגט פאַר איהם. די אַלטע איז געוויס געווען אין דער

דעם הויפּייטען מיכיילאָווער גאָרטען, וואָלט עס געווען די בעסטע און נוצליכסטע זאַך פאַר דער שטאָדט. דאָ האָט איהם פּלוצלונג פאַר־אינטערעסירט, פאַרוואָס עפּעס ציהט אַזוי דעם איינוואוינער פון די גרויסע שטעדט — דאַכט זיך, אפילו דאָ, ווען ער קען זיך באַגעהן אָהן דעם — צו באַזעצען זיך פּונקט אין יענע קוואַרטאַלען, וואו ס'זיי־נען נישטאָ קיין פאָנטאַנען, און וואו ס'איז שטענדיג א שמוץ, א עיפּוש און מיסט. דאָ האָט ער זיך פּלוצלונג דערמאָנט זיינע אייגענע שפּאַצירען איבער'ן סעננאַ־פּלאַץ און ער איז אויף א רגע צו זיך גע־קומען. „וואָס פאַר א נאַרישקייטען עס קריכען מיר דאָס אין קאָפּ, האָט ער א טראַכט געטאָן. — ניין, שוין גלייכער וועגען קיין זאַך ניט טראַכטען!"

„אַפּנים די, וואָס מען פיהרט צו דער תליה, קלעפּען זיך אַזוי צו מיט'ן געדאַנק צו אַלע זאַכען, וועלכע טרעפען זיך זיי אין וועג". איז איהם פּלוצלונג איינגעפאַלען, אָבער נאָר אויף איין אויגעבליק, שנעל ווי א בליץ; ער האָט אליין וואָס גיכער פאַרלאָשען דעם דאָזיגען געדאַנק... נאָר ס'איז שוין באַלד, אָט איז דאָס טויער. ערגעץ־וואו האָט א זייגער אויסגעשלאָגען איינס. „וואָס איז עס אַזוינס, איז שוין דען האַלב אכט? עס קען ניט זיין, דער זייגער לויפט אודאי!"

אויף זיין מזל איז ער בשלום אריבערגעקומען דאָס טויער. נאָכ־מעהר, עפּעס אַזוי ווי עקסטרא צוליעב איהם, איז גראָד אין דער ווייל־ע אריינגעפאָהרען אין טויער אריין א מורא'דיגער וואָגען היי, וואָס האָט איהם אינגאַנצען פאַרשטעלט, ביז וואַנען ער איז אריבער דעם בראָם, און ווי נאָר דער וואָגען איז אריינגעפאָהרען פון טויער אין הויף אריין, האָט ער זיך בליצשנעל דורכגע'גנב'עט אויף רעכטס. דאָרט, אויף יע־נער זייט וואָגען, האָט מען געהערט, ווי עס האָבען געשריען און זיך געקריגט עטליכע שטימען; איהם האָט אָבער קיינער ניט באַמערקט און קיינער ניט באַגעגנט. א סך פענסטער, וואָס זיינען ארויסגגע־קומען צו דעם דאָזיגען אונגעהויערען פיערעקעכטיגען הויף, זיינען איצט געווען אָפען, ער האָט אָבער דעם קאָפּ אין דער הויך ניט אויפ־געהויבען, ער האָט פאַר דעם מורא געהאַט. די טרעפּ צו דער אַלטער זיינען געווען נאָהנט, גלייך פון טויער רעכטס. ער איז שוין געווען אויף די טרעפּ.

קוים אָפּגעהאַקט דעם אָטעם און צוגעדריקט מיט דער האַנט דאָס

מיט א שווינבער שטים א רוף געטאַן דעם סטרוזש. „אודאי אזוי, ניטאָ אין דער היים! געווים נאָר־וואָס ארויס, אויפ׳ן היוף מסתמא, ווייל די טיר איז אינגאנצען אָפען“. ער האָט זיך מיט אימפעט א לאָז געטאָן צו דער האק ־דאָס איז געווען א האק) און האָט זי ארויסגעשלעפּט פון אונטער דער באנק, וואו זי איז געלעגען צווישען צוויי שייט האָלץ; און טאקע דאָ אויפ׳ן אָרט, ניט ארויסגעהענדיג, האָט ער זי ארייננגע־רוקט אונטער׳ן ראק, פארלעגט די הענט אין די קעשענעס און איז אַרויס פון דאַרטען; קיינער האָט ניט געזעהן. „דער טייוועל אליין האָט מיר געהאָלפען“, האָט ער א טראכט געטאַן מיט א מאָדנעם שמייכעל. דער דאָזיגער צופאל האָט איהם צוגעגעבען גאָר אן אנדער מין מוטה.

ער איז געגאנגען לאנגזאם, מיט ג ע ז ע צ ט ע טריט, ניט געאיילט, ניט ארויסצורופען קיין חשד. ער האָט ווייניג־וואָס זיך אומגעקוקט אויף די פאַרבייגעהער, אויף זייערע פּנימ׳ער האָט ער גאָר־ניט געקוקט און האָט זיך באמיהט צו לאָזען זיך מערקען וואָס ווע־ניגער. דאָ האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיין הוט. — „אָ, גאָט מיי־נער! דאָבט זיך, געלט געהאט אייערנעכטען, און האָב ניט געקענט אויסטוישען אויף א היטעל!“ א פלוך האָט זיך איהם פון הארצען ארויסגעריסען.

צופעליגערוויז אריינקוקענדיג מיט איין אויג אין א קלייטעל, האָט ער דאָרט דערזעהן אויף א וואנד־זייגער, אז עס איז שוין צעהן מינוט אויף אכט. מען האָט געמוזט זיך צואיילען און צו דער זעלבער צייט אָנלעגען וועג: צום הויז צוגעהן הינטער ארום, פון דער אנדערער זייט . . .

פריהער, ווען ער פלעגט עס אלין פאַרשטעלען אין דער פאַנטאַזיע, פלעגט ער אַפּטמאל מיינען, אז ער וועט זעהר מורא האָבען. ער האָט אבער איצט ניט זעהר מורא געהאט, האָט אפילו גאָר קיין מורא ניט געהאט. זיין קאָפּ איז איצט זאָגאר געווען פארנומען אלין מיט אזעלכע זייטיגע געדאנקען אבער ניט אויף לאנג. פארבייגעהענדיג יסופּאָווס גארטען איז איז איהם למשל איינגעפאלען, ווי גוט עס וואָלט זיין אויסצובויען הויכע פאַנטאַנען, — זיי וואָלטען דאָך אזוי אָפּפרי־שען די לופט אויף אלע פּלעצער. ביסלעכווייז איז ער איבערגעגאנגען צו דער איבערצייגונג, אז ווען מען זאָל פארברייטערן דעם זומער־גאָר־טען אויפ׳ן גאנצען מארספעלד און אהים דערצו נאָך פאראייניגען מיט

נאָך איידער ער איז פון די טרעפּ אראָפּ און צוגעקומען צו דער בעל־הבית'טעס קיך, וואָס איז, ווי שטענדיג, געשטאַנען אָפען, האָט ער פאַרזיכטיג געכאַפּט א קוק אהין, געוואָהר צו ווערען, צי איז דאָרט אמאָל נישטאָ די בעל־הבית'טע. און אויב זי איז נישטאָ, צי זיינען גוט פאַרמאַכט די טהירען אין איהר צימער אריין, זי זאָל ווי עס איז פון דאָרט ניט ארויסקוקען, ווען ער וועט אריינגעהן נאָך דער האַק? ווי גרויס איז אבער געווען זיין איבערראַשונג, ווען ער האָט פּלוצלונג דער־זעהן, אז נאַסטאַסיא איז דאָסמאָל ניט נאָר אין קיך, נאָר איז אפילו שטאַרק פאַרנומען: נעהמט ארויס פון קאָרב ראָס וועש און הענגט עס פונאַנדער אויף שטריק! דערזעהן ראַסקאָלניקאָוו'ן, האָט זי גע־לאָזען די ארבייט, זיך צוגעקעהרט צו איהם און די גאַנצע צייט איהם נאָכגעקוקט, ביז ער איז אוועק. ער האָט אָפּגעקעהרט די אויגען און איז פאַרביינגעגאַנגען, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט באַמערקט. אבער כ'איז געווען א סוף צו זיין פּלאַן: נישטאָ קיין האַק! ער איז געווען אויסער זיך.

„און פון וואַנען האָב איך עס גערדונגען, — האָט ער געטראַכט, ארויסקומענדיג פון טויער, — פון וואַנען האָב איך עס גערדונגען, אז זי וועט איצט ניט זיין אין דער היים! פון וואַנען, פון וואַנען איז עס ביי מיר געווען באַשטימט?“ ער איז געווען אינגאַנצען דערשלאָגען, ער האָט זיך געפיהלט עפּעס אזוי ווי ערנידריגט. פאַר כעס האָט ער געוואָלט לאַכען פון זיך אליין... א ווילדער, טיערישער צאָרן האָט אין איהם אויפגעברויזט...

ער איז פאַרטראַכט געבליבען שטעהן אין טויער. געהן אין גאַס, סתם אזוי, לפנים וועגען, שפּאַצירען, האָט איהם געעקעלט, זיך צו־ריקקעהרען אהיים — איז איהם געווען נאָך ערגער. „אזא געלעגענ־הייט פאַרלאָרען אויף אייביג!“ האָט ער געשטאַמעלט, שטעהענדיג אָהן א ציעל אין טויער, פּונקט אנטקעגען דער פינסטערער לאָך פון דעם סטרוזשעס וואוינונג, וואָס איז אויך געווען אָפען. פּלוצלונג האָט ער א ציטער געטאָן. פון דעם סטרוזשעס קעמערל, א צוויי טריט ווייט פון איהם, האָט איהם עפּעס פון אונטער'ן באַנק א פינקעל געטאָן אין די אויגען.. .ער האָט זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטען — קיינער איז ניט געווען. אויף די שפּיץ פינגער איז ער צוגעגאַנגען צו דעם סטרוזשעס וואוינונג, איז פון די צוויי טרעפּלעך אראָפּ אונטען און האָט

אין דעם מאמענט, ווען ס'איז איבערהויפט נויטיג צו זיין אויסגערעכנט און פארזיכטיג. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די דאזיגע אפשוואכונג פון פארשטאנד און ווילענסקראפט באהערשט דעם מענשען ווי א מין קראנקהייט, ענטוויקעלט זיך ביסלעכוויין און א קורצע צייט פאר דעם פארברעכען דערגרייכט זי די העכסטע שטופע; זי הערט ניט אויף אין דעם מאמענט פון דעם פארברעכען און א קורצע צייט נאך איהם, — עס ווענדט זיך אן דעם כאראקטער פון פארברעכער: דערנאך געהט עס פאריבער, ווי עס געהט פאריבער יעטוועדער קראנקהייט. די פראגע אבער: צי איז די קראנקהייט די סבה פון פארברעכען, אדער, פארקעהרט, דאס פארברעכען אליין האט שוין אזא טבע מיטצוברייגנען אזא מין קראנקהייט? — די דאזיגע פראגע איז ער ניט געוועזן אימשטאנד צו פארענטפערן.

געקומען צו אזוינע אויספיהרען, האט ער באשלאסען, אז מיט איהם זעלבסט, ביים אויספיהרען זיין פלאן, קען ניט טרעפען אזעלכע קרענקליכע איבערקעהרענישען: ביי איהם וועט די ווילענסקראפט און דער פארשטאנד ניט געמינערט ווערען אויף א האהר, פאר דער גאנצער צייט, וואס ער וועט פארווירקליכען זיין אויפטו, און דאס איז איינפאך דערפאר, ווייל זיין אויפטו איז „ניט קיין פארברעכען"... מיר וועלען איבערהיפען דעם גאנצען פראצעס, וועלכער האט איהם געבראכט צו דער דאזיגער איבערצייגונג: מיר זיינען שוין אזוי אויך צופיעל פארלאפען פאראויס... מיר וועלען נאר צוגעבען, אז די פאקטישע, ריין־מאטעריעלע שוויריגקייטען פון זיין פלאן האבען איהם זעהר וועניג אינטערעסירט. „מען דארף נאר ניט פארלירען איבער זיי די גאנצע ווילענסקראפט און דעם גאנצען פארשטאנד, וועלען זיי אלע בייגעקומען ווערען, ווען עס וועט קומען זייער צייט, ווען מען וועט דארפען קלאר ווערען אין אלע קלענסטע פרטים און איינצעלהייטען פון דעם פלאן"... דער פלאן האט אבער ניט אנגעהויבען צו פארווירקליכט ווערען. אין זיינע ענדגילטיגע באשליסען האט ער געגלויבט זעהר וועניג, און ווען ס'האט געשלאגען די שעה, איז אלץ אויסגעקומען גאר ניט אזוי, ווי ער האט באשלאסען, עפעס אזוי ווי אומגערן, זאגאר כמעט אומגעריכט.

נאר איין נארישע קלייניגקייט האט איהם אינגאנצען אפהענדיג געמאכט.

איז אויפהערען צו טראכטען, וועט אויפשטעהן — און וועט אוועק־געהן אהינצו... אפילו די אייערנעכטיגע ר ע פ ע ט י צ י ע זיינע (דאס הייסט דער באזוך, וואס ער האט געמאכט דער אלטער מיט דער כונה וואס בעסער צו באטראכטען דעם ארט) האט ער נאר ג ע־פ ר ו ב ט מאכען, אבער ס'איז ניט געווען זעהר ערנסט, נאר אזוי זיך, ווי איינער רעדט: „איך וועל געהן און וועל א פרוב טאן, זאל שוין זיין אן עק מיט די חקירות!" — ער האט אבער באלד ניט אויס־געהאלטען, א שפיי געטאן און אנטלאפען מיט א ווילדען כעס אויף זיך אליין. פון דער אנדערער זייט אבער איז דאך שוין אויסגעקומען, אז מיט דער פראגע פון דער מאראלישער זייט איז ער שוין לאנג פאר־טיג געווארען: זיין פלפול האט זיך אויסגעשארפט ווי א גאלמעסער, און ער אליין האט שוין אויך ניט געפונען אין זיך קיינע לאגישע ווי־דערשפרוכען. נאר אין דעם פאל האט ער זיך פשוט אליין ניט געקענט גלייבען, און האט מיט אן איינגעשפארטער עקשנות געזוכט קשיות אומעטום, גלייך ווי איינער וואלט איהם געצוואונגען און געטריבען דערצו. און דער לעצטער טאג, וואס איז אנגעקומען אזוי אומגעריכט און וואס האט מיט איינמאל געמאכט א סוף צו אלצדינג, האט אויף איהם געהאט א מין מעכאנישע ווירקונג: גלייך ווי איינער וואלט איהם גענומען פאר'ן האנט און א ציה געטאן נאך זיך, דרינגליך, בלינד, מיט אן אומנאטירליכער קראפט, ניט שטעלענדיג קיין פראגען. גלייך ווי זיין קלייד האט זיך איינגעדרעהט אין א ראד פון א מאשין, וועלכע האט איהם אליין אויך גענומען ארייננשלעפען אין זיך.

צום ערשטען — שוין אפילו מיט א צייט צוריק — האט איהם אינטערעסירט איין פראגע: פארוואס עפעס ווערען אזוי לייכט ענט־דעקט און ארויסגעגעבען אלע פארברעכענס, און פארוואס איז אזוי לייכט צו געפינען די שפורען פון אלע פארברעכער? ביסלעכווייז איז ער געקומען צו די פארשידענסטע און אינטערעסאנטסטע אויספיהרען: נאך זיין מיינונג נאך איז אויסגעקומען, אז די הויפטאורזאכע שטעקט ניט אזוי אין דער מאטעריעלער אונמעגליכקייט צו פארבארגען דאס פארברעכען, ווי אין דעם פארברעכער אליין; דער פארברעכער אליין אבער, און איבערהויפט יעדערער פארלירט אין דעם מאמענט פון פאר־ברעכען די ווילענסקראפט און דעם פארשטאנד און ווערט נאך, פאר־קעהרט, אונגעהויער לייכטזיניג, ווי א קינד, און דאס קומט פאר גראד

טער ער האָט זיי אנגענומען, אלין מאוס'ער, אונזיניגער זיינען זיי איהם גלייך אין די אויגען געוואָרען. ניט קוקענדיג אויף דעם גאנצען פיינליכען אינוועניגסטען קאמפף, וואָס ער האָט דורכגעמאכט, האָט ער דאָך פאר דער גאנצער צייט אפילו קיין איין רגע ניט געגלויבט, אז דער געדאנק זיינער זאָל פארווירקליכט ווערען.

און ווען עס וואָלט אפילו ווען עס אין אויסגעקומען אזוי, אז אלצדינג ביז איטליכעס פיצעלע וואָלט ער שוין געהאט פארטיג אין זינען ענדגילטיג באַשלאָסען און דאָ וואָלט שוין קיין שום צווייפעל ניט בליבען, — וואָלט ער, דאכט זיך, אויך דאַן זיך אָפּגעזאָגט פון גאנצען פלאַן, ווייל ס'וואָלט איהם אויסגעקומען אונזיניג, אונגעהויער ווילד און אונמעגליך. אבער ס'איז נאָך געבליבען א ים ספקות און ניט־באַשלאָסענע פונקטען. וואָס עס אנבאַלאַנגט דעם פונקט, וואו צו קריגען א האַק, איז דאָס געווען אזא קלייניגקייט, וועלכע האָט איהם אפילו אויף א האָהר ניט באַקימערט, ווייל קיין לייכטערע זאַך האָט גאָר ניט געקענט זיין. מחמת נאַסטאַסיא פלעגט אלע וויילע ניט זיין אין שטיב, איבערהויפּט פארנאַכטליך: פלעגט אוועקלויפען אָדער צו די שכנים אָדער אין קלייטעל אריין, און די טהיר פלעגט זי שטענדיג לאָזען אָפּען. די בעל־הבית'טע פלעגט נאָר דעריבער שטענדיג האָבען מיט איהר צו טאָן — אלזאָ האָט מען נאָר באַדאַרפט שטילערהייד אריינגעהן און זי אוועקלעגען. ער קען דאָך נאָך אבער קומען אין א שעה ארום פונקט דאַן, ווען נאַסטאַסיא וועט זיין אין קיך, דאַרף מען, פארשטעהט זיך, — פארביגעהן און וואַרטען, ביז זי וועט ווידער ארויס. און ווי וועט זיין, אז זי וועט זיך דערהויילע כאַפּען, אז די האַק איז נישטאָ, וועט נעהמען זוכען און אקערן, וועט מאכען קולות, — אָט איז שוין פארהאַן א חשד, ווענינגסטענס עטוואָס וואָס פיהרט ארויף אויף א חשד.

נאָר דאָס זיינען אלין געווען קלייניגקייטען, וועגען וועלכע ער האָט אפליו ניט אָנגעהויבען צו טראכטען, און ס'איז טאקע קיין צייט ניט געווען. ער האָט געטראכט וועגען דעם ע י ק ר און די קלייניגקייטען האָט ער אָפּגעלעגט ביז דאַן, ווען ער אליין ו ו ע ט ז י ך א י ן א ל י ן א י ב ע ר צ י י ג ע ן. דאָס איז אבער געווען אבסאָלוט אונמעגליך, ווענינגסטענס האָט זיך איהם עס אזוי געדאכט. אזוי, למשל, האָט ער בשום אופן ניט געקענט באַגרייפען, אז ער וועט ווען עס

נעהעבעלט ברעטעלע. די גרויס איז די גרעב ווי ווערלינג עם דארף זיין אזילבערנער פארט־טאבאק. דאס דאזיגע ברעטעלע האט ער צופעלינג געפונען ערגעץ אין א הויף, וואו ס'איז געווען עפעס א ווארשטאט. דערנאך ערשט האט ער צוגעגעבען צו דעם ברעטעלע א גלאט און דין אייזערן פאסיקעל, אפנים פון עפעס אפגעבראכען, וואס ער האט אויך דאמאלס טאקע געפונען אויף דער גאס. צוזאמענגעלעגט ביידע ברעטלעך, פון וועלכע דאס אייזערנע איז געווען קלענער פונ'ם הילצערנעם, האט ער זיי זעהר פעסט צונויפגעבונדען אינאיינעם מיט א פאדעם, איינס אין דער לענג, דאס אנדערע אין דער ברייט; דערנאך האט ער געמאכט זעהר א פיין פעקעלע, איינגעוויקעלט אין ריין ווייס פאפיר און פארבונדען אזוי, עס זאל זיין ניט לייכט פונאנדערצובינדען. דערמיט האט ער געמיינט אפצואווענדען אויף א וויילע דער אלטערס אויפמערקזאמקייט, — זי וועט זיך נעהמען עסק'ן מיט'ן פעקעלע, וועט ער האבען צייט זיך ארויסצוקוקען. דאס אייזערנע פאסיקעל האט געדארפט צוגעבען מעהר וואג, די אלטע זאל זיך כאטש אין דער ערשטער וויילע ניט ארומזעהן, אז דער „חפץ" איז א הילצערנער. דאס אלעס האט ער ביז א צייט געהאלטען אונטער'ן דיוואן. ווי נאר ער האט ארויסגענומען דעם משכון, האט זיך פלוצלונג געלאזט הערען ערגעץ אויפ'ן הויף עמיצענס א קול:

— שוין די זיעבענטע שעה!

— די זיעבענטע שעה! א, גאט מיינער!

ער האט זיך א לאז געטאן צום טהיר, זיך צוגעהערט, א כאפ געטאן דעם הוט און גענומען שטייגען פון זיינע דרייצעהן טרעפ אראפ, פארזיכטיג און שטיל, ווי א קאץ. איצט איז נאך געבליבען די רעכטע שווערע ארבייט — ארויס'גנב'ענען פון קיך די האק... אז עס דארף אפגעטאן ווערען מיט א האק — דאס איז ביי איהם שוין לאנג געווען באשטימט. ער האט אפילו געהאט א צונויפגעלעגט גארטען־מעסערל, אבער אויף א מעסער, און איבערהויפט אויף זיינע כחות, האט ער זיך ניט געקענט פארלאזען, דעריבער איז ביי איהם פעסט געבליבען, מיט א האק. אגב דארף מען אויפמערקזאם מאכען אויף א מערקווירדיגע זאך בנוגע צו די אלע פעסטע באשליסען, וואס ער האט אנגענומען אין דעם דאזיגען ענין. די דאזיגע אלע באשליסען האבען זיך אויסגעצייכענט מיט א זעלטענער אייגענשאפט: וואס פעס־

אטעמען. ערשטענס, האט מען געדארפט מאכען „ שלייף און צונייהען צום מאנטעל — אן ארבייט אויף א רגע. ער האט אריינגערוקט די האנט אונטער׳ן קישען און האט ארויסגעשלעפט פון צווישען די וועש, וואס איז דארט געווען פארשטעקט, זיינס אן אלט צופאלען ניט־געוואשען העמד. ער האט פון איהם אויסגעריסען א שטיק ביי א ווערשאק די ברייט און ביי א האלב ארשין די לענג, האט עס צונויפגעלעגט אין צווייען, האט אויסגעטאן זיין ברייטען מויער־שטארקען זומער־מאנטעל, וואס איז געווען פון עפעס א דיקען שטאף (זיין איינאונאיינציגער אויבער־בגד) און האט אנגעהויבען אנצונייהען ביידע עקען באנד אונטער דעם לינקען ארים פון אינוועניג. די הענט האבען איהם געציטערט ביים נייהען, דאך האט ער דאס ווי עס איז פארט צוגענייהט אזוי, אז ווען ער האט ווידער אנגעטאן דעם מאנטעל, איז פון דרויסען גארניט געווען קענטיג. א נאדעל־פאדים איז שוין ביי איהם לאנג געווען אנגעגרייט און איז געלעגען אויפ׳ן טישעל, אין א פאפירעל. און וואס עס אנבעלאנגט צום שלייף, איז דאס געווען אן אייגענער איינפאל זיינער, זעהר א קלוגער: די שלייף איז געווען באשטימט פאר דער האק. מען האט דאך אין דער אמת׳ן ניט געקענט טראגען אויפ׳ן גאס א האק אין די הענט. און ווען מען זאל אפילו באהאלטען אונטער׳ן מאנטעל, וואלט מען אלץ געדארפט צוהאלטען מיט דער האנט, און עס וואלט געווען קענטיג. איצט אבער, אז ער האט צוגענייהט די שלייף, האט ער נאר געדארפט אריינרוקען אהין די האק, און זי וועט זיך רוהיג הענגען אינוועניג, אונטער׳ן ארים, דעם גאנצען וועג. און אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע פון מאנטעל, האט ער אויך געקענט צוהאלטען דעם שטיל, ער זאל זיך ניט באמבלען; און אזוי ווי דער מאנטעל איז געווען גענוג ברייט, אן אמת׳ער זאק, איז פון דרויסען ניט געווען קענטיג, אז ער האלט עפעס צו אין קעשענע מיט דער האנט. די דאזיגע שלייף האט ער צוגעטראכט שוין אויך מיט א וואכען צוויי צוריק.

געענדיגט דערמיט, האט ער אריינגעשטעקט די פינגער אין א קליין שפעלטעלע צווישען זיין „טערקישען" דיוואן און דער פאדלאגע, האט א שאר געטאן דארט אין דעם לינקען ווינקעל און ארויסגעשלעפט דעם מ ש כ ו ן, וואס ער האט שוין לאנג צוגעגרייט און געהאלטען דארט פארבארגען. דאס איז געווען א הילצערן. גלאט אפ־

שטיקעל ברויט, א לעפעל און האט אנגעהויבען עסען.

ער האט אויפגעגעסען זעהר ווענינ, אהן אפעטיט, א לעפעל דריי־פיער ,אזוי ווי מאשינאל. דער קאפ האט וועניגער וועה געטאן. אפגעגעסען מיטאג, האט ער זיך ווידער אויסגעצויגען אויפ׳ן קאנאפע, אבער אנטשלאפען ווערען האט ער שוין ניט געקענט, און ער איז געלעגען אהן באוועגונג, מיט׳ן פנים אראפ, איינגענורעט דאס געזיכט אין קישעלע. ער האט אלץ גע׳חלומ׳ט און די חלומות זיינען אלץ געוועזען אזוינע מאדנע: אפטער און אפטער איז איהם פארגעקומען, אז ער איז ערגעץ אין אפריקא, אין מצרים, אין עפעס א אאזיס. דער קאראוואן רוהט, רוהיג ליעגען די קעמלען; ריגגס און ארום וואקסען פאלמענבוימער; אלע עסען מיטאג, ער אבער טרינקט אלץ וואסער, גלייך פון טייך, וואס פלייצט מורמלענדיג טאקע דא ביי דער זייט. און ס׳איז אזוי קיהל, און דאס בלויע וואסער איז אזוי הערליך, אזוי הערליך, און קאלט, און שטראמט איבער פארשידענפארביגע שטיינער און איבער אזא קלארען זאמד, געשפריינקעלט מיט גאלדענע שטיינדלעך... פלוצלונג האט ער דייטליך דערהערט א זייגער שלאגען. ער האט א ציטער געטאן, איז צו זיך געקומען, האט עטוואס אויפגעהויבען דעם קאפ, א קוק געגעבען אין פענסטער, האט באר־ בענט, ווי שפעט עס קען זיין, און איז פלוצלינג אויפגעשפרונגען, שוין איננאנצען געקומען צו זיך, גלייך ווי איינער וואלט איהם א ריס געטאן פון קאנאפע אראפ. אויף די שפיץ פינגער איז ער צוגעגאנגען צום טהיר, האט זי שטיל א ביסעלע אויפגעמאכט און זיך גענומען צוהערען אונטען צו די טרעפ אראפ. דאס הארץ האט איהם שרעקליך געקלאפט. נאר אויף די טרעפ איז אלץ געוועזען שטיל, גלייך ווי אלע וואלטען שלאפען... משונה׳דיג ווילד איז איהם אויסגעקומען, וואס ער איז אזוי אפגעשלאפען פון נעכטען אן און האט נאך גארנישט אויפגעטאן, גארנישט צוגעגרייט... ס׳קען זיין, אז עס האט שוין אודאי געשלאגען זעקס א זייגער... און אן אונגעוועהנליכע פיבערהאפטע, עפעס א מין משוגע׳נערוויזע ריהרעוודיגקייט האט איהם פלוצלונג באהערשט, אנשטאט שלאף און טעמפקייט. איבריגענס האט ער ניט לאנג געדארפט זיך צוגרייטען. ער האט אנגעשטרענגט אלע כחות, ער זאל אלעס אין זינען האבען און גארניט פארגעסען; און דאס הארץ האט אלץ געקלאפט, געשלאגען אזוי, אז איהם איז שווער געווארען צו

— אַ מין פּאַפּען דאָס איז! — האָט זי אויפגעבראַכט אויסגע־שריען. — טוט גאָר ניט און שלאָפט!

ער האָט זיך מיט מאַטערניש אויפגעהויבען. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהאָן. ער האָט זיך געפּרובט שטעלען אויף די פיס, זיך אַ דרעה געטהאָן איבער'ן צימער און איז ווידער אַ פאַל געטהאָן אויפ'ן קאַנאַפּע.

— ווידער שלאָפען! — האָט נאַסטאַסיא אַ געשריי געטהאָן — דו ביסט אפשר קראַנק צי וואָס?

ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— טיי ווילסטו?

— שפּעטער אַ ווײַלע, — האָט ער מיעד אַרויסגערעדט, שלי־סענדיג ווידער די אויגען און זיך אָפּקעהרענדיג צום וואַנד.

— ביסט אודאי אין דער אמת'ן ניט געזונד, — האָט זי געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

צוויי אַ זייגער איז זי ווידער אַריינגעקומען מיט זופּ. ער איז געלעגען ווי פריהער. דער טיי איז געשטאַנען ניט־גערירהט. נאַס־טאַסיא איז אָזש ברוגז געוואָרען און האָט איהם מיט כעס גענומען וועקען

— וואָס טוכינעסטו? — האָט זי אויסגעשריען, קוקענדיג אויף איהם מיט כעס.

ער האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבען און זיך געזעצט, האָט איהר אָבער גאָרנישט געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגען צו דער ערד.

— ביסט קראַנק צי ניט? — האָט נאַסטאַסיא געפרעגט אוי ווידער ניט געקריגען קיין ענטפער.

— וואָלסט כאָטש אַ ווײַלע אַרויס אין דרויסען, — האָט זי גע־זאָגט נאָך אַ קליינעם שווייגען, — שעפּען אַ ביסעל לופט. און עסען ווילסטו, צי ניט?

— שפּעטער, — האָט ער שוואַך געענטפערט, — געה אַוועק!

און האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנט.

זי איז געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט אַ רחמנות־פּנים און איז אַרויס.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און האָט לאַנג באַטראַכט דעם טיי מיט די זופּ. דערנאָך האָט ער גענומען אַ

טאָן, איז דאָ ניטאָ וואָס צו ריידען וועגען יושר!... קום נאָר א פּאַר־טיע ביליארד!

ראַסקאָלניקאָוו איז געווען שרעקליך אויפגערעגט. געוויס זיינען דאָס געווען זעהר געוועהנליכע, אויסגעדראָשענע ווערטער און געדאַנקען פון יונגע לייט, וואָס ער האָט שוין ניט איינמאָל געהערט, אפשר אין אן אנדער פאָרם און אויף אן אנדער פאָרם און אויף אנ'אנדער טעמע. פאַרוואָס איז איהם אבער אויסגעקומען אויסצוהערען פונקט אזעלכע רייד אין אזעלכע געדאַנקען גראָד איצט, ווען אין זיין אייגענעם מוח האָבען זיך נאָר־וואָס געגרינדעט... פּונקט אויך אזעלכע געדאַנקען?... און פאַרוואָס עפּעס גראָד איצט, ווען ער האָט נאָר־וואָס ארויסגעטראָגען דעם נייעם געדאַנק פון דער אַלטער, דאַרף ער גראָד אָנטרעפען אויף א שמועס וועגען דער אַלטער?... שטענדיג איז איהם דאָס אויסגעקומען זעהר מאָדנע. דער דאָזיגער געוועהנליכער שיינק־שמועס האָט אויף איהם געהאַט אן אונגעהויערע ווירקונג ביי דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער זאַך: גלייך ווי דאָס וואָלט טאַקע זיין עטוואָס באַשערטעס פון מזל, עטוואָס פון פריהער באַשטימטעס — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיך צוריקגעקעהרט פון סענאַ־פּלאַץ, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויפ'ן קאַנאַפּע און איז אזוי א גאַנצע שעה אָפּגעזעסען, זיך ניט א ריהר צו געבען. ס'איז געוואָרען פינסטער; קיין ליכט האָט ער ניט געהאַט. נאָר ס'איז איהם אפילו גאָר ניט איינגעפאַלען אָנצוצינדען פייער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט דערמאָנען: האָט ער וועגען עפּעס דאַן געטראַכט? ער האָט דערפיהלט דאָס פריהערדיגע פיבער, דעם פראָסטיגען שוידער און האָט זיך מיט גרויס פאַרגניגען דערמאָהנט, אז אויפ'ן קאַנאַפּע קען מען זיך אויך לעגען. באַלד איז איהם באַפאַלען א שטאַרקער, בלייערנער שלאָף, וואָס האָט איהם אזוי ווי געשטיקט.

אזוי האָט ער געשלאָפען לאַנג, ווי קיינמאָל ניט, און אָהן חלומות. נאַסטאַסיא'ן, וואָס איז צו איהם אריינגעקומען אויף מאָרגען פריה א זייגער צעהן, האָט זיך איהם קוים דערוועקט. זי האָט איהם געבראַכט טיי מיט ברויט. דער טיי איז דאָסמאָל אויך געווען שוואַך און אין איהר אייגענעם טשייניק.

רען דורך דער אַלטערס געלט, וואָס איז אָפּגעשריבען אויף א קלויס־טער! הונדערטער, טויזענדער לעבענס קענען אפשר ווידער געפינען זייער וועג; צעהנדליגער פאַמיליעס געראַטעוועט ווערן פון אָרימקייט, פון פאַרלאָרען געהן, פון א תל ווערען, פון די נעץ פון זינד, פון ווע־נערישע קראַנקהייטען, — און אַלץ דורך איהר געלט. הרג'ע זי און נעהם צו דאָס געלט איהרס, כדי דערנאָך דורך זיי זעהן העלפען דער גאַנצער מענשהייט: ווי רעכענסטו, וועט דען איין קליינע עבירה ניט פאַרגעבען ווערען צוליעב טויזענדער מצות? פאַר איין לעבען — טוי־זענדער לעבענס, געראַטעוועט פון צופוילט ווערען און אונטערגעהן. איין טויט אַנשטאָט הונדערט לעבענס, — דאָס איז דאָך א קלאָ־רער אריפמעטישער חשבון! היינט וואָס פאַר א באַטרעף האָט דאָס לעבען פון דער דאָזיגער שווינדזיכטיגער, נאַרישער און בייזער מרשעת אויף די וואָגשאָלען פון די מענשליכע לעבענס־? ניט מעהר ווי דאָס לעבען פון א לויז, פון א פּריים, אפילו דאָס אויך איז עס ניט ווערט, ווייל די אַלטע איז שעדליך. זי פרעסט אויף פרעמדע לעבענס: זי האָט אַנומעלט פאַר כעס א ביס געטאָן ליזאַוועטא'ן א פינגער, האָט מען איהם שיער ניט געדארפט אראָפּנעהמען!

— געוויס, איז זי ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט זי, — האָט דער אָפיציר באמערקט, — דאָס איז דאָך שוין אבער א נאַטור־זאַך.

— עט, נאַרישקייטען. די נאַטור פאַרריכט מען דאָך אויך און מען גיט איהר אַן אַנדער ריכטונג, א ניט וואָלט מען דערטרונקען גע־וואָרען אין א ים פון אבערגלויבען און פאַראורטיילען. אַניט וואָלט קיין איין גרויסער מאַן ניט געווען. מען זאָגט: „יושר, געוויסען“,— איך וויל גאָרניט ריידען נעגען יושר און געוויסען, — ווי אַזוי אבער פאַרשטעהען מיר אָט די באַגריפען? וואַרט נאָר, איך וועל דיר פאַר־געבען נאָך א פראַגע. הער!

— ניין, איך וועל דיר פאַרגעבען א פראַגע. הער!

— וואָס פאַר א פראַגע?

— אָט רעדסטו איצטער און קאָכסט זיך, זאָג מיר אבער: דו אַ ל י י ן וועסט זי הרג'ענען צי ניט?

— פאַרשטעהט זיך, אז ניט! איך מיין עס צוליעב יושר... ניט איך בין דאָ גאָר דער עיקר...

— און מיין מיינונג איז, אז ווייבאַלד דו אַליין וועסט עס ניט

הויך געוואקסען, מיט לאנגע, עפּעס אזוי ווי אויסגעדרעהטע גרויסע פיס, שטענדיג אין אפּגעטראָגענע שיך; זי איז געגאנגען ארום זיך זעהר ציכטיג און ריין. דערהויפּט אבער האט דער סטודענט באוואונדערט און געלכאט דערפון, וואס ליזאוועטא האט אלע ווייל געשוואנגערט.

— דו זאגסט דאך, זי איז א פארזעהעניש? — האט דער אפיציר באמערקט.

— יא, אפילו, זי איז אזוי שווארץ, פונקט ווי אן איבערגעטאָנענער יון, פונדעסטוועגען אבער איז זי גארניט קיין פארזעהעניש. זי האט אזא גוטעס געזיכט, אזעלכע גוטע אויגען, זעהר גוטע אויגען. א סימן האסטו, — א סך מענשען איז זי זעהר געפעלען. אזא שטילע, אזא גוטע, טראגט אלין געדולדיג איבער, און פאלגט. פאלגט אלין, וואס מען הייסט איהר. היינט האט זי דערצו אזא גוטען שמייכעל.

— אפנים זי איז דיר גאנץ געפעלען? — האט זיך דער אפיציר צולאכט.

— א שגעון אזא ביי מיר. נאר הער. וואס איך וועל דיר זאגען, אט די דאזיגע מאוס׳ע אלטע מרשעת וואלט איך גע׳הרג׳עט און באַרויבט, אהן קיין שום חרטה, — האט מיט היץ צוגעגעבען דער סטודענט.

דער אפיציר האט זיך ווידער פונאנדערגעלאכט, און ראסקאָלניקאוו האט א ציטער געטאן. ווי מאָדנע דאס איז געוועזן!

— הער נאר, איך וויל דיר פארגעבען אן ערנסטע פראגע, — האט זיך דער סטודענט צוקאכט. געוויס האב איך עס איצט געמיינט אין א וויץ, נאר באטראכט וואס דא איז: פון איין זייט א נארישע, אונזיניגע, נישטיגע, בייזע קראנקע פגירה, וואס קיינער דארף זי ניט, פארקעהרט וואס איז פאר אלעמען שעדליך, וואס ווייס אליין ניט, נאך וואס זי לעבט אויף דער וועלט, און וועט היינט־מארגען סיי ווי סיי שטארבען. פארשטעהסט? דו פארשטעהסט?

— נו, יא, איך פארשטעה, — האט געענטפערט דער אפיציר, איינשפּיזענדיג זיין בליק אין דעם צוהיצטען סטודענט.

— הער ווייטער. פון דער אנדערער זייט, יונגע פרישע כחות געהען טויזענדערווייז פארלארען אומזיסט, אהן שטיצע, אהן הילף, אומעטום און איבעראל. הונדערטער, טויזענדער קענען געהאלפען ווע־

איהר אויך א סחורה. א היבש ביסעל סטודענטען זיינען שוין ביי איהר איבערגעוועזן. אָבער א גרויסע מכשפה.

און ער האָט גענומען דערצעהלען, ווי בייז זי איז, ווי קאַפּריזנע, זאָל מען נאָר פארשפּעטיגען אויף איין טאָג, מעג מען זיך שוין אָפּזעגענען מיט דעם משכון. גיט אין פיער מאָל ווייניגער, ווי דער משכון איז ווערט, און נעהמט פינף און אפילו זיעבען פּראָצענט דעם חודש אַ. אַז. וו. דער סטודענט איז געוואָרען אלין מעהר באַרויידעווודיגער און האָט גענומען דערצעהלען, אז די אַלטע האָט א שוועסטער, ליזאַוועטא, שלאָגט זי איהר אלע ווייַלע און נויט זי צו ארבייטען עבודת פרך, כאָטש אליין איז זי א מאוס׳קייט, קליין ווי א מוק, בעת ליזאַוועטא איז די הויך ווענינסטענס דריטהאַלבען ארשין.

— דאָס איז אויך אן אמת׳ער פענאָמען ! — האָט דער סטודענט אויסגעשריען און זיך הויך צולאכט.

זיי האָבען גענומען ריידען פון ליזאַוועטא׳ן. דער סטודענט האָט דערצעהלט וועגען איהר מיט עפּעס א מין באַזונדערער הנאה און האָט געהאַלטען אין איין לאַכען; דער אָפיציר האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס און האָט געבעטען דעם סטודענט, ער זאָל איהם צושיקען די דאָזיגע ליזאַוועטא׳ן, זי זאָל איהם פאַרריכטען זיינע וועש. ראַסקאָלניקאָוו האָט א וואָרט ניט געלאָזט פאַלען פון זייער שמועס און איז פאַר איינמאָל פון אַלצדינג געוואָהר געוואָרען: ליזאַוועטא איז געוועזן דער אַלטערס א יונגערע שוועסטער, ניט פון איין מוטער; זי איז שוין געוועזן פינף און דרייסיג יאָהר אלט, זי האָט געהאָרעוועט אויף דער שוועסטער טאָג און נאַכט, געקאָכט און געוואַשען, און אויסערדעם האָט זי גענייהט אויף צו פאַרקויפען, פלעגט זיך אפילו פאַרדינגען די פאָדלאָגע צו וואַשען, און ביז א קאָפּיקע פלעגט זי אָפּגעבען דער שוועסטער. קיין שום באַשטעלונג, קיין שום ארבייט האָט זי ניט געטאָרט אָננעהמען אָהן דער אַלטערס ערלויבניש. די אַלטע האָט שוין אָפּגעשריבען אַ צוואה און ליזאַוועטא אליין האָט אויך געוואוסט, אז זי זאָגט איהר דאָרט אפילו א פּרוטה ניט אָפּ, אויסער די שטובחפצים, שטוהלען א. ד. גל. אלע געלדער האָט זי אָפּגעשריבען אויף א קלויסטער אין נ—ער גוב., מען זאָל דערפאַר פאַר איהר אויסבעטען אַ ליכטיגען גן־עדן. די ליזאַוועטא איז געוועזן פון א פּראָסטער פאַמיליע, ניט פון מישטשאנסקיע נאר פון מויד, זעהר אַ ביימ׳ע, מאָרגע

קארעוו, אוועקפּאהרענדיג קיין חארקאָוו, א זאג געטאָן [illegible] אזוי, פארבייגעהענדיג, וואו די אלטע אלענא איוואנאָוונא [illegible] וועט איהם אויסקומען עפּעס פאר [illegible] ניט געגאנגען, ווייל ער האָט געהאט [illegible] געקומען מיט דער חיונא. מיט א אנדערטהאלבען [illegible] צו ער זיך דערמאָהנט אָן דעם אדרעס; ער האָט געהאט [illegible] וואס מען האָט געקענט פאר'משכּנ'ען: אָן א'טען זילבערנעם זייגער, דעם פאטערס נאָך, און א קליין גאָלדען רינגעלע מיט דריי רויטע שטיינדלעך אזעלכע, וואָס די שוועסטער האָט א הם ביים געזעגענען געגעבען אלס אן אנדענקונג. ער האָט באשלאָסען אוועקצוטראָגען דאָס רינגעלע. האָט אויפגעזוכט די אלטע, און שוין פון דער ערשטער רגע אָן, איידער ער האָט נאָך וועגען איהר עפּעס געוואוסט, האָט ער דער־פיהלט צו איהר א טיעפען עקעל. ער האָט ביי איהר גענומען צוויי „בילעטלעך" און איז צוריקוועגס אריין אין אן ארים ביליג שיינקעל. ער האָט געהייסען דערלאנגען טיי, זיך אוועקגעזעצט און שטארק זיך פארטראכט. א מאָדנער געדאנק האָט גענומען פּיקען זיין מוח, אזוי ווי א היהנדעלע פון אן איי ארויס, און האָט איהם זעהר און זעהר אינטערעסירט.

נעבען איהם, ביי א צווייטען טישעל, איז געזעסען א סטודענט, וועלכען ער האָט גאָר ניט געקענט און ניט געדענקט, און א יונגער אָפיציר. זיי האָבען געענדיגט שפּיעלען ביליארד און זיך געזעצט טרינקען טיי. פּלוצלונג האָט ער דערהערט, אז דער סטודענט דער־צעהלט דעם אָפיציר וועגען א פּראָצענטניצע, אלענא איוואנאָוונא, א קאָלעגיען־רעגיסטראטאָרין, און זאָגט איהם איהר אדרעס. שוין דאָס אליין איז ראסקאָלניקאָוו'ן אויסגעקומען עפּעס מאָדנע: נאָר וואָס ער קומט פון איהר, און גראד איז זי ווידער דאָ; געוויס, איז דאָס ניט מעהר ווי א צופעליגקייט, נאָר גראד איצט, ווען ער קען זיך ניט באַ־פרייען פון זעהר אן אונגעוועהנליכען איינדרוק, גראד איצט שטופּט מען איהם אזוי ווי אונטער: דער סטודענט הויבט פּלוצלונג אָן צו דער־צעהלען זיין חבר וועגען דער דאָזיגער אלענא'ן פארשידענע זאכען.

— א וואוילע זאך, — זאָגט ער, — מען קען ביי איהר שטענ־דיג קריגען געלט. אנגעשטאָפּט מיט גאָלד, קען מיט איינמאָל ארויס־געבען א פינף טויזענד קארבען. און א רובלדיגער משכּון איז ביי

שוין ניט מעהר קיין פרייען פארשטאַנד און קיין פרייען ווילען. אז אלץ איז שוין פעסט באשלאָסען און ס'איז פארפאלען.

געוויס, ווען ער זאָל געווען אפילו יאָהרענלאנג וואַרטען אויף א גוטע געלעגענהייט, וואָלט ער אויך דאַן, זיך שוין ארומטראַגענדיג מיט דעם געדאַנק, ניט געקענט האָפען אויף אזא זיכערע געלעגענהייט מיט יערפאָלג אויסצופיהרען דעם פּלאַן, ווי די געלעגענהייט, וואָס האָט זיך איהם איצט געמאַכט. אלענפאַלס וואָלט שווער געווען זיך צו ער־קונדיגען מי טא טאָג פריהער און אזוי זיכער, זעהר פינקטליך און אהן דער מינדסטער ריזיקע, אהן קיין שום געפעהרליכע פונאַנדערפרעגע־נישען און זוכענישען, אז מאָרגען, פונקט אזוי פיעל דעם זייגער, וועט די און די אלטע, אויף וועלכער עס גרייט זיך אַן אנפאַל, זיין אין דער היים איינע אליין.

---

## זעקסטער קאַפּיטעל.

אין א צייט ארום איז ראַסקאָלניקאָוו צופעליג געוואָהר געוואָרען, פאַר וואָס דאָס פארפאָלק האָט פארבעטען צו זיך ליזאַוועטאַ'ן. די זאַך איז געווען גאַנץ איינפאַך און געוועהנליך. ניט קיין היגע פער־אַריטמע פאַמיליע האָט אויספארקויפט זאַכען, קליידער א. ד. גל., בלויז ווייבערשע. אויפ'ן מאַרק דאַרף מען עס אָפּגעבען פאַר אומזיסט, דע־ריבער האָט מען געזוכט א הענדלערין, און ליזאַוועטאַ האָט זיך טאַקע דערמיט באשעפטיגט: האָט גענומען קאָמיסיע, געגאַנגען ווענען פאַר־שידענע געשעפטען און געהאַט א גרויסע קונדשאַפט, ווייל זי איז גע־ווען עהרליך ביז גאַר און פלעגט שטענדיג זאָגען א לעצטען פּרייז, וואָס פון איהם פלעגט שוין ניט קענען געמינדערט ווערען א האָהר אפילו. זי האָט גלאַט גערעדט זעהר ווענינ און איז, ווי געזאָגט, געווען אזא שטילע און איבערגעשראָקענע...

נאָר ראַסקאָלניקאָוו איז פאַר דער לעצטער צייט געוואָרען אבער־גלויבעריש. אין א לאַנגע צייט ארום זיינען איהם נאָך פארבליבען שפּורען פון דעם דאָזיגען אבערגלויבען. און אין דער גאַנצער זאַך איז ער שטענדיג גענויגט געווען צו זעהן גלייך ווי עטוואָס מערקווירדי־געס, מיסטישעס, גלייך ווי דאָ וואָלט געווירקט עפּיס א מין געהיימע קראַפט. ווינטער נאָך האָט איהם זיינער א באַקאַנטער סטודענט,

גלייך ווי זי וואָלט זיך ניט קענען באַשליסען.

— אָבער האָט איך אַלענאַ איוואַנאָוונאַ דאָס אָביסעל אָנגע־שראָקען! — האָט דעם הענדלערס פרוי, קענטיג אַן אשת־חיל, גע־נומען שיטען אָהן אַן אָטעם. — איך קוק אויף איך, פּונקט ווי אַ קליין קינד זענט איהר. ז יאיז דאָך אפילו אייערע ניט קיין ליבליכע שוועסטער, ניט פון איין מוטער, און ווי זי האָט איך דאָס אָביסעל אַריינגענומען אין די הענט אַריין.

— דערווייליג זאָגט נאָך אַ וואָרט ניט אַלענאַ'ן, — איז איהר דער מאַן אַריינגעפאַלען אין די רייד, — אַזוי איז מיין עצה, און מאָר־גען קומט צו אונז אַריין ניט־פאַרבעטענערהייד. דאָס איז אַ גאַנץ נישקישה'דיג געשעפט, און די שוועסטער אַליין וועט דאָך עס אויך איינזעהן.

— איז הייסט עס אַריינגעהן?

— זיעבען אַ זייגער, מאָרגען טאָקע; פון יענע וועט אויך עמי־צער קומען; וועט איהר אַליין זעהן.

— מיר וועלען געבען צו גלעזלעך טיי, — האָט דאָס ווייב צו־געגעבען.

— גוט, איך וועל קומען, — האָט ליזאַוועטאַ געזאָגט, זיך נאָך אַלץ באַטראַכטענדיג און האָט זיך לאַנגזאַם גענומען ריהרען פון אָרט.

ראַסקאָלניקאָוו איז דערווייל שוין פאַרבייגעגאַנגען און האָט מעהר ניט געהערט. ער איז געגאַנגען שטיל, אומבאַמערקט, און האָט גע־זעהן ניט צו פאַרפעהלען קיין איין וואָרט אפילו פון זייער שמועס. די פאַרוואונדערונג, וואָס האָט איהם לכתחלה דורכגענומען, איז ביסלעכ־ווייז אַריבער אין אַ שוידער, גלייך ווי אַ פראָסט איז איהם דורך אי־בער'ן ליב. ער האָט זיך דערוואוסט, ער האָט מיט אמאָל, פּלוצלונג און גאַנץ אומגעריכט זיך דערוואוסט, אַז מאָרגען פּונקט זיעבען אַ זיי־גער, וועט ליזאַוועטאַ, דער אַלטערס שוועסטער און איהר איינציגע מיטוואוינערין, ניט זיין אין דער היים און, אַלזאָ, וועט די אַלטע, פּונקט זיעבען דעם זייגער, בלייבען איינע אַליין אין שטוב.

ביז צו זיין וואוינונג איז געבליבען נאָר עטליכע טריט. ער איז אַריין צו זיך אין צימער ווי אַ פאַר'משפט'ער צום טויט. ער האָט ווע־גען קיין זאַך ניט געטראַכט און האָט גאָרנישט געקענט טראַכטען; נאָר מיט זיין גאַנצען וועזען האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט, אַז ער האָט

אהיים, רעסגלייכען אויך די קויפער. ביי די גאַרקיכען אין די נידער־ריגע עטאַזשען, אויף די שמוציגע פארדומפענע הויפען פון די הייזער אויף דעם סענאַ־פלאַץ, און איבערהויפט ביי די שינקען זיינען געשטאַנען רעדלעך אַלטוואַרגאַייפקויפער און הענדלער פון אַלע מינים און פון אַלע כאַרטען. איבערהויפט האָט ראסקאָלניקאָוו ליעב געהאַט די דאָזיגע פּלעצער, ווי אויך די דערבייאיגע געסלעך, ווען ער פלעגט ארויסגעהן אויפ'ן גאַס אהן א באַשטימטען ציעל. דאָ האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט אויף זיינע שמאַטעס מיט א פאררינבעגע מינע, און מען האָט זיך געמעגט אויסזעהן ווי דער שוואַרציאָהר, פלעגט דאָ דערפון קיינער ניט נתפעל ווערען. אויפ'ן ראָג פון דעם ק. געסעל האָבען א פּאָר־פּאַלק פארקויפט סחורה פון צוויי טישען: פעדים, שניר־לעך, ציצענע טיכלעך א. ד. ג. זיי האָבען זיך אויך געקליבען אהיים, האָבען זיך אבער פארזעדט מיט א באַקאַנטער. די דאָזיגע באַקאַנטע איז געוועזן ליזאַוועטא איוואַנאָוונא, אָדער, ווי אַלע האָבען זי גערופען, ליזאַוועטא, א איגגערע שוועסטער פון דערזעלבער אַלענא איוואַנאָוונא, דער קאָלעגיענרעגיסטראַטאָרין און פּראָצענטניצע, צו וועלכער ראַס־קאָלניקאָוו איז נעכטען געקומען פאַר'משכונ'ען דעם זייגער און מאַכען די ר ע פ ע ט י צ י ע זיינע... ער האָט שוין לאַנג געוואוסט אַלצ־דינג וועגען דער דאָזיגער ליזאַוועטא'ן, און יענע האָט איהם אפילו אויך געקענט א ביסעל. דאָס איז געווען א הויכע, אומגעלומפּערטע, שעמעוודיגע און שטילע מויד, א שטיקעל מושגע'נע, פון א יאָהר פינף און דרייסיג, זי איז געווען אַן אמת'ע שקלאַפין ביי איהר שוועסטער, האָט אויף איהר געהאָרעוועט טאָג און נאכט, געציטערט פאַר איהר שיין און פלעגט פון איהר כאַפען אפילו קלעפּ אויך. א פארטראַכטע איז זי געשטאַנען פאַר'ן פּאָר־פּאַלק און האָט זיך אויפמערקזאַם צו־געהערט צו זייערע רייד. יענע האָבען איהר מיט גרויס היץ עפּעס געגעבען צו פאַרשטעהן. אַז ראסקאָלניקאָוו האָט זי פּלוצלונג דערזעהן, האָט איהם דורכגענומען עפּעס א מאָדנעס געפיהל, א מין איבערראַשונג, כאָטש די דאָזיגע באַגעגעניש איז געווען א גאַנץ געוועהנליכע.

— איהר וואָלט, ליזאַוועטא איוואַנאָוונא, אליין א קוק געגעבען,— האָט הויך גערעדט דער הענדלער. — קומט מאָרגען, א זייגער זיבען און יענע וועלען אויך קומען.

— מאָרגען? — האָט ליזאַוועטא פארטראַכט אויסגעצויגן,

מידיגקייט. גלייך ווי א געשוויר, וואָס האָט א גאנצען חודש אנגע־ריסען ביי איהם אויפ'ן הארצען, וואָלט זיך פּלוצלונג געפּלאַצט. פריי־היט, פרייהייט! ער איז איצט פריי פון דעם דאזיגען צויבער, פון דעם כשוף, פון דער פארפיהרונג.

שפּעטער, אז ער פלעגט דערמאהנען די דאזיגע צייט און אלצ־דינג, וואָס מיט איהם איז געשעהן אין יענע טעג, — יעדע רגע, יעדען פּונקט, יעדען שטריך, פלעגט איהם שטענדיג איבעראשען איין זאך, איבעראשען ביז אבערגלויבען; דאס איז אייגענטליך געווען ניט גאר קיין וואונדער, נאר איהם פלעגט שטענדיג דערנאך פאר־קומען, גלייך ווי דאס האָט דער מזל פאר איהם אנגעגרייט און פון פריהער באשערט.

נעמליך:

ער האָט ניט געקענט פארשטעהן און באגרייפען, פארוואָס עפּעס האָט ער, זייענדיג אזוי מיעד און פארמאטערט, זיך געלאָזט געהן אהיים ניט מיט'ן קירצערן וועג, און איז גאר אוועק דורכ'ן סעננאָ־פּלאָץ, וועלכען ער האָט גארניט געדארפט דורכגעהן. אמת, ער האָט דאָ קיין סך וועג ניט אנגעלעגט, אבער דאָס איז געווען גאנץ איבעריג און ניט נויטיג. איהם איז אפילו צעהנדליגער מאָל אויסגעקומען אומצו־קעהרען זיך אהיים, ניט געדענקענדיג די גאסען, איבער וועלכע ער איז געגאנגען. אבער פארוואָס פּונקט — פלעגט ער זיך אליין שטענדיג שטעלען די פראגע — פארוואָס פּונקט איז די דאזיגע זעהר וויכטיגע באגעגעניש אויפ'ן סעננאָ־פּלאָץ, דאָרט זיך א גאנץ צופעליגע, וואָס האָט אבער אין דערזעלבער צייט געהאט פאר איהם אזא אונגעהויערע באדייטונג, — פארוואָס איז די דאזיגע באגעגעניש אויסגעפאַלען פּונקט איצט, אין אזא שעה, אין אזא מינוט פון זיין לעבען, פּונקט ביי אזא שטימונג און ביי אזעלכע אומשטענדען, וואָס נאר דאן האָט די דאזיגע באגעגעניש געקענט אנמאכען א גאנצע איבערקעהרעניש אין זיין לע־בען? עס האָט גאר אויסגעזעהן, גלייך ווי דער מזל וואָלט איהם מיט א כיון ערווארט אויף דעם דאזיגען אָרט.

ס'איז געווען א זייגער ניין, ווען ער איז געגאנגען איבער'ן סענ־נאָ־פּלאָץ. אלע הענדלער פון די טישען, פון די קוישען, פון די גע־וועלבער, פון די קלייטלעך האָבען געשלאָסען זייערע געשעפטען, אדער אראָפּגענומען און באהאלטען זייער סחורה און זיינען זיך צוגאנגען

ער האָט געציטערט ווי א בלאַט, ריידענדיג די ווערטער.

— וואָס איז עס מיט מיר? — האָט ער ווייטער גערעדט, זיך ווידער אויסגלייכענדיג און עפּעס אזוי ווי שטארק פאַרוואונדערט, — איך האָב דאָך געוואוסט, אז איך וועל עס ניט פאַרטראָגען, פאַרוואָס זשע האָב איך ביז אהער געפּייניגט זיך אליין? נאָך נעכטען דאָך, נעכטען, ווען איך בין געגאַנגען מאַכען די... ר ע פּ ע ט י צ י ע, שוין נעכטען דאָך האָב אַדי גוט פאַרשטאַנען, אז איך וועל עס ניט אויסהאַלטען... היינט וואָס זשע וויל איך איצט? וואָס האָב איך נאָך ביז אהער געצווייפעלט? שוין נעכטען דאָך, אראָפּגעהענדיג פון די טרעפּ, האָב איך אליין געזאָגט, אז עס איז נידערטרעכטיג, שענדליך, מאוס, מאוס... פון דעם געדאַנק אליין איז דאָך מיר ניט גוט געוואָרען און א שודיער איז מיר דורך איבער'ן לייב...

— ניין, איך וועל ניט אויסהאַלטען, איך וועל ניט אויסהאַלטען! עס מעג זיין, עס מעג זיין אפילו, אז די אלע חשבונות זיינען קלאָר ווי דער טאָג, עס מעג זיין, אז דאָס אלעס, וואָס איז באַשלאָסען געוואָרען פאַר דעם חודש, איז פּינקטליך ווי די מאַטעמאַטיק אליין. מיין גאָט! איך וועל זיך דאָך סיי ווי סיי ניט באַשליסען! איך וועל דאָך ניט אויסהאַלטען, איך וועל דאָך ניט אויסהאַלטען!... היינט וואָס זשע, היינט וואָס זשע האָב איך ביז אהער...

ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, זיך פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט ארום זיך, גלייך ווי איהם וואָלט זיין א גרויס חדוש, וואָס ער האָט זיך אהער פאַרקליבען, און ער האָט זיך געלאָזט געהן צום ט.בריק. ער איז געווען בלאַס, די אויגען האָבען איהם געברענט, אלע זיינע איברים זיינען איהם אָפּגע'חלש'ט געוואָרען. נאָר אהים איז פּלוצלונג אזוי ווי לייכטער געוואָרען צו אָטעמען. ער האָט דערפיהלט, אז ער האָט שוין אראָפּגעוואָרפען פון זיך די דאָזיגע שרעקליכע משא, וואָס האָט איהם אזוי לאַנג געדריקט, ואָן אויפ'ן הארצען איז איהם מיט אמאָל געוואָרען לייכט און רוהיג. „רבונו של עולם! — האָט ער געבעטען, — ווייז מיר מיין וועג, און איך זאָג זיך אָפּ פון דעם דאָזיגען פאַרשאָלטענעם... טרוים מיינעם!“

געהענדיג איבער'ן בריק, האָט ער שטיל און רוהיג געקוקט אויף דער נעווא, אויפ'ן העלען אונטערגאַנג פון דער העלער רויטער זון. ניט קוקענדיג אויף זיין שוואכקייט, האָט ער אפילו ניט געפיהלט קיין

נאר דאס אָרים אינגעל ווייס שוין ניט, אויף וואסער וועלט ער איז. מיט א געשריי דרענגט ער זיך דורך דורך דעם רעדעל צום פערדעל צו, נעהמט ארום זיין טויטען צובלוטיגטען קאפּ און קושט איהם, קושט איהם אין די אויגען, אין די ליפּען... דערנאָך שפּרינגט ער פּלוצלונג אויף און ווארפט זיך אין וואהנזיניגער רציחה מיט צונויפגעדריקטע הענטלעך אויף מיקאָלקען. אין דעמזעלבען אויגענבליק כאפּט איהם ענדליך אָן דער פאטער זיינער, וואס האט זיך שוין לאנג נאָך איהם נאָכגעיאָגט, און טראָגט איהם פון דעם רעדעל ארויס.

— קום ,קום! — זאָגט ער צו איהם, — קום אהיים!

— טאַטיש'י! פארוואָס האָבען זיי... דאָס פערדעלע נעביך... גע'הרג'עט! — כליפּעט ער, נאָר דער אָטעם פארכאפּט איהם, און די ווערטער רייסען זיך ארויס ווי געשרייען פון זיין פארקלעמט הערצעלע.

— שכורים... מאכען זיך נאַריש... ניט אונזער עסק... קום! — זאָגט דער פאָטער. ער נעהמט ארום דעם פאטער מיט די הענט, נאָר דאָס הערצעלע קלעמט, קלעמט. ער וויל אָפּכאַפּען דעם אָטעם, א געשריי טאָן, און — כאפּט זיך אויף.

ער האָט זיך אויפגעכאפּט, באשלאָגען מיט א שוויס, מיט נאסע פארשוויצטע האָהר, קוים אָפּכאַפּענדיג דעם אָטעם, און האָט זיך אויפגעהויבען אין גרויסער אימה.

— דאנקען גאָט, ס'איז נאָר א חלום! — האָט ער געזאָגט, זיך זעצענדיג אונטער א בוים און טיעף אָפּעטעמענדיג. — וואס איז עס אָבער מיט מיר? צי איז עס ניט אמאָל אָן אָנזאָג אויף א היציגען פיבער: אזא מיאוס'ער חלום!

זיין גאנצער קערפּער איז געוועזן צובראכען; באטריבט און פינסטער אויפ'ן הארצען. ער האָט ארויפגעלעגט די איילענבויגענס אויף די קניה און אונטערגעשפּארט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ.

— מיין גאָט! — האָט ער אויסגעשריען, — וועל איך דען אין דער אמת'ן נעהמען א האק, שלאָגען איבער'ן קאָפּ, צושמעטערען איהר דעם שארבען... וועל טרעטען אין קלעפּיג ווארים בלוט, אויפברעכען דעם שלאָס, גנב'ענען און ציטערן; באהאלטען זיך, פארגאָסען אינגאנצען מיט בלוט... מיט א האק... מיין גאָט, ניט שוין זשע? ניט שוין זשע?

פאר רציחה, וואָס ער קען זי ניט אוועקלעגען מיט איין קלאַפּ.

— ווי זי האלט עס אויס, דאכט זיך, אזא פּגירה! — שרייט מען ארום.

— באלד וועט זי, ברידער, שוין אויף זיכער פאלען, זי וועט שוין דאָ האָבען איהר מפּלה! — רופט זיך אָן צווישען עולם איינער א חכם.

— מיט א האק דערלאַנגט איהר, וואָס מאכט איהר שהיות! מאכט איהר א סוף איינמאָל פאר אלעמאָל! — שרייט א דריטער.

— עך, וועלף זאָלען דיינע ביינער עסען! טרעט אָפּ! — שרייט מיקאָלקע מיט רציחה. גי טא שליידער דעם שטאַנג, בויגט זיך ווידער איין אין וואָגען און שלעפּט ארויס א ברעכאייזען. — היט זיך! — שרייט ער און מיט'ן גאנצען אימפּעט גיט ער דערמיט א זעץ זיין ארים פערדעל. דער קלאַפּ האָט א שטיר'ן געטאָן; דאָס פערדעל האָט ניט געקענט איינשטעהן אויף די פיס, האָט זיך א זעץ אנידער געטאָן האָט שוין געוואלט א שלעפּ טאָן, נאָר דאָס ברעכאייזען פאלט איהם ווידער מיט'ן גאנצען אימפּעט אויפ'ן רוקען, און עס גיט א פאל אויף דער ערד, גלייך ווי מען וואָלט איהם אונטערגעהאקט אלע פיער פיס מיט אמאָל.

— דער'הרג'ע! — שרייט מיקאָלקע און שפּרינגט פון וואָגען אראָפּ, גלייך ווי ניט ווייסענדיג אויף וואָסער וועלט ער איז. עטליכע שקצים, רויטע און שכור'ע כאַפּען, וואָס עס מאכט זיך זיי אונטער דער האנט — בייטשען, פלעקער, דעם שטאַנג, און לויפען צו דער גוסס'נ־דער קליאטשע. מיקאָלקע שטעלט זיך ביי דער זייט און הויבט זי אָן משוגע'נערווייז צו שלאָגען מיט'ן ברעכאייזען איבער'ן רוקען. די קליאטשע שטרעקט אויס דעם קאָפּ, אָטעמט שווער אָפּ און שטאַרבט.

— דער'הרג'עט! — שרייט מען צווישען עולם.

— רעכט אויף איהר, האָט זי געזאָלט געהן א גאַלאָפּ!

— מיינס אָן אייגענס! — שרייט מיקאָלקע, מיט'ן ברעכאייזען אין די הענט און מיט בלוט־פארלאָפענע אויגען. ער שטעהט, גלייך ווי איהם וואָלט באנג געטאָן, וואָס ס'איז שוין מעהר נישטאָ וועמען צו שלאָגען.

— נו, האָסט אין דער אמת'ן קיין גאָט אין הארצען ניט! — שרייען שוין פון עולם א סך מענשען.

אין וואגען כאפען אונטער. עס שאלט אויף א קיעד א לעבעדיגס און א קנאקעדיגס, מען פאטשט צו. דאס ווייבעלע קנאקט ניסלעך און שמייכעלט אונטער.

...ער ליופט נעבען פערדעל, ער פארלויפט אפריהער, ער זעהט, ווי מען שמייסט איהם איבער די אויגען, פאמע איבער די אויגען! ער וויינט. עס צוגעהט איהם דאס הארץ, די טרעהרען פליעצען, איינער פון די שמייסער טרעפט איהם אין געזיכט; ער פיהלט ניט, ער ברעכט זיך די הענט, שרייט, ווארפט זיך צום גרייזגרויען אלטען מיט דער גרייזגרויער בארד, וועלכער שאקעלט מיט'ן קאפ און איז ניט צופריע־דען פון דעם גאנצען אויפטו. א גויע נעהמט איהם אן פאר'ן האנט און וויל איהם אוועקפיהרען; ער רייסט זיך אבער ארויס און לויפט ווידער צום פערדעל. דאס פערדעל האלט שוין ביי די לעצטע כחות, הויבט אבער נאכאמאל אן צו בריקען מיט די פיס.

— א מיתה משונה זאל דיך נעהמען! — שרייט מיקאלקע אויס מיט ווילדען כעס. ער גיט א וואַרף דעם בייטש, בויגט זיך איין און שלעפט ארויס פון וואגען א לאנגען גראבען שטאנג, נעהמט איהם פאר'ן עק אין ביידע הענט און מיט'ן גאנצען כח הויבט ער אן מיט איהם צו פאכען איבער'ן פערדעל.

— ער וועט עס אויפ'ן ארט אוועקלעגען! — שרייט מען ארום.

— ער וועט עס דער'הרג'ענען!

— ס'איז מיינס און איינענס! — שרייט מיקאלקע און מיט'ן גאנצען כוח לאזט ער אראפ דעם שטאנג. עס הערט זיך א שווערער קלאפ.

— שמייס! שמייס! וואס שטעהט איהר! הערען זיך קולות צווישען עולם.

און מיקאלקע פארמעכט זיך א צווייטעס מאל, און א צווייטער קלאפ לעגט זיך האכטיג אוועק דעם אומגליקליכען פערדעל אויפ'ן רו־קען. עס גיט זיך א זעץ מיט'ן גאנצען הינטער־חלק, שפרינגט אבער באלד אויף און מאטערט זיך מיט די לעצטע קרעפטען צו ריהרען דעם וואגען פון ארט; נאר פון אלע זייטען איז מען זי מכבד מיט זעקס בייטשען און דער שטאנג הויבט זיך ווידער אויף און פאלט אראפ א דריטעס מאל, דערנאך א פיערטעס מאל, הויבט זיך אויף און פאלט אראפ, הויבט זיך אויף און פאלט אראפ. מיקאלקע איז אויסער זיך

און ער שמייסט און שמייסט, און ווייס שוין אליין ניט מיט וואָס זי צו שלאָגען פאַר רציחה.

— טאַטישי, טאַטישע, — שרייט ער צום פֿאָטער, — טאַטישי, וואָס טוען זיי דאָס? טאַטישי, זיי שלאָגען נעבעך אַן אָרים פערדעל!

— קום, קום! — זאָגט דער פֿאָטער, — שכורים, מאַכען זיך נאַריש, משוגעים, קום, ניט קוק! — און וויל איהם אַוועקפֿיהרען, ער רייסט זיך אַבער פון זיינע הענט אַרויס און לאָזט זיך לויפען ווי אַ משוגע'נער צום פערדעל. נאָר מיט דעם אָרימען פערדעל האַלט שוין זעהר שמאָל.

עס קען ניט אָפּכאַפּען דעם אָטעם, בלייבט שטעהן, רייסט זיך ווייטער מיט אַלע כחות, שיער וואָס עס פֿאַלט ניט אַנידער.

— שמייס ביז אין טויט אַריין! — שרייט מיקאָלקע, — וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין! איך וועל זי פֿאַרשמייסען אויף טויט!

— האָסט גאָר קיין גאָט אין הארצען ניט, אַ רוח אין דיין טאַטען! — שרייט איינער אַן אַלטיטשקער פון צווישען דעם עולם.

— וואו איז דאָס געהעזן געוואָרען, אַז אַזאַ פערדעל זאָל שלעפּען אַזאַ משא, — האַלט אונטער נאָך איינער.

— וועסט זי פֿאַרמוטשען! — שרייט אַ דריטער.

— ניט דיין דאגה! ס'איז מיינס אַן אייגענס! וואָס איך וויל, דאָס טו איך! זעצט זיך נאָך! אַלע זעצט זיך! זי וועט ביי מיר פּגר'ן, אָבער אין גאַלאָפּ וועט זי פליהען!...

פלוצלונג ברעכט אויס אַ משונה'דיגער געלעכטער און פֿאַרהילכט אַלעמענס רייד: דאָס פערדעל האָט ניט אויסגעהאַלטען די אונאויפ־הערליכע שמיץ און האָט אַן אָפּגע'חלש'טע גענומען בריקען מיט די פיס. אפילו דער אַלטער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און אַ שמייכעל געטאָן. אין דער אמת'ען: אַזאַ מין פּגירה, און בריקעט נאָך מיט די פיס!

צוויי שקצים פון עולם קריגען נאָך צו בייטשען און לויפען צום פערדעל, שמייסען עס ביי די זייטען, יעדערער לויפט פון אַן אַנדער זייט.

— האַק איהם איבער'ן פּנים, איבער די אויגען האַק, איבער די אויגען! — שרייט מיקאָלקע.

— אַ ליעד ,ברידער! — שרייט איינער פון וואַגען, און אַלע

איינמאָל א פּאָהר טאָן! זי וועט ביי מיר שפּרינגען א גאַלאָפּ, אז די ערד וועט זיך טרייסלען!

און ער נעהמט אין האנט אריין דעם בייטש און מיט גרויס פארגניגען גרייט ער זיך צו שמייסען די קליאטשע.

— נו, זעצט זיך אויף, וואָס ווארט איהר? — ווערטעלט מען זיך צווישען עולם. — איהר הערט דאָך, זי וועט שפּרינגען א גאַלאָפּ, אז די ערד וועט זיך טרייסלען!

— זי איז שוין ניט געשפּרונגען אין גאַלאָפּ א יאָהר צעהן אודאי!

— נישקשה, זי וועט שפּרינגען!

— זשאַלעוועט ניט, ברידער, זאָל יעדערער נעהמען א בייטש, גרייט אָן!

— ועווים אזוי! שמייס ווי דו קענסט!

אַלע קריכען צו מיקאָלקען אין וואָגען מיט געלעכטער און גלייכ־ווערטליך. א מאן זעקס אי זשוין אריינגעקראכען און מען קען נאָך אריינזעצען. מען נעהמט מיט זיך נאָך א גויע, א דיקע און א רויטע. זי איז אָנגעטאָן אין קומאטש, באהאנגען מיט גלאָז־קאָראַלען, אויף די פיס פויערשע שיך, זי קנאַקט ניסלעך און שמייכעלט אונטער. צווישען עולם לאַכט מען אויך, און ווי זאָל מען אין דער אמת'ען ניט לאַכען: אזא פּגירה וועט דאָס פיהרען אזא משא אין גאַלאָפּ! צוויי שקצים נעהמען גלייך צו בייטשען, זיי זאָלען קענען אונטערהעלפען מיקאָל־קען. עס לאָזט זיך הערען א „נו!" די קליאטשע נעבעך מאַטערט זיך מיט אַלע כחות, וועגען גאַלאָפּ איז שוין אָפּגערעדט, קוים־קוים וואָס זי שלעפּט זיך טריט־ביי־טריט, פּלאָנטערט מיט די פיס, קרעכצט און זעצט זיך אַלע ווײַלע צו פון די שמיץ, וואָס שיטען זיך אויף איהר ווי א האָגעל פון דר ייבייטשען. דאָס געלעכטער אין וואָגען און צווישען עולם ווערט שטארקער, נאָר מיקאָלקע ווערט בייז און פאר רציחה הערט ער ניט אויף צו האקען די קליאטשע, גלייך ווי ער וואָלט מיט אָן אמת מיינען, זי זאָל זיך לאָזען אין א גאַלאָפּ.

— לאָזט מיך אקאָרשט, ברידער, — קאָכט זיך צווישען עולם איינער א שייגעץ, — זעצט זיך! אַלע זעצט זיך! — שרייט מי־קאָלקע, — זי וועט אַלעמען פיהרען! איך וועל זי אויף טויט פאר־שמייסען!

קוקען אויף די דאָזיגע שווערע פערד, מיט די לאַנגע גריוועס, מיט די דיקע פיס, וואָס פלעגען געהן אזוי געלאַסען, מיט געמאָסטענע טריט, און וואָס פלעגען פיהרען נאָך זיך א גאַנצען באַרג אהן דער מינדסטער אַנשטרענגונג, גלייך ווי זיי וואָלט מיט די וועגענס זיין אפילו גרינגער ווי אהן די וועגענס. איצט אבער איז, צו זיין גרויסער וואונדער, אין אזא גרויסען וואָגען געווען איינגעשפּאַנט א קליינע, מאָגערע העלברוינע פויערשע קליאַטשע, איינע פון יענע קליאַטשעס, וואָס רייסען זיך אָפּ די כחות — איהם פלעגט עס אָפּטמאָל אויסקומען צו זעהן — שלעפענדיג א הויך אָנגעלעגטען וואָגען האָלץ אָדער היי, איבערהויפּט ווען דער וואָגען פארהאַקט זיך אין א זומפּ אָדער אין א רינע; די פויערים שמייסען זיי אהן רחמנות מיט די בייטשען, אָפּטמאָל איבער'ן פּנים און די אויגען, און ער קען ניט צוזעהן דעם צער, עס טהוט איהם אזוי באַנג, אזוי באַנג, שיער וואָס ער וויינט זיך ניט פונאַנדער, און די מאַמע פלעגט איהם שטענדיג צונעהמען פון פענסטער. נאָר אָט ווערט מיט אמאָל א גרויס געפילדער: פון שיינק געהען ארויס מיט קולות, מיט ליעדער, מיט באַלאַלייקעס, טויט־שכור'ע פויערים, אזעלכע גרויסע, אין רויטע און בלויע העמדלעך, מיט די אויבערלייבלעך אויף די אַקסלען. „זיצט אויף, זאָלען אַלע אויפזיצען! — שרייט איינער, נאָך א יונגער, מיט אזא דיקען האַלז און מיט א פליישיגען פּנים, רויט ווי א בוריק, — איך וועל אַלעמען אָוועקפיהרען, זעצט זיך!“ גלייך אבער דערויף ברעכט אויס א געלעכטער און עס לאָזען זיך הערען אויסגעשרייען:

— יאָ, מיט אזא קליאַטשע קען מען טאַקע ווייט פאָרפאָהרען!

— ביסט, מיקאָלקע, משוגע צי ניט: אזא קליאַטשע איינגעשפּאַנט אין אזא וואָגען?

— איהר מוזט שוין זיין געוויס א יאָהר צוואַנציג!

— זעצט זיך, איך וועל אַלעמען אָוועקפיהרען! — שרייט ווידער מיקאָלקע, שפּרינגענדיג דער ערשטער אין וואָגען אריין, נעהמט די לייצעס און שטעלט זיך אויף אין זיין גאַנצער הויך. — דאָס ברוין־פערדעל איז ערשט אָוועקגעפאָהרען מיט מאַטוויייען, — שרייט ער פון וואָגען, — און די פּגירה אָט די דאָזיגע מאַכט מיר נאָר א וואונד אין האַרצען: איך וואָלט זי, דאַכט זיך, געה'רג'עט אויפ'ן אָרט, עסט און טרינקט — פרעגט פאַרוואָס? איך זאָג אייך — זעצט זיך! מיר'ן שוין

פנימ'ער... אז ער פלעגט זיך מיט זיי טרעפען, פלעגט ער זיך פעסט צוטוליען צום פאטער און ציטערן מיט'ן גאנצען קערפּער. נעבען שיינק ציהט זיך א וועג, א שמאָלער דארפס־וועג, שטענדיג אזוי שטויביג, און דער שטויב איז שטענדיג אזוי שווארץ. ער ציהט זיך און שלענגעלט זיך אלץ ווייטער, און אין א דרייהונדערט טריט ארום פארנעהמט ער זיך רעכטס ארום דעם שטעדטעלשען בית־עלמין. אין מיטען בית־עלמין שטעהט א געמויערטעם קלויסטער, מיט א גרינעם גע־וועלב, וואוהין ער פלעגט געהן צוויי מאָל א יאָהר מיט'ן פאטער און מיט דער מוטער צו דעם גאטעס־דיענסט, ווען מען פלעגט אפּריכטען יאָהרצייט נאָך זיין באָבען, וואָס איז שוין לאנג געשטאָרבען און וועלכע ער האט קיינמאָל ניט געזעהן. דערביי פלעגען זיי שטענדיג נעהמען מיט זיך „קוטיע" אין א ווייסען טעלער, אין א סערוועטעל, די „קוטיע" איז געווען אויף צוקער, פון רייז און פון ראָזינקעס. ער האט ליעב געהאט דעם דאָזיגען קלויסטער און די פארצייטיגע בילדער זיינע און דעם אלטען גלח, וואָס ביי איהם פלעגט זיך דער קאָפּ מאָדנע ווארפען אויף די אקסעל. נעבען דער באָבעס קבר, וואו ס'איז געשטאנען א מצבה, איז אויך געווען א קליין קבר'ל פון זיין קלענערן ברודער, וועלכער איז געשטאָרבען צו זעקס חדשים; ער האט איהם אויך גאָר־ניט געקענט און ניט געדענקט; נאָר מען האט איהם געזאָגט, אז ער האט געהאט א קליין ברודערל. און איטליכס מאָל, אז ער פלעגט קומען אויפ'ן בית־עלמין, פלעגט ער פרום און עהרפורכטיג זיך צלמ'ען איבער'ן וועג צום בית־עלמין און געהן פארביי דעם שיינק; ער האלט דעם פאטער פאר'ן האנט און קוקט זיך מיט שרעק ארום אויפ'ן שיינק. אן אונגעוועהנליכע ערשיינונג ציהט צו זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט: דאָס מאָל קומט דאָ עפּעס פאָר א מין פארוויילונג, א גאנצע מענגע אויסגעפּוצטע ווייבער, אלטע גויעס, זייערע מענער, און שלעפּער פון אלע מינים. אלע זיינען שכור, אלע זינגען ליעדער, און נעבען דעם גאניק פון שיינק שטעהט א וואָגען, א מאָדנער וואָגען. דאָס איז איינער פון יענע גרויסע וועגענס, אין וועלכען מען שפּאנט איין גרויסע שווערע פערד און מען פיהרט אויף זיי איבער סחורה און פעסער ווייז. ער פלעגט שטענדיג ליעב האָבען צו קוקען אויף די דאָזיגע גרויסע שווערע פערד, ווי מען פיהרט אויף זיי איבער סחורה און פעסער ווייז. ער פלעגט שטענדיג ליעב האָבען צו

אהיים; נאר שוין צוקענדיג צו דער פעטער־אינזעל, איז ער געבליבען טשעהן זעהר אפגע'חליש'ט, איז אראפ פון וועג, אריין אין די קוסטעס, א פאל געטאן אויף דאס גראז און גלייך איינגעשלאפען.

ביי א שטארק אויפגערעגטען צושטאנד זיינען די חלומות זעהר רעליעף, קלאר, דייטליך און האבען אן אונגעוועהנליכע עהנליכקייט מיט דער ווירקליכקייט. אמאל קומט ארויס אן אונגעהויער בילד. אבער די אומגעבונג און דער גאנצער פראצעס פון דער גאנצער פארשטעטלונג זיינען דערביי אזוי עהנליך אויף דער ווירקליכקייט, האבען אזוינע דינע, אומגעריכטע, אבער דאך קינסטלערישע איינצעלהייטען, וואס זיינען אזוי צוגעפאסט צו דעם גאנצען בילד, אז אפילו דער בעל־החלומות אליין וועט זיי אויפ'ן וואהר אפילו קיינמאל ניט אויסטראכטען, ער מעג זיין אזא קינסטלער ווי פושקין אדער טורגעניעוו. אזוינע חלומות, שמערצליכע חלומות, געדענקען זיך שטענדיג זעהר לאנג און מאכען א שטארקען רושם אויף דעם איבערגערודערטען און שוין פון פריער אויפגערעגטען ארגאניזם פון דעם מענטשען.

א שרעקליכער חלום האט זיך ראסקאלניקאוו'ן גע'חלומ'ט. עס האט זיך איהם גע'חלומ'ט זיין קינדהייט, נאך אין זיין קליין שטעדטעל. איהם איז א יאהר זיעבען און ער שפאצירט מיט זיין פאטער אונטער'ן שטאדט אין א יום־טוב'דיגען פארנאכט. די צייט איז גאנץ לאנגווייליג, דער טאג איז א שטיקענדער, די געגענד איז פונקט אזא, ווי זי איז איהם אין זכרון געבליבען: נאכמעהר, אין זכרון איז זי שוין פיעל שטארקער אפגעמעקט געווארען, ווי זי האט זיך איהם איצט אין חלום פארגעשטעלט. דאס שטעדטעלע ליעגט אפען אין פריי, ארום און ארום איז קיין בוימעלע ניט צו זעהן; ערגעץ־וואו ווייט־ווייט, אויפ'ן ראנד פון דעם הימעל, דונקעלט זיך א וועלדעל. אין איניגע טריט פון דעם לעצטען שטעדטעלשען גארטען שטעהט א שיינק, א גרויסער שיינק, וואס פלעגט אויף איהם שטענדיג מאכען זעהר ניט קיין גוטען איינדרוק; איהם איז זאגאר א פחד באפאלען, ווען ער איז פארבייגעגאנגען דעם שיינק, שפאצירענדיג מיט'ן פאטער. דארט איז שטענדיג געווען אזא גרויסער עולם מענשען, מען האט זיך דארט אזוי געריסען אויף די העלזער, הויך געלאכט, זיך געזידעלט, אזוי מיאוס און הייזעריג געזונגען און אזוי אפט זיך געשלאגען; ארום שיינק האבען זיך שטענדיג ארומגעדרעהט אזוינע שכור'ע און שרעקליכע

ווידער אויפהויבען דעם קאפ און זיך ארומקוקען אויף אלע זייטען, פלעגט ער גליידך פארגעסען, וועגען וואס ער האט ערשט געטראכט, ער פלעגט אפילו פארגעסען, וואו ער איז נאר־וואס געגאנגען. אויף אזא אופן איז ער דורך די גאנצע וואסילי־אינזעל, איז ארויסגעקומען אויף די קליינע נעווא, אריבער די בריק און האט זיך געלאזט געהן צו די „אינזלען". דאס גרינס און די פרישקייט זיינען אין אנהייב געפעלען געווארען זיינע מידע אויגען, וואס זיינען געוועהנט געווען צו דעם שטויב פון דער שטאדט, צו וואפנע און צו די אונגעהויער גרויסע, שווערע און דריקענדע מויערן. דא איז ניט געווען ניט קיין פארשטיקטע לופט, ניט קיין עיפוריש, ניט קיין שיינקען. באלד אבער זיינען איהם די ראזיגע נייע אנגענעהמע געפיהלען אויך געווארען שווער און אויפרעגענד. טיילמאל פלעגט ער שטעהן בלייבען פאר עפעס א ווילע, פארטרונקען אין א ים גרינס, פלעגט אריינקוקען דורכ'ן פארקאן אריין, פלעגט זעהן פון דער ווייטענס אויף די באלקאנען און ווערא‍נדעס פארפוצטע פרויען און קינדער, וואס זיינען אומגעלאפען איבער'ן גארטען. באזונדערס האבען איהם צוגעצויגען די בלומען, און ער פלעגט זיי באגלייטען מיט נייגיריגע בליקען און זיי פארגעסען נאך איידער זיי פלעגען פארשווינדען פון די אויגען. איינמאל איז ער שטעהן געבליבען און האט איבערגעצעהלט דאס געלט: דרייסיג קאפיקעס איז איהם געבליבען: „צוואנציג דעם פאליציאנט, דריי נאסטאסיא'ן פאר'ן בריעף, האב איך, הייסט עס, נעכטען געגעבען די מארמעלאדאוום א קאפיקעס זיעבען און פיערציג צי פופציג", האט ער א טראכט געטאן: ער האט אליין ניט געוואוסט צוליעב וואס ער האט גענומען צוזאמענרעכענען זיין געלט און באלד האט ער אפילו פארגעסען, צו וואס האט ער עס גאר פון קעשענע ארויסגענומען. ער האט זיך אין דעם דערמאהנט, ווען ער איז פארבייגעגאנגען עפעס א מין גארקיך, און האט דערפיהלט, אז איהם הונגערט... אריינגעקומען אין גארקיך, האט ער אויסגעטרונקען א גלעזעל בראנפען און אויפגעגעסען א קנישע, וואס איז געווען מיט עפעס אנגעפילט. ער האט זי געענדיגט עסען שוין אויף דער גאס. ער האט זעהר לאנג קיין בראנפען ניט געטרונקען, און עס האט אויף איהם גלייך געווירקט, כאטש ער האט אויסגעטרונקען בלויז איין גלעזעל. די פיס זיינען איהם מיט אמאל שווער געווארען און ס'האט איהם שטארק גענומען שלעפערן. ער איז אוועק

ויעהנליכען געדאנק, עטוואס פאר איהם גרויזאמעס און שרעקליכעם.

„האב איך דען אליין געוואלט פארריכטען מיט דעם איין ראזומיכינען און די איינציגע הילף האב איך געזעהן אלין אין ראזומיכינען?“ האט ער זיך אליין פארוואונדערט געפרעגט.

ער האט געטראכט אין זיך געריבען דעם שטערן, און א מערקווירדיגע זאך, עפעס אזוי ווי ניט מיט א כיון, גאר פלוצלונג און פון זיך אליין, איז איהם נאך א לאנגען טראכטען איינגעפאלען איינער זעהר א מאדנער געדאנק...

„המ... צו ראזומיכינען“, האט ער פלוצלונג ארויסגערעדט זעהר רוהיג, גלייך ווי ער וואלט זיך שוין ענדליך אויף זיכער באשלאסען,— צו ראזומיכינען וועל איך געהן, דאס איז אהן ספק... אבער ניט איצט... איך וועל צו איהם געהן... אויף מארגען נאך י ע נ ע ר ז א ך, אז י ע נ ע ז א ך וועט שוין זיין פארענדיגט, און ווען אלצדינג וועט אוועקגעהן גאר אנדעריש, אויף א נייעם שטייגער“...

און פלוצלונג האט ער זיך פארכאפט צוריק.

„נאך י ע נ ע ר ז א ך, האט ער אויסגעשריען, האסטיג אויפשפרינגענדיג פון באנק, — וואס איז, י ע נ ע ז א ך וועט דען געשעהן? וועט זי דען מיט אן אמת געשעהן?“

ער האט געלאזט די באנק און איז אוועק, שיער ניט אוועקגעלאפען; ער האט זיך געוואלט אומקעהרען צוריק, אהיים צו, נאר פלוצלונג האט איהם באהערשט א שלעכטער, ניט אנגענעהמער געפיהל צו זיין היים: דארט טאקע אין לאך, אין יענער שרעקליכער שאפע האט עס געבליהט י ע נ ע ר ג ע ד א נ ק שוין מעהר ווי א חודש,—און ער האט זיך געלאזט געהן, וואוהין די אויגען האבען איהם געטראגען.

ער האט געציטערט ווי אין א פיבער, א פראסטיגער שוידער איז איהם דורך איבער'ן לייב; אין אזא היץ האט ער געפיהלט אן אמת'ע קעלט. מיט עפעס א מאדנער אנשטרענגונג האט ער זיך גענומען כמעט ווי אונבאוואוסטזיניג, אזוי ווי דורך אן אינוויינינגסטע באדערפניש, צוצוקוקען זיך צו אלע זאכען, וואס האבען זיך איהם געטראפען אין וועג, גלייך ווי ער וואלט דערמיט זיך וועלען צושטרייהען, דאס איז איהם אבער שלעכט געלונגען, און ער פלעגט זיך יעדע ווייל שטארק פארטראכטען. און ווען ער פלעגט אויפציטערענדיג

שטיציע ניט באקומען און האט געלעבט פון דעם, וואס ער פלעגט פארדיענען פון ארבייט. וואס ס'פלעגט זיך איהם מאכען. ער האט געוואוסט טויזענדער מיטלען, ווי אזוי געלט צו פארדיענען. איינמאל האט ער א גאנץ ווינטער גאר אינגאנצען ניט געהייצט זיין צימער און האט פארזיכערט, אז דאס איז זאגאר אנגענעהמער, ווייל אין קעלט שלאפט זיך בעסער. ער האט אויך געמוזט ארויסגעהן פון דער אוניווערזיטעט, אבער ניט אויף לאנג, און האט מיט אלע כחות געזוכט צו פארריכטען זיינע געשעפטען, ער זאל ווידער קענען אהין אריינטרעטען. ראסקאלניקאוו איז ביי איהם שוין ניט געווען א מאנאטען פיער, און ראזומיכין האט אפילו ניט געוואוסט, וואו ער וואוינט. נאך איינמאל, מיט א מאנאטען צוויי צוריק, האבען זיי זיך יא געטראפען אויף דער גאס, ראסקאלניקאוו האט זיך אבער אפגעקעהרט און איז זאגאר אריבער אויף דעם אנדערן טראטואר, יענער זאל איהם ניט באמערקען. ראזומיכין האט איהם אפילו יא באמערקט, האט זיך אבער געמאכט ניט זעהענדיג, ער האט ניט געוואלט באאונרוהיגען א ג ו ט ע ן ב ר ו ד ע ר.

## פ י נ פ ט ע ס ק א פ י ט ע ל.

„איך האב דאך ווירקליך ניט לאנג נאך געוואלט בעטען ביי ראזומיכינען ארבייט, ער זאל מיר קריגען א פאר לעקציעס צי עפעס אנדערש וואס... — האט זיך ראסקאלניקאוו געגריבעלט אין די געדאנקען. — איצט אבער וואס קען ער מיר העלפען? זאל זיין, ער וועט מיר שוין קריגען לעקציעס, זאל זיין אפילו, ער וועט זיך מיט מיר טיילען די לעצטע קאפיקע, אויב ער האט א קאפיקע, און איך וועל שוין זיין אימשטאנד צו קויפען א פאר שטיוועל, צו פארריכטען דעם אנצוג, איך זאל זיך קענען ווייזען אויף די לעקציעס... המ... נו, ווייטער וואס? וואס וועל איך מאכען מיט זעקסערס? נויטיג איז מיר דען איצט אין זעקסערס? כ'לעבען, ס'איז לעכערליך, וואס איך האב געוואלט געהן צו ראזומיכינען"...

די פראגע, פארוואס ער האט געוואלט געהן צו ראזומיכינען, האט איהם באאונרוהיגט מעהר, ווי דאס האט זיך איהם געדאכט אפילו: אומרוהיג האט ער געזוכט אין דעם דאזיגען, דאכט זיך, גאנץ גע־

זאך האָט ער קיין אנטייל ניט גענומען. געלערנט האָט ער זיך מיט גרויס התמדה, איבער די כוחות, און דערפאר האָבען איהם אלע גע־אכט, אבער ליעב געהאט האָט איהם קיינער ניט. געווען איז ער זעהר אָרים און עפּעס גאוה'דיג־שטאָלץ און צוריקגעהאלטען; גלייך ווי ער האָט עטוואס אין זיך באהאלטען. אייניגע פון זיינע חברים האָט זיך געדאכט, אז אויף זיי אלעמען קוקט ער ווי אויף קינדער, פון אויבען אראָפּ, גלייך ווי ער האָט זיי אלעמען געהאט אריבערגעיאגט סיי אין ענטוויקלונג, סיי אין קענטנישען, סיי אין איבערצייגונגען, און אויף זייערע איבערצייגונגען און אינטערעסען קוקט ער ווי אויף עטוואס נידריגערס.

נאָר מיט ראַזומיכינען איז ער עפּעס זיך יאָ צונויפגעגאנגען, דאָס הייסט, אייגענטליך, ניט צונויפגעגאנגען, נאָר מיט איהם איז ער גע־ווען באריידעוודיגער און אָפענהערציגער. איבריגענס האָט מען מיט ראַזומיכינען ניט געקענט זיין אין אנדערע באציהונגען. דאָס איז גע־ווען זעהר א פרעהליכער בחור, אן אָפענהערציגער, א גוטער און זאָ־גאָר א ביסעל נאַאיוו. אונטער דער דאָזיגער נאַאיווקייט איז אפילו געווען באהאלטען טיעפקייט און זעלבסטווירדע. די בעסטע חברים זיינע האָבען עס פארשטאַנען. אלע האָבען איהם ליעב געהאט. ער איז גאָר קיין נאַר ניט געווען, אפילו צייטענווייז איז ער יאָ געווען שוין אביסעל צו נאַאיוו. זיין געשטאַלט איז געווען זעהר אויסדרוקפול: א הויכער, א דאַרער, שטענדיג שלעכט אָפּגעראַזירט, מיט שווארצע האָהר. אמאָל פלעגט ער מאכען סקאַנדאַלען און האָט געהאט א נאָ־מען פאר אן אמת'ען גבור. איינמאָל ביינאכט, געהענדיג מיט א גאַנ־צער חברה, האָט ער מיט איין קלאַפּ אַוועקגעלעגט א קלינגער, א קאָר־גען קלאַפּטער די הויך. טרינקען האָט ער געקענט אָהן א שיעור, ער האָט אבער אויך געקענט זיך אפילו ניט צוצושטעקען דערצו; אמאָל פלעגט ער שטיפען, ווי א היבשער קונדס, האָט אבער אויך געקענט גאָרנישט שטיפען. ראַזומיכין האָט געהאט נאָך א גרויסע מעלה: פון די גרעסטע אומגליקען פלעגט ער קיינמאָל ניט נתפּעל ווערען, און אין די ערגסטע צייטען איז ער געווען מונטער און פרעהליך. ביי איהם איז געווען רעכט צו וואוינען אויף א דאך אפילו, ער האָט גע־קענט פארטראָגען דעם שרעקליכסטען הונגער און די מורא'דיגסטע קעלטען. ער איז געווען זעהר אָרים, האָט פון קיינעם קיינמאָל קיין

דערשמעקען, און מיין מיידעלע וועט זיך נעהמען ארומטרייבען אהער און אהין... אהער און אהין... דערנאך וועט גלייך קומען דער שפיטאל (און דאס איז שטענדיג אזוי מיט די, וואס לעבען ביי זעהר עהרליכע מוטערס און שטיפען אונטער בגנבה פון זיי). נו, און דערנאך... און דערנאך ווידער א שפיטאל... וויין... שיינקען... און נאך א שפיטאל... וויין... שיינקען... און נאך א שפיטאל... אין א יאהר צוויי־דריי — א קאליקע, גאר און גאר איז איהר לעבען נייגצעהן אדער אכטצעהן יאהר... האב איך דען ניט געזעהן אזעלכע? און ווי אזוי זיינען זיי געווארען אזעלכע? אלץ טאקע אזוי זיינען זיי געווארען... טפוי! נאר אן עסק האב איך! מען זאגט, אזוי דארף עס זיין. אזא פראצענט, זאגט מען, דארף אלע יאהר אוועקגעהן... ערגעץ... צום שווארציאהר, אפנים, כדי די איבריגע זאלען זיך קענען אפפרישען און זאלען האבען רוה. א פראצענט! ס'אר א טייערע ווערטעלעך זיי האבען דאס, כ'לעבען: זיי בארוהיגען אזוי, זיי זיינען אזוי וויסענשאפטליך. מען זאגט: א פראצענט, הייסט עס, איז שוין נישטא וועגען וואס זיך צו קימערן. אט ווען ס'וואלט זיין עפעס אן אנדערווארט, נו, דאן וואלט מען זיך אפשר מעהר באאונרוהיגט... און וואס וועט זיין, אויב דוניטשקע וועט ווי עס איז אויך אריינפאלען אין פראצענט אריין!... ניט אין דעם פראצענט, איז אין אן אנדערן!

„און וואוהין גאה איך דאס? איז איהם פלוצלונג איינגעפאלען.— א מאדנע זאך. איך בין דאך נאך עפעס געגאנגען. ווי נאר איך האב דעם בריעף איבערגעלעזען, האב איך זיך געלאזט געהן... אויפ'ן וואסילי־אינזעל, צו ראזומיכינען בין איך געגאנגען, אט וואוהין, איצט... דערמאהן איך מיך. צוליעב וואס אבער? און ווי אזוי איז דאס מיר גראד איצט איינגעפאלען געהן צו ראזומיכינען? א מאדנע זאך“.

ער האט זיך געוואונדערט איבער זיך אליין. ראזומיכין איז געוועזן איינער פון זיינע פריהערדיגע חברים־סטודענטען. ס'איז זעהר ס'איז זעהר מערקווירדיג, וואס ראסקאלניקאוו האט, זייענדיג אין אוניווערזיטעט, כמעט ניט געהאט קיין חברים, האט זיך געהאלטען מיט אלעמען פון דער ווייטען, איז צו קיינעם ניט געגאנגען און פלעגט ביי זיך אויך אויפנעהמען ניט זעהר פריינדליך. איבריגענס, האבען זיך פון איהם אויך באלד אלע אפגעקעהרט. ניט אין די אלגעמיינע פארזאמלונגען, ניט אין די געשפרעכען, ניט אין די פארוויילונגען, ניט אין קיין

— איי, הערט נאר! — האט ער א געשריי געטאן צום פאלי־ציאנט.

יענער האט זיך אבגעקעהרט.

— לאזט עס! אנ׳עבך האט איהר! לאזט זיי געמאך! זאל ער אביסעל א שטיק טאן (ער האט אנגעוויזען אויפ׳ן פראנט); ס׳איז דען אייער עסק?

דער פאליציאנט האט ניט פארשטאנען און האט אויף איהם אויסגעשטעלט א פאר אויגען. ראסקאלניקאוו האט זיך צולאכט.

— ע־עך! — האט דער פאליציאנט א זאג געטאן, א מאך געבענדיג מיט דער האנט, און האט זיך געלאזט געהן נאכ׳ן פראנט און נאכ׳ן מיידעל; ראסקאלניקאוו האט איהם קענטיג געשיינט צו זיין אדער משוגע אדער נאך עפעס ערגער.

— מיינע צוואנציג קאפיקעס אוועקגעשלעפט, — האט ראס־קאלניקאוו מיט שנאה געזאגט, ווען ער איז געבליבען אליין. — אט אזוי, זאל ער נאך עפעס נעמען ביי יענעם און איהם לאזען מיט׳ן מיידעל, דאס וועט זיין דער סוף... און וואס איז דאס מיין דאגה? העלפען האב איך איהר געוואלט! נו, קען איך דען העלפען? האב איך דען רעכט צו העלפען? זאלען זיי באטש אויפעסען איינער דעם אנדערן לעבעדיגערהייט — איז דאס דען מיין דאגה? און ווי אזוי האב איך דאס איהם געטארט אבגעבען די צוואנציג קאפיקעס? זענען זיי דען מיינע?

ניט קוקענדיג אויף די דאזיגע מאדנע רייד, איז איהם געווארען זעהר שווער. ער האט זיך צוגעזעצט אויף דער פארלאזטער באנק. זיינע געדאנקען האבען זיך צומישט... און ס׳איז איהם גלאט געווען שווער איצט צו טראכטען, וועגען וואס עס זאל ניט זיין. ער וואלט זעהר וועלען זיך גאנץ פארגעסען, אלץ פארגעסען, דערנאך ערוואכען און אנהויבען גאר אויף ס׳ניי...

— אך, דו ארים מיידעלע! — האט ער געזאגט, א קוק געבענדיג אויפ׳ן ליידיגען ראג באנק, וואו זי איז געזעסען. — זי וועט קומען צו זיך, וועט א וויין טאן, דערנאך וועט די מוטער געוואהר ווערען... אפרי־הער וועט זי זי שלאגען, און דערנאך שמייסען, שמייסען ביז בלוט אריין און מיט בזיונות, און וועט זי אפשר גאר ארויסטרייבען... און אויב זי וועט זי ניט ארויסטרייבען, וועלען דאס די דאריאס פארט

אפשר וענען שוין ביי איהם אויך געוואקסען אזעלכע טעכטער־לעך — „וואס זעהען אויס ווי איידעלע קינדער. אמת'ע פריילינס". מיט אלע מינעס פון פיינערצויגענע און מיט א גרויסער לידענשאפט נאכצוטאנצען נאך דער מאדע נאר.

— דער עיקר, — האט זיך ראסקאלניקאוו געקאכט, — ניט דערלאזען דעם דאזיגען מיאוסען הונט! אויף אזוינעם א קשיא, ער וועט זי נאך שענדען! עס איז איהם אויפ'ן פרצוף אנגעשריבען, וואס איהם ווילט זיך אזוי; א הונט קען, נעהט ניט אוועק אפילו!

ראסקאלניקאוו האט גערעדט אויפ'ן קול און האט אויף איהם אנגעוויזען מיט דער האנט. יענער האט דערהערט און האט געוואלט ווידער אין כעס ווערען, ער האט אבער חרטה געהאט און האט נאר אויף איהם א קוק געטאן מיט גרויס גואה. דערנאך איז ער אבגעגאנ־גען נאך א טריט צעהן און איז ווידער שטעהן געבליבען.

— ניט לאזען זיי — דאס איז גראד א קליינינקייט, — האט דער אונטער־אפיציר געענטפערט מיט א ישוב־הדעת. ווען זיי וואלטען אבער געזאגט, וואוהין זיי אבצופיהרען, וואריב... פריילין, איהר הערט, פריילין! — האט ער זיך ווידעראמאל איינגעבויגען.

יענע האט פלוצלונג ווידער אנ'עפען געטאן די אויגען, האט זיך אויפמערקזאם ארומגעקוקט און, גלייך ווי זי האט עפעס פאר־שטאנען, איז זי אויפגעשטאנען פון באנק און האט זיך געלאזט געהן אין דער זייט, פון וועלכער זי איז געקומען.

פוי, ס'אר א מאוס'ע מענשען, קריכען ווי די הינט! האט זי א זאג געטאן און ווידעראמאל א מאך געטאן מיט דער האנט.

געגאנגען איז זי געשווינט. אבער ווי פריהער איז זי פון די פיס געפאלען. דער פראנט איז אוועק נאך איהר, אפילו איבער א צווייטער אלעע, און האט פון איהר קיין אויג ניט אראבגענומען.

— זייט רוהיג, איך וועל ניט דערלאזען. — האט פעסט גע־זאגט דער פאליציאנט און איז אוועק נאך זיי.

— היינטיגע צייטען... זנות און אויגעלאסענקייט!... האט ער נאכאמאל געזאגט מיט א זיפץ.

אין דער ווייל‍ע האט ראסקאלניקאוו'ן גלייך ווי עפעס א שטאך געטאן; אין איין אויגענבליק איז אין איהם א מין איבערקעהרעניש פארגעקומען.

האט תמ'עוואטע א קוק געטאן אויף ראסקאלניקאוו'ן מיט'ן פאליצי־
אנט און א מאך געטאן מיט דער האנט.

— הערט נאר, — האט ראסקאלניקאוו געזאגט, (ער האט גענו־
מען זוכען אין קעשענע און האט ארויסגעשלעפט צוואנציג קאפיקעס,
וואס זיינען נאך געבליבען) נאט אייך אויף א דראזשקע און זאל מען
זי אבפיהרען אהיים. ווי אזוי אבער דערגעהט מען דאס אדרעס איה־
רען?

— פריילין, איהר הערט, פריילין? האט דער פאליציאנט ווי־
דער אנגעהויבען, צונעהמענדיג דאס געלט, — איך וועל זיי גלייך
נעהמען א דראזשקע און וועל זיי אליין אבפיהרען. וואוהין וועלען זיי
זיך הייסען אבפיהרען? הא? וואו איז אייער וואוינונג?

— אוועק!... קריכען אלע ווילע!... האט דאס מיידעל ארויס־
געשטאמעלט און האט ווידער א מאך געטאן מיט דער האנט.

— אך, ווי דאס איז ניט שעהן! שעמען וואלטען זיי זיך פריי־
ליין! ס'איז דאך א חרפה! — ער האט ווידער א שאקעל געטאן
מיט'ן קאפ, מיט פארוואורף, מיטלייד, און אויפגעבראכטקייט. —
וואס טוט מען? האט ער זיך געווענדעט צו ראסקאלניקאוו'ן און
האט איהם נאכאמאל בליצשנעל באטראכט פון קאפ ביז די פיס. ער
איז איהם אפנים אויך געווען א גרויס חדוש: אין אזוינע שמאטעס,
און ווארפט זיך מיט געלט!

— איהר האט זי געטראפען ווייט פון דאנען? — האט ער
איהם געפרעגט.

— איך זאג דאך אייך: דא טאקע אויפ'ן בולוואר, זי איז נע־
גאנגען און געפאלען פון די פיס. ווי זי איז נאר צוגעקומען צו דער
באנק, האט זי זיך גלייך אויף איהר א ווארף געטאן.

— אי, איז דאס א וועלט געווארען — קיין חרפה און קיין בושה
איז ניטא! אזא יונגינקע און שוין שכור! פארפיהרט, אהן א ספק:
דאס קליידעל זייערס איז אפילו צוריסען... היינטיגע צייטען... קיין
חרפה און קיין בושה... זנות און אויסגעלאסענקייט... ווייזט אויס
אפנים א בעל־הבתיש קינד, פאראריטמט געווארען... איצט איז ברוך־
השם דא א סך אזעלכע. יא, עפעס ווי אנ'איידעל קינד, אנ'אמת'ע
פריילין.

און ער האט זיך ווידער איבער איהר איינגעבויגען.

און א נעהם טוענדיג דעם פּאָליציאַנט פאַר׳ן האַנט, האָט ער איהם אוועקגעשלעפּט צו דער באַנק...

— גיט נאָר א קוק, — מיט־שכור, נאָר־וואָס געגאַנגען איבער׳ן בולוואר; דאָס גוטע יאָהר ווייס איהר, ווער זי איז, נאָר זי ווייזט עפּעס ניט אויס פון יענע. גיכער פאַר אַלין קען זיין, אז מען האָט זי ערגעץ אָנגע׳שכור׳ט און פאַרפיהרט... אָנ׳ערשטען מאָל... איהר פאַר־שטעהט! און אזוי טאַקע געלאָזט אויף דער גאַס. גיט נאָר א קוק ווי דאָס קליידעל איז צוריסען, גיט נאָר א קוק, ווי עס איז אָנגעטאָן: מען האָט עס איהר אָנגעטאָן, ניט זי אַליין האָט זיך עס אָנגעטאָן, און דערצו נאָך ניט קיין געניטע הענט, מיענער׳שע הענט. דאָס איז קענטיג. און איצט כאַפּט נאָר א קוק אהערצו: אָט דער פראַנט, וואָס איך האָב זיך מיט איהם נאָר־וואָס געוואָלט שלאָגען, איז מיר גאַנץ אומ־באַקאַנט, דאָס ערשטע מאָל זעה איך איהם, נאָר ער האָט אויף איהר אויך געוואָרפען אַנ׳אויג. טויט־שכור איז זי, ווייס ניט אויף וואָסער וועלט זי איז, — ווילט זיך איהם אונטערצוגעהן צו איהר און איבער־נעהמען זי, — זי איז דאָך אין אזא צושטאַנד — און דאַן ערגעץ פאַרפיהרען... דאָס איז געוויס אזוי; פאַרלאָזט זיך שוין אויף מיר, איך האָב זיכער קיין טעות ניט. איך האָב אַליין געזעהן, ווי ער האָט פון איהר קיין אויג ניט אראָבגענומען, נאָר איך האָב איהם גע׳פּטר׳ט זיין גאַנצען פּלאַן, וואַרט ער דאָס איצט, אז איך זאָל אוועקגעהן. אָט איז ער נאָר־וואָס אָבגעגאַנגען עטוואָס, שטעהט זיך אָן א זייט, כלומרשט דרעהט צונויף א פּאַפּיראָס... ווי אזוי זאָלען מיר עס ניט דערלאָזען? ווי אזוי זאָלען מיר זי אהיים אָבפיהרען, — גיט נאָר א טראַכט!

דער פּאָליציאַנט האָט גלייך אַלעס פאַרשטאַנען. דער דיקער פראַנט האָט זיך גלייך אוועקגעמאַכט; האָט מען געדאַרפט זעהן אַנ־עצה מיט׳ן מיידעל. ער האָט זיך איבער איהר אריבערגעבויגען צו באַטראַכטען זי נעהנטער און אַנ׳אמת׳דיג מיטליידס־געפיהל האָט זיך באַוויזען אויף זיין געזיכט.

— א ביטער רחמנות! האָט ער געזאָגט און א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, — נאָך גאָר א קינד. פאַרפיהרט — אָהן א ספק. הערט נאָר, פריילין, האָט ער זי גענומען רופען, — וואו וואוינען זיי?

דאָס מיידעל האָט געעפענט איהרע מידע, פאַרלאָפענע אויגען,

דיקער, בלוט אין מילך, מיט ראָזע ליפּען און פיינע ווענסלעך, זעהר פראַנטייש געקליידעט. ראַסקאַלניקאָוו איז געוואָרען שרעקליך בייז: איהם האָט זיך פלוצלונג פאַרוואַלט עפּעס באַליידיגען דעם דאָזינגען דיקען פראַנט. ער האָט אויף א ווײלע געלאָזען דאָס מיידעל און איז צוגעגאַנגען צו דעם אונבעקאַנטען.

— היי, איהר סווידריגיילאָוו איינער! וואָס דאַרפט איהר דאָ האָבען? — האָט ער אויסגעשריען, מיט צונויפגעראַלטע פויסטען, און זיינע ליפּען, וואָס זיינען פאַר רציחה פאַרלאָפען מיט א שוים, האָבען אזוי ווי געלאַכט.

— וואָס הייסט עס? — האָט שטרענג געפרעגט דער הערר, צונויפציהענדיג די ברעמען און אויסדריקענדיג א שטאָלצע פאַרוואונ־דערונג.

— טראָג זיך אָב פון דאַנען, אָט וואָס!

— ווי האָסטו עס די העזה, דו שלעפּער איינער!

און ער האָט זיך פאַרמאַסטען מיט זיין בייטשעל. ראַסקאַלניקאָוו האָט זיך צו איהם א לאָז געטאָן מיט די פויסטען — איהם איז אפילו ניט איינגעפאַלען, אז דער דאָזיגער פעסטער הערר קען בייקומען אזעלכע צוויי, ווי ער. נאָר אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט איהם עמיצער פעסט א נעהם געטאָן פון הינטען. צווישען זיי איז געשטאַ־נען א פּאָליציאַנט.

— לאָזט אָב, מיינע הערען, וואָס האָט עס פאַר א פּנים צו מאַכען א סקאַנדאַל אין א עפענטליכען אָרט. וואָס דאַרפט איהר דאָ האָבען? ווער זענט איהר? האָט ער זיך שטרענג געווענדעט צו ראַס־קאַלניקאָוו'ן, נאָכדעם ווי ער האָט באַטראַכט זיינע שמאַטעס.

ראַסקאַלניקאָוו האָט אויף איהם אויפמערקזאַם א קוק געגעבען. דאָס איז געווען א בראַוועס געזיכט פון א סאָלדאַט, מיט גרויע וואָנ־סען און באַקענבאָרדען און מיט א קלוגען בליק.

— אייך טאַקע דאַרף איך האָבען, — האָט ער א געשריי גע־טאָן און איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַנט. — איך בין א געוועזענער סטודענט, ראַסקאַלניקאָוו... איהר מעגט דאָס אויך וויסען, דאָט ער זיך געווענדעט צו דעם הערר. — און איהר קומט מיט מיר, איך וועל אייך עפּעס ווייזען...

איז געווען פאַרוואָרפען אויף איהר נאַקעטען האלז און איז אויך געהאנגען עפּעס קרום און מיט א זייט. אויסערדעם איז זי געגאַנגען ניט־זיכער, זיך שטרויכלענדיג אויף יעדען טריט און ניט קענענדיג איינשטעהן אויף די פיס. די דאָזיגע באַגעגעניש האָט ראַסקאָלני־קאָוו'ן זעהר פּאַראינטערעסירט. ער האָט זיך געטראָפען מיט'ן מיי־דעל ביי דער באַנק; ווי זי איז אָבער צוגעקומען צו דער באַנק, האָט זי גלייך אויף איהר א פאַל געטאָן אנידער, אין א ווינקעל, האָט פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אויפ'ן אָנלעהן און פאַרמאַכט די אויגען, אפנים פון גרויס מיעדקייט. ווען ער האָט זיך צו איהר צוגעקוקט, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אז זי איז טויט־שכור. ס'איז געווען מאָדנע און ווילד דאָס אָנצוקוקען. איהם איז זאָגאר איינגעפאַלען צי האָט ער אמאָל ניט קיין טעות. פאַר איהם איז געווען זעהר א יונג פּנימ'ל, פון א יאָהר זעכצעהן און אפשר ניט מעהר ווי פופצעהן, א קליין, בלאָנד, חנ'עוודיג פּנימ'ל, נאָר מאָדנע צופלאַמט און אזוי ווי עטוואָס אָנגעשוואָלען. דאָס מיידעל האָט שוין, קענטיג, זעהר ווייניג פאַרשטאַנען; האָט פאַרלעגט א פוס אויף א פוס, און איהם ארויסגעשטעלט די פאַרלייגטע פוס פיעל מעהר, ווי עס איז נויטיג געווען. בכלל איז פון אלעם געווען צו דערקענען, אז זי האָט געהאַט א קנאַפּע השגה, דאָס זי געפינט זיך אויף דער גאַס.

ראַסקאָלניקאָוו האָט זיך ניט געזעצט און ניט געוואָלט אוועקגעהן; ער איז געשטאַנען פאַר איהר עפּעס אזוי ווי ניט פאַרשטעהענדיג. דער בולוואַר פלעגט שטענדיג זיין פריי פון באַזוכער, און איצט צוויי דעם זייגער און אין אזא היץ האָט מען דאָ קיין משוגע'נעם הוגט ניט געקענט טרעפען. דאָך איז אָן א זייט, א טריט פופצעהן ווייט, געבליבען שטעהן אויפ'ן ראַג בולוואַר עפּעס א פאַרשוין און ס'איז זעהר קענטיג געווען, אז ער האָט געהאַט גרויס חשק אונטערצוגעהן צום מיידעלע מיט געוויסע כונות. ער האָט זי אפנים אויך דערזעהן פון דערווייטען און האָט זי געוואָלט אָניאָגען, האָט איהם אָבער ראַסקאָלניקאָוו זיך געשטעלט אין וועג. ער האָט אויף איהם געוואָרפען בייזע בליקען, באַמיהענדיג זיך פונדעסטוועגען, אז יענער זאָל זיי ניט באַמערקען, און האָט אונגעדולדיג געוואַרט, ווען דער פאַרדראָסי־גער שלעפּער וועט אוועקגעהן. די זאַך איז געווען זעהר קלאָר. דער דאָזיגער פאַרשוין איז געווען פון א יאָהר דרייסיג, א פעסטער, א

וואָרט אויף איהם; דער געדאַנק אַליין איז שוין אַפילו אויך ניט געווען פון נעכטען. נאָר דער אונטערשיעד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיט אַ חודש צוריק און אַפילו נעכטען נאָך איז דאָס מעהר ניט געווען ווי אַ טרוים, איצט אַבער... איצט איז ער געקומען ניט אַלס טרוים, נאָר אין עפּעס אַ נייער, גרויזאַמער, איהם גאַנץ אונבעקאַנטער געשטאַלט, און ער האָט עס פּלוצלונג פאַרשטאַנען... עס האָט איהם אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ און פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

ער האָט זיך האַסטיג אַרומגעקוקט, ער האָט עפּעס געזוכט. ער האָט זיך געוואָלט זעצען און האָט געזוכט אַ באַנק; ער איז דאַן געגאַנגען איבער עפּעס אַ בולוואַר. אַ באַנק האָט זיך געזעהן ביי אַ הונדערט טריט ווייט. ער איז אַוועק אַזוי שנעל, ווי ער האָט נאָר געקענט, אָבער אויפ׳ן וועג האָט זיך איהם געטראָפען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט אויף אַ קליינע ווײַלע צוגעצויגען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט.

אויסקוקענדיג אַ באַנק האָט ער דערזעהן אין אַ טריט צוואַנציג פאַר זיך אַ פרוי. אָנפאַנגס האָט ער זיך אויף איהר אַפילו ניט אומגעקוקט, אַזוי ווי ער האָט זיך בכלל ניט אומגעקוקט אויף אַלעס, וואָס האָט איהם געשוועבט פאַר די אויגען. איהם איז שוין פיעל מאָל אויסגעקומען צו געהן אַהיים, אַ שטייגער, ניט אָנהויבענדיג צו געדענקען דעם וועג, וואָס ער איז געגאַנגען, — און ער האָט זיך שוין אַזוי איינגעוועהנט. אין דער געהענדיגער פרוי אָבער איז געווען עטוואָס מערקווירדיגעס, וואָס האָט זיך פון דעם ערשטען אויגענבליק אָן געוואָרפען אין די אויגען — און ביסלעכווייז איז זיין בליק צוגעשמידט געוואָרען צו איהר, אַפריהער עפּעס אַזוי ווי ניט־ווילענדיג, מיט אַ מין פאַרדרוס, דערנאָך אָבער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איהם האָט זיך פּלוצלונג פאַרוואָלט פאַרשטעהן, וואָס אַזוינס מערקווירדיגעס האָט געשטעקט אין דער דאָזיגער פרוי. ערשטענס, איז זי, — קענטיג נאָך גאָר אַ יונג מיידעל, — געגאַנגען אין אַזאַ היץ מיט אַ בלויזען קאָפּ, אָהן אַ שירם און אָהן האַנט־שוה און האָט עפּעס מאָדנע קאַמיש געמאַכט מיט די הענט. איהר זיידען קליידעל, פון לייכטען שטאָף, איז אויך עפּעס זעהר ציקאַווע געווען אָנגעטאָן, ניט רעכט פאַרשפּילעט, און פון הינטען האַרט ביי דער טאַליע איז אָראָבגעהאַנגען און געבאַמבעלט זיך אַ שטיק קלייד פון אַ גוואַלד־ריס. אַ קליין שאַלכעל

אזוי האָט ער זיך אליין געמאַטערט און געריייצט מיט די דאַזיגע פראַגען, און געהאַט אין דעם זאַגאַר עפּעס א מאָדנעם פאַרגניגען. צוריקגערעדט זיינען אָט די אלע פראַגען געווען ניט קיין נייע, ניט קיין אומגעריכטע, נאָר אלטע, אַנגעוועהטאַגטע, לאַנגאַניגע. לאַנג שוין האָבען זיי איהם געגומען בלוטען, און האָבען איהם דאָס האַרץ צו־בראָכען. שוין לאַנג, זעהר לאַנג איז אין איהם ענטשטאַנען דער איצטיגער שמערץ, האָט געגומען וואַקסען, פולער ווערען און פאַר דער לעצטער צייט איז ער רייף געוואָרען און זיך קאַנצענטרירט אין דער געשטאַלט פון א שרעקליכער, ווילדער און פאַנטאַסטישער פראַגע, וואָס האָט איהם צוריסען דאָס האַרץ און דעם מוח און דרינגליך גע־פאָדערט אנ׳ענטפער. איצט אָבער האָט איהם דער מוטערס בריעף ווי א דונער געטראָפען. ס׳איז קלאָר געווען, אז איצט האָט מען געדאַרפט ניט זיין פאַראומערט, ניט ליידען פּאַסיוו, ניט אָבקומען בלויז מיט חקירות וועגען דעם, אז אויף די פראַגען איז ניטאָ קיין ענטפער, נאָר מען האָט געמוזט נויטיג ווי לעבען עפּעס טאָן, און טאָקע שוין, און טאָקע וואָס גיכער. עס האָט געמעגט זיין, וואָס עס וויל, נאָר עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערען, כאָטש וואָס עס איז, אָדער...

— אָדער זיך גאָר אינגאַנצען אָבזאָגען פון לעבען! האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען מיט א מין ווילדער משוגעת, — געהאָרכזאַם זיך אונטערגעבען דעם האַרטען מזל, אזוי ווי ער איז, איינמאָל פאַר אלע מאָל, און דערשטיקען אין זיך אלצדינג, — אָבזאָגען זיך פון יע־דען רעכט אויף האַנדלען, לעבען און ליעבען!

„פאַרשטעהסט איהר כאָטש, פאַרשטעהט איהר כאָטש, יונגער מאַן, וואָס דאָס הייסט, אז ס׳איז שוין מעהר נישטאָ וואוהין צו געהן?“ האָט ער פּלוצלונג זיך דערמאַנט אַן מאַרמעלאַדאָווס נעכטיגע פראַגע. — ווייל יעדער מענש מוז האָבען וואוהין צו געהן, עס מעג זיין וועד ווייסט וואוהין...“

פּלוצלונג האָט ער ציטער געטאָן: א געדאַנק, אויך פון נעכ־טען, האָט זיך איהם ווידער דורגעטראָגען אין קאָפּ. נאָר ער האָט א ציטער געטאָן, ניט ווייל דער דאַזיגער געדאַנק האָט זיך דורכגעטראַ־גען. ער האָט דאָך געוואוסט, ער האָט פּ אַ ר א ו י ס ג ע פּ י ה ל ט, אז ער וועט זיך געווים ד ו ר כ ט ר אַ ג ע ן, און האָט שוין גע־

כער, ווייל איהר, דוניטשקע, רעכענט דאָ פּאָרט אוים אויף א ביסעל מעהר קאָמפּאָרט, און דאַרטען האַנדעלט זיך עס ניט מעהר און ניט וועניגער ווי וועגען א הונגער־טויט! ס'קאָסט טייער, דוניטשקע, זעהר טייער, אָט די דאָזיגע ריינקייט! נו, און אויב איהר וועט שפּעטער ניט אויסהאַלטען, וועט הרטה האָבען? וויפיעל שמערץ, צער, קללות, וויפיעל טרעהרען, פון אַלעמען פאַרבאָרגענע, ווייל איהר זענט דאָך ניט מאַרפאַ סווידריגיילאָווס? און מיט דער מוטער וואָס וועט דאַ־מאָלס זיין? זי רוהט דאָך שוין איצט ניט אפילו, און האָט יסורים; היינט וואָס וועט שוין זיין, ווען איהר וועט אַלץ קלאָר ווערען? און מיט מיר?... וואָס האָט איהר אין דער אמת'ן א טראַכט געטאָן וועגען מיר? איך וויל ניט אייער קרבן, דוניטשקע, איך וויל ניט, מאַמע! דאָס וועט ניט זיין, כל זמן איך לעב, דאָס וועט ניט זיין, דאָס וועט ניט זיין! איך פאַרשטעה ניט!"

ער איז פּלוצלונג צו זיך געקומען און איז שטעהן געבליבען.

„דאָס וועט ניט זיין? און וואָס פאַר א מיטלען וועסטו אַנווענדען עס זאָל ניט זיין? וועסט פאַרווערען? און וואָס פאַר א רעכט האָסטו? וואָס קענסטו זיי געבען פון דיין זייט, זאָלסט יאָ מעגען רעכט האָבען? דיין גאַנץ לעבען, דיין גאַנצע צוקונפט וועסטו זיי אָפּגעבען, ווען דו וועסט ענדיגען די אוניווערזי־טעט און וועסט קריגען א שטעלע? דאָס איז דאָך אבער פויגעלעד אין בוזים, איצט אבער וואָס? דאָ מוז מען דאָך עפּעס טאָן, פאַרשטעהסט עס צי ניט? און דו, וואָס טוסטו איצט? ציהסט פון זיי טאַקע די אָדערן. דאָס געלט קומט זיי דאָך אָן מיט גרינגע ווערים, — די הונדערט־רובעלדיגע פּענסיע פאַר'משכון'ען אָדער זיך אליין פאַרקויפען צו די הערין סווידריגיילאָווס? פון די סווידריגיילאָווס, פון אַפאַנאַסי וואַכרושיניע; מיט וואָס וועסטו זיי איינהיטען, דו גרויסער מיליאָנער פון משיח'ס צייטען, דו גרויסער העלד, וואָס זאָרגט זיך וועגען זייער גליק? איבער צעהן יאָהר ארום, זאָגסטו? אָבער איבער צעהן יאָהר ארום וועט די מאַמע דיינע שוין בלינד ווערען פון שטריקען די האַלזטיכלעך, און אפשר פון טרעהרען; פון תעניתים וועט זי אויסגעהן; און די שוועסטער? נו, גיב טאַקע א טראַכט, וואָס עס קען ווערען פון דיין שוועסטער איבער צעהן יאָהר ארום? געטראָפען?

ראָליש געפיהל; פרייהייט, רוה, געוויסען, אלץ, אלץ, וועלען מיר אין מארק ארויסטראגען. זאָל פארלאָרען געהן דאָס אייגענע לעבען! אבי אונזערע הייסגעליעבטע קרובים זאָלען גליקליך זיין! און דאָס איז נאָך ווייניג: מיר וועלען אויסטראכטען אן אייגענעם אויסדרעה, ווי אמת'ע יעזואיטען, און וועלען אפשר אויף א ווײַלע זיך אַליין בארוהיגען און איינשמועסען, אז אזוי דאַרף טאקע זיין, ווייל מיר זיינען אויסען א הייליגען צוועק. אָט וואָסערע מיר זיינען, און אלץ איז קלאָר ווי דער טאָג. ס'איז קלאָר, אז ניט קיין אנדערער ווי נאָר ראָדיאָן ראָמאָנאָוויטש ראַסקאָלניקאָוו שטעהט דער ערשטער אויפ'ן ברעטעל. נו, ווי זשע דען, זי קען דאָך איהם גליקליך מאכען, אין אוניווערזיטעט האַלטען, פאר א קאָמפּאַניאָן אין קאָנטאָר מאכען, פארזאָרגען איהם אויף זיין גאַנץ לעבען; ער קען נאָך אמאָל א גביר ווערען, א פיינער אָנגעזעהענער בעל־הבית, און אָ קשיא אויף א מעשה, ער קען נאָך שטאַרבען אלס באַריהמטער מאַן! איי, די מוטער? דאָ האַנדעלט זיך דאָך אבער וועגען ראָדיאָ'ן, וועגען דעם גאָלדענעם ראָדיאָ'ן, וועגען דעם בכור! נו, ווי זאָל מען אין דער אמת'ען צוליעב אזא בכור ניט אָפּפּערען אפילו מיט אזא טאָכטער! אָ, איהר טייערע פארבלאָנזשעטע נשמות! נאָר וואָס איז דאָ צו ריידען: דאָ וועלען מיר זיך אפשר נישט אָפּזאָגען אפילו פון סאָניטשקעס גורל! סאָניטשקע, סאָניטשקע מאַרמעלאַדאָווא, די אייביגע סאָניטשקע, זינט די וועלט שטעהט! האָט איהר אבער דען ביידע א באַגריף וואָס פאר א קרבן דאָס איז? זעהט אָקאָרשט! איז עס דען פאר אייערע כחות? וועט עס דען נוצען ברייגגען? איז עס דען קלוג? צי ווייסט איהר כאָטש, דוניטשקע, אז סאָניטשקעס גורל איז אפילו אויף א האָר ניט ערגער פאר'ן גורל מיט'ן ה. לוזשין? „קיין ליעבע קען דאָ ניט זיין", שרייבט די מאַמע. און וואָס איז דאַן אויב אויסער ליעבע קען אויך קיין אכטונג ניט זיין, פאַרקעהרט, ס'איז שוין פאַרהאַן עקעל, פאַראַכטונג, ווידערגעפיהל, וואָס איז דאַן? אָט וואָס ס'קומט דאַן אויס, אז מען וועט ווידער, הייסט עס, דאַרפען „אָפּהיטען די ריינקייט". אפשר ניט אזוי, וואָס? פארשטעהט איהר כאָטש, פארשטעהט איהר כאָטש, פארשטעהט איהר כאָטש, וואָס עס באַטייט די דאָזיגע ריינקייט? פארשטעהט איהר כאָטש, אז לוזשינס ריינקייט איז אלץ איינס ווי סאָניטשקעס ריינקייט, און אפשר איז זי נאָך ערגער, שמוציגער, שענדלי־

ציע וועגען דעם, אז ס'איז פיעל גלייכער צו האבען א ווייב, וואס זאל
שטאמען פון ארימקייט און וואס זאל פיהלען, אז דער מאן האט זי גע־
ראטעוועט, — קען מען אויך פארטראגען. מילא זאל שוין זיין. אז ער
האט זיך „אויסגערעדט", ער איז אפילו א געשטעלטער מענש (דערי־
בער איז זעהר מעגליך, אז ער האט זיך דאס ניט אויסגערעדט, נאר ער
איז פשוט אויסען געוועזן וואס קלארער געבען צו פארשטעהן), אבער
דוניע, דוניע וואס זאגט! זי פארשטעהט זיך דאך שוין אויפ'ן מענשען.
און מען דארף דאך מיט איהם דורכמאכען עפעס א לעבען! זי וועט
דאך בעסער עסען ברויט מיט וואסער, אבער די נשמה איהרע וועט זי
שוין ניט פארקויפען, אבער די גייסטיגע פרייהייט איהרע וועט זי ניט
אפגעבען פאר א טאפ לינזען; פאר א הלאבע מלוכה וועט זי ניט אפ־
געבען, ניט נאר פאר ה. לוזשינען. ניין, ניט דאס איז זי געוועזן, אויף
וויפיעל איך האב זי געקענט, און... נו, יא, געוויס האט זי זיך אויך
איצט ניט אומגעביטען!... וואס איז דא צו ריידען! ס'איז שווער צו
טראגען די סווידריגיילאווס! ס'איז שווער פאר צוויי הונדערט רובל
צו שלעפען זיך א גאנץ לעבען איבער די גובערניעס אלס גובערנאנ־
טין, דאך אבער בין איך זיכער, אז מיין שוועסטער וועט זיך גיכער
פארדינגען פאר א נעגער צו אן אמעריקאנער פלאנטאטאר פאר א פא־
רובאק צו א דייטשען פריץ, איידער זיך לאזען פארשמוצען דאס הארץ
און די נשמה און פארבינדען זיך מיט א מענשען, צו וועלכען זי פיהלט
ניט קיין שום אכטונג, האט ניט קיין שום שייכות, — פארבינדען זיך
אויף אייביג צוליעב א שטיקעל ברויט! און דער ה. לוזשין מעג זיין
אפילו געקנאטען פון דעם ריינסטען גינגאלד אליין, ער מעג זיין אן
אמת'ער בריליאנט, דאך וועט זי אויך דאן ניט וועלען ווערען א גע־
זעצליכע קעפסווייב פון דעם ה. לוזשין! פארוואס אבער וויל זי איצט
יא? וואו איז דא דער שפיץ? וואו איז דא דער שליסעל צו דעם רע־
טעניש? די זאך איז קלאר: צוליעב זיך אליין, צוליעב איהר אייגע־
נעם קאמפארט, אפילו כדי צו ראטעווען זיך פון טויט, וועט זי זיך ניט
פארקויפען, און צוליעב אנ'אנדערן פארקויפט זי זיך יא! צוליעב א
מענשען, וועלכען זי האט ליעב, וועלכען זי פארגעטערט וועט זי זיך
יא פארקויפען! אט וואו ס'איז דער הונד באגראבען! צוליעב דער מו־
טער, צוליעב דעם ברודער וועט זי זיך פארקויפען! אלץ פארקויפען!
א, דא וועלען מיר ביי א געלעגענהייט אוועקמאכען אפילו אונזער מא־

דערקענען, כאָטש די מאמע לייקענט דאָ שטיין און ביין: „איך וועל אליין, הייסט עס, ניט וועלען", איז וואָס מיינט זי, אויף וועמען האָפט זי? אויף די הונדערט און צוואנציג רובל פּענסיע, וואָס מען דאַרף נאָר דערפון אראָפּרעכענען דעם חוב אַפאַנאַסי'ן? זי שטריקט אפילו ווינטערדיגע האַלזטיכלעך און האָפט אויס מאַנקעטען צו ארבעל, בלענדט די אַלטע אויגען. אבער די האלז־טיכלעך מיט די מאַנקעטען ברייננגען דאָך איהר אריין ניט מעהר ווי צוואנציג רובל צו די הונדערט און צוואנציג, איך וויים דאָך עס געננוי.

אַלזאָ, הייסט עס, פארלאָזען זיי זיך פאָרט אויף די איידעלקייט פון דעם הערר לוזשין: „נישקשה, ער וועט אליין פאָרלעגען, ער וועט אליין בעטען זיך". זעהט אקאָרשט! און ס'איז דאָך שטענדיג אַזוי ביי די דאָזיגע סענטימענטאַלע לייט מיט די ערהאבענע נאַטורען: ביז דער לעצטער מינוט פּוצען זיי דעם מענשען אין אויפגעבלאָזענע מעלות, ביז דער לעצטער מינוט האָפען זיי נאָר אויף גוטס, ניט אויף שלעכטס; און כאָטש זיי פּיהלען אליין, אז ער איז אין דער אמת'ען גאָר ניט אזא אנטיק, דאָך וועלען זיי פאר קיין פאַל ניט ארויסזאָגען באַצייטענס די ריכטיגקייט: ווילען אפילו קיין געדאנק ניט דערלאָזען, און מיט ביידע הענט שאָקלען זיי זיך אָב פון דעם אמת, ביז וואנען דער דאָזיגער פארפּוצטער העלד וועט זיי מיט זיינע אייגענע הענט ניט אָנרייבען א מאָרדע. איך וואָלט זיין א בעלן צו וויסען, צי האָט דער ה. לוזשין אָן אָרדען; איך קען שוועהרען, אז יאָ, ער טוט איהם געוויס אָן, ווען ער עסט מיטאָג ביי פּאָדריאַדטשיקעס אָדער סוחרים. עס איז זעהר מעגליך, אז אויף דער חתונה וועט ער איהם אויך אנטאָן! איבּרינענס כאַפּט איהם דער טייוועל!...

„נאָר מילא די מאמע ווי די מאמע, זי איז שוין פאָרט אזא, אבער דוניע, וואָס מיינט זי? דוניע, טייערינקע, איך קען דאָך אייך! אייך איז דאָך שוין דאן געגאנגען דאָס צוואנציגסטע יאָהר, ווען מיר האָבען זיך דאָס לעצטע מאָל געזעהן: דעם כאראקטער אייערען האָב איך שוין פארשטאַנען אָט שרייבט די מאמע, אז „דוניטשקע קען א סך פאַרטראָגען." געוויס, אז זי האָט געקענט אריבערטראָגען דעם ה. סווידריגיילאָוו'ן, מיט אלע רעזולטאַטען דערפון, קען זי טאקע א סך פאַרטראַגען. און איצט מיינען זיי שוין, זי מיט דער מאמען, אז דעם ה. לוזשינען, וועלכער האַלט ביי דער ערשטער באקאנטשאפט א לעק־

און פאַרזיכטיג, אויב מען וויל איהם דערקענען". וועגען דעם ה. לוזשינען אָבער איז נישטאָ קיין סך וואָס צו טראַכטען. דער עיקר — א פארנומענער מענש און, ד אָ כ ט ז י ך, א גוטער". א ווער־טעלע צו זאָגען, דעם באַגאַזש גענומען אויף זיך, דעם גרויסען קאס־טען ברייגנט ער אויף זיין אייגענע רעכענונג. נו איז ער דען ניט קיין גוטער? אוןביידע, די כ ל ה און די מוטער, דינגען א גוי־טשיקעל, אין א וואָגען, מיט ראַגזשע געדעקט (איך בין דאָך געפאָהרען מיט די דאָזיגע פוהרלעך!). נישקשה! ס'איז דאָך ניט מעהר ווי ניינ־ציג ווייאָרסט „און דאָרט וועלען מיר זיך אויפ'ן שענסטען אופן דורכ־פאָהרען אין דריטער קלאַס", א ווייאָרסט טויזענד. און אזוי דאַרף טאַקע זיין: אז מען קען ניט אריבער, מוז מען ארונטער; אבער איהר, הערר לוזשין, וואָס זאָגט איהר? ס'איז דאָך עפּעס אייערע א כלה... און עס קען דאָך ניט זיין, איהר זאָלט ניט וויסען, אז די מוטער לייהט אויף הוצאות אויפ'ן חשבון פון דער פּענסיע? געוויס, דאָ איז ביי אייך א פּשוט'ער סוחר'ישער חשבון, אן אונטערנעהמונג אויף גלייכע חלקים. אלזאָ זיינען די הוצאות אויך אויף דער העלפט: „האנ־דעלשאַפט איז ניט ברודערשאַפט". אבער אפילו 'אָ האָט זיי דער „קאָמערטשעסקי" מענש פאַרט א ביסעל אָנגעפּייפט: דער באַגאַזש קאָסט ביליגער, ווי זייער פאָהרען, און עס קען זיין, אז ס'וועט איהם א פּרוטה ניט קאָסטען. זעהען זיי דאָס ביידע ניט אָדער ניט מעהר זיי מאַכען זיך ניט זעהענדיג? זיי זיינען דאָך צופריעדען, נאָך ווי צופריעדען. און ווען מען זאָל נאָר א טראַכט טאָן, אז דאָס איז ערשט אן אָנהויב! ווייל דער עיקר איז דאָך ניט די קארגשאַפט, ניט די מאוס'ע קליינליכע אויסגערעכענטקייט, — דער טאָן פון דעם אלעם איז דאָ דער עיקר. דאָס איז דאָך דער קינפטיגער טאָן פון דער חתונה, דאָס איז דאָך די שפּראַך פון דער נבואה... היינט וואָס האָט זיך דאָס די מאמע אזוי צוהוליעט? מיט וואָס וועט זי דאָס קומען קיין פּעטערבורג? מיט דריי קארבען, צי גאָר מיט צוויי „בילעטלעך", ווי יענע... די לאַטע זאָגט... הם! פון וואָס זשע וועט זי לעבען דאָ אין פּעטערבורג דערנאָך, וואָס מיינט זי? זי האָט זיך דאָך שוין איבער גע־וויסע אורזאַכען אָנגעשטויסען, אז מיט דוגיען וועט זי נ י ט ק ע־נ ע ן לעבען נאָך דער חתונה, די ערשטע צייט אפילו! דער פיינער מענש האָט זיך דאָ געוויס אודאי א ו י ס ג ע ר ע ד ט, האָט זיך געלאָזט

מאמע שרייבט) און איז ד א כ ט ז י ך א גוטער, ווי דוניטשקע באמערקט אליין. דאָס דאָזיגע ד א כ ט ־ ז י ך איז שעהנער פון אלץ! און דיזעלביגע דוניטשקע האָט חתונה טאקע מיט דעם דאָזיגען ד א כ ט ־ ז י ך !... גרויסארטיג !... גרויסארטיג !...

„...און דאָך וואָלט זיין אינטערעסאנט צו וויסען, צוליעב וואָס די מאמע האָט מיר געשריבען וועגען „די נייסטע איבערציי:נגען“? האָט זי דערמיט נאָר געוואָלט כאראקטעריזירען דעם חתן, אָדער זי איז דאָ אויסען געווען גאָר עפּעס אנדערש: זי האָט מיך דערמיט געוואָלט אפּקויפען — איך זאָל גוט זיין צו דעם דאָזיגען פּאָרטגעשריטענעם ה. לוזשין א, ווי קלוג איהר זענט! און ס'וואָלט זיין אינטערעסאנט צו דערגעהן נאָך א זאך: ווי ווייט אָפענהערציג זיינען זיי געווען צווישען זיך אין יענעם טאָג און יענער נאַכט און אין דער גאנצער צייט דער־נאָך. האָבען זיי איינער דעם אנדערן ארויסגעזאָגט אלע ווערטער, אָדער זיי האָבען ביידע פארשטאנען, אז איינס און דאָסזעלבע דריקט זיי ביידען דאָס הארץ און דעם זינען, און ס'איז אלזאָ ניט נויטיג צו ריידען וועגען דעם אויפ'ן קול, מען קען זיך נאָך ארויסבאָפען מיט אן איבריג וואָרט. אפשר, אז אזוי איז טאקע געווען; ס'איז קענטיג פון דעם בריעף. דער מאמען איז ער אויסגעקומען צו שטרענג א ב י ס ע ל ע, און די נאאיווע מאמע איז שוין אוועק צו דוניען מיט איהרע מעשיות. נאטירליך איז יענע אין כעס געוואָרען און האָט „געענטפערט מיט א פאררדאָס“. געוויס אזוי! ווער וועט ניט צו־קאָכט ווערען, ווען די זאך איז אזוי אויך קלאָר, אהן די נאאיווע קשיות, און ווען ס'איז שוין אָפּגעמאכט, אז ס'איז נישטאָ וואָס צו ריידען. היינט וואָס שרייבט זי דאָס מיר אזוינס: „האָב ליעב דו־ניען, ראָדיא, און זי האָט דיך ליעב מעהר ווי זיך אליין“: אפשר קען זי אליין טיעף אין הארצען ניט רוהען, וואָס זי האָט איינגעוויליגט צו אָפּפערן די טאכטער פאר'ן זוהן. „דו ביסט אונזער טרייסט, דו ביסט אונזער האָפנונג!“ אָ, מאמע!... א ווילדער כעס האָט איהם באהערשט אלץ שטארקער און שטארקער, און ווען ער וואָלט איצט געטראָפען דעם ה. לוזשינען, וואָלט ער איהם, דאכט זיך, דער'הרג'עט!

„המ!... דאָס איז אמת, — האָט ער ווידער גענומען יאָגען זיך נאָך די געדאנקען, וואָס האָבען זיך ווי א וויכער געטראָגען אין זיין קאָפּ, — דאָס איז אמת, אז צו א מענשען דאַרף מען צוגעהן געדולדיג

מערקענדיג דעם וועג, אונטערמורמלענדיג עפּעס פאַר זיך און ריידענ־דיג זאָגאַר אויפ'ן קול מיט זיך אַליין. וואָס דאָס איז געווען א גרויסער חידוש פאַר די פאַרבייגעהער. א סך האָבען געמיינט, אַז ער איז שכור.

---

## פ י ע ר ט ע ס ק אַ פּ י ט ע ל.

דער מוטערס בריעף האָט איהם פאַרמאַטערט. נאָר וועגען דעם וויכטיגסטען הויפּט־פונקט האָט ער קיין איין רגע ניט געצווייפעלט, שוין דאַן אפילו, ווען ער האָט דעם בריעף געלעזען, און ס'איז ביי איהם פעסט באַשלאָסען געוואָרען: „כל זמן איך לעב, וועט זי מיט איהם ניט חתונה האָבען, און צו אַלדי טייוועל דעם הערר לוזשינען!"

„ווייל די זאַך איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג", האָט ער געשמאָ־מעלט פאַר זיך, און א בייזער שמייכעל האָט צוקרימט זיינע ליפּען: מיט א בייזען געפיהל האָט ער שוין געפייערט דעם נצחון פון זיין פּלאַן. — ניין, מאַמע, ניין דוניע, איהר וועט מיך ניט אָפּנאַרען!... און זיי פאַרענטפערן זיך נאָך, וואָס זיי האָבען זיך מיט מיר קיין עצה ניט געהאַלטען, און געשלאָסען דאָס געשעפט אָהן מיין וויסען! גע־ווים אַזוי! זיי מיינען, ס'איז שוין פאַרפאַלען; מיר וועלען אָבער זעהן, צי עס איז פאַרפאַלען צי ס'איז ניט פאַרפאַלען! דער תירוץ איז טאַקע נאָר אויף חדושים: „ער איז אַז אַפאַרנומענער מענש, אַט דער דאָזי־גער פּיאָטר פּעטראָוויטש, אַזאַ פאַרנומענער מענש, אַז אפילו חתונה האָבען קען ער אויך ניט אנדערש ווי אויף איין פּוס, א בייזע איילעניש אויף זיין קאָפּ!"

ניין, דוניטשקע, איך זעה אַלצדינג און ווייס וועגען וואָס דו קלייבסט זיך דאָס אַזוי פּ י ע ל מיט מיר צו ריידען; איך ווייס אויך, וואָס דו האָסט די גאַנצע נאַכט דאַמאָלס געטראַכט, געהענדיג אויף און אָב איבער'ן צימער, און וועגען וואָס דו האָסט גאָט גע־בעטען. ס'איז שווער צו זיין א קרבן. הם!... איז דאָס שוין אַלזאָ אַן אָפּגעמאַכטע זאַך: איהר האָט די עהרע חתונה צו האָבען מיט א פאַרנומענעם און געשטעלטען מענשען, וואָס האָט שוין זיין אייגענעם קאַפּיטאַל (וואָס האָט ש ו י ן זיין אייגענעם קאַפּיטאַל — דאָס קלינגט עפּעס סאָלידער, זיכערער), פאַרנעהמט צוויי שטעלעס, סימפּאַ־טיזירט מיט די נייסטע איבערצייגונגען פון דעם יונגען דור (ווי די

צען! דוניע געהט ארום ווי א משוגע'נע, דערמאַהענדיג זיך אין דער גליקליכער שעה, ווען זי וועט זיך ווידער מיט דיר זעהן, און זי האָט איינמאָל געזאָגט אין א וויץ, אז צוליעב דעם אליין וואָלט זי גענומען פיאָטר פעטראָוויטש'ן. ס'איז א מלאך, ניט קיין מענש! זי שרייבט דיר איצט גאָרנישט צו; זי האָט מיר נאָר געהייסען דיר שרייבען, אז זי האָט דיר אזוי פיעל צו זאגען, אזוי פיעל, אז ביי איהר הויבען זיך אפילו די הענט ניט צו נעהמען זיך פאר דער פען, ווייל אין א פּאָר שורות וועט זי גאָרנישט אויסשרייבען און וועט זיך נאָר אויפרעגען. זי האָט געהייסען דיך פעסט ארומנעהמען און שיקט דיר קושען אָהן א צאהל. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר וועלען זיך אפשר אין גיכען זעהן, וועל איך דיר דאָך די טעג ארויסשיקען א ביסעל געלט, איך וועל זעהן וואָס אויף די קניה און ווי מיר זיינען דאן אלע גליקליך געווען! זיי געזונד, אָדער, בעסער געזאָגט, צום ווידער־זעהן! איך נעהם דיך פעסט ארום און קוש דיר טויזענדער מאָל.

פון מיר דיין דיך היים־ליעבענדע מוטער
„פולכעריא ראסקאלניקאווא“.

די גאנצע צייט בעמט, וואָס ראסקאָלניקאָוו האָט געלייענט דעם בריעף, פון סאמע אָנהויב אָן, איז דאָס פּנים ביי איהם נאס געווען פון טרעהרען; אז ער האָט אבער געענדיגט, איז עס געווען בלאס, ווילד צוקרימט, און א שווערער, גאַליגער, בייזער שמייכעל האָט זיך געשלענגעלט איבער זיינע ליפּען. ער האָט אוועקגעלעגט דעם קאָפּ אויף זיין הארט און שמוציג קישעלע און האָט געטראכט, לאַנג גע־טראכט. דאָס הארץ האָט איהם שטארק געקלאפּט, און זיינע געדאנ־קען זיינען געווען שטארק אויפגערעגט. ענדליך איז איהם געוואָרען שווער און אייננ אין דעם דאָזיגען געלען קעמערל, וואָס האָט אויסגע־זעהן ווי א שאפע אָדער ווי א קעסטעל. דאָס אויג און דער מוח האָ־בען זיך געריסען אויף דער פריי. ער האָט געכאפּט דעם הוט און איז ארויס, שוין ניט מורא האָבענדיג מיט וועמען עס איז צו טרעפען זיך אויף די טרעפּ; ער האָט פּשוט פארגעסען וועגען דעם. ער האָט זיך געלאָזט געהן צו דער וואסיליעווער אינזעל דורך וו—ער פּראָס־פּעקט, גלייך ווי ער וואָלט ערגעץ געאיילט וועגען א נויטיגע געשעפט; אין דער אמת'ן אבער איז ער, ווי געוועהנליך, געגאנגען, ניט בא־

אוועקשטעלען אזוי, אז דו זאָלסט זיך מיט איהם קענען האלטען ווי מיט דיינעם א גלייכען, בעת ער וועט איצט זיין אין פעטערבורג. ווען דוניע האָט מיט איהם גערעדט וועגען דיר מיט התפעלות, האָט ער געזאָגט, אז יעדען מענשען דארף מען א פריהער אליין גוט באטראכטען און ערשט דערנאָך זאָגען וועגען איהם א מיינונג; דערפאר, האָט ער צוגעגעבען, וועט ער שוין אליין זעהן, וואָס דו ביזט פאר א מענש, בעת ער וועט מיט דיר באקאנט ווערען. דו ווייסט, מיין טייערער ראָדיא, וואָס איך וועל דיר זאגען; מיר דאכט זיך, אז ס'וועט אפשר זיין גלייכער, ווען איך וועל נאָך זייער חתונה וואוינען באזונדער, אזוי ווי ביז אהער, ניט מיט זיי צוזאמען. איך זאָג דאָס דיר ניט מחמת איך האָב עפּעס ארויסגעזעהן פון איהם, נאָר אזוי קומט ביי מיר אוים, און ס'איז אפשר ניט מעהר ווי א שגעון אזא פון אן אלטער באָבען. איך בין זיכער, אז ער וועט זיין אויף אזוי פיעל דעליקאט און איידעל, אז ער וועט מיך אליין בעטען און מיר ניט לאָזען זיך ווידער שיידען מיט דער טאָכטער, און אויב ער האָט נאָך ביז איצט וועגען דעם ניט גערעדט, איז דאָס דערפאר, ווייל עס פארשטעהט זיך פון זיך זעלבסט; נאָר איך וועל זיך סיי ווי סיי אָפּזאָגען. איך האָב שוין אויף מיין לעבען געזעהן ניט איינמאָל, אז די איידימס האָבען ניט איבריג ליעב זייערע שוויגערס, און איך וויל קיינעם ניט פאלען צו לאסט; פארקעהרט, איך וויל אליין זיין א פרייער מענש, כל זמן איך האָב מיין אייגען שטיקעל ברויט און אזוינע קינדער ווי דו און דוניטשקע. אויב ס'וועט מעגליך זיין, וועל איך מיך באזעצען נעבען אייך ביידען, ווייל די בעסטע נייס האָב איך, מיין טייערער ראָדיא, באהאלטען פאר דיר אויף צום לעצטען: זיי וויסען, מיין ליעבער זוהן, אז אפשר גאָר אין גיכען וועלען מיר זיך ווידער אלע צונויפקומען צוזאמען און וועלען זיך אלע דריי ארומנעהמען נאָך דריי יאָהר צושיידט זיין! עס איז שוין באשטימט אויף זיכער, אז איך און דוניע פאָהרען מיר ארוים קיין פעטערבורג, ווען אקוראט — ווייס איך ניט, נאָר אלענפאלס גאָר, גאָר אין גיכען, ס'קען אפשר זיין, אין אן אכטאָג ארום. עס ווענדט זיך אָן פיאָטר'ן. ווי נאָר ער וועט זיך ארומזעהן אין פעטערבורג, וועט ער אונז גלייך געבען צו וויסען. איבער געוויסע אורזאכען, וויל ער וואָס צום גיכסטען אראָפּ'פּטר'ען די חתונה. א, ווי גליקליך איך וועל זיין, ווען איך וועל דיך ווידער קענען צודריקען צו מיין הארי

נאָר ווע:ען דעם. מיר האָבען שוין געפּרובט א זאָג טאָן א פּאָר ווער־טער פּיאָטר'ן. ער האָט אונז געענטפערט זעהר גלאַסען און האָט געזאָגט, אז אזוי ווי ער קען ניט אויסקומען אָהן א שרייבער, איז שוין געוויס בעסער צו צאָהלען געהאַלט אן אייגענעם מענשען, איידער א פרעמדען, אויב נאָר ער וועט דערצו טויגען (א שעהנע מעשה, צי דו וועסט דערצו טויגען!), נאָר ביי איהם איז א ספק, אז דיין ארבייט אין אוניווערזיטעט וועט דיר ניט איבערלאָזען קיין צייט אויף צו באַשעפ־טיגען זיך אין זיין קאָנטאָר. ביי דעם איז דערוויילע געבליבען, נאָר דוניע קלערט איצט ווענען קיין זאַך ניט, אויסער דעם. זי איז איצט, שוין צייט אייניגע טעג, עפּעס אזוי ווי אין א היץ און האָט שוין גע־מאכט א גאנצען פּראיעקט, ווי דו קענסט מיט דער צייט ווערען א חבר און אפילו א קאָמפּאַניאָן אין פּיאָטר'ס געשעפטען, בפרט נאָך, אז דו ביזט אויף דער יורידישער פאקולטעט. איך בין מיט איהר, ראָדיא, פּאָלקאָם איינשטימיג און גלויב אין אלע איהרע פּלענער און האָפנונגען; און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט נאָך אַלין ניט געגעבען קיין קלאָרען ענטפער (און מען קען אויף איהם קיין פּאראיבעל ניט האָבען, כל זמן ער קען דיך ניט), איז דאָך דוניע פעסט איבער־צייגט, אז זי וועט אַלין פּועל'ן מיט איהר גוט הארץ ביי איהר קינפ־טיגען מאַן, — אין דעם איז זי זיכער. פּארשטעהט זיך, אז מיר האָ־בען זיך געהיט פּאר אן איבריג וואָרט וועגען אונזערע פּלענער, איבער־הויפּט וועגען דעם, אז דו זאָלסט ווערען זיין קאָמפּאַניאָן. ער איז א געשטעלטער מענש און דאָס וואָלט ביי איהם געהאט א פּנים פון פוסטע חלומות. דעסגלייכען האָבען מיר איהם א האלב וואָרט ניט געזאָגט וועגען אונזער פעסטע האָפנונג, אז ער וועט דיך אויסהעלפען מיט געלט, ביז דו וועסט ענדיגען די אוניווערזיטעט. מיר האָבען וועגען דעם דערפאר ניט גערעדט, ווייל ערשטענס וועט עס ממילא אזוי זיין מיט דער צייט, און ער וועט אונז מסתמא אליין פּאָרלעגען, אָהן איב־ריגע רייד, (א שעהנע מעשה, וואָלט געווען, ווען ער זאָל גראד אין דעם אָפּזאָגען דוניטשקען!), בפרט נאָך, אז דו קענסט ווערען זיין רעכטע האַנט אין קאָנטאָר און דו וועסט דאָס געלט באַקומען ניטא אלס נדבה, נאָר אלס פאַרדיענטע געהאַלט. אזוי וויל דאָס דוניטשקע אויס־פיהרען, און איך בין מיט איהר פּאָלקאָם איינשטימיג. און צווייטענס האָבען מיר ניט גערעדט דערפאר, ווייל איך האָב זעהר געוואָלט דיך

צופאלען אין א טעות, וואס דערנאך איז עס זעהר שווער צו פאר־ריכטען און פארגלעטען. בעת ער איז ביי אונז געוועזען דאס ערשטע מאל, האט ער אונז געזאגט, אז ער איז אפילו א געשטעלטער מענש, נאר אין א סך זאכען איז ער איינשטימיג מיט „די איבערצייגונגען פון דעם יונגען דור אונזערן" (אזוי טאקע האט ער זיך אויסגעדריקט) און האט פיינט די אבערגלויבען און אויסגעדריקט א ביסעל ווייכער און שענער, ווי איך האב דיר אנגעשריבען, זיין אויסדרוק האב איך אבער פארגעסען, איך געדענק נאר דעם געדאנק; אויסערדעם האט ער עס געזאגט אהן דער מינדסטער כונה, עס האט זיך ביי איהם ארויסגע־כאפט פון מויל, און ער האט זיך אפילו דערנאך געפרובט פארכאפען און פארגלעטען דעם איינדרוק; נאר מיר איז דאס אויסגעקומען א ביסעל צו שארף און איך האב דאס דערצעהלט דוניען. האט מיר דוניע מיט פארדראס געענטפערט, אז „פון זאגען ווערט מען נית טראגען". און זי איז געווים גערעכט. איידער צו געבען איהם אן ענדגילטיגע תשובה, האט דוניטשקע א גאנצע נאכט נית געשלאפען. זי האט געמיינט, אז איך שלאף שוין, איז זי אויפגעשטאנען פון בעט און א גאנצע נאכט אומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער; ענד־ליך, איז זי געפאלען אויף די קניה און האט א לאנגע צייט הייס גע־בעטען דעם רבונו של עולם, און אין דער פריה האט זי מיר געזאגט, אז ביי איהר איז געבליבען אויף יא.

„איך האב שוין דערמאהנט, אז פיאטר פאהרט איצט קיין פעטערבורג. ער האט דארט גרויסע געשעפטען, און ער וויל עפענען אין פעטערבורג אן עפענטליכע אדוואקאטען־קאנטאר. ער פארנעהמט זיך שוין לאנג מיט שתדלנות און אדוואקאטעריי און ערשט די טעג האט ער געוואונען אגרויסען פראצעס. אין פעטערבורג מוז ער זיין, ווייל ער האט א גרויסען פראצעס אין סענאט. אויף אזא אופן, טייערער ראדיא, קען ער דיר אויך שטארק צו נוץ קומען, אין זעהר פיעל זאכען. און ביי מיר מיט דוניען איז געבליבען, אז דו וואלסט פון היינטיגען טאג אן אפילו שוין געקענט אנהויבען דיין קינפטיגע קאריערע. דו וואלסט שוין געהאט א באשטימטע באשעפטיגונג אויף דיין גאנץ לעבען. א, ווען דאס וואלט אויסגעפיהרט ווערען! דאס וואלט געווען אזא גרויסע זאך, אז מען דארף עס האלטען נית אנדערש ווי דעם אויי־בערשטענס א חסד, וואס ער האט צו אונז באוויזען. דוניע טראכט

גע־ניש. זיי וויסען, מיין טייערער ראדיא. אז צו דוניען האט זיך געשלכנ'ט א חתן און זי האט איהם שוין אויך געגעבען איהר יא־ווארט. און כאטיש די זאך איז אפגעטאן געווארען אהן דיין וויסען, נאר איך פארהאף, אז דו וועסט ניט האבען קיין טענות ניט צו מיר און ניט צו דער שוועסטער, ווייל דו וועסט באלד אליין איינזעהן, אז ווארטען און אפלעגען ביז דיין ענטפער וואלט זיין אונמעגליך. און גלאט דו וואלסט ניט קענען אונטער די אויגען באטראכטען די זאך ווי געהעריג איז. די מעשה דערפון איז אזוי: ער איז שוין א „נאדווארני סאווענטיק", פיאטר פעטראוויטש לוזשין, און מארפא'ס א וויטער קרוב, — זי האט דאס טאקע וועגען דעם זעהר פיעל געטאן. ער האט אנגעהויבען פון דעם, וואס ער האט דורך איהר ארויסגעזאגט זיין פארלאנג צו ווערען מיט אונז באקאנט. מיר האבען איהם גאנץ פיין צוגענומען, געטרונקען קאפע, און אויף מארגען טאקע האט ער אריינגעשיקט א בריעף, אין וועלכען ער האט זעהר איידעל אויסגעדריקט זיין פארשלאג און געבעטען, מען זאל איהם גלייך ענטפערען יא אדער ניין. ער איז א טיכטיגער מאן, זעהר א פארנומענער און אליינט זיך איצט קיין פעטערבורג, דעריבער איז ביי איהם יעדע מינוט טייער. נאטירליך זיינען מיר לכתהלה נשתומם געווארען, ווייל די גאנצע זאך איז צוגעגאנגען עפעס פלוצלונג, צו געשווינד. מיר האבען זיך ביידע דאן מישב געווען און באטראכט די זאך דעם גאנצען טאג; מען קען זיך אויף איהם פארלאזען, ער איז גאנץ תקיף, דיענט אויף צוויי שטעלעס און האט זיך שוין זיין אייגענעם קאפיטאל. אמת, איהם איז שוין א יאהר פינף און פיערציג, ער איז אבער נאך גאנץ שעהן און קען נאך אויסנעהמען ביי פרויען. און בכלל איז ער זעהר א געשטעלטער מענש, אן אנשטענדיגער, ניט מעהר, א ביסעל צו רוגזה'דיג און עפעס אזוי ווי א בעל־גאוה, נאר ס'קען זיין, אז עס דוכט זיך נאר אזוי, פון דעם ערשטען קוק. און איך בין דיר מתרה, טייערער ראדיא, אז דו וועסט זיך מיט איהם זעהן אין פעטערבורג, וואס דאס וועט געשעהן גאר אין גיכען, זאלסטו ניט זיין צו איהם צו שטרענג, אויב דיר וועט אין איהם עפעס ניט אזוי געפעלען ווערען. איך זאג דאס דיר אויפ'ן לעצטען פאל, ווייל איך בין זיכער, אז ער וועט אויף דיר מאכען א גוטען איינדרוק. און אויסערדעם אז מען וויל דערקענען א מענשען, דארף מען זיך צו איהם פארהאלטען פארזיכטיג און געדולדיג, כדי ניט אריינ־

ער זאל איהר געבען כח אריבערצוטראגען די נייע שטראף און צו ערפילען איהר חוב. דערנאך איז זי גלייך פון קלויסטער געקומען צופאהרען צו אונז, האט אונז אלץ דערצעהלט, האט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען און מיט אמת'ער חרטה האט זי ארומגענומען דוניען און זי געבעטען רחמים, זי זאל איהר מוחל זיין. אין דעמזעלבען פריהמארגען האט זי זיך גלייך פון אונז אוועקגעלאזען איבער אלע הייזער אין שטאדט און האט אומעטום צוריקגעשטעלט דוניעס גוטען נאמען און אומשולד, פארגיסענדיג טרעהרען און לויבענדיג אין הימעל אריין די גוטע מעלות, ריינע געפיהלען און איידעלע אויפפיהרונג פון דוניען. דאס איז נאך איהר אבער געווען ווייניג, האט זי אלעמען באוויזען און פארגעלייגט אויפ'ן קול דוניעס איינגעהענדיגען בריעף צו ה. סווידריגאלאוו'ן און האט אפילו געלאזט פון איהם אראפנעהמען קאפיעס (דאס, דוכט זיך מיר, איז שוין איבריג). אויף אזא אופן האט זי געמוזט עטליכע טעג נאכאנאנד מאכען וויזיטען דער גאנצער שטאדט, ווייל אייניגע זיינען געווארען ברוגז, וואס מען האט זיי אויך ניט אפגעגעבען דעמזעלביגען כבוד לעזען דעם בריעף. הכלל עס האט זיך אנגעהויבען א מין „אטשערעד" און אין יעדער שטוב האט מען שוין געוואוסט פאראויס, אז אין דעם און דעם טאג וועט מארפא פארלעזען דעם בריעף דארטען, און אויף יעדע פארלעזונג פלעגען זיך ווידער טאקע צונויפקלייבען אפילו די, וואס האבען שוין דעם בריעף אייניגע מאל געהערט לייענען אי ביי זיך אין דער היים אי ביי באקאנטע. איך האלט, אז פיעל, זעהר פיעל איז דא שוין געווען איבעריג; נאר שוין אזא נאטור ביי דער מארפא'ן. ווי די מעשה איז, זי האט אבער פאלקאם ריין געמאכט דוניעס עהרליכען נאמען, און די גאנצע שאנד און חרפה איז אויסגעגאנגען צו איהר מאנ'ס קאפ. ס'איז אפילו אויף איהם א גרויסער צער, כאטש ער איז דא דער הויפט־שולדיגער; נאר מען איז זיך שוין צו שטרענג באגאנגען מיט דעם דאזיגען משוגע'נעם. און דוניען האט מען גלייך גענומען איינלאדען אין אייניגע הייזער אויף לעקציעס, נאר זי האט ניט געוואלט. אלע האבען אנגעהויבען צו פארהאלטען זיך צו איהר מיט גרויס אכטונג. און צוליעב דעם אלעם איז געשעהן עטוואס אזוינס, וואס מאכט אן אין אונזער לעבען, קען מען זאגען, א גאנצע איבערקעהרע־

א גאנץ באריידעווריגע און האט זעהר ליעב צו דערצעהלען וועגען היימישע זאכען, איבערהויפט קלאגען זיך אויף דעם מאן פאר איטלי־כען באזונדער, וואס דאס איז זעהר א מאוס'ע טבע, האט זי די גאנצע געשיכטע פאר א קורצע צייט צוטראגען אויף טעלערלעך ניט נאר אי־בער דער גאנצער שטאדט, נאר אפילו איבער'ן גאנצען אויעזד. איך בין קראנק געווארען, דוניטשקע אבער איז געווען שטארקער פון מיר, און וואלסט געדארפט זעהן, ווי זי האט דאס אלץ איבערגעטראגען און האט נאך מיך געטרייסט און צוגעגעבען מוטה! זי איז א מלאך! נאר גאט האט רחמנות געהאט, און האט גערינדערט אונזערע שמער־צען: דער ה. סווידריגיילאוו האט זיך ארומגעזעהן און חרטה געהאט; אפנים אוים מיטלייד צו דוניען האט ער אויפגעוויזען מארפא'ן מיט קלארע און פעסטע ראיות, אז דוניע איז דא גאט די נשמה שולדיג. ביי סווידראגיילאוו'ן איז געווען א בריעף, וואס דוניע האט איהם גע־מוזט אנשרייבען און איהם איבערגעבען נאך איידער מארפא האט זיי געטראפען אין גארטען, כדי אויסצומיידען פערזענליכע ערקלע־רונגען אויף א געהיימען ראנדעוואו. אין דעם דאזיגען בריעף האט זי איהם זעהר היים און העכסט אויפגעבראכט פארגעווארפען זיין נישט־פיינע אויפפיהרונג געגען מארפא'ן, האט איהם דערמאנט, אז ער איז א פאטער פון קינדער און האט איהם ענדליך געגעבען צו פארשטעהן, ווי ס'איז שענדליך פון זיין זייט צו אנטאן יסורים און אומגליקליך מאכען אן ארים מיידעל, וואס איז אזוי אויך גענוג אומגליקליך און עלענד. מיט איין ווארט, טייערער ראדיא, דער דאזיגער בריעף איז אנגעשריבען אזוי פיין און ריהרענד, אז איך האב געוויינט אויפ'ן קול, לייענענדיג איהם, און איצט קען איך איהם אויך ניט לייענען אהן טרעהרען. אויסערדעם האבען ענדליך די באדינער פון סווידריגיי־לאווס הויז אנגעהויבען אויסצוזאגען פון חדר, און אויפווייזען דוניעס אומשולדיגקייט. זיי האבען געזעהן און געוואוסט פיעל מעהר, ווי דער ה. סווידריגיילאוו אליין האט גערעכענט, ווי די מאדע איז. מארפא איז געווען אויסער זיך, „א טויטער מענש", ווי זי האט זיך אונז דער־נאך אליין מודה געווען. דערפאר אבער האט זי זיך פאלקאם איבער־צייגט אין דוניטשקעס אומשולד און באלד אויף מארגען, ס'איז גראד געווען זונטאג, איז זי גלייך געקומען צופאהרען אין קלויסטער און מיט טרעהרען אויף די אויגען האט זי געבעטען דעם אויבערשטען,

ליכע סצענע. ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז מארפא האט איהר געגעבען א פאטש, און דערנאך האט זי א גאנצע שעה געשריען און האט זי ענדליך געהייסען די מינוט אפפיהרען צו מיר אין שטאדט אריין, אויף א פראסטער פויערשער פוהר, וואהין מען האט אריינגע־שליידערט אלע איהרע זאכען, די וועש, די קליידער, ניט אויפגעלעגט און ניט איינגעבונדען. און דא האט זיך אנגעהויבען א גוסרעגען, און דוניע, באליידיגט און באשמוצט, האט געמוזט דורכמאכען מיט'ן גוי גאנצע זיבענצעהן ווערסט אין אן אפענער פוהר. איצט זאגט אליין, וואס האב איך דיר געקענט ענטפערן אויף דיין בריעף, וואס איך האב באקומען מיט צוויי מאנאטען צוריק, וואס האב איך דיר געקענט שרייבען? אליין בין איך געווען אין גרויס פארצווייפלונג; אבער שריי־בען דיר דעם אמת האב איך ניט געקענט, ווייל דו וואלסט געהאט גרויס צער און עגמת־נפש, וואלסט געווען שטארק אויפגעבראכט, און וואס וואלסטו געקענט העלפען? סיידען זיך עפעס אנטאן, און אויסער־דעם האט דוניע ניט געלאזען; ווידער אנפילען דעם בריעף מיט פוס־טע מעשיות און נארישקייטען, בעת אויפ'ן הארצען ליעגט אזא בארג, האב איך ניט געקענט. א גאנצען חודש האט ביי אונז געקאכט די שטאדט מיט דער דאזיגער געשיכטע, מען האט דערצעהלט מעשיות, וואס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, און ס'איז געקומען אזוי ווייט, אז איך האב מיט דוניען אין קלויסטער אפילו ניט געקענט געהן — אזוי האט מען אונז דורכגעשטאכען מיט די אויגען, זיך געשושקעט און אפילו פאר אונז אין די אויגען האט מען זיך ניט געשעמט אויפ'ן קול צו איבערדערצעהלען די רכילות. אלע באקאנטע האבען מיט אונז אויפגעהערט צו האבען א מגע־ומשא, מען האט אונז אפילו קיין „גוט־מארגען" ניט אפגעגעבען, און איך האב ערקונדיגט פון א זיכע־רער קוועלע, אז די פריקאזטשיקעס און איינינגע שרייבערלעך פון די קאנצעלאריעס האבען אונז געוואלט א מאוס'ן פאטש טאן אין פנים אריין, אויסשמירענדיג די טויערן פון אונזער הויז מיט דזעגעכץ,— און די בעלי־בתים האבען אונז געהייסען זיך ארויסציהען פון דער דירה. אין דעם אלעם איז שולדיג געווען מארפא, וועלכע האט בא־וויזען צו פאר'מאוס'ען און באשמוצען דוניעס נאמען אין אלע הייז־זער. זי קען זיך ביי אונז מיט דער גאנצער שטאדט און אין דעם מאנאט פלעגט זי אלע ווייל קומען צופאהרען און אזוי ווי זי איז

זען? שטעל זיך פאָר אז דער דאָזיגער משוגע׳נער איז שוין לאַנג געוועזן פאַרקאָכט אין דוניען און האָט דאָס אַלץ באַהאַלטען אונטער געמאַכטער גראַבקייט און פאַראַכטונג צו איהר. ס׳קען זיין, אז ער האָט זיך אַליין געשעמט און געוועזן אויסער זיך פאַר שרעק, דערמאָהנענדיג זיך, אז ער, שוין ברוך־השם א טאַטע פון קינדער און א מענש אין די יאָהרען, האָט גאָר אין זינען אַזוינע נאַרישע געדאַנקען, און דערווייל איז ער געוועזן בייז אויף דוניען. און ס׳קען זיין פאַרקעהרט, אז מיט זיין גראָבער אויפפיהרונג און מיט דעם חוזק מאַכען פון איהר, האָט ער נאָר געוואָלט פאַרדעקען דעם אמת. סוף כל סוף האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטען און האָט געהאַט די העזה צו מאַכען דוניען אַן אָפענעם שענדליכען פאָרשלאַג, צוזאָגענדיג איהר אַלערליי מתנות און אויסערדעם, אז ער וועט אַלץ לאָזען און וועט מיט איהר אַוועקפאָהרען אין אנ׳אַנדער דאָרף אָדער אפשר גאָר קיין אויסלאַנד. קענסט זיך פאָרשטעלען די יסורים איהרע! לאָזען גלייך דעם אָרט האָט מען ניט געקענט, ניט נאָר מחמת דעם חוב, — ס׳איז א רחמנות געוועזן אויף מאַרפאַ׳ן; איהר וואָלט דאָך געקענט פּלוצלונג איינפאַלען א חשד, און מען וואָלט, הייסט עס, אָנמאַכען צווישען זיי א בייז לעבען. און דוניטשקע וואָלט אויך געהאַט א מיאוס׳ן סקאַנדאַל; עס וואָלט איהר שוין גלאַט ניט אַראָב. אויסערדעם זיינען דאָ געוועזן נאָך פיעל אַנדערע סבות, און פריהער ווי זעקס וואָכען האָט דוניע אויף קיין פאַל ניט געקענט האָפען אַרויסצורייסען זיך פון דער שרעקליכער שטוב. דו קענסט דאָך, נאַטירליך, דוניען, דו ווייסט, ווי קלוג זי איז און וואָס פאַר א פעסטען כאַראַקטער זי האָט דוניטשקע קען א סך אַריבערטראָגען און אפילו אין די ערגסטע צייטען געפינען אין זיך גענוג מוטה, אום ניט צו פאַרלירען איהר פעסטקייט אפילו מיר האָט זי אויך ניט וועגען אַלץ געשריבען, ווייל זי האָט מיר ניט געוואָלט אָנטאָן קיין האַרצוועהטאָג, דען אַזוי פלעגען מיר זיך אָפט דורכשרייבען. נאָר די געשיכטע האָט זיך געענדיגט גאָר אומגעריכטערהייד. מאַרפאַ האָט צופעליגערווייז אונטערגעהערט איהר מאַן, בעת ער האָט זיך אין נאַרטען געבעטען ביי דוניען, זי זאָל ערפילען זיין באַגעהר; זי האָט דאָס אַלץ פאַרשטאַנען קאַפויר און אין דער גאַנצער זאַך באַשולדיגט דוניען, ווייל זי האָט געהאַלטען, אז דוניע האָט דאָס אַלעס אויפגעטאָן. און טאַקע דאָ אין גאָרטען איז צווישען זיי אויסגעבראָכען א שרעק־

מיך געבעטען, איך זאָל דיר קלאָר מאַכען די גאַנצע זאַך — וואָס האָב איך דיר געקענט דערויף ענטפֿערן ? ווען איך וואָלט דיר אויסגעשריבען דעם גאַנצען אמת, וואָלסטו אפשר געלאָזען האק און פּאַק און כאַטש צו פֿוס אפילו — אבער וואָלסט צו אונז געקומען, ווייל איך קען דיין נאַטור און דיינע געפיהלען און דו וואָלסט ניט געלאָזט דיין שוועסטער טרעטען מיט די פֿיס. איך אליין בין אויך געווען אין דער גרעסטער פֿארצווייפלונג, נאָר וואָס האָט מען געזאָלט טאָן ? אפילו איך אליין האָב דאָן ניט געוואוסט דעם גאַנצען אמת. און דו הויפּט־מניעה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דוניטשקע האָט פֿאַראיאָהרען, בעת זי איז אַנגעקומען צו זיי פֿאַר א גובערנאַטין, גענומען פֿאָראויס הונדערט רובל און מען האָט מיט איהר אויסגערעדט, אז אלע חודש וועט מען איהר אראָפּרעכענען עפּעס פֿון געהאַלט. אלזאָ האָט זי ניט געקאָנט לאָזען די שטעלע, איידער זי האָט ניט געהאַט אָפּגעצאָהלט דעם חוב. און די דאָזיגע סומע האָט זי גענומען איבערהויפּט צו־ליעב דעם ,איצט קען איך דיר דאָס אלץ ערקלערען, מיין טייערער ראָדיא), זי זאָל דיר דערפֿון ארויסשיקען זעכציג רובל, אין וועלכע דו האָסט זיך אזוי שטאַרק גענויטיגט און וועלכע דו האָסט פֿון אונז פֿאַר־אַ־יאָהרען באקומען. מיר האָבען דיך דאַמאָלס אָפּגענאַרט און געשריי־בען, אז דאָס איז פֿון דוניטשקעס געלט, וואָס זי האָט נאָך אמאָל אָנ־געקליבען ; דאָס איז אָבער ניט געווען אזוי, און איצט שרייב איך דיר אויס דעם גאַנצען אמת ; ווייל איצט האָט זיך פּלוצלונג אלץ אויסגע־ביטען מיט גאָטס הילף צו גוטען, און כדי דו זאָלסט וויסען, ווי דוניע האָט דיך ליעב און וואָס פֿאַר א גאָלדען האַרץ זי האָט. דעם אמת זאָ־גענדיג, איז דער ה׳ סווידריגיילאָוו צו איהר די ערשטע צייט געווען זעהר גראָב, פֿלעגט זיך מיט איהר באַגעהן גאָר נישט־אַנשטענדיג און פֿלעגט זיך ערלויבען צו מאַכען פֿון איהר חוזק ביים טיש... נאָר איך וויל זיך ניט ארייינלאָזען אין די אלע טרויעריגע איינצעלהייטען, איך זאָל דיר אומזיסט אָפּעסען דאָס האַרץ, וויבאלד זי האָט דאָס שוין אלץ אריבערגעקומען. קורץ, דוניטשקען איז דאָרט געווען זעהר ביטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מארפֿא, ה׳ סווידריגיילאָווס פֿרוי, און אלע אין שטוב זיינען זיך מיט איהר זעהר פֿיין און איידעל באַגאַנגען. איבערהויפּט איז איהר שווער געווען, ווען דער ה׳ סווידריגיילאָוו פֿלעגט זיין א ביסעל מלא. נאָר וואָס מיינסטו, האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויי־

פון צוויי לויט, צוויי גרויסע פּאָסט־בויגענס זיינען געווען געדיכט באַ־
דעקט מיט קליינטשיקע אותיות'לעך.

„מיין טייערע ראַדיא, — האָט די מוטער געשריבען, — שוין
צוויי חדשים, אז איך האָב מיט דיר ניט גערעדט דורך א בריעף;
איך האָב דערפון אליין געליטען, פלעג אמאָל א נאכט ניט שלאָפען,
פון טראַכטען. נאָר דו וועסט מיך געוויס ניט באשולדיגען, וואָס איך
האָב דיר אזוי לאנג ניט געשריבען. דו ווייסט דאָך, ווי דו ביסט מיר
טייער; דו ביסט ביי אונז איינער, ביי מיר און ביי דוניען, דו ביסט
אונזער גאנצע האָפנונג, אונזער גאנצער טרייסט. ווי מיר איז געווען
אויפ'ן הארצען, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אז דו ביסט שוין זייט
איינינגע מאָנאטען ארויסגעטראָטען פון אוניווערזיטעט, ווייל דו האָסט
ניט געהאַט אויף צום לעבען, און אז דיינע לעקציעס און די איבריגע
געלט־מיטלען האָבען זיך אויסגעלאָזען, — ווייס איין גאָט אין הימעל!
וואָס האָב איך דיר געקענט העלפען מיט מיינע הונדערט און צוואנציג
רובל א יאָהר פּענסיע? די פופצעהן רובל, וואָס איך האָב דיר גע־
שיקט מיט פיער מאָנאטען צוריק, האָב איך געליהען, ווי דו ווייסט
אליין, ביי אונזערען א היגען סוחר, וואסילי וואכרושין, טאַקע אויפ'ן
חשבון פון דער דאָזיגער פּענסיע. ער איז א גוטער מענש און איז גע־
ווען נאָך דעם פאָטער דיינעמס א פריינד. נאָר אזוי ווי איך האָב
איהם געגעבען דאָס רעכט, ער זאָל אָנשטאָט מיר באקומען די פּענ־
סיע, האָב איך געמוזט ווארטען, ביז וואנען איך וועל אויסצאָהלען
דעם חוב, און איך האָב עס ערשט איצט אויסגעצאָהלט. דעריבער
האָב איך דיר די גאנצע צייט גאָרנישט געקענט שיקען. נאָר, א דאנק
דעם אויבערשטען, איצטער קען איך דיר, דאכט זיך, נאָך עפּעס שי־
קען. איך קום דיר צו מעלדען, אז אונזער מזל האָט ווידער אויפגע־
שיינט. ערשטענס, מיין טייערע ראָדיא, שטעלסטו זיך דאָס פאָר,
אז דיין שוועסטער וואוינט שוין אַנדערטהאלבען מאָנאטען מיט מיר
דאנק דיר, ליעבער גאָט, א סוף צו איהרע צרות. מיר זיינען צוזאמען
צוזאמען און מיר וועלען זיך ווייטער אויך מעהר ניט צושרייען. איך
דערצעהלען אלץ כסדר, דו זאָלסט וויסען, וואָס דאָ איז געווען און וואָס
מיר האָבען פון דיר ביז אהער באהאלטען. ווען דו האָסט מיר אמאָל
מעלט געשריבען, אז דו האָסט געהערט איינעם דערצעהלען, וואָס דו־
ניע האָט אויסצושטעהן ביי די סווידריגיילאָווס אין הויז, און האָסט

— דו ווילסט אפנים דעם גאנצען פארמעגען מיט אמאָל ?
ער האָט אויף איהר א מאָדנעם קוק געטאָן.

— יאָ, דעם גאנצען קאפיטאל מיט אמאָל, — האָט ער פעסט געענטפערט, נאָך א קליינעם שווייגען.

— זעה אבער פאמעלעך, אניט וועסטו דערשרעקען ; ס'איז דאָך מיט דיר גאָר סכנת נפשות. און נאָך זעמעל געהן, צי מען דארף שוין ניט ?

— ווי דו ווילסט.

— יאָ, איך האָב גאָר פארגעסען ! דיר איז נאָך נעכטען א בריעף אנגעקומען. דו ביסט אין דער היים ניט געווען.

— א בריעף ? צו מיר ? פון וועמען ?

— פון וועמען, וויים איך ניט. איך האָב געגעבען דעם בריעף־טרעגער דריי קאָפּיקעס פון מיין אייגענער קעשענע. דו וועסט מיר אפּגעבען, יאָ ?

— טאָ ברייננ זשע גיכער צו טראָגען, ברייננ די רגע, ווי גאָט איז דיר ליעב ! — האָט ראסקאָלניקאָוו אויסגעשריען אויסער זיך פאר אויפרעגונג. — אָ, מיין גאָט !

אין א ווײלע ארום איז דער בריעף געווען ביי ראסקאָלניקאָוו'ן. אודאי אזוי : פון דער מוטער פון ר—ער גובערניע. ער איז אזש בלאָס געוואָרען, נעהמענדיג איהם. שוין לאנג האָט ער קיין בריעף ניט ערהאלטען : נאָר איצט האָט איהם אויך עפּעס אנדערש וואָס מיט אמאָל פארקלעמט דאָס הארץ.

— נאסטאַסיא, געה אוועק, איך בעט דיך ; נאָ דיר דיינע דריי קאָפּיקעס ,נאָר געה גיכער אוועק, אום גאָטעס ווילען !

דער בריעף האָט געציטערט איז זיינע הענט ; ער האָט איהם ניט געוואָלט עפענען פאר איהר אין די אויגען : ער האָט געוואָלט בלייבען אַ ל י י ן מיט דעם דאָזיגען בריעף. קוים איז נאסטאַסיא ארויס, האָט ער איהם האסטיג צוגעטראָגען צו די ליפּען און א קוש געטאָן. דערנאָך האָט ער נאָך לאנג געקוקט אויפ'ן אדרעס, אויף די באקאנטע ליעבע און קליינע אותיות פון זיין מוטער, וואָס האָט איהם אמאָל־אמאָל געלערנט לעזען און שרייבען. ער האָט זיך ניט געאיילט צו עפענען דעם בריעף, גלייך ווי ער וואָלט פאר עפּעס מורא געהאט. ענדליך האָט ער געעפענט : דער בריעף איז געווען א גרויסער, א שווערער,

ער האָט זיך א קרים געטאָן.

— אין פּאָליציי? וואָס וויל זי?

— צאָהלסט ניט קיין דירה־געלט און ציהסט זיך ניט ארויס פון צימער. אָט דאָס וויל זי.

— צו אלדי טייוועל, נאָר דאָס האָט מיר געפעהלט, — האָט ער געמורמעלט, קריצענדיג מיט די ציינ, — ניין, איצטער איז דאָס מיר גאָר ניט צום האנט... זי איז א גרויסער נאר! — האָט ער הויך צוגעגעבען. — איך וועל צו איהר היינט אריינגעהן, וועל איך מיט איהר איבעררעדען.

— א נאר איז זי טאקע א נאר, פונקט אזא ווי איך, א שטייגער, אָבער דו כחם איינער, וואָס ליעגסטו עפּעס ווי א האָלץ, און מען זעהט פון דיר ניט וואָס א האָהר איז ווערט מילא פריהער האָסטו געזאָגט, דו געהסט לערנען מיט קינדער, אלמאי טוסטו איצטער גאָרנישט?

— איך טו... — האָט ראסקאָלניקאָוו געזאָגט מיט כעס און אזוי ווי געצוואונגענערהייד.

— וואָס טוסטו?

— אַן ארבייט...

— וואָס פאר אַנ'ארבייט?

— איך טראכט! — האָט ער ערנסט געענטפערט נאָך א קליינעם שווייגען.

דערהערט פון ראסקאָלניקאָווס ארבייט, איז נאָסטאָסיא שיער ניט געפאלען פאר געלעכטער. זי איז בטבע געווען א לאכעריגע, און אז מען פלעגט זי צולאכען, פלעגט זי לאכען שטיל אין זיך, און דער קערפער פלעגט איהם בעת־מעשה ציטערן און טרייסלען זיך אזוי לאנג, אז איהר פלעגט עס שוין אליין מיאוס און מאוס ווערען.

— נו, עפּעס א סך געלט האָסטו שוין אָנגעטראכט? — האָט זי ענדליך קוים געקענט ארויסריידען.

— אָהן שטיוועל קען מען ניט געהן לערנען מיט קינדער. און דאָס איז ביי מיר גלאַט ווערט א שפּיי.

— וואָס איז מיט דיר אזוי דער יחוס, וואָס דו שפּייסט זיך?

— פאר קינדער לערנען צאָהלט מען גראשענס. וואָס וועסטו מאכען מיט גראשענס? — האָט ער געזאָגט ווידער ווי ניט־ווילענדיג, גלייך ווי ער וואָלט ענטפערן אויף זיינע אייגענע געדאנקען.

זיך וועגען דעם, כאָטש ער איז געזעסען אַהין מיטאָג. נאַסטאַסיא, די קעכין און די איינציגע דיענסט ביי זיין בעל־הבית'טע, איז אַביסעל געווען צופֿריעדען פֿון דעם קוואַרטיראַנטס שטימונג און האָט גאַר אינ־גאַנצען אויפֿגעהערט צוצוקלייבען און אויסצוקעהרען זיין צימער; ווען־ניט־ווען נאָר, אפשר איינמאָל אין דער וואָך, פֿלעגט זי זיך כלומר'שט אַ נעהם טאָן פֿאַר'ן בעזים. דאָס האָט זי טאַקע איצט איהם אויפֿגע־וועקט:

— שטעה אויף, גענוג צו פֿאָפּען! — האָט זי צו איהם געשריען.

— שוין באַלד צעהן אַ זייגער. איך האָב דיר טיי געבראַכט; ווילסט טיי, איאָ? ביסט דאָך חושך, ווי אַנ'ערד!

דער קוואַרטיראַנט האָט געעפֿענט די אויגען, האָט אַ ציטער גע־טאָן און דערקענט נאַסטאַסיאַ'ן.

— דעם טיי האָט די בעל־הבית'טע געשיקט, האַ? — האָט ער אַ פֿרעגע געגעבען און האָט זיך לאַנגזאַם און מיט אַ קרענקליכער מי־נע גענומען אויפֿהויבען פֿון סאָפֿע.

— וואָסער בעל־הבית'טע?

זי האָט אַוועקגעשטעלט פֿאַר איהם איהר אייגענעם צובויגענעם טשייניק מיט אַ ביסעל טיי, וואָס איז נאָך דאָרט געבליבען, און האָט אַוועקגעלעגט צוויי געלע שטיקלעך צוקער.

— זעה, נאַסטאַסיא, איך בעט דיך, — האָט ער געזאָגט, זוכענ־דיג אין קעשענע (ער איז אַזוי געשלאָפֿען אין די זאַכען) און אַרויס־נעהמענדיג פֿון דאָרט אַ ביסעל קופּער — געה קויף מיר זעמעל! און כאַפּ אין קלייטעל כאָטש אַ שטיקעל וואורשט, אָבער ניט טייער.

— זעמעל וועל איך די רגע ברייינגען, און אַנשטאָט וואורשט ביסטו אפשר אַ בעלן אויף אַ באָרשטשעל? אַ טייערער באָרשטש, אַ נעכטיגער. איך האָב דיר נאָך נעכטען געלאָזען, ביסטו אָבער שפּעט געקומען, אַ טייערער באָרשט.

אַז זי האָט געבראַכט דעם באָרשט און ער האָט זיך צו איהם צו־געכאַפּט, האָט זיך נאַסטאַסיא אַוועקגעזעצט נעבען איהם אויף דער סאָפֿע און האָט גענומען פּלוידערן. זי איז געווען פֿון די דאָרפֿישע שיקסעס, אַן אמת'ער פּלוידערזאַק.

— די בעל־הבית'טע וויל דיך פֿאַר'מסר'ן אין פּאָליציע, — האָט זי געזאָגט.

שלאָפען איז ער אומרוהיג און דער שלאָף האָט איהם ניט געשטארקט. ער איז אויפגעשטאַנען א כעס'דיגער, א נערוועזער, א בייזער, און האָט מיט פארביסענער שנאה א קוק געטאָן אויף זיין קעמערל. דאָס איז געווען אַ קליין שטייגעל, זעקס שפאַן די לענג, וואָס האָט אזוי וויינענדיג אויסגעזעהן מיט איהרע געלע, פארשטויבטע, אומעטום פון דער וואנט אָפּגעשטאנענע טאַפּעטען; און אזוי נידעריג איז עס געווען, אַז עטוואס א העכערען מענשען פלעגט דאָ באפאלען א פּחד, און עס פלעגט זיך דאכטען, אַז באלד־באלד וועט ער צוקלאַפּען דעם קאָפּ אָן דער סטעליע. דאָס מעבעל האָט זיך געפּאסט צו דער וואוינונג: דריי אַלטע שטוהלען, ניט גאָר קיין זיכערע, אין ווינקעל א געפארבטער טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען עטליכע העפטען און ביכער; שוין דערפון אליין, וואָס זיי זיינען געווען באדעקט מיט א דיקען שטויב, איז קענטיג געווען, אַז שוין לאנג האָט זיך צו זיי ניט צוגעריהרט קיין מענשליכע האנט; און אַן אומגעלומפּערטע גרויסע סאָפע האָט פארנומען כמעט א גאנצע וואנד און א העלפט צימער אין דער ברייט; אמאָל איז זי געווען באַשלאָגען מיט זיין, נאָר איצט האָט זי זיך געפּורנען אין א שרעקליכען צושטאַנד. דאָס איז געווען ראסקאָלניקאָווס געלעגער. אָפט פלעגט ער אויף איהר שלאָפען אזוי, אין די זאכען, אָהן א לייליך, און פלעגט זיך צודעקען מיט זיין אלטען, אָפּגעטראָגענעם סטודענטישען מאנטעל, צוקאָפּענס א קליין קישעלע, אונטער וועלכען ער פלעגט אונטערלעגען דאָס גאנצע וועש זיינס, סיי ריינע, סיי שמוציגע, עס זאָל זיין העכער צוקאָפּענס. פאר דער סאָפע איז געשטאַנען א קליין טישעלע.

עס איז שוין שווער געווען מעהר אָפּצולאָזען זיך און פארשלומפערט ווערען, נאָר ראסקאָלניקאָוו'ן איז דאָס זאָגאר געווען אנגענעהם ביי זיין איצטיגער שטימונג. ענטשלאָסען איז ער אוועק פון אַלעמען, האָט זיך אינגאנצען אָפּגעזונדערט פון מענשען, און אפילו די דיענסט, וואָס האָט איהם געדארפט באדיענען און האָט ווען ניט ווען אריינגעקוקט אין זיין צימער, פלעגט איהם אויך שטארק אויפרעגען. עס גיבען זיך איין אזעלכע מאָנאָמאַנען, וואָס פארטיעפען זיך צופיעל אין עפּעס א זאך. זיין בעל־הבית'טע האָט איהם שוין צייט צוויי וואכען אויפגעהערט ארויפצושיקען מיטאָגען, און ער האָט נאָך ביז איצט ניט א טראַכט געטאָן אראָפּצוגעהן צו איהר און דורכשמועסען

נומען אריינקומען אין צימער אריין; ענדליך האט זי זיך געלאזט הער־רען א שטארקער קוויטש: דאס האט זיך געשטופט פאראויס אמאליע ליפפעוועקסעל אליין, צו מאכען ארדנונג אויף איהר אייגענעם שטייגער און דעם הונדערטען מאל אנצושרעקען די ארימע פרוי מיט א שטרענגען באפעהל, באגלייט פון זידלעריי, אז זי זאל מארגען אפליידיגען די דירה. אוועקגעהענדיג האט ראסקאלניקאוו אויף דער גיך אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע, האט אנגעכאפט א הויפען קופער־געלט, וואס איז איהם געבליבען פון רובל, וואס ער האט צוביטען אין שיינק, און האט עס אונבאמערקט אוועקגעלעגט אויפ'ן פענסטער. דערנאך, אויף די טרעפ שוין, האט ער חרטה געהאט און האט זיך שוין געוואלט אומקעהרען.

„נו, וואס איז דאס אין דער אמת'ן פאר א משוגעת, — האט ער א טראכט געטאן, — זיי האבען סאניען, און איך דארף עס אליין". נאר באדענקענדיג זיך, אז צוריקנעהמען האט מען שוין ניט געקענט און אז ער וואלט דאך סיי ווי סיי ניט צוריקגעקומען, האט ער א מאך געטאן מיט דער האנט און איז אוועק צו זיך אהיים. „סאניע דארף דאך א זאלב אויך האבען, האט ער ווייטער געטראכט, שפרייזענדיג איבער דער גאס און האט א גיפטיגען שמייכעל געטאן, — אט די דאזיגע ריינקייט קאסט דאך געלט... אי, סאניע! ס'אר א שמאלצגרוב אבער זיי האבען דאס אויסגעבראכען'! און שעפען פון איהר! זיי שעפען דאך! א ווייך געטאן און אויפגעהערט. צו אלץ ווערט דער מיאוס'ער מענש געוועהנט!"

ער האט זיך פארטראכט.

— נו, און ווי איז, אז איך זאג א ליגען, — האט ער פלוצלונג אזוי ווי נישט־ווילענדיג אויסגעשריען, — און ווי איז, אז דער מענש איז טאקע גאר ניט קיין מיאוס'ער, איך מיין, די גאנצע מענשהייט, — הייסט עס, אז אלעם איבריגעס איז ניט מעהר ווי אבערגלויבען, אויסגעטראכטע מעשיות, און ס'זיינען נישטא קיינע פארבאטען, אפען אלע וועגען, און אזוי דארף טאקע זיין!...

---

## דריטעס קאפיטעל.

אויף מארגען האט ער זיך אויפגעכאפט שוין גאנץ שפעט: גע־

— און וואו איז דאָס געלט? — האָט זי געשריען. — א, דאָס מיינער, האָט ער דען אַלץ פאַר'שכור'ט! אין קעסטעל איז דאָך נאָך געבליבען צוועלף קאָרבען!... און פּלוצלונג האָט זי איהם ווילד א כאַפּ געטהאָן פאַר די האָהר און אַריינגעשלעפּט אין צימער. זי האָט זיך ניט געדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען, ווייל מאַרמעלאַדאָוו איז געהאָרכזאַם געקראָכען נאָך איהר אויף די קניה.

— דאָס פאַרשאַפט מיר פאַרגניגען, דאָס טוט מיר ניט וועה, פאַרגניגען פאַרשאַפט עס מיר, מיין הערר, — האָט ער געשריען, בעת זי האָט איהם געריסען פאַר די האָהר. איינמאָל איז ער א פאַל געטהאָן צו דער ערד און האָט צוקלאַפּט דעם שטערן.

דאָס קינד, וואָס איז געשלאָפען אויף דער ערד האָט זיך אויפגע־כאַפּט און זיך צעוויינט. דאָס אינגעל אין ווינקעלע האָט ניט אויס־געהאַלטען, גענומען ציטערן, האָט זיך צושריען און האָט זיך א וואַרף געטהאָן צו דער שוועסטער, ווילד דערשראָקען, ווי אין קאָנוואולסיע. דאָס עלטערע מיידעלע האָט פון שלאָף געציטערט ווי א בלאַט.

— פאַר'שכור'ט! אַלץ פאַר'שכור'ט, אַלץ! — האָט די אָרימע פרוי געשריען אין גרויס פאַרצווייפלונג. — און די קליידער אויך ניט די! הונגעריגע עופ'לעך, הונגעריגע קינדערלעך! (זי האָט פאַרבראָ־כען מיט די הענט און האָט אָנגעוויזען אויף די קינדער). א, פאַר־שאָלטענעס לעבען! און איהר, ווי שעמט איהר זיך דאָס ניט, — האָט זי זיך מיט אמאָל א וואַרף געטהאָן אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן, — פון שיינק! דו האָסט מיט איהם גע'שכור'ט, הא? דו האָסט מיט איהם אויך גע'שכור'ט! אַרויס פון דאַנען!

דער יונגערמאַן האָט זיך גלייך אַרויסגעמאַכט, ניט זאָגענדיג א וואָרט. די אינוויינינגסטע טהיר איינגאַנצען אויפגעפּראַלט און עס האָבען פון איהר אַרויסגעקוקט עטליכע נייגיריגע פאַרשוינען. עס האָ־בען זיך געזעהן חוצפה'דיגע, לאַכענדיגע קעפּ אין יאַרמעלקעס, מיט פּאַפּיראָסען און ליולקעס. איינינגע זיינען געווען אין כאַלאַטען, אינ־גאַנצען פונאַנדערגעשפּילעט, אַנדערע שוין צופּיעל זומערדיג און גאָר ניט אָנשטענדיג געקליידט. איינינגע האָבען געהאַלטען קאָרטען אין די הענט. דערהויפּט האָבען זיי זיך געקייכט פאַר געלעכטער, ווען קאַ־טערינא האָט געשלעפּט מאַרמעלאַדאָוו'ן פאַר די האָהר און ער האָט געשריען, אַז דאָס פאַרשאַפט איהם פאַרגניגען. מען האָט אפילו גע־

צוניפגעדרעהט און איינגעוויקעלט דעם קאָפּ אין קאַנאַפּע. דאָס אינגעל, מיט א יאָהר עלטער פון איהר, האָט געציטערט אין א ווינקעל און געוויינט. מען האָט איהם קענטיג נאָר־וואָס אָנגעשלאָגען. א עלטערע מיידעלע, פון א יאָהר ניין. א הויכינקע און א דינינקע, ווי א שוועבעלע, אין א קלאָגעדיג צופליקט העמדעל, אויף די נאַקעטע פּלייצעס ארויפגעוואָרפען אַנ'אלט מאַנטעלע. וואָס מען האָט איהר קענטיג אויפגענייהט נאָך מיט א פּאָר יאָהר צוריק, ווייל ער איז איהר ניט דערגאַנגען אפילו ביז די קניה, איז געשטאַנען אין א ווינקעלע, נעבען קלענערען ברודער,' און האָט געהאַלטען איהר לאַנגע דארע האַנט ארום זיין האלז. זי האָט איהם געוואָלט אפּנים בארוהיגען, האָט איהם עפּעס געמורמעלט און מיט אלע מיטלען געזעהן איהם איינצוהאַלטען, ער זאָל זיך ווי עס איז ווידער ניט צויאָמערן; און דערזעלבער צייט האָט זי מיט שרעק געקוקט אויף דער מאַמען מיט איהרע גרויסע שווארצע אויגען, וואָס זיינען אויסגעקומען נאָך גרעסער אויף איהר אָפּגעצעהרטען און דערשראָקענעם פּנים'ל. מארמעלאַדאָוו האָט זיך אין טיר געשטעלט אויף די קניה, און ניט ארייגעהענדיג אין צימער, האָט ער ארייגעשטופּט אהין ראסקאָלניקאָוו'ן. דערזעהן אן אונבאקאנטען, איז די פרוי געבליבען שטעהן פאר איהם מיט א צושטרייטען בליק, קומענדיג צו זיך און אזוי ווי טראכטענדיג: נאָך וואָס איז ער אהער ארייגעקומען? נאָר איהר האָט זיך אפּנים גלייך פאָרגעשטעלט, אז ער געהט אין די אנדערע צימערן, ווייל איהר צימער איז דאָך א דורכגאנגס־צימער. באטראכטענדיג דאָס, האָט זי שוין מעהר זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם ארייגעקומענעם און איז אוועק צוצומאכען די טיר אין פאָרהויז. פּלוצלונג האָט זי ארויסגעלאָזט א געשריי; זי האָט דערזעהן אויף דער שוועל דעם מאַן, וואָס איז געשטאַנען אויף די קניה.

— אהא — האָט זי זיך צושריען מיט ווילדער רציחה, — געקומען! מערדער!... און וואו איז דאָס געלט? וואָס איז דאָס ביי דיר אין קעשענע, באווייז! און די קליידער זיינען אויך ניט דיזעלבע! וואו זיינען דיינע קליידער? וואו איז דאָס געלט? זאָג!...

און זי האָט זיך צו איהם א לאָז געטאָן איהם ארומזוכען. מארמעלאַדאָוו האָט געהאָרכזאם און אונטערטעניג גלייך אויפגעהויבען ביידע הענט, כדי גרינגער צו מאכען איהר דאָס זוכען אין די קעשענעס. קיין געלט איז א גראשען ניט געווען.

אליין האָבען זיך געפונען בלויז צוויי שטולען און א קאַנאַפּע מיט א צופּליקטען סאַראַטענעם איבערציה. פאַר דער קאַנאַפּע איז געשטאַנען אַנ'אַלטער סאָסנאָווער ניט־געפאַרבטער טיש אָהן א טישטער. אויפ'ן ברעג טיש איז געשטאַנען אַנ'אויסגעהענדיג חלב'ן ליכטעל אין אַנ'אייזערנעם לייכטער. ס'איז אויסגעקומען, אז מאַרמעלאַדאָוו האָט פאַרנומען א באַזונדער צימער, און ניט קיין ווינקעל, נאָר דאָס איז געווען א דורכגאַנגס־צימער. די טיר, וואָס האָט געפיהרט אין די איבריגע צימערן אדער קעסטעלעך, אין וועלכע אַמאַליעס דירה איז געווען איינגעטיילט, איז געווען עטוואָס אויפגעמאַכט. פון דאָרט האָט זיך געטראָגען טומעל און געפּילדער. מען האָט הויך געלאַכט. מען האָט אפנים געשפּיעלט אין קאָרטען און געטרונקען טיי. עס פלעגען אַמאָל פאַרפליהען ווערטער, נאָר ניט קיין אנשטענדיגע.

ראַסקאָלניקאָוו האָט גלייך דערקענט קאַטערינאַ'ן. דאָס איז געווען א שרעקליך אָפּגעצעהרטע פרוי, דין און דאַר, גאַנץ הויך און שלאַנק, נאָך מיט הערליכע טונקעל־בלאָנדע האָר און מיט רויט־צעפלעקטע באַקען. זי איז געגאַנגען אויף און אָפּ איבערן קליינעם צימער, די הענט צונויפגעדריקט אויפ'ן האַרצען, מיט פאַרשמאַכטע ליפּען, און האָט געאָטהעמט נערוועאיש און אָבגעהאַקט. די אויגען האָבען ביי איהר געברענט ווי אין א פיבער, נאָר דער בליק איז געווען שאַרף און שטאַר. א קרענקליכען איינדרוק האָט געמאַכט דאָס דאַזיגע שווינדזוכטיגע און אויפגערעגטע געזיכט, ביים לעצטען שיין פון דעם אויסגעהענדען ליכטעל, וואָס האָט געציטערט אויף איהר געזיכט. ראַסקאָלניקאָוו'ן האָט זי געשיינט צו זיין פון א יאָהר דרייסיג, און זי האָט טאַקע ניט געפּאַסט מאַרמעלאַדאָוו'ן פאַר א פרוי... זי האָט ניט געהערט, ווי זיי זיינען אריינגעקומען און האָט זיי ניט באַמערקט; זי איז געווען פאַרזונקען אין א מין מרה־שחורה, האָט גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזעהען. אין צימער איז געווען שטיקענד, דאָס פענסטער אָבער האָט זי ניט אויפגעפּענט; פון די טרעפּ האָט זיך געטראָגען אַנ'עיפּוש, נאָר די טיר צו די טרעפּ ארויס איז געווען אָפען; פון די אינוועניגסטע חדרים'לעך האָבען זיך געטראָגען דורך דער אויפגעמאַכטער טיר זיילען רויך פון טאַבאַק. זי האָט געהוסט, אָבער די טיר האָט זי ניט פאַרמאַכט. דאָס קלענסטע מיידעלע, פון א יאָהר זעקס, איז געשלאָפען אויף דער ערד, זיצענדיגערהייד,

ער האט זיך פעסט אנגעהאלטען אן דעם יונגען מאן. מען האט גע־דארפט אבגעהן ביי א צוויי־הונדערט טריט. וואס נאהענטער דער שכור'ער איז צוגעקומען צו זיין היים, אלץ גרעסער איז געוואקסען זיין אומרוהיגקייט און שרעק.

— ניט פאר קאטערינא'ן האב איך איצט מורא, — האט ער געשטאמעלט אין גרויס אויפרעגונג, — און אויך ניט דערפאר, וואס זי וועט מיר דיר האר רייסען. א גרויסע זאך — האר!... דאס איז גראד גארנישט ניט ווערט!... אזוי זאג איך... ס'איז אפילו בעסער, אז זי וועט מיר פאר די האר רייסען, און ניט דערפאר האב איך מורא... איך האב פאר די אויגען איהרע מורא... יא... פאר די אויגען... און פאר די רויטע פלעקען אויפ'ן פנים האב איך אויך מורא... און פאר איהר אטעמען... האסטו וועז געזעהן. ווי מען אטעמט אין דער דאזיגער קרענק... ווען די געפיהלען זענען אויפגערעגט? פאר די קינ־דערס געוויין האב איך אויך מורא... ווייל אויב סאניע האט זיי ניט געבראכט עפעס עסען, ווייס איך שוין אליין ניט וואס! איך ווייס ניט! און פאר קלעפ האב איך ניט קיין מורא... זיי ווייסען, אז די דאזיגע קלעפ געגוג וואס זיי טוען מיר ניט וועה, פארשאפען זיי מיר נאך א פארגניגען... ווייל אהן דעם קען איך גאר ניט אויסקומען. ס'איז בעסער, זאל זי שלאגען, עס ווערט דערפון גרינגער אויפ'ן הארצען... ס'איז בעסער.... נאר אט איז דאס הויז, קאזעלס הויז, א רייכער דייטש, א שלאסער... פיהר מיך!

זיי זיינען אריין דורכ'ן הויף און ארויפגעקומען אויפ'ן פערטען שטאק. וואס ווייטער אויף די טרעפ אלץ פינסטערער איז געווארען. ס'איז שוין געווען באלד א זייגער עלף, און כאטש אין פעטערבורג איז אין דער צייט ניט רעכט פינסטער, דאך איז אויבען אויף די טרעפ געווען זעהר פינסטער.

די קליינע פעררויכערטע טיר אויבען אויף די טרעפ, דארט וואו זיי האבען זיך שוין אויסגעלאזט, איז געווען אפען. א חלב'ן ליכטעל האט באלויכטען זעהר אנ'ארים צימער, א טריט צעהן די לענג; דאס גאנצע צימער האט מען געזעהן פון פארהויז. אלץ איז געווען אנגע־ווארפען אין דער גרעסטער אונארדנונג, איבערהויפט פארשידענע קינ־דערשע שמאטעס. אין א ווינקעל איז געווען איבערגעצויגען א ליי־לעך, פול לעכער, הינטען האט געמוזט שטעהן א בעט. אין צימער

וועט ער משפּט'ן און וועט זיי מוחל זיין, סיי די גוטע סיי די שלעכ־טע, סיי די חכמים סיי די שטילע... און אז ער וועט מיט זיי אלע־מען ענדיגען, וועט ער אויך צו אונז אויסרופען און וועט זאָגען: „קומט אהער איהר שכור'ע, קומט אהער, איהר שוואַכ'ינקע, קומט אהער איהר אלע, וואָס האָבען שוין חרפּה און בושה פארלאָרען". און מיר וועלען קומען, מיר וועלען זיך ניט שעמען און מיר וועלען פאר איהם שטעהן בלייבען וועט ער זאָגען: „איהר זענט חזרים! איהר האָט שוין פארלאָרען אייערע מענשליכע געשטאַלט, געוואָרען אמת'ע חיות; אָבער קומט אהער, איהר אויך!" וועלען פרעגען די קלוגע, וועלען פרעגען די חכמים: ‚רבונו של עולם! פארוואָס נעהמסטו צו אָט די דאָזיגע?" וועט ער זאָגען: „איך נעהם זיי צו דערפאַר, איהר קלוגע און חכמים, ווייל קיין איינער פון זיי האָט ניט געהאַלטען, אז ער זאָל דאָס ווערט זיין"... און ער וועט אונז אויסשטרעקען די הענט זיינע, און מיר וועלען אלע כורעים פאַלען... און וועלען זיך צעוויינען... און וועלען אלץ פארשטעהן! דאַן וועלען מיר אלץ פארשטעהן!... און אלע וועלען פארשטעהן... און קאַטערינא וועט אויך פארשטעהן!...

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער באַנק, אויסגעמוטשעט און אָפּגעשוואַכט; ער האָט אויף קיינעם ניט געקוקט, גלייך ווי ער וואָלט פארגעסען אלעס ארום איהם, און זיך שטארק פארטראַכט. זיינע ווערטער האָבען געמאַכט א שטיקעל רושם; אויף א ווייַלע איז שטיל געוואָרען, אָבער באַלד האָט זיך ווידער געלאָזט הערען א הילכיג געלעכטער און זידלעריי.

— צוגע'פּסק'ענט!

— ניט שלעכט גע'דבר'ט!

— א שענער טשינאָווניק!

א. אז. וו. א. אז. וו.

— קומט, מיין הערר, — האָט מארמעלאַדאָוו פּלוצלונג אזאָג געטאָן, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ און זיך ווענדענדיג צו ראַסקאָלניקאָוו'ן — פיהרט מיך אונטער... קאָזעלס הויז, אין הויף אריין. ס'איז שוין צייט... צו קאַטערינא'ן...

ראַסקאָלניקאָוו האָט שוין לאַנג געוואָלט אוועקגעהן; ער האָט שוין אָבער אליין א טראַכט געטאָן וועגען העלפען מארמעלאַדאָוו'ן. מאַר־מעלאַדאָוו איז אויף די פיס געווען שוואַכער, ווי אויף דער צונג, און

אר און וועה, דאכט זיך, צו מיין שעהנקייט, וואס פאר א מאן איך בין — אויף מיינע שונאים געזאגט געווארען — און גארניט — זי האט מיר א קניפ געטאן אין באק און געזאגט: „אך, מיין גאלד!"

מארמעלאדאוו איז איינשווייגען געווארען, געוואלט א שמייכעל טאן, נאר פלוצלונג האט ביי איהם גענומען ציטערן די אונטערשטע ליפ. דאך האט ער זיך איינגעהאלטען. דער דאזיגער שיינק, דאס פאר'שכור'טע פנים, די פינף נעכט אויף די היי־שיפלאך און דערצו נאך די דאזינע קרענקליכע ליעבע זיינע צו ווייב און קינדער האבען גאר איינגאנצען צוטומעלט זיין צוהערער. ראסקאלניקאוו האט זיך צוגע־הערט מיט געשפאנטער אויפמערקזאמקייט און מיט עפעס א שמערצ־ליכען געפיהל. איהם האט פארדראסען, וואס ער איז אהער אריין.

— מיין הערר, — האט מארמעלאדאוו אויסגעשריגען, קומענדיג צו זיך, — א, מיין הערר, פאר אייך איז דאס אפשר ניט מעהר ווי א געלעכטער, אזוי ווי פאר פיעל אנדערע, און איך דול אייך בלויז דעם קאפ מיט די אלע נארישע מעשיות און קליינליכע פרטים פון מיין לעבען אין דער היים, מיר איז אבער גארניט אין קאפ צו לאכען! ווייל דאס אלץ קען איך פיהלען... און דעם גאנצען טאג דאמאלס, דער גליק־ליכסטער טאג פון מיין לעבען, און דעם גאנצען אבענד האב איך פאר־בראכט אין אזעלכע פרעהליכע חלומות: ווי איך וועל דאס אלצדינג צו רעכט מאכען, באקליידען די קינדערלעך און איהר און וועל איך לאזען אפרוהען און וועל מיין איינציגע טאכטער אויסלייזען פון די נעץ פון זינד און וועל זי אומקעהרען אהיים... און נאך און נאך... דאס מעג מען, מיין הערר, יא, (מארמעלאדאוו האט פלוצלונג ווי א שוידער גע־טאן, האב אויפגעהויבען דעם קאפ און א קוק געגעבען דעם צוהערער גלייך אין די אויגען אריין). יא! און אויף מארגען נאך די דאזיגע פאנטאזיעס (דאס הייסט, פונקט מיט פינף מעת־לעת צוריק), פאר־נאכטליך שוין האב איך ווי א פשוט'ער גנב ארויסגע־גנב'ט ביי קא־טערינא'ן דעם שליסעל פון איהר קעסטעל, האב ארויסגענומען וואס עס איז נאך געבליבען פון דעם געהאלט, וואס איך האב געבראכט.

— איך געדענק שוין ניט וויפיעל. —און אט ווי איהר קוקט מיך איצ־טער אלע אן! שוין דעם פינפטען טאג פון דער היים, און דארט זוכט מען מיר, און שוין א סוף צו דער שטעלע, און דער וויצמונדיר ליעגט שוין אין א שיינק ערגעץ ביים עגיפטישען טויער, איך האב איהם אויס־

אפילו קיין באגריף ניט געהאַט. זי האָט, דאכט זיך, גאָר קיין קליידער ניט געהאַט, אָבער טאַקע גאָרניט, און דאָ האָט זי זיך אויסגעפּוצט, ווי מען זאָגט, אין עסיג און אין האָניג, כאָטש נעהם און גיה אין געסט. מיינט איהר, זי האָט אָנגעטאָן עפּעס אַ רעכטע זאַך, עס הויבט זיך גאָרניט אָן! פון גאָרנישט קענען זיי אייך אַלץ מאַכען, די ווייבער: מען פּאַרקעמט זיך, מען געפינט עפּעס אַ קראַגעלע אַזעלכעס, אַ ריינס, מאַנקעטלעך — און מען קריגט גאָר אַנ'אַנדער פּנים — אַי יונגער אַי שעהנער. פּאַניטשקע, מיין טייבעלע, האָט גאָר מיט געלד געהאָל־פען; אליין אָבער, זאָגט זי, פּאַסט מיר איצט צו אייך ניט אריינצו־קומען, סיידען ווען פאַרנאַכטליך, קיינער זאָל ניט זעהן. איהר הערט, איהר הערט? געקומען נאָך מיטאָג כאַפּען אַ דרעמעל, איז וואָס זשע מיינט איהר? האָט זי ניט אויסגעהאַלטען, קאַטערינאַ, הייסט עס: ערשט פאַר־אַכטאָגען האָט זי זיך אויף טויט צוקריעגט מיט דער בעל־הבית'טע, און איצט רופט זי איהר אויף אַ גלעזעל קאַווע. אַ שעה צוויי זיינען זיי געזעסען און זיך אַלץ געשושקעט: „מיינער האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, געקראָגען אַ שטעלע מיט געהאַלט. ער איז געגאַנגען צו „זיין פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ“, איז „זיין פּראַוואָסכאָדיטעלסטוואָ“ אריין ארויסגעגאַנגען, האָט אַלעמען געהייסען וואַרטען און סעמיאָן זאַכאַריטש'ן האָט ער גענומען פאַר'ן האַנט און האָט איהם פאַר אַלע־מען אין די אויגען אריינגעפיהרט אין קאַבינעט אריין“. איהר הערט, איהר הערט! „איך געדענק זעהר גוט אייערע פאַרדיענסטען, — האָט ער געזאָגט צו סעמיאָנען — און כאָטש איהר האָט אַ שוואַכקייט צום ביטערן טראָפּען, נאָר ווייבאַלד איהר זאָגט מיר צו, און ווייל אָהן אייך קענען מיר, דעם אמת זאָגענדיג, ניט אויסקומען (איהר הערט, איהר הערט!) פאַרלאָז איך זיך אויף אייער עהרען־וואָרט“. אַזוי דערציילט זי דאָס, קאַטערינאַ הייסט עס, דער בעל־הבית'טע אונזערע, אַלץ פון קאָפּ אויסגעטראַכט, מיינט ניט, צוליעב פּוסטע באַריהמעריי! ניין, זי גלויבט טאַקע אַליין אין דעם, טרייסט זיך מיט אויסגעטראַכטע חלומות, אויף מיינע נאמנות! און ס'איז ניט קיין עולה, גאָר קיין עולה ניט! און אַז איך האָב מיט זעקס טעג צוריק געבראַכט צום ערשטען מאָל דאָס גאַנצע געהאַלט מיינס — דריי און צוואַנציג רובעל מיט פער־ציג קאָפּיקעס — האָט זי מיך אָנגערופען מיין גאָלד: „אַך, זאָגט זי, מיין גאָלד!“ אונטער פיער אויגען, איהר פאַרשטעהט? און שוין, אַז

פריידענקענדער מענש ; ביז איך געקומען אהיים און האָב דערצעהלט, אז מען האָט מיך ווידער צוגענומען אויף דער שטעלע און אז איך קריג ווידער געהאַלט, — מילא וואָס ס'האָט זיך דאמאלס ביי אונז אָפּגעטאָן, קענט איהר זיך דאָס גאָרניט פאָרשטעלען...

מארמעלאדאָוו איז ווידער געבליבען שטיל, שטארק אויפגערעגט. אין דער ווייל איז אין שיינק אריינגעקומען פון גאַס א גאנצע חברה שכורים; עס האָט אָנגעהויבען צו שפיעלען א קאַטערינקע, און א הייזע־ריג קינדערש קול'כעל האָט געזונגען עפּעס א ליעדעל. ס'איז געוואָרען טומעלדיג. דער בעל־הבית מיט די באדיענטע זיינען געווען פארטראָ־גען מיט די אָנגעקומענע געסט. מארמאלאדאָוו האָט זיך אויף זיי אפילו ניט אומגעקוקט און האָט ווידער גענומען דערצעהלען. עס איז געווען קענטיג, אז ער איז זעהר אָפּגעשוואַכט, נאָר וואָס מעהר שכור ער איז געוואָרען, אַלץ גערעווודיגער איז ער געוואָרען. ער האָט ווי אָפּ־געלעבט, אז ער האָט זיך דערמאָנט וועגען דעם ערפאָלג, וואָס ער האָט ערשט דאָ ניט לאַנג געהאט אויף דער שטעלע. דאָס געזיכט האָט איהם גענומען שיינען. ראָסקאָלניקאָוו האָט אויפמערקזאם גע־הערט...

— און דאָס איז געווען, מיין העדר, מיט א וואָכען פינף צוריק... יאָ... ווי נאָר זיי האָבען זיך ביידע דערפון דערוואוסט, קאטערינא מיט סאָניטשקען, בין איך אריינגעפאלען אין אַנ'אמת'ן גן־עדן. פריהער, ווען איך פלעג ליעגען ווי א דבר־אחר, איז געווען נאָר געזידעלט זיך, נאָר געשאָלטען ! און איצט : מען געהט אויף די שפּיץ פינגער, מען לאָזט ניט די קינדער א פּיפּס צו טאָן : „סעמיאָן איז מיעד פון דער שטעלע, האָט זיך צוגעלעגט אָפּרוהען, ש ש ש !...“ מען גיט מיר אַלע אין דער פריה קאַווע, און פוטער מיט ברויט ! אמת'ע שמאַנט־פּוטער האָט מען מיר גענומען געבען, איהר הערט ! און פון וואַנען האָבען זיי מיר צונויפגעשלאָגען עלף רובעל מיט פופציג קאָפּיקעס אויף צו באקליידען מיך, פארשטעה איך ניט. שטיוועל, מאַנישקעס לייווענ־מענע — גרויסאַרטיגע, א וויצמונדיר — פאָר עלף רובעל מיט פופ־ציג קאָפּיטעס האָבען זיי מיר דאָס אַלץ געמאַכט — און אויפ'ן שעהנס־טען אופן. ביז איך דאָס ערשטע מאָל געקומען פון דער שטעלע אהיים. ערשט איך זעה, קאָטערינא האָט צוגעריכט צוויי געריכטען, א זופּ און א געבראָטענס מיט חריין ; ביז אָהער האָט מען ביי אונז דערפון

סאפיא געמווזט ארויסנעהמען א געלען בילעט. דאס האבעי איהר בייזע צינגער פאר׳מסר׳ט, און איבערהויפט דאריא פראנצאוונא; זי האט אויף איהר געהאט א הארץ דערפאר, וואס מען האט איהר כלומר׳שט קיין כבוד ניט אפגעגעבען. אלזא האט זי מיט אונז צוזא־מען שוין ניט געקענט לעבען, ווייל די בעל־הבית׳טע אונזערע אמא־ליע האט עס ניט געוואלט דערלאזען (און פריהער האט זי דערינען אליין געהאלפען דאריא׳ן), היינט דערצו נאך האט זיך ארייננעמיישט דער ה׳ לעבעזיאטניקאוו... צוליעב סאניען טאקע האט זיך דאס אנ־געהויבען די גאנצע חתונה צווישען איהם און קאטערינא׳ן. פריהער האט ער סאניטשקען אליין ניט געלאזט רוהען, און דא איז ער פלוצ־לונג געווארען דער גרויסער צדיק: „סטייטש, איך, אזא אויפגעקלער־טער מאן, וועל וואוינען צוזאמען מיט אזוינער און אזוינער?" האט איהם קאטערינא ניט געשוויגען, זיך אנגענומען... איז געווארען א חתונה... און איצט קומט סאניטשקע צו אונז אריין נאר פארנאכטליך: העלפט אונטער קאטערינא׳ן, גיט איהר וויפיעל זי קען נאר... און וואוינען וואוינט זי ביי איינעם א שניידער קאפערנאאומאוו; אליין איז ער א הינקענדיגער און א זאהיקע, און זיין גאנץ געזינדעל — א היבש ביסעל נפשות — זענען אויך זאהיקעס; און דאס ווייב זיינס איז אויך א זאהיקע." וואוינען אלע אין איין צימער, און סאניע האט זיך איהרס א באזונדער צימערל אפגעצאמט... הם... יא... גרויסע קבצנים און זאהיקעס... יא... ווי נאר איך בין דאמאלס אין דער פריה אויפגעשטאנען, האב איך אנגעצויגען אויף מיר די שמאטעס מיינע, האב אויפגעהויבען די הענט צום הימעל און בין אוועק צו „זיין פרע־וואסכאדיטעלכטווא" איוואן אפאנאסיעוויטש — איהר קענט איהם?... ניין?... נו, קענט איהר ניט קיין געטליכען מאן! דאס איז א מלאך — ניט קיין מענש... ווייך ווי א פוטער!... האט זיך פון טרעהרען ניט געקענט איינהאלטען, אז ער האט אויסגעהערט די גאנצע גע־שיכטע. „נו, מארמעלאדאוו, זאגט ער צו מיר, איך האב זיך שוין איינמאל געגארט אין דיר... דאך נעהם איך דיך נאך אמאל אויף מיין אייגענע אחריות", — מיט די ווערטער האט ער מיר געזאגט, — „געדענק־זשע! און געה געזונט!" האב איך געקושט די טריט זיינע, אין געדאנק, פארשטעהט זיך, ווייל אויך אנ׳אמת וואלט ער ניט ער־לויבט: ער פארנעהמט א הויכע שטעלע און איז א געבילדעטער און

איז זי, און א קויל'כעלע האָט זי אזא ווייכס... אליין איז זי א בלאָנ־דע, דאָס געזיכט בלאָס, דאַר) : „וואָס זשע ווילט איהר, קאַטערינא איוואַנאָוונא, איך זאָל געהן אויף אזא זאַך?" און דאַריא פראַנצאָוונא, א מאוס'ע פרוי, וואָס מען קען זי אין פּאָליציי ווי א בייזען שילינגער, האָט זיך שוין דר יימאָל אָנגעפרעגט דורך דער בעל־הבית'טע. „פאַר־וואָס ניט, — ענטפערט קאַטערינא איוואַנאָוונא, מיט א שמייכעל נאָך דערצו — ווערסט עס האַלטען אויף יקרות? א טייערע מציאה!" נאָר ניט באַשולדיגט זי, יונגער מאַן, ניט באַשולדיגט זי! דאָס איז געזאָגט געוואָרען ניט בייט קלאָרען פאַרשטאַנד, נאָר ביי אויפגערעגטע געפיהלען, קראַנקערהייט, ביי א געוויין פון טויט־הונגעריגע קינדער: און זי איז אייגענטליך דערמיט אויסען געווען ניט מעהר ווי זי צו באַליידיגען. אזא נאַטור האָט זי שוין, מיין פרוי. א זייגער זעקס, זעה איך, מיין סאָניטשקע איז אויפגעשטאַנען, האָט אָנגעטאָן א טיכעל אויפ'ן קאָפּ, האָט אָנגעטאָן איהר מאַטעלע און איז ארויס פון שטוב. און ניין דעם זייגער איז זי ווידער צוריקגעקומען. געקומען, גלייך צו קאַטערינא'ן צוגעגאַנגען, און האָט איהר שווייגענדיג אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש דרייסיג קאָרבען. א וואָרט האָט זי ני טאַרויסגערעדט, האָט אפילו אנ'איבעריגען קוק ניט געטאָן, האָט נאָר גענומען א גרוים גרין טיכעל, פאַרדעקט מיט איהם דעם קאָפּ און דאָס געזיכט און זיך אוועקגעלעגט אין בעט, מיט'ן קאָפּ צום וואַנט, און נאָר די פּלייצעס איהרע און דאָס קערפּער'ל האָבען געציטערט... און איך בין נאָך אַלץ אזוי געלעגען ווי פריהער... האָב איך דאַמאָלס געזעהן, יונגער מאַן, האָב איך געזעהן, ווי קאַטערינא איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו סאָניטש־קעס בעט, ניט אויסריידענדיג קיין איין וואָרט, און איז א גאַנצען אָבענד אָפּגעשטאַנען פאַר איהר אויף די קניה האָט איהר די פיס געקושט, האָט ניט געוואָלט אויפשטעהן, און אזוי זענען זיי ביידע אנטשלאָפען געוואָרען, ארומגענומענערהייט... ביידע... ביידע... יאָ... און איך... בין געלעגען עלענד־שכור.

מאַרמעלאַדאָוו איז אנטשוויגען געוואָרען, גלייך ווי ס'וואָלט איהם דער אָטעם פאַרכאַפּט. דערנאָך האָט ער מיט אַמאָל האַסטיג אָנגע־גאָסען נאָך א גלעזעל, האָט אויסגעטרונקען און א קרעכץ געטאָן.

— פון דאַמאָלס אָן, מיין הערר, — האָט ער ווידער אָנגעהויבען, נאָך א קליינעם שווייגען, — פון דאַמאָלס אָן האָט מיין טאָכטער

וועאישע און ווערט גיך צוקאָכט... יאָ, אזוי איז דאָס! נאָר ס'איז ניט וועגען וואָס צו ריידען! קיין ערציהונג, קענט איהר זיך אליין פאָר־שטעלען, האָט סאָניע ניט באַקומען. איך האָב אפילו יאָ געפּרובט באַ־וויזען איהר מיט א יאָהר פיער צוריק געאָגראַפיע און וועלט־געשיכטע: נאָר אזוי ווי איך בין אליין ניט קיין גרויסער קענער, דערצו נאָך האָבען געפעהלט די נויטיגע ביכלעך, ווייל די ביכלעך, וואָס זענען יאָ געווען... נו, המ... אָט די ביכלעך זענען שוין אויך ניטאָ, — דערי־בער האָט זיך פון דער גאַנצער תורה גאָרניט אויסגעלאָזען. מיר זענען שטעהן געבליבען ביי כורש מלך פרס. דערנאָך ערשט, שוין אין די דערוואַקסענע יאָהרען, האָט זי איבערגעלעזען אייניגע ראָמאַנען און דאָ ניט לאַנג האָט איהר דער הערר לעבעזיאַטניקאָוו געקראָגען נאָך א ביכעל, „ד י פ י ז י א ל אָ ג י ע“ פון ליואיס — איהר מוזט וויסען — זי האָט דאָס געלייענט מיט גרויס אינטערעס — אפילו פאַר אונז האָט זי עס אויך פאָרגעלעזען שטיקלעכוויַיז. אָט דאָס איז איהר גאַנצע בילדונג. איצט, מיין הערר, וועל איך אייך פרעגען א קשיא, ווי מיינט איהר, קען עפּעס א סך פערדיענען אַן'אָרימע, אבער אַן'עהרליכע מיידעל, מיט עהרליכע ארבייט?... קיין גילדען א טאָג וועט זי ניט אויסארבייטען, אויב זי איז אַן'עהרליכע און האָט ניט קיין באַזונדערע טאַלאַנטען, איז אויך אויב זי וועט האָרעווען טאָג און נאַכט! און דאָ האָט דער סטאַטסראַטה קלאָפּשטאָק איוואַן איוואַנאָוויטש — איהר האָט געמוזט פון איהם הערען — אָט געגנוג וואָס ער האָט איהר ניט באַצאָהלט געגייה־געלט פאַר א האַלב טוץ האָלענדער העמדער, האָט ער זי נאָך מיט בזיונות פון שטוב ארויסגעטריבען, זיך געזידעלט, גע־טופּעט מיט די פיס, — דער קראַגען איז כלומר'שט נעווען צו שמאָל און צו קרום! און די קינדערלעך זענען נעביך הונגעריג... און קאַטע־רינא געהט אום איבער'ן צימער מיט פאַרבראָכענע הענט און אויף די באַקען פּרעטען איהר ארויס רויטע פלעקען — א סימן פון דער דאַרי־גער קרענק. „זיצסט זיך דאָ ביי אונז אין דער ווארים, דו הולטייקע איינע, עסט און טרינקסט“, אזוי זאָגט זי צו מיין טאָכטער. שוין אז אָך און וועה צו דעם עסען און טרינקען, אז אפילו די קליינע קינדער־לעך האָבען שוין אויך דריי טעג אין זייער מויל ניט געהאַט! בין איך געלעגען דאַמאָלס... נו, מילא וואָס וועל איך זיך דאָ באַהאַלטען! געלעגען עלענד־שכור! הער איך, מיין סאָניע זאָגט (א שטילע טויב

עלטערן האבען פון איהר ניט געוואלט אפילו הערען, בפרט נאך אז זי איז געווען ביי זיך שטאלץ, שוין צופיעל שטאלץ... דאמאלס, מיין הערר, אין יענער שרעקליכער צייט, האב איך איהר פארגעלעגט, זי זאל מיט מיר חתונה האבען. איך בין אליין געווען אנ'אלמן מיט א פיערצעהניעהריגער טאכטער פון דעם ערשטען ווייב. איך האב שוין ניט געקענט צוזעהן דעם צער פון איהר. איהר קענט שוין פאר־שטעהן, ווי גרויס ס'איז געווען איהר נויט, אז ביי איהר איז געווען רעכט חתונה צו האבען מיט מיר, אזא געבילדעטע, מיט אזא ערציהונג, פון אזא פיינעם יחוס. און זי האט חתונה געהאט! געקלאגט און געוויינט — אבער חתונה געהאט! ווייל ס'איז ניט געווען וואוהין צו געהן. פארשטעהט איהר 'מאטש, יונגער מאן, וואס דאס הייסט, ניט האבען וואוהין צו געהן? ניין! דאס פארשטעהט איהר נאך ניט... א גאנץ יאהר האב איך זיך אויפגעפיהרט פיין און לייטיש, איך האב זיך דערצו ניט צוגעריהרט, (ער האט א טיץ געטאן מיט'ן פינגער אויף די האלבע קווארט), ווייל איך האב א הארץ, וואס פיהלט. נאר דאס האט מיר אויך ניט געהאלפען, און דא האב איך פארלארען די שטע־לע, ניט ווייל איך האב מיך פארזינדיגט, — נאר מען האט דאמאלס רעפארמירט די שטאטען, — און דאמאלס האב איך זיך צוגעריהרט!... מיט איאהר אנדערהאלבען צוריק, נאך א היבש ביסעל צרות און נע־ונד זיין, זיינען מיר אנגעקומען אהערצו, אין דער דאזיגער פראכט־פאלער הויפט־שטאדט מיט איהרע קלויסטערס, מאנומענטען, דענק־מעלער. און דא האב איך געקראגען א שטעלע. געקראגען און וויע־דער פארלארען. איהר פארשטעהט'ס? שוין צוליעב מיין אייגענער שולד פארלארען, ווייל ס'איז אנגעקומען מיין ביטערע טבע... און איצט וואוינען מיר אין א ווינקעל ביי אמאליע פעדאראוונא ליפפעוועקסעל, און פון וואס מיר לעבען, מיט וואס מיר צאהלען דירה־געלט, דאס ווייס איך אליין ניט. אזוי לעבען דארט א סך אויסער אונז... אנ'־איינגשאפט, א טומעל — הימעל עפען זיך... המ... יא... און דערווייל איז אונטערגעוואקסען מיין טאכטער, פון דער ערשטער פרוי, און וואס זי איז זיך נעביך אויסגעשטאנען פון דער שטיף־מוטער איהרער, — ווענען דעם וועל איך בעסער מאכען א שוויג, ווייל קאטערינא איוואנאוונא האט אפילו זעהר א גוט הארץ און איז באגייסטערט מיט די גרויסמוטהיגע געפיהלען, נאר זי איז בטבע א הייסגעבארענע, א נער־

א געבילדעטען מאן, וואס זאל מיר קענען מימפּיהלען. איהר דארפט וויסען, אז מיין פרוי איז ערצויגען געוואָרען אין אנ'אינסטיטוט פאר מיוחס'דיגע אדעל־קינדער, און ביים ענדיגען האט זי געטאנצט פאר'ן גובערנאטאר און פאר נאך אזוינע „פני", דערפאר האט זי געקראגען א גאלדענעם מעדאל מיט א פיינעם אטעסטאט. דעם מעטאל... דעם מעדאל האט מען, ברוך השם, פארקויפט... שוין לאנג... יא !... און דער אטעסטאט ליעגט נאך עד היום ביי איהר אין קעסטעל ; נאך דא ניט לאנג האט זי איהם באוויזען דער בעל־הבית'טע. זי האט אפילו מיט דער בעל־הבית'טע שטענדיגע קריגעריי, נאר עס האט זיך איהר פארוואלט כאטש פאר עמיצען זיך א בעריהם טאן און דערמאנען די גליקליכע פארגאנגענע טעג. און ס'איז ניט קיין עולה, גאר קיין עולה ניט, ווייל נאר דאס איז איהר אין זכרון פארבליבען, דאס איבעריגע איז אוועק מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך ! יא, יא, א הייסע פרוי, א שטאלצע, א שטארקע ! די פאדלאגע וואשט זי אליין, עסט ברויט מיט וואסער, אבער מיט די פיס וועט זי זיך ניט לאזען טרעטען. דערפאר טאקע האט זי ניט געקאנט פארשווייגען דעם ה' לעבעזיאטניקאוו'ן זיין גראבקייט, און ווען זי האט פון איהם דערפאר געכאפט געשלאגען, האט זי זיך אוועקגעלעגט ניט אזוי פון די קלעפ ווי פון פארדרוס. איך האב זי גענומען אנ'אלמנה, מיט דריי קינדער, איינס קלענער פאר'ן אנדערן. מיט דעם ערשטען מאן, אנ'אפיציער, האט זי חתונה געהאט אויס ליעבע און איז מיט איהם אנטלאפען פון די עלטערן. דעם מאן האט זי שרעקליך ליעב געהאט, האט ער זיך אבער אריינגעלאזען אין די קארטען, געהאט אויף זיך א משפט און איז דערפון טאקע געשטארבען. זי איז פון איהם אפילו א קלאפ אויך ניט זשעדנע געווען, און כאטש זי האט איהם ניט געשוויגען, וואס איך ווייס דאס אקוראט פון דאקומענטען, פונדעסטוועגען דערמאנט זי איהם עד־היום מיט טרעהרען אין די אויגען, אוןווארפט מיר אויף מיט איהם; און איך בין צופריעדען, באמת צופריעדען ; זאל זיך איהר כאטש דאכטען, אז זי איז אמאל גליקליך געווען... איז זי געבליבען נאך זיין טויט מיט דריי קליינע קינדער ערגעץ אין א העק, צווישען ווילדע מענשען, און איך בין דארט אויך געווען דאמאלס. און זי האט זיך געפונען אין אזא שרעקליכער נויט, אז איך קען אייך דאס גארניט אויסדערצעהלען, כאטש איך האב זיך שוין גענוג אנגעזעהן אויף מיין לעבען. און די

הערענדיג ווידער א געלעכטער). אַבער גאָט מיין גאָט, וואָס וואָלט זיין ווען זי זאָל נאָר איין מאָל... אַבער ניין! דאָס איז אַלץ דברים בטלים, און ניטאָ ווענען וואָס צו ריידען!... ווייל שוין ניט איינמאָל איז ערפילט געוואָרען דער דאָזיגער פארלאנג און שוין ניט איינמאָל האָט מען מיך באדויערט, נאָר... שוין אזא טבע ביי מיר, איך בין א געבאָרענער חזיר!

— א שאלה! האָט דער בעל־הבית געזאָגט און האָט זיך צו־גענעצט.

מארמעלאדאָוו האָט מיט ענטשלאָסענהייט א קלאַפּ געטאָן מיט'ן פויסט איבער'ן טיש.

— שוין אזא נאַטור ביי מיר! איהר וועט גלויבען, יונגערמאַן, איך האָב אפילו די זאָקען איהרע פאר'שכור'ט ניט די שיך, דאָס וואָלט נאָך געהאָט עפּעס א שטיקעל זין, די זאָקען אבער, די זאָקען איהרע האָב איך פאר'שכור'ט! איהרם א האַלזטיכעל, איהרם אנ'אייגענע, ניט מיינס, א מתנה נאָך פון פאר דער חתונה, אויך פאר'שכור'ט. און וואוינען וואוינען מיר אין א קאַלטען לאָך, האָט זי זיך היינטיגען ווינ־טער פארקיהלט און גענומען הוסטען מיט בלוט. און קליינע קינדער האָבען מיר דריי, הארעוועט זי פון פריהמאָרגען ביז ביינאכט, וואַשט און שייערט, באָדט די קינדער — פון קינדווייז אויף געוועהנט גע־וואָרען צו ציכטיגקייט, — און א ברוסט האָט זי א שוואכע, א שווינד־זיכטיגע, מיינט איהר, פיהל איך דאָס ניט? אוי, פיהל איך דאָס! און וואָס מעהר איך טרינק, אַלץ מעהר פיהל איך. און צוליעב דעם טאָקע טרינק איך, ווייל איך זוך מיטלייד און רחמנות... איך טרינק, ווייל איך וויל אין צווייען ליידען!

און ער האָט טיעף צום טיש, ווי אין פארצווייפלונג, דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט.

— מיין הערה, — האָט ער ווייטער גערעדט, זיך ווידער אויס־גלייכענדיג, — אין אייער געזיכט לייען איך עפּעס ווי א טיעפען שמערץ. ווי איהר זענט אריין, האָב איך עס איבערגעלעזען, און דע־ריבער טאָקע האָב איך זיך צו אייך געווענדעט, ווייל דערצעהלענדיג אייך מיין לעבענס־געשיכטע, בין איך ניט אויסען דערמיט זיך אליין ארויסצושטעלען צו שאַנד און שפּאָט פאר די דאָזיגע פּוסט־און־פּאַסטניקעס, וועלכע ווייסען סיי ווי סיי פון אלצדינג; נאָר איך זוך

מחמת עס מאַכען זיך אזוינע צייטען, ווען מען מוז נויטיג, ווי לעבען, ערגעץ אריינגעהן. עס מעג זיך זיין ווער ווייסט וואָוהין! ווען מיין איינ־איינציגע טאָכטער איז דאָס ערשטע מאָל אוועק מיט א געלען בילעט, בין איך אויך דאַמאָלס אוועק... (מיין טאָכטער, דאַרף איך אייך זאָגען, וואוינט אויף א געלען בילעט... האָט ער צוגעגעבען, וואָר־פענדיג אן אומרוהיגען בליק אויף ראסקאָלניקאָוו'ן). די אינגלעך ביים שיינקטישעל האָבען אויסגעבראָכען אין א געלעכטער, דער בעל־הבית האָט אויך א שמייכעל געטאָן. — ער איז אבער נישט נתפעל געוואָ־רען און האָט גלייך ווידער גענומען ריידען, שוין מיט א רוהיגען טאָן: נישקשה, יונגער מאַן, נישקשה. עס אַרט מיך שוין אפילו ניט, וואָס מען שאָקעלט מיט די קעפּ, ווייל אַלע ווייסען שוין דערפון, און ס'איז נישטאָ קיין סודות פון דער וועלט. און איך פאַרהאַלט זיך דערצו ניט מיט פאַראַכטונג, איך נעהם דאָס אָן פאַר ליעב. מילא! מילא! א ברירה האָב איך. איצט, יונגער מאַן, וועל איך אייך בעטען, איהר זאָלט מיר זאָגען גלייך אין די אויגען, אָט אזוי ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך ניט קיין חזיר?

דער יונגערמאַן האָט א וואָרט ניט געענטפערט.

— אלזאָ, הייסט עס, — האָט דער רעדנער ווידער אָנגעהויבען, ניט אראָפּפאַלענדיג ביי זיך, נאָר פאַרקעהרט, נאָך העכער אויפהויבענ־דיג דעם קול, ווען דאָס געלעכטער, וואָס ער האָט אַרויסגערופען מיט די לעצטע ווערטער זיינע, האָט אויפגעהערט. — אלזאָ, הייסט עס, בין איך א חזיר און זי איז א דאַמע! איך בין א בהמה בצורת פערד, און קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, די פרוי מיינע, — איז א געבילדעטע דאַמע א פּאָלקאָווניק'ס א טאָכטער. מילא זאָל זיין אזוי, איך בין דען גראָבער יונג, זי אבער האָט אי א גוט האַרץ, אי עזהר הויכע געפיהלען, דערצו איז זי נאָך זעהר איידעל ערצויגען. און דאָך... אָ, ווען זי וואָלט מיט מיר מיטלייד געהאַט! מיין הערר! מיין גנעדיגער הערר! יעדער מענש מוז דאָך האָבען אָן אָרט, וואו מען זאָל מיט איהם האָבען מיטלייד! און קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ אי זאָפּשר זעהר א גרויסמוטיגע דאַמע, אָבער אָהן יושר... און איך פאַרשטעה אפילו אליין, אז ווען זי רייסט מיר פאַר די האָר, רייסט זי זיי מיר נאָר מחמת איהר גוטסקייט (ווייל איך שעם מיך ניט צו זאָגען אייך נאָכאַמאָל, זי רייסט מיר פאַר די האָר, — האָט ער פאַרזיכערט נאָך מיט מעהר זעלבסטווירדע, דער־

פערן זיך צווישען די חברה שכורים און פּרובען זאָגאר פּועל'ן, מען זאָל פאר זיי האבען א שטיקעל דרך־ארץ.

— א ליגן! — האט הויך א זאג געטאן דער בעל־הבית. — און פאַרוואָס ארבייטסטו ניט, פאַרוואָס זענט איהר ניט אויף א שטעלע, וויבאלד איהר זענט א טשינאָווניק?

— פאַרוואָס בין איך ניט אויף א שטעלע, גנעדיגער העררע? — האָט אונטערגעכאפּט מאַרמעלאַדאָוו, זיך ווענדענדיג צו ראסקאָלני־קאָוו'ן, פּונקט ווי ער האט איהם דאָס פאַרגעבען די פראגע, — פאַר־וואס בין איך ניט אויף א שטעלע? טוט מיר דען אליין ניט וועה דאָס הארץ, וואס איך שלעפּ זיך אזוי ארום פּוסט און פּאַס? ווען ה' לעבעזיאטניקאָוו האט מיט א מאָנאט צוריק מיט זיינע אייגענע הענט געשלאָגען מיין פרוי און איך בין דאָן געלעגען א שכור'ער, האָב איך דען ניט געליטען? נעהמט ניט פאַר אומגוט, יונגער מאַן, איז אייך ווען אויסגעקומען... הם!... נו, כאָטש בעטען געלט אנטלייהען, אָהן א האָפ־נונג?

— אויסגעקומען... וואס הייסט אָהן א האָפנונג?

— דאָס הייסט, אָהן א ברעקעל האָפנונג, וויסענדיג פאַראויס, אז מען וועט אייך ניט געבען. איהר ווייסט, למשל, אפריהער אויף קלאָר, אז דער דאָזיגער מאַן, דער דאָזיגער פיינער בריה און נוצליכס־טער בירגער וועט אייך פאַר קיין פאַל קיין געלט ניט געבען, ווייל פאַר־וואָס טאקע, וועל איך אייך פרעגען, זאָל ער יאָ געבען? ער ווייס דאָך, אז איך וועל איהם ניט אָפּגעבען. פון רחמנות וועגען? נאָר ה' לעבעזיאטניקאָוו, וואס אינטערעסירט זיך זעהר מיט די היינטמאָדישע אידעען, האט אנומעלט געגעבען צו פאַרשטעהן, אז היינטיגע צייטען איז רחמנות שטרענג פאַרבאָטען פון דער וויסענשאַפט אליין, און אזוי פיהרט זיך טאקע שוין אין ענגלאנד, וואו ס'איז דאָ פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע. פאַרוואָס־זשע, פרעג איך אייך, זאָל ער געבען? אלזא, הייסט עס, ווייסט איהר פאַראויס, אז ער וועט ניט געבען און דאָך לאָזט איהר זיך אין וועג אריין און...

— צו וואס זשע זאָל מען געהן? — האט ראסקאָלניקאָוו אונ־טערגעכאפּט.

— און ווי איז, אז ס'איז נישטאָ צו וועמען, ס'איז מעהר נישטאָ וואוהין צו געהן! יעדער מענש מוז דאָך האבען וואוהין אריינצוגעהן.

איינגעבוירענע פיינע געפיהלען. אין קבצנות אבער — קיינמאָל ניט און קיינער ניט. פאַר קבצנות טרייבט מען ארויס ניט נאָר מיט א שטעקען, — מען קעהרט אויס מיט א בעזים פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, די באַליידיגונג זאָל טאַקי דערלאַנגען אין דער זיבענטער ריפּ אריין, און ס'איז א יושר, ווייל אין קבצנות בין איך אליין זיך גרייט תמיד צו באַליידיגען. און פון דאַנען נעהמט זיך דער שיינק! מיין הערר, מיט א חודש צוריק האָט ה׳ לעבעזיאַטניקאָוו געשלאָגען מיין פרוי, מיין פרוי איז ניט דאָס, וואָס איך! איהר פאַרשטעהט? נעהמט ניט פאַר אומגוט, וואָס איך וועל נאָך ביי אייך פרעגען: האָט איהר ווען גענעכטיגט אויף דער נעווא, אויף די היי־שיפלעך?

— ניין, ניט אויסגעקומען, — האָט ראַסקאָלניקאָוו געענט־פערט. — וואָס איז דאָס פאַר א זאַך?

— נו, און איך בין פון דאָרטען, שוין די פינפטע נאַכט, יאָ...

ער האָט אָנגעגאָסען א גלעזעל, האָט אויסגעטרונקען און זיך פאַר־טראַכט. אויף זיינע קליידער און אין די האָר אַפּילו האָבען זיך ער־טערווייז ווירקליך געזעהן צוגעקלעפּטע גרעזלעך היי. עס איז געווען זעהר צו גלויבען, אַז ער האָט זיך פינף טעג ניט אויסגעטאָן און זיך ניט געוואַשען. איבערהויפּט זיינען די הענט ביי איהם געווען שמוציגע, פעטע, רויטע, מיט שוואַרצע נעגעל.

זיין ריידען האָט קענטיג אַלעמען פאַראינטערעסירט, הגם מען האָט זיך צוגעהערט צו איהם מיט א מין פוילקייט. די אינגלעך ביים שיינק־טישעל האָבען גענומען לאַכען אויפ'ן קול, דער בעל־הבית איז, דאַכט זיך בכיון אַראָפּ פון דעם אויבערשטען חדר: ער האָט גע־וואָלט הערען וואָס אַזוינס וועט דער „ליץ" זאָגען. ער האָט זיך גע־זעצט פון דער ווייטענס און האָט גענומען גענעצען מיט א פוילער מינע, אבער מעשה־בעל־הבית. מאַרמעלאַדאָוו'ן האָט מען דאָ אַפּנים לאַנג געקענט. אַפּילו די ליעבע זיינע צו מליצות האָט זיך ביי איהם וואהרשיינליך איינגעוואָרצעלט מחמת זיי געוועהנהייט צו אָפטע שיינק־שמועסען מיט פאַרשידענע אונבאַקאַנטע סוביעקטען. די דאָ־זיגע געוועהנהייט גהעט ביי אייניגע שכורים איבער אין א באַדערפע־ניש, איבערהויפּט ביי די־יעניגע, מיט וועלכע מען באַגעהט זיך אין דער היים זעהר שטרענג און וועלכע האָבען נעבעך אויסצושטעהן דאָר־טען קאַלט און וואָרים. און דעריבער זוכען זיי שטענדיג צו פאַרענט־

וואס איז ניט געוועהנט צום ביטערן טראפען. איך אליין האלט זעהר פון בילדונג, ווען זי איז פארבונדען מיט גוטע מדות, און אויסערדעם בין איך א טיטולארנער סאוועטניק. מארמעלאדאוו — א פאמיליע אזא; א טיטולארנער סאוועטניק. נעהמט ניט פאר אומגוט, דאס איך פרעג אייך — איהר זענט געוועזן אויף א שטעלע?

— ניין, איך לערן זיך... האט ראסקאלניקאוו געענטפערט: דער דער מאדנער געגרייזעלטער מליצה־טאן, ווי אויך דאס, וואס מען האט זיך צו איהם אזוי גלייך און אהן הקדמות געווענדעט, האט איהם א ביסעל פארוואונדערט. דאכט זיך, ערשט ניט לאנג האט איהם אזוי געצויגען צו מענשען, — און דאך האט איהר ווידער ביים ערשטען ווארט, מיט וועלכען מען האט זיך צו איהם געווענדעט, באהערשט זיין געוועהנליכעס אונאנגענעהמעס און אויפרייצענדעס געפיהל פון עקעל צו יעדען פרעמדען, וואס האט באריהרט אדער בלויז געוואלט באריה־רען זיין פערזענליכקייט.

— א סטודענט, הייסט עס, אדער א געוועזענער סטודענט! — האט אויסגעשריגען דער טשינאווניק — איך האב עס גלייך פארשטא־נען! ערפאהרונג, מיין הערר, פיעל־געפרובטע ערפאהרונג! — און ער האט צוגעלעגט דעם פינגער צום שטערן, גלייך ווי ער וואלט דערמיט וועלען באשטעטיגען זיינע ווערטער. — זענט איהר געווען, הייסט עס, א סטודענט! ענטשולדיגט, יונגער מאן...

און ער האט זיך אויפגעשטעלט, דערביי שיער ניט א פאל גע־טאן, האט מיטגענומען זיין פלאש און גלעזעל און האט זיך צוגעזעצט צום יונגען מאן, עטוואס אין דער קרום צו איהם. ער איז געווען שכור, האט אבער געהאט אן אמת'ן כח־הדבור און גערעדט מיט א טאלק; זעלטען נאר פלעגט ער ערטערווייז אראפקריכען פון וועג און פלענט שוין צופיעל פאנאנדערשפרייטען. עפעס מיט א מאדנעם הונגער האט ער זיך א ווארף געטאן אויף ראסקאלניקאוו'ן, גלייך ווי ער האט אויך א גאנצען חודש מיט קיינעם א ווארט ניט אויסגערעדט.

— מיין הערר, — האט ער אנגעהויבען מיט א פייערליכען טאן, — ארימקייט איז קיין שאנד, דאס איז אמת. ווידער ווייס איך, אז שכרות איז אויך ניט פון די מדות טובות, און דאס איז אודאי און אודאי. נאר קבצנות, יונגער מאן, קבצנות — דאס איז א שאנדע. אין ארימקייט בלייבט איהר דערזעלביגער איידעלער מאן, מיט די

זיינען געווען אין שיינק, און דער בעל־הבית אויך צווישען זיי. האָט דער טשינאָווניק געקוקט גאַנץ געוועהנליך. זאָגאַר מיט לאַנגווײלע. צוגלייך עפּעס אַזוי ווי פון אויבען אַראָפּ, ווי אויף מענשען, וואָס שטעהען פיעל נידעריגער אין אַלע פּרטים, מיט וועלכע ער האָט ניט וואָס צו ריידען. דאָס איז געווען אַ מענש פון איבער פופציג יאָהר, מיטעלער וואוּקס, פעסט געבויט, די האָהר שוין ערטערווייז גרוי, מיט אַ נאַקעטען קאָפּ, מיט אַן אַנגעגאָסענעם, פון שטענדיגען שכור'ן, גע־זיכט, וואָס איז געווען אַזוי געל, אַז די געלקייט גופא איז אַריינגעפאַלען אין אַ מין גרינקייט. — זיינע וויהעס זיינען געווען פאַרשוואָלענע און פון הינטער זיי האָבען אַרויסגעגלאַנצט קליינטשיגע, ווי שפּעלטעלער, אָבער באַגייסטערטע רויטליכע אויגלעך. נאָר עטוואָס מערקווירדיגעס איז אין איהם געווען: אין זיין אויג האָט געלויכטען ווי עפּעס אַ מין התלהבות — עס האָט זיך זאָגאַר געזעהען שכל און פאַרשטאַנד. — צו גלייכער צייט האָט אין זיי אָבער אויך געברענט אַ מין וואַהנזין. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אַלטען. שרעקליך צוריסענעם שוואַר־צען ראָק מיט אויסגעריסענע קנעפּלעך: בלויז איין קנעפּעל האָט זיך נאָך קוים געהאַלטען. און אויף דעם קנעפּעל פלעגט ער זיך טאַקי פאַר־שפּיליען: ער האָט אַפּנים ניט געוואָלט אינגאַנצען איינרייסען מיט'ן שטאָט. פון אונטער זיין זשילעט פון נאַנקינג־שטאָף האָט אַרויסגע־שטאַרצט אַ מאַנישקע אינגאַנצען אַ צוקנייטשטע, אַן איינגעריבטע און פאַרגאָסענע: דאָס געזיכט איז געווען אָפּגעראַזירט. אויפ'ן שטייגער פון טשינאָווניקעס, שוין אַזוי לאַנג אָבער, אַז עס האָבען שוין ווי־דער אַרויסגעשפּראָצט געדיכטע בלויליכע האַרטע העהרעלעך. און אפילו די מאַנירען זיינע, זיין אַרט האַלטען זיך, זיינען ווירקליך עפּעס אַזוי ווי געווען פון אַ סאָלידען טשינאָווניק. ער איז אָבער געווען זעהר צוטראָגען, האָט געשויבערט די האָהר און האָט אָפּטמאָל אונטערגע־שפּאַרט, פאַר וועהטאָג, דעם קאָפּ מיטביידע הענט, האַלטענדיג די אויסגעריבענע איילענבויגען אויפ'ן פאַרגאָסענעם קלעפּיגען טיש. ענד־ליך האָט ער גלייך אַ קוק געטאָן אויף ראַסקאָלניקאָוו'ן און האָט הויך און פעסט אַרויסגערעדט:

— זאָל איך מיך דערוועגען, מיין ליעבער הערר, אָנצוהויבען מיט אייך אַן איידעלען שמועס? הגם איהר זעהט טאַקע אויס ניט אַזוי גע־הויבען, דאָך דערקענט אין אייך מיין געניטקייט אַ געבילדעטען מאַן,

שטארק ביינקען נאך מענשען. ער איז אזוי מיד געווען פון א גאנצען חודש פארביטערטען אומעט און מרה־שחורה׳דיגער אויפרעגונג, אז איהם האט זיך געוואלט כאטש איין ווײלע אפרוהען אין אנ׳אנדער וועלט, וואס פאר א וועלט דאס זאל ניט זיין, און ניט קוקענדיג אויף די גאנצע שמוץ, וואס האט געהערשט אין שיינק, איז ער דארט פאר־בליבען מיט פארגעניגען.

דער בעל־הבית פון שיינק איז געווען אין א צווייטען צימער, נאר ער פלעגט אלע ווײלע אריינגעהן אין די הויפט־שטוב, אראפקומענדיג פון ערגעץ־וואו איבער טרעפ: דערביי פלעגען זיך פריהער ווי אלץ ווארפען אין די אויגען זיינע פראנטישע אויסגעפוצטע שטיוועל מיט גרויסע רויטע אויערן: ער האט געטראגען אן אונטערלייבעל און א שרעקליך פארשמאלצענעם שווארצען אטלאסענעם זשילעט. אהן א האלזטוך: זיין גאנצער פנים איז ווי געווען אויסגעשמירט מיט פעטס, אזוי ווי אן אייזערנער שלאס. ביים שיינק־טישעל איז געשטא־נען א איינגעל פון א יאהר פיערצעהן, און נאך א איינגעל, א יונגערער. פלעגט דערלאנגען וואס מען פלעגט הייסען. ס׳זיינען געווען אנגע־שטעלט אוגערקעס, אנגעשניטענע אין טעלערלעך, שווארץ ברויט און קליינע שטיקלעך פיש: דאס אלץ האט זעהר שלעכט געשמעקט.

די לופט איז געווען א פארשטיקטע אזוי, אז ס׳איז פשוט אונ־מעגליך געווען צו זיצען, און אלץ איז דא אזוי דורכגעזאפט געווען מיט א ריח פון בראנפען, אז מען האט, דוכט זיך, פון ריח אליין געקענט שכור ווערען פאר איינע פינף מינוט.

עס טרעפען אזוינע באגעגענישען מיט גאר אונבאקאנטע מענ־שען, וואס פאראינטערעסירען אונז פון דעם ערשטען אויגענבליק אן, עפעס אזוי מיט אמאל, פלוצלונג, איידער מיר זאגען ארויס א ווארט. פונקט אזא איינדרוק האט אויף ראסקאלניקאוו׳ן געמאכט יענער גאסט, וואס איז געזעסען פון דער ווייטענס און האט אויסגעזעהן ווי א טשי־נאווניק אין דימיסיע. אין א צייט ארום האט ער איינינגע מאל דער־מאהנט אט דעם ערשטען איינדרוק און האט זאגאר דערין געזעהן א מין פארגעפיהל. ער פלעגט אלע רגע כאפען א קוק אויפ׳ן טשי־נאווניק, געוויס אויך דערפאר, מחמת יענער האט פון איהם אויך קיין אויג ניט אראפגענומען, און עס איז געווען קענטיג, אז יענעם האט זיך זעהר געוואלט צו פארפיהרען א שמועס. אויף די איבריגע אבער, וואס

און א הארמאניק. נאך זייער אוועקגאנג איז געווארען שטיל און גע־רוים. עם זיינען געבליבען: איינער א שכור'דער, אבער ניט זעהר, וואס איז געזעסען ביי א פלאש ביער, לויט'ן אויסזעהן א מעשטשא־נין: זיין חבר, א דיקער, א גרויסער, אין א ווארים לייבעל, מיט א גרייז־גרויער בארד, א טויט־שכור'ער, איז אנטדרעמעלט געווארען אויף דער באנק: פון צייט צו צייט נאר, גלייך ווי פון שלאף, פלעגט ער פלוצלונג אנהויבען צוצוקנאקען מיט די פינגער, אויסשפרייטענדיג די הענט און אונטערשפרינגענדיג מיט'ן אויבערשטען טייל קערפער, ניט אויפשטעהענדיג פון באנק: דערביי האט ער אונטערגעזונגען עפעס א מין משונה'דיג געזאנג און האט זיך געמאטערט צו דערמאהנען די ווערטער פון איהם, ווי דהיינו:

א גאנץ יאהר דאס וייב געהאלזט,
א גא—אנץ יאהר דאס ווי—ייב גע—האלזט...

אדער פלוצלונג, זיך ווידעראמאל אויפכאפענדיג:

ביז איך אין דער גאס ארוים
און געטראפען צו איהר הויז...

נאר קיינער האט ניט טייל גענומען אין זיין שמחה: דער שוויי־גענדיגער חבר זיינער האט זאגאר פיינדליך און פארדעכטיג געקוקט אויף די אלע העיות זיינע. דא איז אויך געווען נאך איינער א מענש, וואס האט אויסגעזעהן ווי א טשינאווניק אין דימיסיע. ער איז גע־זעסען באזונדער פאר זיין פלאש און גלאז און פון צייט צו צייט פלעגט ער א זופ טאן און זיך ארומקוקען אויף אלע זייטען. ער איז קענטיג אויך געווען א ביסעל אויפגערעגט.

## צווייטעס קאפיטעל.

ראסקאלניקאוו איז ניט געוועהנט געווען צו מענשען און, ווי גע־זאגט, פלעגט ער ווייכען פון יעטוועדער געזעלשאפט, איבערהויפט די לעצטע צייט. נאר איצט האט איהם פלוצלונג עפעס א ציה געטאן צו מענשען. ס'איז אין איהם ווי פארגעקומען עטוואס נייעס, און צו־גלייך איז אויסגעוואקסען א מין געפיהל, וואס האט איהם געמאכט

טראַטואר, ווי א שכור'ער, האָט ניט געזעהען די פאַרבייגעהער און זיך אַלע ווײַלע אויף זיי אַנגעשטויסען. און ערשט אויף דער צווייטער גאַס איז ער געקומען צו זיך. אז ער האָט זיך ארומגעקוקט, האָט ער דער־זעהן, אז ער שטעהט נעבען א שיינק; דער אריינגאַנג אהין איז געווען צום גאַס צו, איבער טרעפּ, וואָס האָבען געפיהרט אין א קעלער־שטוב אַראָפּ. פון דער טהיר זיינען גראָד אין דער ווײַלע ארויסגעגאַנגען צוויי שכור'ע, און האַלטענדיג זיך איינער אָן דעם אַנדערן, האָבען זיי זיך געדראָפּעט אויף דער גאַס ארויס, ניט אויפהערענדיג איינער דעם אַנדערען צו זידלען אויף'ן עכט־רוסישען אופן. ניט לאַנג געטראַכט, איז ראַסקאָלניקאָוו אַראָפּ אין קעלער־שיינק. ביז זאָהער איז ער נאָך קיינמאָל ניט געווען אין שיינק־הייזער, נאָר איצט האָט איהם געשווינ־דעלט אין קאָפּ, דערצו נאָך שרעקליך געדאַרשט. איהם האָט זיך פאַר־גלוסט אויסצוטרינקען א גלאָז קאַלטען ביער, בפרט נאָך, אז זיין פּלוצ־ליכע שוואַכקייט האָט ער ערקלערט אויך דערמיט, וואָס ער איז געווען הונגעריג. ער האָט זיך פאַרקליבען אין א פינסטערען שמוציגען ווינ־קעל, ביי א קלעפּיג טישעל, געהייסען דערלאַנגען ביער און האָט גיריג אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלאָז. גלייך איז איהם געוואָרען גרינגער און זיינע געדאַנקען זיינען געוואָרען קלאָרער. „דאָס איז אַלץ נאַריש־קייט". האָט ער געזאָגט מיט א בטחון־שטים, — „און ס'איז ניט גע־ווען דאָ וואָס צום האַרצען זיך צו נעהמען! ניט מעהר ווי א פיזישע שוואַכקייט! איין גלעזעל ביער, א שטיקעל זעמעל — און אין דעמזעל־בען אויגענבליק ווערט שטאַרקער דער מוח, קלאָרער דער געדאַנק, פעס־טער די כונות". טפוי, וואָס פאַר א מיאוס'ע אַפּגעלאָזענקייט!"... און ניט קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען פאַראַכטליכען אויסגעשריי, האָט ער שוין געקוקט לוסטיג, גלייך ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג באַפרייט פון עפּעס א שרעקליכען יאָך, און האָט געוואָרפען א פריינדליכען בליק אויף די אַנוועזענדע. נאָר זאָגאָר אין יענעם מאָמענט האָט ער שוין אויך געהאַט עפּעס אַזוי ווי א מין דונקעל פאַרגעפיהל, אז די דאָזיגע אָפּטימיסטישע שטימונג זיינע איז אויך א קרענקליכע און ניט־נאָר־מאַלע.

אין שיינק איז צו יענער צייט געבליבען א קליינער עולם. אויסער יענע צוויי שכור'ע, וואָס ער האָט געטראָפען אויף די טרעפּ, איז גלייך נאָך זיי ארויס א גאַנצע חאַליאַסטרע פון א מאַן פינף, מיט א שיקסע

דער יונגער מאַן האָט זיך ניט געשפּאַרט און האָט צוגענומען דאָס געלט. ער האָט געקוקט אויף דער אַלטער, און האָט זיך ניט געאײַלט אַוועקצוגעהן. גלײַך ווי איהם וואָלט זיך נאָך געגלוסט עפּעס זאָגען אָדער טאָן. נאָר קלאָהר האָט ער אַליין ניט געוואוסט וואָס.

— איך וועל אײַך די טעג אפשר ברענגען נאָך אַ זאַך... אַ זילבערנע... אַ פײַנע... אַזאַ מין פּאַרט־ טאַבאַק... ווי נאָר איך וועל עס אָפּנעהמען בײַ מײַנעם אַ באַקאַנטען...

איהם איז געוואָרען אונאַנגענעהם און ער איז אַנטשוויגען געוואָרען.

— וועלען מיר דאַמאָלס ריידען.

— און איהר זיצט אַליין אין שטוב אײַנע אַליין: און די שוועסטער אײַערע איז נישטאָ אין דער היים? — האָט ער געפרעגט ווי ווײַט מעגליך רוהיג, אַרויסגעהענדיג אין דאָס פאָרהויז.

— וואָס איז דאָס אײַער עסק, יונגער מאַן?

— ניין, איך פרעג זיך גלאַט אַזוי. איהר ווערט שוין גלײַך... נו, אַ גוטען, אַלענאַ איוואַנאָוונאַ!

ראַסקאַלניקאָוו איז אַרויס אין זעהר אַן אומרוהיגער שטימונג, וואָס איז אַלץ מעהר און מעהר געוואַקסען. אַראָפּגעהענדיג פון די טרעפּ, אי זער אײניגע מאָל שטעהן געבליבען, גלײַך ווי פּלוצלונג פון עפּעס געטראָפען. און צום סוף, שוין אויפ'ן גאַס, האָט ער אויסגעשריגען:

„אַ, מײַן גאָט, ווי מיאוס דאָס איז אַלץ! און ניט שוין זשע, ניט שוין זשע בין איך... ניין, דאָס אי זאַ פּוסטער חלום, דאָס איז אונמעגליך! האָט ער ענטשלאָסען צוגעגעבען. — ניט שוין זשע האָט אַזאַ שרעקליכע זאַך מיר געקענט גאָר אַרויפקומען אויפ'ן זינען? אויף וואָס פאַר שמוץ מײַן האַרץ איז אָבער פעהיג! און דער עיקר — שמוציג, שענדליך, מאוס, מאוס!... און איך האָב אַ גאַנצען חודש"...

נאָר ער האָט ניט געקענט אויסדריקען זײַן אויפרעגונג ניט מיט ווערטער און ניט מיט אויסגעשרײען. אַ געפיהל פון אונענדליכען עקעל, וואָס האָט איהם גענומען דריקען און פּײַניגען זײַן האַרץ נאָך דאַן, ווען ער איז געגאַנגען צו דער אַלטער, איז איצט אַזוי אויסגעוואַקסען און האָט זיך אַזוי קלאָר אויסגעפאָרמירט, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן זיך פון זײַן צער. ער איז געגאַנגען איבער'ן

— אנדערטהאלבען רובעל? — האט דער יונגער מאן אויסגע־שריען.

— ווי איהר ווילט אייך.

און די אלטע האט איהם דערלאנגט דעם זייגער צוריק. דער יונגער מאן האט איהם צוגענומען און איז אזוי אויפגעבראכט גע־ווארען, אז ער האט שוין געוואלט אוועקגעהן. נאר האט גלייך חרטה געהאט, ווייל ער האט זיך דערמאהנט, אז ס'איז מעהר נישטא וואוהין צו געהן און אז ער איז געקומען נאך צוליעב אנ'אנדער זאך.

— ווייזט אהער! — האט ער געזאגט מיט כעס.

די אלטע האט אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע ארויסצו־נעהמען די שליסלען און איז אוועק אין דאס צווייטע צימער, הינטער'ן פארהענגעל. דער יונגער מאן, וואס איז געבליבען שטעהן איינער אליין אין מיטען צימער, האט זיך נייגיריג צוגעהערט און האט בא־טראכט יעטווידער ברעקעל. עס האט זיך געלאזט הערען, ווי זי עפענט דעם קאמאד. „קענטיג דער אויבערשטער שופלאד", האט ער זיך פארגעשטעלט. „די שליסעלער טראגט זי, הייסט עס, אין דער רעכטער קעשענע... אלע צוזאמען, אין אז אייזערנעם רינג... און צווישען די שליסלען איז פארהאן איינער דריי מאל די גרויס, מיט צייהנדעלער, געוויס ניט פון קאמאד... הייסט עס, ס'איז נאך דא עפעס א קעסטע־לע, צי א מין רענצעל... אט דאס איז זעהר אינטערעסאנט. ביי רענצ־לער איז שטענדיג אזעלכע שליסלען... איבריגענס, ווי מיאוס דאס איז אלץ..."

די אלטע האט זיך צוריקגעקעהרט.

— אלזא, הערר יונגער מאן: וויבאלד צוואנציג גראשען א חודש פון רובל, איז קומט פון אייך פון אנדערטהאלבען רובל פופצעהן קאפ־פיקעס פאר א חודש פאראויס. היינט פאר די פריהערדיגע צוויי רובעל קומט נאך פון אייך לויט דעמזעלבען חשבון צוואנציג קאפי־קעס פאראויס. צוזאמען, הייסט עס, פינף און דרייסיג קאפיקעס. קומט אייך איצט, פאר אייער זייגער, א קימא לן פון א רובעל מיט פופצעהן קאפיקעס. אט האט איהר עס!

— ס'טייטש! קומט שוין איצט בלויז א רובעל מיט פופצעהן קאפיקעס?

— פונקט אזוי פיעל.

זאוועטעס ארבייט". האט דער יונגער מאן א טראכט געטאן. קיין שפריינקעלע האט מען ניט געקענט געפינען אין גאנצען צימער. „דאס איז ביי בייזע אלטע אלמנות אזוי ריין". איז איהם ווידער דורכגע־פלויגען אין מח און ער האט געווארפען א קרומען נייגיריגען בליק אויף דאס ציצענע פארהענגעל פאר דער טיר. וואס האט געפיהרט נאך אין א קליינטשיק צימערל אריין, וואו ס'איז געשטאנען דער אל־טערס בעט און א קאמאד און וואוהין ער האט נאך קיין איין מאל ניט אריינגעקוקט. די גאנצע דירה איז באשטאנען פון אט די צוויי צימערן.

— וואס פארלאנגען זיי? — האט די אלטע שטרענג ארויסגע־רעדט, אריינקומענדיג אין צימער און שטעהן בלייבענדיג ווי פריהער גלייך פאר איהם, ז׳ זאל איהם קענען קוקען גלייך אין די אויגען אריין.

— געבראכט א משכון, אט א האט איהר עס!

און ער האט ארויסגענומען פון קעשענע אן אלטען פלאכען זיל־בערנעם זייגער. אויף דער אנדערער זייט פון זייגער איז געווען אויס־געקריצט א גלאבוס. דאס קייטעל איז געווען א שטאלענס.

— אבער ס'האט זיך דאך שוין געענדיגט דער טערמין פון דעם אלטען משכון. נאך אייערנעכטען איז געווארען א מאנאט.

— איך וועל אייך איינצאהלען פראצענט נאך פאר א חודש: איהר וועט מוזען אויפציהען.

— דאס ווענדט זיך שוין אן מיין גוטען ווילען, הערר יונגערמאן, צי אויפציהען צי פארקויפען אייער משכון טאקי באלד.

— און פאר'ן זייגער וועט עפעס זיין א היבש ביסעל געלט, אלענא איוואנאוונא?

— עט, קומסט צו געהן מיט נארישקייטען, הערר יונגער מאן, אודאי גארנישט ווערט. פאר'ן פינגערל האב איך אייך דאמאלס גע־געבען צוויי קארבען, ערשט קען מען עס א נייעס קויפען ביי א גאלד־מאכער פאר צעהן גילדען.

— א רובעל פיער גיט מיר, איך וועל אויסקויפען, דעם פאטערס אן אנדענקונג. איך וועל אין גיכען באקומען געלט.

— אנדערטהאלבען רובעל, און דאס פראצענט־געלט פאראויס, אויב איהר ווילט.

— איך געדענק, יונגער מאַן, איך געדענק זעהר גוט, אַז איהר זענט געווען, — האָט דייטליך ארויסגערעדט די אלטיטשקע, און האָט נאָך אליץ ניט אָפּגעווענדט איהר פראגענדען בליק פון זיין געזיכט.

— אלזאָ, הייסט עס... ווידער וועגען אזא מין געשעפטעל... האָט ראסקאלניקאָוו געזאָגט, ווערענדיג עטוואס אונרוהיג און באַוואונערנדיג דעם אונצוטרוי פון דער אלטער.

„און ס'קען זיין, אז זי איז אפשר שטענדיג אזא, נאָר יענעם מאָל האָב איך מיך ניט צוגעקוקט". האָט ער אַ טראכט געטאָן מיט אַ ניט־אַנגענעהמען געפיהל.

די אלטע האָט אַ ווײלע געשוויגען ,גלייך ווי זי וואָלט זיך מישב זיין, דערנאָך האָט זי איהם אָפּגעפיהרט אָן אַ זייט און אָנווייזענדיג אויף די טיר אין צימער אריין, האָט זי דעם גאסט דורכגעלאָזט אפריהער און געזאָגט:

— קומט אריין, יונגער מאַן.

דאָס קליינע צימער, וואוהין דער יונגער מאַן איז אריינגעקומען, מיט געלבע טאָפּעטען, מיט וואזאָנעס און טולענע פאָרהענגלעך אויף די פענסטער, איז איצט געווען העל באלויכטען מיט די שטראהלען פון דער פארגעהענדער זון. „און דאַמאָלס וועט, הייסט עס, אויך אזוי שיינען די זון". איז איהם עפּעס גלייך ווי ניט־ווילענדיג איינגעפאלען, און ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ געשווינדען בליק אויף אלעם אין צימער, כדי צו אויסלערנען ווי ווייט מעגליך איז און ניט צו פאַרגעסען די פּרטים, וואָס קענען איהם שטארק צו ניץ קומען. אין צימער איז אָבער ניט געווען קיין זאַך, וואָס זאָל זיך וואַרפען אין די אויגען. דאָס גאַנצע מעבעל אלט, פון געלבען האָלץ, איז באַשטאַנען פון אַ קאַנאַפּע מיט אַן אונגעהויער גרויס אויסגעבויגען הילצערן ווענטעל, פון אַ קיילעכיג לענגליכען טיש, וואָס איז געשטאַנען פאַר'ן קאַנאַפּע, אַ טואַלעטען־טישעל מיט אַ שפּיגעלע אין ווינקעל, שטוהלען אויסגעשטעלט ביי די ווענט, און אַ צוויי־דריי גראָשענע בילדער אין געלבע ראמען, אויף וועלכע ס'זיינען געווען אויסגעמאָלט עפּעס דייטשקעס אַזעלכע מיט פייגעל אין די הענט — אָט דאָס איז געווען דאָס גאַנצע מעבעל. אין אַ ווינקעל פאַר אַ קליין הייליג בילד האָט געברענט אַ לעמפּעלע. אליץ איז געווען זויבער: סיי דאָס מעבעל סיי די פּאָדלאָגע, וועלכע איז געווען זעהר פלייסיג פּאָליטירט: אליץ האָט געלויכטען. „לי־

אנגעקלונגענע צו דער אלטער אין וואוינונג. דאס גלעקעל האט שוואך א קלונג געטאן, גלייך ווי עס וואלט געווען פון בלעך, און ניט פון מעש. און אזוינע קליינע וואוינונגען פון אזעלכע הייזער זיינען כמעט אלץ אזוינע גלעקלעך. ער האט שוין געהאט פארגעסען דאס קלינגען פון דעם דאזיגען גלעקעל, און איצט האט איהם דאס מאדנע קלינגען גלייך ווי עפעס דערמאהנט און קלאר פארגעשטעלט... ער האט אזש א שוידער געטאן, שוין צופיעל אפגעשוואכט זיינען דאס מאל די נערווען געווען. אין א ווײַלע ארום האט זיך די טיר עטוואס אויפגעמאכט: פון דעם שמאלען שפּעלטעלע האט די שכנה געקוקט מיט א שטארקען חשד אויף דעם גאסט און עס האבען זיך געזעהן נאר איהרע אויגעלעך, וואס האבען געבלישטשעט פון דער פינסטערניש. נאר דערזעהענדיג אויף די טרעפ א גרויסען עולם מענשען, האט זי זיך גע־פאסט מוט און האט אינגאנצען אויפגעעפענט. דער יונגער מאן האט אריבערגעטרעטען די שוועל אין א פינסטער פארהויז אריין, וואס איז געווען אפגעצאמט מיט א פאראוואן, הינטער וועלכען ס'האט זיך גע־פונען א קיך, די גרויס א שפאן אויף א שפאן. די אלטע איז פאר איהם שווייגענדיג געשטאנען און האט איהם אנגעקוקט מיט פראגענ־דע בליקען. דאס איז געווען א קליינטשיקע אויסגעטריקענטע אל־טיטשקע, פון א יאהר זעכציג, מיט שארפע בייזע אויגעלעך, מיט א קליינער שארפער נאז און מיט א גלאטפארקעמטען קאפּ. איהרע נאך ניט רעכט גרוי געווארענע האהר זיינען געווען פעט אנגעשמירט; אויף איהר דינעם און לאנגען האלז, וואס האט אויסגעזעהן ווי א היהנערש פיסעל, איז געווען אנגעדרעהט עפעס א פלאנעלענע שמאטע, און אויף די אקסלען האט זיך געבאמבעלט אן אפגעטראגענע, געלב־גע־ווארענע אויבערלייבעל אויף פיי, הגם די היץ איז געווען זעהר גרויס. די אלטיטשקע האט אלע ווײַלע געהוסט און געקרעכצט. דער יונגער מאן האט אויף איהר אפנים א קוק געטאן מיט ניט קיין געוועהנליכען בליק, ווייל אין איהרע אויגען האט זיך פּלוצלינג ווידער אנגעצונדען דער פריהערדיגער אונצוטרוי.

— ראסקאלניקאוו, א סטודענט, געווען ביי אייך מיט א מאָ־נאט צוריק, — האט אויף דער גיך ארויסגעשטאמעלט דער יונגער מאן, זיך האלב־פארנויגענדיג, ווייל ער האט זיך דערמאהנט, אז מען דארף זיך האלטען העפליכער.

גען אייגענער אונמעכטיגקייט און אונענטשלאסענהייט, איז ער גע־
וועהנט געווארען אזוי ווי נישט־ווילענדיג צו רעכענען דעם ראזיגען
„העסליכען" רעיון פאר אן אונטערנעהמונג. הגם ער האט זיך אליין
נאר אלץ ניט געגלויבט. ער איז זאגאר איצט געגאנגען מאכען א
ר ע פ ע ט י צ י ע פון דער דאזיגער אונטערנעהמונג, און מיט יע־
דען טריט איז זיין אויפרעגונג געווארען אלץ שטארקער און שטאר־
קער.

מיט א הארץ־קלאפעניש און א נערוועאישען ציטער איז ער צו־
געקומען צו א מורא'דיג גרויסען טויער, וואס איז מיט איין וואנט
ארויסגעקומען צו א רינשטאק צו און מיט דער אנדערער צו דער
נ.־גאס. דאס דאזיגע הויז איז באשטאנען בלויז פון קליינע וואוי־
נונגען און איז באוואוינט געווען פון כל'ערליי שכנים — שניידער,
שלאסער, קעכינס, פארשידענע דייטשליך אזעלכע, מוידען וואס לע־
בען פון פארקויפען זיך, קליינע טשינאווניקלעך א. אז. וו. די אריינגע־
הער און ארויסגעהער האבען זיך אהן אן אויפהער געדרעהט איןביידע
טויערן און אין די ביידע הויפען פון דעם הויז. דא האבען געדיענט א
דריי־פיער סטרוזשען. דער יונגער מאן איז געווען זעהר צופריעדען,
וואס ער האט ניט געטראפען קיין איינעם פון זיי, און האט זיך אונ־
באמערקט גלייך דורכגע'גנב'עט דורכ'ן טויער צו די טרעפ רעכטס.
דאס זיינען געווען פינסטערע און שמאלע „הינטער־טרעפ". נאר ער האט
שוין דאס אלעס זעהר גוט געקענט, און איהם איז דאס געווען זאגאר
געפעלען: אין אזא פינסטערניש איז מען זיכער אפילו פון א נייגירי־
גען קוק. „אויב איך האב איצט אזוי מורא, וואס וואלט שוין זיין ווען
עס וואלט ווי עס איז זיך פארט געמאכט, אז איך זאל האלטען טאקי
ביים ע ס ק גופא?..." האט ער ניט ווילענדיג א טראכט געטאן,
ארויפקומענדיג אויפ'ן פיערטען שטאק. דא האבען איהם פארשטעלט
דעם וועג טרעגער, סאלדאטען — אינוואלידען, וואס האבען ארויסגע־
טראגען מעבעל פון א וואוינונג. ער האט שוין פריהער געוואוסט, אז
אין דער דאזיגער וואוינונג האט געוואוינט א דייטש מיט זיין פא־
מיליע, א טשינאווניק: „הייסט עס, דער דאזיגער דייטש ציהט זיך
ארויס, און אויפ'ן פיערטען שטאק, הייסט עס, אט אויף די טרעפ
בלייבט דערווייל פארנומען בלויז דער אלטערס דירה." "דאס איז
גוט... אויף יעדען פאל..." האט ער ווידער א טראכט געטאן און האט

זיך צו טרעפען, — דאס איז עפעס אנדערש... און דאך, ווען א שכור'ער, וועלכען מען האט געפיהרט, גאט ווייס פארוואס און וואוהין, אין אַנ'אונגעהויער גרויסען וואגען, געשפאנט מיט אן אונגעהויער גרויסען שווערען פערד, האט פארבייפאהרענדיג פלוצלונג א געשריי געטאן: „היי, דו דייטשער היטעלמאכער!“ און האט זיך געריסען אויף אלע כלים, אנווייזענדיג אויף איהם מיט'ן האנט — איז דער יונגער מאן פלוצלונג שטעהן געבליבען און האט זיך מיט אימפעט א כאפ געגעבען פאר'ן הוט. דער דאזיגער הוט איז געווען פון צימערמאנ'ס פאבריק, הויך און קיילעכדיג, אבער שוין איינגאנצען אנ'אפגעטראגענער, א געלבער, אין לעכער און פליאמעס, אהן ברעגען, פארבויגען אויף א זייט אויף'ן משונה'דיגסטען אופן. אבער ניט קיין בושה, נאר גאר אנ'אנדער געפיהל, עפעס א מין שרעק, האט איהם דורכגענומען.

— איך האב דאס געוואוסט! — האט ער געמורמעלט אין פארלעגענהייט. — איך האב פריהער פארשטאנען, אז אזוי וועט זיין! דאס איז שוין ערגער פון אלץ! אט אזא מין נארישקייט, אזא מין לעבערליכע קלייניגקייט, קען פטר'ן דעם גאנצען פלאן! יא, א צו קענטיגער הוט... א קאמישער, דעריבער איז ער קענטיג... צו מיינע שעהנע מלבושים מוז איך נויטיג ווי לעבען א היטעל מיט א דאשעק, באטש טראגט ניט אזעלכעס, מען וועט דערקענען פאר א וויארסט, עס וועט אן אלטען ספאדיק אויפ'ן קאפ, אבער ניט אזא מין ציהרונג. קיינער בלייבען אין זכרון... דער עיקר, מען קען דערנאך געדענקען, און אט איז שוין א באווייז געגען מיר. דא דארף מען זעהן זיך לאזען מערקען וואס ווענינער... קלייניגקייטען, קלייניגקייטען — דאס איז דער עיקר!... צוליעב אזוינע קלייניגקייטען געהט שטענדיג אלץ פארלארען...

ער האט ניט געהאט ווייט צו גהען: ער האט זאגאר געוואוסט וויפיעל טריט עס איז פון זיין טויער: פונקט זיעבען הונדערט דרייסיג. עפעס אמאל האט ער איבערגעצעהלט, ווען ער האט זיך צו שטארק אריינגעלאזען אין זיינע רעיונות. דאמאלס האט ער נאך אליין אויך ניט געגלויבט אין די דאזיגע רעיונות און האט זיך נאך געררייצט מיט זייער העסליכער, אבער פארפיהרערישער דרייסטקייט. איצט אבער, אין א חודש ארום, האט ער שוין גענומען טראכטען אנדערש, און ניט קוקענדיג אויף די אלע אויפרייצענדע מאנאלאגען ווע־

זיינע אין דעם דאזיגען קווארטאל פון שטאדט פיעל און פול, און די שכור׳ע, וואס האבען זיך איהם געטראפען אויף יעדען טריט, ניט קור־קענדיג דערויף, וואס ס׳איז געווען אין א מיטען דערוואכען, האבען נאך גאנצער געמאכט דעם העסליכען און אומעטיגען קאלאריט פון דעם בילד. א געפיהל פון טיעפסטען עקעל האט אויף איין אויגענבליק דורכגעבליצט דורך די דינע געזיכטסצוגען פון דעם יונגען מאן. אגב, דארף מען באמערקען, אז ער איז געווען וואונדער־שעהן, מיט הערליכע שווארצע אויגען, טונקעל־בלאנדע האהר, העכער פון מיטעלער וואוקס, דין און שלאנק. באלד אבער איז ער פארזונקען אין א טיעפע פארטראכטקייט, מען קען זאגען, זאגאר אין עפעס א מין מרה־שחורה, און איז אוועק שוין גארנישט באמערקענדיג, און ניט ווילענדיג אייגענטליך עפעס באמערקען. נאר צייטענווייז האט ער עפעס געשטאמעלט פאר זיך, ער האט שוין געהאט אזא געוועהנהייט צו מאנאלאגען, אין וואס ער האט זיך ערשט אליין מודה געווען. אין דעם דאזיגען מאמענט האט ער אליין געפיהלט, אז די געדאנקען טומ־לען זיך איהם און אז ער איז זעהר שוואך. שוין דער אנדערער טאג, ווי ער האט כמעט גארנישט געגעסען.

ער איז געווען אזוי שלעכט געקליידט, אז אן׳אנדערער, וואס איז שוין אפילו געוועהנט דערצו, וואלט זיך שעמען אין מיטען טאג ארויס־געהן אין אזוינע שמאטעס אויפ׳ן גאס. און צוריקריידענדיג איז דאס געווען אזא קווארטאל, וואו מען איז ווייניג וואס נתפעל געווארען פון אנצוגען. די נאהנטקייט פון דער באריהמטער סעננא־גאס, די אונגע־הויערע צאהל הייזער פון דעם געוויסען מין און איבערהויפט די אר־בייטער־באפעלקערונג, וואס איז צונויפגעשטיקט אין די דאזיגע פע־טערבורגער גאסען און געסלעך, האבען אפטמאל צוגעשטעלט צו דעם אלגעמיינעם בילד אזוינע פארשוינען, אז ס׳וואלט זיין גאנץ מערק־ווירדיג, ווען מען זאל דא אנטרעפען אויף אן׳אנדער מין פיגור. נאר ביי דעם דאזיגען יונגען מאן אין הארצען האט זיך שוין אנגעקליבען אזוי פיעל פארביטערטע פאראכטונג, אז ניט קוקענדיג אויף זיין גאנצע שעמעוודיגקייט, אויף די שעמעוודיגקייט פון א יונגען ווזען, האט ער זיך אמווייניגסטען געשעמט צו באווייזען זיך מיט זיינע שמאטעס אויפ׳ן גאס. באגעגענען זיך מיט אייניגע באקאנטע, אדער מיט די פריהערדיגע חברים, מיט וועלכע ער האט איבערהויפט פיינט געהאט

ניט מורא געהאט, זי האט זיך געמעגט אננעהמען געגען איהם וואס נאר פאר א מיטלען זי האט נאר געוואלט: אבער בלייבען שטעהן אויף די טרעפּ, אויסהערען נייז מאס פלוידעריי וועגען דעם וואכעדיגען זומפּ, וואס ליעגט איהם אין דער צעהנטער פיאטע ניט, די אלע דערעסענדע רייד וועגען באצאהלען, דאס טראשען, דאס קלאגען זיך — און דערביי אליין אויסדרעהען זיך מיט אלערליי שפּיצלער, ענטשולדיגען זיך, ליינען — ניין, שוין בעסער ווי עס איז ארויסצו'גנב'ענען זיך ווי א קאץ פון די טרעפּ אראפּ און זיך אוועקמאכען, אז קיינער זאל ניט זעהן.

איבריגענס איז ער יעמאלט אליין ערשטוינט געווארען פון דעם שרעקען זיך פאר זיין בעל־חוב.

„זיך באשלאסען אויף אזא מין זאך און האב מורא פאר עפּעס נאַרישקייטען!“ האט ער א טראכט געגעבען מיט א מאדנעם שמייכל. „המ!.. אליץ איז ביי דעם מענשען אין האנט, און אליץ געהט איהם פאר דער נאז פארביי נאר צוליעב זיין שרעקען זיך... דאס איז אן אנגענומענע זאך... עס וואלט זיין אינטערעסאנט צו וויסען, פאר וואס האבען די מענשען מעהר מורא, פאר א נייעם שריט, פאר א ניי אייגען ווארט האבען זיי מעהר ווי פאר אליץ מורא... איבריגענס פלוידער איך צו פיעל. דעריבער טאקע טו איך פארקעהרט: דערפאר פלוידער איך, ווייל איך טו גארנישט. דאס האב איך זיך פאר'ן לעצטען מאנאט אויסגעלערנט פלוידערן, ליעגענדיג גאנצע מעת־לעת'ן אין מיין לאך און טראכטענדיג... וועגען פאראיאהריגען שניי. נו, נאך וואס געה איך איצט? בין איך דען ד ע ר ו י ף פעהיג? איז ד א ס דען ערנסט? גאר ניט ערנסט. גלאט אזוי זיך, א פאנטאזיע, זיך אליין איינגערעדט: א נעכטיגער טאג! יא, ס'קאן זיין, אז ניט מעהר ווי א נעכטיגער טאג!

אין דרויסען איז די היץ ניט אויסצוהאלטען, דערצו נאך די פאר־שטיקטע לופט, דאס שטופּעניש, אומעטום וואפּנע, געהילץ, ציגעל, שטויב און יענער ספּעציפישער זומערדיגער עיפּוש, וואס איז אזוי גוט באקאנט יעדען פּעטערבורגער איינוואוינער, וועלכער האט ניט די מעג־ליכקייט צו דינגען זיך א זומער־וואוינונג, — דאס אלעס צוזאמען האט נאך מעהר אויפגערייצט די אזוי אויך צורייצטע נערוועז פון דעם יונגען בחור. דער אונערטרעגליכער גערוך פון די שיינקען, וואס

## ע ר ש ט ע ס   ק א פ י ט ע ל.

אנפאנג יולי אין א זעהר הייסען פארנאכט איז אויפ'ן גאס ארויס א יונגער מאן און האט זיך געלאזט געהן צום קאלינקען־בריק. ער איז געגאנגען לאנגזאם און עפעס אזוי ווי ניט־זיכער. נאכהער איז ער בשלום אריבערגעקומען די טרעפ און האט זיך ניט געטראפען מיט דער בעל־הבית'טע. זיין קליין צימערל איז געלעגען סאמע אונטער'ן דאך פון א הויך פינף־שטאקיג הויז און איז מעהר געווען עהנליך אויף א שאפע, ווי אויף א צימער. זיין בעל־הבית'טע, ביי וועלכער ער האט אויך געגעסען מיטאגען, האט געוואוינט מיט אשטאק נידעריגער, אין א באזונדער דירה, און יעדעס מאל, ווען ער פלעגט ארויסגעהן אין גאס, פלעגט ער מוזען פארבייגעהן דער בעל־הבית'טעס קיך, וואס איז כמעט שטענדיג געווען אפען, דערצו נאך איז די טיר אויסגעקומען צו די טרעפ צו. און יעדעס מאל ווען דער יונגער מאן פלעגט פארבייגעהן, פלעגט זיך אין איהם ערוועקען א געפיהל, פאר וועלכען ער האט זיך געשעמט און פון וועלכען ער האט זיך געקרימט. ער איז געווען דער בעל־הבית'טע א בעל־חוב איבער די אויערן און האט מורא געהאט מיט איהר זיך צו באגעגענען.

מען קען ניט זאגען, אז ער איז געווען א טרוס און א דערשלאגענער, גראד פארקעהרט. נאר זייט א געוויסער צייט האט ער זיך געפונען אין א נערוועאישען און אנגעשטרענגטען צושטאנד, וואס איז עהנליך געווען אויף א מרה־שחורה. ער האט זיך אויף אזוי פיעל פארטיעפט אין זיך און זיך אפגעזונדערט פון אלעמען, אז ער האט זאגאר מורא געהאט פאר יעדער איין באגעגעניש, ניט נאר פאר א באגעגעניש מיט זיין בעל־הבית'טע. ווי א בארג איז אויף איהם די ארימקייט געלעגען. נאר אפילו זיין געדריקטע לאגע האט איהם פאר דער לעצטער צייט אויפגעהערט צו קימערן. מיט די טעגליכע געשעפטען זיינע האט ער גאר אינגאנצען אויפגעהערט און ניט געוואלט זיך אינטערעסירען. אייגענטליך האט ער פאר קיין שום בעל־הבית'טע

ף. דאסטאיעווסקי

# פארברעכען און שטראף

ПРЕСТУПЛЕНІЕ и НАКАЗАНІЕ

איבערזעצט פון

ף. אָרלאָוו.

I

פערלאג מאקס יאנקאָוויץ, 179 איסט בראָדוויי

ניו־יאָרק.

